האָט דער טייל לאַנד זיך גערופן „קאָנגרעסוווקאַ", ווייל ס'איז געלעגן אויפן געביט פון קאָנגרעס-קעניגרייך. טאַקע אין דער צייט פון פוילישן קעניגרייך, האָט זיך די באַפעלקערונג פאַר־גרעסערט און ס'האָט זיך פאַרמירט אַ ברייטערע אַנזאַמלונג פון יידן, וואָס איז צו זען פון די פאָלגנדיקע סטאַטיסטישע טאַבעלעס:

### טאַבעלע I

**די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ווייעלון**

| יאָר | 1791 | 1808 | 1820 | 1841 | 1857 |
|---|---|---|---|---|---|
| צאָל פון יידן | 7 | 70 | 217 | 502 | 636 |

### טאַבעלע II

**באַפעלקערונגס-צוּוווּקס אין ווייעלון**

| יאָר | אלג. באַפעל־קערונג | דערפון יידן | רעלאַטיוו אין % | דערפון קריסטן | רעלאַטיוו אין % |
|---|---|---|---|---|---|
| 1791 | 1107 | 7 | 0.06 | 1100 | 99.94 |
| 1808 | 1169 | 70 | 6.0 | 1099 | 94.00 |
| 1820 | 2398 | 217 | 9.2 | 2181 | 90.08 |
| 1827 | 2999 | — | | — | |
| 1857 | 3817 | 636 | 16.7 | 3181 | 83.3 |
| 1921 | 11032 | — | | — | |

### טאַבעלע III

**וווּקס פון די וווינהייזער אין ווייעלון**

| יאָר | 1661 | 1690 | 1791 | 1810 | 1820 | 1857 | 1890 | 1921 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| הייזער צאָל | 101 | 101 | 199 | 134 | 240 | 174 | 255 | 577 |

דאָך האָבן ווייטער עקזיסטירט געוויסע פאַקטאָרן, וואָס האָבן איינגעהאַלטן דעם צופלוס פון יידן קיין ווייעלון. ראשית, האָט אין אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט ווייעלון נאָך נישט געשפּילט קיין אַדמיניסטראַטיווע און ווירטשאַפטלעכע ראָל. והשנית, האָבן זיך קעגן דער אַנזאַמלונג פון יידן אַקעגנ־געשטעלט די פאַרשטייער פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, שטיצנדיק זיך אויף דער פּריווילעגיע פון 16טן י״ה פון „De non tolerandis Judaeis".

די יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין ווייעלון זענען באַ־שטאַנען פון האַנטווערקער, הענדלער און סוחרים און אַ טייל האָט זיך פאַרנומען מיט פּראָדוצירן און פאַרקויפן אַלקאָהאָל־געטראַנקען. — צו וואָס ס'איז אויסנעמלעך געוואָרן באַשווערט דער צוטריט פאַר יידן. כמעט דעם גאַנצן 19טן י״ה האָט זיך געצויגן דער קאַמף פון די יידן פאַר די רעכט צו וווינען אין ווייעלון און זיך צו באַטייליקן אין ווירטשאַפטלעכן לעבן און אין האַנדל. די געשיכטע פון די קאַמפן שטעלן מיט זיך פאַר דעם עיקרדיקן פּאָדים וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון די ווייעלונער יידן אין 19טן י״ה.

דער קאַמף איז געווען געריכט קעגן די סאַנקציעס, וואָס זענען דורך די תושבים אָנגעווענדט געוואָרן בעת דער צוויי־טער העלפט פון 16טן י״ה, אָנהייב 17טן י״ה און ביים סוף פון 18טן י״ה. ווען יידן האָבן ווידער אָנגעהויבן אַריינקומען קיין ווייעלון, צוליב די אָנגעוואָרפענע באַגרענעצונגען ביז די 40ער יאָרן פון 19טן י״ה, האָבן נאָר צוויי וווינהייזער געהערט צו יידישע בעלי־בתים. איינער פון זיי האָט געהייסן בערעק דאַווידאָוויטש און דער צווייטער — שמואל קעמפנער, וועל־כער האָט זיך דאָרט באַזעצט אין יאָר 1791. אין יאָר 1811 האָט ער וועגן זיך געשריבן: „וווינענדיק אין ווייעלון 20 יאָר, האָב איך אין דער שטאָט געקויפט אַ הויז". דאַקעגן איז בערעק דאַווידאָוויטש געקומען קיין ווייעלון אַ סך שפּעטער און זיך געקויפט זיין הויז אין יאָר 1816. די שטאָט-מאַכט פון ווייעלון האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע באַשייניקונג, וואָס באַשטעטיקט, אַז ער האָט דאָס הויז אויסרעמאָנטירט און האַלט עס אין אַ גוטן מצב. די דערלויבענישן פאַר שמואל קעמפנער און בערעק דאַווידאָוויטש זענען געווען אַן אויסנאַם, ווייל יידן איז ווייטער נישט דערלויבט געוואָרן צו באַזיצן אומבאַוועגלעכע אייגנטימער אין דער שטאָט.

די צוויי ערשטע יידישע הויזבאַזיצער אין ווייעלון האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל, און שמואל קעמפנער האָט גע־האַנדלט מיט בראַנפן. אויף דעם בראַנפנהאַנדל האָט ער באַ־קומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, וואָס איז בעת דער צייט פון וואַרשעווער פירשטנטום און קאָנגרעס-קעניגרייך כסדר פאַרלענגערט געוואָרן. אין די אַמטן האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף פאַרשידענע שוועריקייטן, אָבער מיט פאַרשידענע מיטלען איז אים געלונגען גובר צו זיין די דאָזיקע שוועריקייטן. די שטאָט-מאַכט האָט אים דאָך געשטערט אינעם האַנדל מיט בראַנפן, און אין יאָר 1811 אים פאַרקלאָגט וועגן אומלעגאַלן פאַרקויף פון בראַנפן אויף „גלעזלעך". קעמפנער האָט זיך געווענדט מיט אַ בקשה צום אינערן-מיניסטער פון וואַרשע־ווער פירשטנטום, לושטשעווסקי, וועגן פאַרלענגערן זיין דערלויבעניש. צוליבן צוריקציען פון דער קאָנצעסיע האָט קעמפנער זיך געפונען אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע. ער האָט געבעטן דעם מיניסטער לושטשעווסקי: „איך זאָל נישט ווערן אויסגעשטעלט צו זיין אַ קבצן און דלפון, מחמת

דער באַגרענעצונג פון די מיטלען צום לעבן און פירן מיט מיין ווייב און קינדער אַזאַ אָרעם לעבן, איז שוין בעסער דער טויט". ענדלעך האָט ער באַקומען די פאַרלענגערונג פון זיין קאָנצעסיע אויף ווייטערדיקע יאָרן, און אויך בעת דעם פוילישן קעניגרייך האָט ער געפירט דעם האַנדל ביזן יאָר 1824. די אָנקלאַגע פון דער וויעלונער שטאָט־מאַכט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט ריכטיק און דער שעף — גערופן אין פראַנצויזיש — פרעפעקט — פון וויעלונער קרייז, האָט אַנולירט די פאַר קעמפנערן נישט גינסטיקע דעציזיע. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קעמפנער האָט געפירט אַ בראָנפן־פאַרקויף נאָר פאַר דעם גרויסן מיליטער־גאַרניזאָן, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין וויעלון, צוליב דער נאָענטער גרענעץ צווישן וואַרשעווער פירשטנטום און פרייסן. שמואל קעמפנער האָט נאָך פריער אָפגעשלאָסן אַ הסכם מיטן מיליטער־ליוועראַנט צו פאַרזאָרגן בראָנפן פאַר די זעלנער און אָפיצירן, און דאָס איז געווען דערלויבט.

אין יאָר 1824 האָט דער גענעראַל זאַיאָנטשעק, דער נאַמיעסטניק פון פוילישן קעניגרייך, אַרויסגעגעבן יידן אַ אַ דערלויבעניש אויסצואַרבעטן און פאַרקויפן אַלקאָהאָל־געטראַנקען, אויסשליסנדיק דערביי די שטעט, וווּ ס'האָבן שוין פון פריער געהערשט אַנטי־יידישע פריווילעגיעס. צו די שטעט האָט טאַקע אויך געהערט וויעלון, טראָץ די ווייטערדיקע באַמיונגען פון שמואל קעמפנער און זיין ברודער יאָאַכים, וועלכער האָט פאַרפוילישט זיין נאָמען פון קעמפנער אויף קעמפינסקי (מסתמא זענען זיי ביידע געקומען קיין וויעלון פון שכנישן קעמפנאָ), איז זיי נישט געלונגען צו באַקומען די קאָנצעסיע. דעם בראָנפן־האַנדל האָבן איבערגענומען פינף קריסטן. וואָרשיינלעך האָבן זיי דערפון קיין פרנסה נישט געהאַט, און די צאָל פון די פינף איז ביז צום יאָר 1827 פאַרקלענערט געוואָרן אויף דריי.

אין די צוואַנציקער יאָרן פון 19טן י"ה האָט אַ ביסל אויפגעלעבט דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן אין וויעלון, דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער דעמאָלטיקער טענדענץ איינצופירן אינדוסטריע אין לאַנד. אויך אין וויעלון האָט מען געפרוווט לאָזן אין גאַנג אַ טעקסטיל־פאַבריק. אָבער נישט די יידן זענען געווען די גרינדער פון די טעקסטיל־פאַבריקן, נאָר די אָנגעקומענע דייטשע פאַבלייט קיין פוילן. די יידן דאַקעגן האָבן אָרגאַניזירט די ליפערונג פון רוישטאָף און זיך אויך פאַרנומען מיטן פאַרקויף פון דער דאָזיקער פראָדוקציע. אין יאָר 1821 האָט דער רוסישער צאַר אַלעקסאַנדער דער ערשטער אַרויסגעגעבן אַ פריווילעגיע דעם דייטש פון ראַוויטש, קאַרל ווייגעלט אין וויעלון צו פאַרלייגן אַ טעקסטיל־פאַבריק מיט 40 וועבשטולן. ווייגעלט האָט באַקומען אַ מלוכהשע סובסידיע פון 26 טויזנט זלאָטעס, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ זייער גרויסע סומע, און ער האָט זיך פאַרפליכטעט דאָרט אויסצובויען אַ וועבעריי און פאַרבעריי. ער האָט דאָס געלט גענומען און געטון דאָס, וואָס פיל אַנדערע דייטשע פאַבריקאַנטן האָבן געטון אין דער צייט: דאָס געלט האָט ער גענומען, אָבער די אויפגאַבע האָט ער נישט דערפירט ביזן סוף. זיין פאַרטרעטער איז געוואָרן אַ געוויסער נעוויל, ער האָט אָבער נאָך אַ קורצע צייט געפירט די פאַבריק. אין דעם פרט איז וויעלון נישט געווען קיין אויסנאַם, ווייל נאָכן איבערנעמען די פאַבריק דורך נעווילן איז אַנטשטאַנען אַ קריזיס אין דער טעקסטיל־בראַנזשע אין פוילישן קעניגרייך, וואָס האָט דערפירט צו דער ליקווידאַציע פון אַ סך טעקסטיל־פלעצער, וווּ די בראַנזשע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, צו אַזעלכע ערטער האָט טאַקע אויך געהערט וויעלון.

די פרווון האָבן נישט נאָר באַגינסטיקט דעם באַדאַרף אויף קוואַליפיצירטע וועבער, שערער און פאַרבער, נאָר אויך אַנדערע האַנטווערקער. אַדאַנק דעם האָט זיך פאַרשטאַרקט דער צופלוס פון יידן קיין וויעלון, צווישן זיי האָט זיך געפונען נישט נאָר די רעפרעזענטאַנץ פון די טיפיש־יידישע פאַכן, ד"ה שניידער און היטלמאַכער, נאָר אויך בלעכער. ס'זענען אויך אָנגעקומען אייניקע גאַרבערס, אַדאַנק וועלכע ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גאַרבעריי. צווישן די גאַרבערס האָט זיך שפעטער אויסגעצייכנט אַ געוויסער ראָזענטאַל, וועלכער איז אין יאָר 1840 געקומען פון פראַשקע קיין וויעלון און דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ יידישער אַלמנה. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער ספעציאַליסט, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אויפן סמך פון אַ ספעציעל געדרוקטן דיפלאָם, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן גאַרבער־צעך אין פראַשקע. די יידישער סוחרים פון וויעלון האָבן געהאַנדלט מיט וואָל־מאַנופאַקטור, לייוונט, לעדער, אייזן, הערינג און זאַלץ. דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַרן יידישן האַנדל אין פוילישן קעניגרייך, ווי אויך אין וויעלון, איז געווען די פעיקייט גלייכצייטיק צו פירן זייער מסחר אויף פאַרשידענע געביטן, ווייל אין יענער צייט האָט זיך צום האַנדל נישט געניטיקט קיין ספעציעלע בראַנזשע־קענטעניש. דאָס באַווייזט, אַז די יידן האָבן נישט געקענט זיכערן זייער פרנסה, אָנשפאַרנדיק זיך נאָר אויף איין געביט.

צוליב דער פאַרמערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג פון וויעלון, האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסהייבן ענינים, וואָס זענען נישט נאָר נוגע געווען יחידים, נאָר דעם כלל. אויב ביז אַהער איז אונדזער אויפמערקזאַמקייט געווען געווענדט צו פשוטע יידן, ווי יאָאַכים הערשליק, שמואל קעמפנער, אָדער בערעק דאַווידאָוויטש, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל זיי זענען

געווען די ערשטע און איינציקע יידן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין וויעלון צום סוף פון 18טן און אָנהייב פון 19טן י״ה. ס׳האָט זיך פאָרמירט אַ יידישע קהילה, וואָס איז געבליבן אומאָפּהענגיק פון אַנדערע קהילות. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ שיל־ראַט. וועגן דער וואָקסנדיקער ראָל פון די יידן אין וויעלון אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י״ה זאָגט עדות אַ כתב פון דער דאָרטיקער שטאָט־מאַכט אין יאָר 1823 צו דער רעגירונגס־קאָמיסיע פאַר אינערלעכע ענינים, ווו ס׳איז צו לייענען: „אין וויעלון פאַרנעמען זיך איצט די קריסטן נאָר מיט ערד־אַרבעט, פון וואָס זיי מוזן דעקן אַלע הויז־באַדערפעניש און שטייערן. די יידן האָבן דעם גאַנצן האַנדל און אַלע פאַרדינסטן אַריבערגעצויגן אויף זייער זייט, אַזוי, אַז צוליב זיי קען קיין קריסט גאָרנישט אָנהייבן״.

אַזאַ פאָרמולירטע מיינונג האָט גורם געווען נייע רעפּרעסיעס און באַגרענעצונגען, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן בעת די יידן האָבן שוין פּראָיעקטירט צו בויען אַ שיל, וואָס איז געווען אַ נויטווענדיקייט פאַר דער פאַרגרעסערטער יידישער קהילה אין וויעלון. ביז צו די צוואַנציקער יאָרן פון 19טן י״ה האָבן די יידן געהאַט אַ קליינעם בית־התפילה, וואָס איז, צוזאַמען מיט די הייזער פון שמואל קעמפּנער און בערעק דאַווידאָוויטש, געווען דאָס דריטע הייזל, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו די יידן. דער בית־התפילה און די מקווה דערנעבן, זענען געווען צו קליין פאַר די באַדערפענישן פון דער כסדר וואָקסנדיקער יידישער באַפעלקערונג, דער שול־ראַט האָט נאָך פאַרן יאָר 1830 באַקומען די דערלויבעניש צו בויען אַ נייע שיל. די שיל האָט געזאָלט אויפגעבויט ווערן נעבן דעם אַלטן בית־התפילה, וואָס האָט געזאָלט איינשפאָרן געלט צו קויפן אַ נייעם פּלאַץ. אָבער קעגן דעם איז אַרויסגעטראָטן דער עלטסטער גייסטלעכער (פּראָבאָשטש) פון דער פאַרנאַקירכע, ווייל דער דערמאָנטער פּלאַץ האָט זיך געגרענעצט מיטן באָדן, וואָס האָט געהערט צו דער פאַראַפיע, הגם דער באָדן פאַר דער שיל איז דורך די יידן געוואָרן געקויפט פון אָרטיקן פיאַרן־קלויסטער. אויך דער פּלעבאַן (העכערער גייסטלעכער) האָט געהאַלטן, אַז די נייע שיל, וואָס וועט שטיין צו נאָענט צו דער קירכע, וועט שטערן זיינע תפילות. די שיל האָט אייגנטלעך געזאָלט שטיין נאָר אַ פּאָר שריט נעענטער, ווי דער דערמאָנטער בית־התפילה, אַזוי, אַז ס׳איז דעם „פּראָבאָשטש״ נישט געלונגען צו ענדערן דעם פּלאַץ פון דער שיל, אָבער צוליב זיין אַריינמישן זיך, איז דאָס בויען אויפגעהאַלטן געוואָרן קנאַפּע 10 יאָר. די שטעלונג פון פּראָבאָשטש האָט זיך אָנגעטראָפן מיט אַ נעגאַטיווער מיינונג נישט נאָר מצד די פאַרשטייער פון די וויעלונער, נאָר אויך מצד די אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען. אָבער די מאַכט האָט געמוזט

קאַפּיטולירן פאַר דער פאָדערונג פון קלער אין די ענינים פון דער קאַטוילישער רעליגיע, ווי אַ באַווייז פאַר דעם, קען דינען די קאָרעספּאָנדענץ פון קאָמיסאַר פון וויעלונער קרייז, מיט דער וואָיעוואָדישער קאַלישער קאָמיסיע, צו וועלכער ס׳האָט דעמאָלט געהערט וויעלון. דעם 1טן אַפּריל 1831 האָט ער געשריבן: „פון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט זע איך נישט קיין וויכטיקע סיבות, פאַרוואָס די יידן זאָלן נישט קענען אָפּריכטן תפילות צו זייער גאָט אין שכנות פון דער קריסטלעכער קירכע. היות אין ענינים פון רעליגיע פאַרדינט די מיינונג פון די גייסטלעכע אַ גרעסער אָנזען, טו איך זיך אין דעם פאַל צופּאַסן״.

דער קאָמיסאַר האָט אויסגענוצט די עקשנות פון גייסטלעכן און דאָס באַשטימען אַן אַנדערן פּלאַץ פאַר דער שיל, פאַרבינדן מיט דעם פּראָיעקט צו פאַרשענערן די שטאָט. אויף דעם פּלאַץ וואָס איז געווען דאָס אייגנטום פון שיל־ראַט, האָט ער געהאַט בדעה איבערצוטראָגן דאָס שטאָטישע שפּיטאָל און די נייע שיל אויפבויען אין צענטער פון וויעלון. וואָס וועט, לויט זיין מיינונג, דינען צו פאַרשענערן די שטאָט. אָבער די פאָרשטייער פון די יידן האָבן נישט אָנגענומען דעם פּראָיעקט, נאָר געוואָלט די שיל שטעלן אויפן אַלטן אָרט. ערשט אין יאָר 1840 ווען דעם אַלטן בית התפילה האָט געדראָט איינצופאַלן, האָט ענדלעך די שטאָטמאַכט דאָך דעצידירט צו געבן די דערלויבעניש צו בויען די שיל. אָבער צו דעם פּלאַן פון פאַר 10 יאָר זענען צוגעקומען נאָך קליינע שינויים, זיי זענען באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער דאָך זאָל זיין געדעקט מיט בלעך און נישט מיט דאַכוווקעס, ווייל די דאַכוווקעס, לויט דער פריער פּראָיעקטירטער בינדונג, האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו שוואַך. ס׳איז אויך אַדורכגעפירט געוואָרן אַן אויסטויש פון אַ טייל פון פּלאַץ, ווייל איין וואַנט מיט די פענצטער האָט געגרענעצט פון קהילה־פּלאַץ מיטן באָדן פון דער פּראָבאָסטווא, און ביים בויען דאָרט אַ געביידע, וואָלטן פאַרשטעלט געוואָרן די פענצטער.

אַזוי ווי אין משך פון די פאַרגאַנגענע 10 יאָר זענען די פּרייזן פון בוי־אַרטיקלען געשטיגן, זענען געמאַכט געוואָרן שינויים אין קאָסטן־פּראָיעקט. צוליב דוחק אין גענוגנדיקע פינאַנסיעלע מיטלען, איז נישט געווען מעגלעך גלייכצייטיק אויך צו בויען די מקוה. דער ענין האָט זיך קאָמפּליצירט, ווייל די מקוה האָט געזאָלט פאַרנעמען אַ טייל פון באָדן, ווו ס׳איז געשטאַנען די אַלטע שוויץ־באָד. ס׳איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן צו בויען אַ פּראָוויזאָרישע מקוה, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט איין וואַנד פון דער שיל. דערמיט האָבן זיך אָבער נאָכנישט פאַרענדיקט די דערמיט פאַרבונדענע

פינאַנציעלע דאגות און דעריבער האָט די בוי־אַרבעט פאַר־נומען אַ לאַנגע צייט.

צום סוף זענען אַלע דערמיט פאַרבינדענע פּרטים אָק־צעפּטירט געוואָרן אויף אַ ספּעציעלער באַראַטונג אין ווילנע דעם 13טן פעברואַר 1840. אין דער באַראַטונג האָבן זיך באַ־טייליקט די מיטגלידער פון דעם שטאָטראַט, בראש מיטן בירגערמייסטער בזשאָזאָווסקי, דער שול־ראַט איז געווען רעפּרעזענטירט דורך בערעק טראַטעל, הערשליק מאַירא־וויטש און דוד שעראַדזקי. אין פּראָטאָקאָל פון דער באַראַטונג ווערט געזאָגט: „אַזוי ווי אַן איינמאָליקע אינוועסטיציע אויף דער נייער שול וואָלט געווען צו שווער פאַר היגער קהילה, האָט דער שול־ראַט, אין נאָמען פון דער קהילה, אַריינגע־טראָגן אַ פאָרשלאַג, די בוי־אַרבעט איינצוטיילן אויף דריי יאָר. אין ערשטן יאָר זאָל אויפגעשטעלט ווערן די מויער און געדעקט דער דאַך, אין צווייטן יאָר זאָל אויסגעווייניק געטינקט ווערן די געביידע, געמאַכט ווערן טירן און פענצטער. אין דריטן יאָר דער סופיט, פּאָדלאָגע, אויסמאָלן פון אינעווייניק, אויך איינריכטונגען און פאַרצירונגען". די אויסגאַבן פון בויען די שול האָט באַטראָפן 33043.13 זל. ד"ה מער ווי די טעקסטיל־פאַבריק, וואָס איז אין די צוואַנציקער יאָרן געבויט געוואָרן דורך ווייגעלטן. דאָס זאַמלען די סומע אויף דעם צוועק איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף 53 פּערזאָן. ביי דער געלט־זאַמלונג איז נישט אַדורכגעלאָזט געוואָרן קיין איין יידישע משפּחה. דער שול־ראַט, אין הסכם מיט דער שטאָט־מאַכט פון ווילנע, האָבן אין יאַנואַר 1841 באַשטימט אַ ספּעצ־ציעלן שטייער. דעם גרעסטן צוגאַב־שטייער האָט געדאַרפט צאָלן מלך מאַשקאָוויטש — 380 זל.; דוד מאַרקוס — 250 זל. 11 פּערזאָן האָבן געגעבן ווייניקער ווי צו הונדערט זל. און אייניקע האָבן נאָר געצאָלט 4, 5, 6 און 8 זל. הגם דער שול־ראַט האָט פאַרזיכערט, אַז אַלע יידן וועלן גערן זיך באַ־שטייערן לטובת דער שול, האָבן דאָך אייניקע פּראָטעסטירט קעגן דער פאַר זיי באַשטימטער אויסמעסטונג פון די שטייערן. יעקב ווינער, למשל, האָט אַריינגעטראָגן אַן אָנקלאָג צו דער שטאָט־מאַכט, אין וועלכער ער טענהט, אַז די מיטגלידער פון שול־ראַט האָבן אַ נישט־ריכטיקן אופן באַלאַסטעט די ווילנער יידן דורך דעם שטייער, און אים באַשטימט 150 זל., וואָס ער איז נישט בכוח צו באַצאָלן.

די אַנטאַגאָניזמען זענען געווען אַ רעזולטאַט פון אינער־לעכע רייבונגען, וואָס האָבן זיך שוין דעמאָלט אָפּגערופן אויך אין אַנדערע יידישע געזעלשאַפטן. דער דאָזיקער פאַקט, וואָס האָט אויך געטראָפן אין ווילנע, באַווייזט די טיפּישע באַגלייט־דערשיינונגען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די דעמאָלטיקע פּוילישע יידן.

דאָס אָקצעפּטירן דעם בוי פון דער נייער שול, לויט די פריערדיקע פּראָיעקטן, איינצוגלידערן די שול אינעם פּלאַן צו פאַרשענערן די שטאָט, באַווייזט דאָס אָנערקענען פון אַ סטאַביליזירטן יישוב אין ווילנע. דאָס איז אויך וויכטיק געווען צוליב דעם, ווייל ביזן יאָר 1858 האָט די פּוילישע באַפעלקערונג זיך נאָך קעגנגעשטעלט די אָנזאַמלונג פון די יידן אין ווילנע.

אין די צוואַנציקער יאָר פון 19טן י"ה האָבן די רעגי־רונגס־שטעט פון פּוילישן קעניגרייך געשאַפן געטאָס, וואָס זענען דעמאָלט גערופן געוואָרן יידישע רעווירן. אָבער די פאָרשטייער פון דער שטאָטישער מאַכט אין ווילנע האָבן נישט מסכים געווען דאָרט איינצואָרדענען אַ יידישן וווינגע־ביט, נאָר געפאָדערט אַן אַבסאָלוטע אויסזידלונג פון די דאָרטיקע יידן. דער געריכטלעכער יסוד פון זייער פאָדערונג איז געווען די פּריווילעגיע פון זיגמונט אויגוסט, ווי אויך די באַשטעטיקונג פון דער פּריווילעגיע דורכן קעניג סטעפאַן באַטאָרי.

די קאָמיסיע פון דער מאַזאָוויעצקער וואָיעוואָדשאַפט האָט אין יאָר 1834 אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן פאַרלאָזן ווילנע. די יידן פון ווילנע זענען אָבער צו דעם נישט געבליבן פּאַסיוו. זיי האָבן אָנגעגעבן אַ בקשה אין דער רעגירנדיקע קאָמיסיע פאַר אינערלעכע ענינים אָפּצושטעלן די רעפּרעסיעס קעגן זיי. די בקשה איז אָנגעקומען צום קאָ־מיסאַר גענעראַל זאַיאָנטשעק, וועלכער האָט אָפּגעוואָרפן דעם באַפעל און פאַראָרדנט צו בלייבן די יידן אין ווילנע אין אַ פאַר זיי באַשטימטן וווינגעביט. ס'איז אָבער נישט געקומען צו שאַפן אַזאַ וווינגעביט, ווייל דאָס האָט ערשט געזאָלט זיין באַשטימט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּלאַני־רונג פון דער שטאָט. צו דער אורבאַניזאַציע האָבן געהערט אַלע שטאָטישע פּונקטן פון פּוילישן קעניגרייך. אָבער דער פּראָיעקט פון רעגולירן ווילנע האָט זיך פאַרלענגערט און די אויסגעאַרבעטע פּלענער זענען נישט באַשטעטיקט געוואָרן מצד דער העכערער מאַכט, מחמת די אָרטיקע מוניציפּאַלע אינסטאַנץ האָט אין דער ריכטונג נישט אַרויסגעוויזן קיין גענוגנדיקע איניציאַטיוו. נאָך פאַר דעם דערמאָנטן באַשלוס פון גענעראַל זאַיאָנטשעק, האָט דער דאָרטיקער שול־ראַט זיך באַמיט וועגן אַ וווינגעביט פאַר יידן, כדי דערמיט צו פאַרמיידן פון אויסזידלען די יידן פון שטאָט, מחמת דאָס באַשטימען אַזאַ געביט וואָלט באַשטעטיקט זייער וווינרעכט. אין יאָר 1833 האָט דער אַדמיניסטראַטיווער־ראַט פון פּוי־לישן קעניגרייך איינגעהאַלטן דעם פּראָצעס פון אָרגאַניזירן יידישע רעווירן אין די שטעט, און צוליב דעם זענען יידן גע־

בליבן אין ווילון, און ס׳איז נישט געוואָרן איינגעפירט קיין אינערלעכע באַגרענעצונגען פאַר יידן צו וווינען אין שטאָט.

אין 1823 ביז 1862 האָבן אָבער נאָך עקזיסטירט באַגרענעצונגען, לויט וועלכע ס׳איז געווען פאַרבאָטן דאָס ווייטערדיקע באַזעצן זיך פון יידן אויפן גרענעץ־געביט, וואָס האָט אויך פאַרפליכטעט ווילון, וואָס איז געווען אַ גרענעץ־שטאָט. דאָס האָט עס געשטערט צו פאַרגרעסערן די דאָרטיקע יידישע באַפעלקערונג. נישט געקוקט דערויף האָבן זיך קיין ווילון אַריינגעצויגן אַ טייל יידן, צווישן זיי דריי מלמדים, וועלכע זענען געווען אומבאַדינגט נויטיק פאַר די דאָרטיקע יידישע איינוווינער, ווי אויך פינף יידישע משפחות: איינע־מער, קאַנטאָראָוויטש, ליכטנשטיין, אילאַנד און נאָך איין משפחה. אין סוף פון די דרייסיקער יאָרן פון 19 י.ה. האָבן די ווילונער שוין רעזיגנירט אַרויסצושטויסן די יידן, זיך אָבער באַמיט אַרויסצויאָגן די אויבנדערמאָנטע משפחות, די דאָזיקע אַקציע האָט געהאַט אַ שייכות צו די אינערלעכע רייבונגען צווישן די ווילונער יידן. צוליב נישט פעסטגעשטעלטע סיבות, זענען אַ סך פון די ווילונער יידן גופא אַרויסגעטרעטן קעגן דעם באַזעצן אין שטאָט פון נייע יידישע איינוואַנדערער. ס׳איז זיך משער צו זיין, אַז זיי האָבן דאָס געטון צוליב מורא ס׳זאָל נישט ווערן אַרויפגעלייגט נייע סאַנקציעס אויף די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג, אָדער פשוט צוליב האַנדלס־קאָנקורענץ. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז ווילונער קריסטן האָבן זיך אַפילו פאַרופן אויף דער מיינונג פון אַ טייל יידן, וועלכע האָבן געהאַלטן אַז די נייע איינגעוואַנדערטע יידן דאַרפן צו פאַרלאָזן די שטאָט. אין אָנקלאָגע פון די קריסטן צו דער מאַכט פון פוילישן קעניגרייך אין יאָר 1838 איז געווען געזאָגט: „היות די יידן האָבן אַליין אין זייערע בקשות די מאַכט וועגן דעם ענין געשריבן, און שטיצנדיק אויף דעם באַקלאָגן זיך פון ייד דוד טראַטל צו דער אינסטאַנץ פון דער קאַלישער גובערניע״, האָבן די קריסטן געפאָדערט אַרויסצושטויסן די נייע אָנגעקומענע יידן. מען דאַרף באַמערקן דעם פאַקט, אַז דוד טראַטל איז געווען אַ מיטגליד פון שיל־ראַט.

דאָך האָבן נישט אַלע קריסטן פראָטעסטירט קעגן דעם באַזעצן זיך דאָרט פון יידן. אין די יאָרן 41־1840 איז באַקאַנט געוועןן דער ענין פון מאַריץ גאָלדשטיין, וועלכער האָט באַקומען די דערלויבעניש צו פירן אַ האַנדל און קויפן אַ הויז אין ווילון. חוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט אַ שענק אויפן מאַרק. אַ טייל הויזבאַזיצער האָבן געצילט אויסצוזידלען גאָלדשטיינען, און די איבעריקע (קריסטן) האָבן געהאַנדלט גאַר פאַרקערט; זיי האָבן אַוועקגעשיקט אַ פעטיציע, מען זאָל האַנאָרירן די דערלויבענישן, וואָס גאָלדשטיין האָט באַקומען.

גאָלדשטיין איז געווען אַ פעיקער און אַ מענטש פון איניציאַטיוו, (אַ זון פון אַ ווילונער שניידער), וועלכער האָט פראַקטיצירט ביי אַ סוחר אין קאַליש און וואַרשיינלעך אויך אַליין געפירט אַ וויינהאַנדל. ער איז געווען אַ געלערנטער ייד, און די קריסטן וואָס האָבן אים געשטיצט, האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז: „דער ייד מאַריץ גאָלדשטיין איז געווען פון געבורט אַן איינוווינער אין דער שטאָט, ווו זיין משפחה וווינט שוין דאָ לאַנג. ער האָט געלערנט אין די פוילישע שולן, קליידט זיך ווי פוילישע און געהערט דערמיט צו די ציוויליזירטע יידן״. נישט געקוקט דערויף וואָס זיי האָבן דאָ נישט געהעריק באַנוצט דאָס וואָרט ציוויליזירט, איז נישט דאָ קיין ספק, אַז גאָלדשטיין האָט זיך אונטערשיידעט פון די אַנדערע דעמאָלסדיקע ווילונער יידן. זיינע קעגנער האָבן צוגעשיקט צו דער מאַכט פון פוילישן קעניגרייך פיל אַנאָנימע קאָמפּראָמיטירנדיקע בריוו, וואָס זענען געבליבן אָן ווירקונג.

אין יאָר 1858 איז ווילון געוואָרן אַזוי אָפּגעברענט, וואָס איז באַלד גלייך צו דער שרפה פון יאָר 1791. בעתן אויפבויען די פאַרברענטע שטאָט, איז אויפסניי געוואָרן אַקטועל דער ענין פון איינאָרדנען פון „יידיש קוואַרטאַל אין ווילון״. דעם ענין האָט אַרויסגעהויבן דער דורך די מאַכט דעלעגירטער קאָמיסאַר, וועלכער האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער יידישער קוואַרטאַל איז ביז יעצט נישט אָרגאַניזירט געוואָרן, מחמת ער האָט זיך אָנגעטראָפן מיט שוועריקייטן ביים פּראָיעקטירן דעם פּלאַן צו רעגולירן דאָס אויסזען פון דער שטאָט. אָבער יעצט, נאָך דער שריפה, ווען מען האַלט ביים באַאַרבעטן אַ נייעם אורבאַניסטישן פּלאַן פון דער שטאָט, דאַרף אויסגעטיילט ווערן פאַר יידן באַשטימטע גאַסן. דער באַאַמטער האָט אויסגענוצט דעם באַקאַנטן אַנטי־יידישן פּריווילעג פון 16 י.ה., וואָס האָט זיך הגם אַפילו באַצויגן צו אַנדערע ענינים. האָט עס דער באַאַמטער טענדענציעז באַאַרבעט. דער שיל־ראַט, וואָס איז געווען רעפּרעזענטירט דורך לייב קאָהן (ער האָט זיך געשריבן אויף דייטש Loebel Cohn), איז אַרויס מיט אַ שאַרפן פּראָטעסט, און אין יאָר 1858 אינטערווענירט וועגן דעם ענין אין וואַרשע. ס׳איז כדאי צו אונטערשטרייכן דעם אַרגומענטאַציע־אופן, מיט וועלכן ס׳האָט זיך באַנוצט דער פאָרשטייער פון די ווילונער יידן, וואָס האָט זיך אונטערשיידעט פון דעם ביזהעריקן אופן פון באַקלאָגן זיך אָדער בקשות. קאָהן האָט שאַרף קריטיקירט אַלע קעגן די ווילונער יידן געריכטעטע כוונות, אין דער שריפט צו דער רעגירונגס־קאָמיסיע פאַר אינערלעכע ענינים שטרייכט ער אונטער, אַז דער דעלעגירטער באַאַמטער אין דער פאַרברענטער שטאָט ווילון: „אַנשטאָט רחמנות צו האָבן אויף דעם טרויעריקן

גורל, וואָס האָט געטראָפן די יידישע איינוווינער, און זוכן מיטלען זיי אָפּצוראַטעווען, האָט ער זיך פאַרשפּאַרט אין אַרכיוו פון וויעלונער מאַגיסטראַט, אָפּצושטויבן די פאַרוועלקטע פּאַפּירן פון סטעפּאַן באַטאָריס צייטן. כדי גורם צו זיין אַן אַקציע קעגן די וויעלונער יידן און זיי צו באַזייטיקן

פון שטאָט״. דאָס איז נישט געווען קיין חניפהדיקע בקשה, נאָר אַן אויסדריקלעכער אַטאַק אויף דעם פאָרשטייער פון דער מלוכישער אַדמיניסטראַציע; אַן אַטאַקע וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך אַ מענטש, וועלכער איז געווען איבערצייגט אין זיין גערעכטיקייט און וויכטיקייט פון דעם ענין. לייב קאָהן האָט אויף אַ דרייסטן אופן פאַרבונדן די לאָקאַלע ענינים פון די וויעלונער יידן מיט דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכע, אין יענער צייט אויפטרעטנדיקע ענדערונגען. ער האָט געשריבן: „מיטן פאָרשריט פון דער ציוויליזאַציע און בילדונג צווישן די פעלקער, פאַרפולקאָמט זיך די אַדמיניסטראַטיווע פערספּעקטיוו פון לענדער, און די געזעצן באַקומען וואָס אַמאָל אַ נייע פאָרם, ענטשפּרעכנדיק די נייע אָנשויאונגען וועגן מענטשלעכער ווערדע אין געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען. נישט געקוקט אויף דעם אמת, האָט דער דערמאָנטער דעלעגירטער (קאָמיסאַר) רעקאָמענדירט דער פּאָטערלעכן מאַכט. ווי מוסטער־געזעצן פון 16 י.ה. און וואָלט געווען צופרידן, מען זאָל אָנווענדן היינט די געזעצן אין וויעלון קעגן יידן און זיי אַוועקנעמען די נאָך אַזוי לאַנג ווויִנען אין שטאָט דערגרייכטע פּריווילעגיע. קאָהן האָט דאָס געשריבן אין וואַרשע, און מעגלעך אַז ער איז דעמאָלט געווען אין קאָנטאַקט מיט די וואַרשעווער משכילים, וועלכע האָבן אויף אים געהאַט אַ השפעה. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער פאַקט פון לאַנגיעריקן ווױנען פון יידן אין וויעלון איז וויכטיקער ווי די פעאָדאַלע אַנטי יידישע פּריווילעגיעס, אַרויסגעגעבן דורך די פּוילישע קעניגן. די אינטערווענץ פון לייב קאָהן האָט דערפירט צו אומגילטיק מאַכן דעם פּראָיעקט איינצואָרדענען אַ באַזונדערן יידישן קוואַרטאַל, און דערמיט ענטגילטיק ליקווידירט אַלע ווייטערדיקע פּרוּוון, אויסצונוצן די אַנטי־יידישע געזעצן פון 16 י.ה.

די ווייטערע געשיכטע פון וויעלונער יידן איז פאַרבונדן מיט אַ נייער עפּאָכע ווען אַלע געביטן פון זייער לעבן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שטיצן אויף אַנדערע פונדאַמענטן ווי ביז אַהער. ס׳זענען דאָרט געווען רעפּרעזענטירט אַלע געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס און יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געהאַט זייער אַקטיווע פאָרשטייער אין דער שטאָט, פאַרטיידיקנדיק די לעבנסוויכטיקע ענינים פון די יידן אין וויעלון.

## DZIEJE ŻYDÓW W WIELUNIU
### (Żródła i bibliografia)

### ŻRÓDŁA RĘKOPIŚMIENNE

**Archiwum Główne Akt Dawnych w Warszawie**

Księgi grodzkie wieluńskie oblaty 29a, 30a, 30b, 32a, 33b, 34a, 34b, 36a, 36b, 38a, 38b, 49, 52b. Księgi miejskie Wielunia 3, 17, 18, 19, 20, 36, 45, 48, 49, 52.

**Archiwum Państwowe w Łodzi**

Archiwum Potockich l Ostrowskich z Maluszyna, sygnatury I/272, I.

**Archiwum Główne Akt Dawnych w Warszawie**

Komisja Rządowa Spraw Wewnętrznych 1943, 1944, 146, 1949.

Komisja Wojewódzwa Kaliskiego 211, 730, 3086,

**Biblioteka Polskiej Akademii Nauk w Krakowie**

Rękopis 706.

### ŹRÓDŁA DRUKOWANE

Wichtige Beiträge und Aktenstüke des Aufstandes in Polen in Jahre 1794, Lipsk 1831.

Księga Kahału w Działoszynie z drugiej połowy XVIII w., wydali Jakób Goldberg i Adam Wein, „Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego", 1965; Nr 53, s. 82-112; Nr 56, s. 59-79.

### LITERATURA

Karwowski S., Grabów w dawnej Ziemi wieluńskiej, Poznań 1890.

Rokicki C., Wieluń, „Ziemia" 1902, Nr 6-6.

Przygodzki W., Z przeszłości Wielunia. Przyczynek do historii diecezji częstochowskiej, Częstochowa 1929.

Goldberg J., Rolnictwo wśród Żydów w ziemi wieluńskiej w drugiej połowie XVIII wieku, „Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego", 1958, Nr 27, s. 62-88.

Goldberg J., Stosunki agrarne w miastach ziemi wieluńskiej w drugiej połowie XVII i w XVIII wieku, Łódź 1960.

## WIELUŃ W ROKU 1827.

Pan Dawid Hal. nadesłał mi wierszyk pod tytułem: „Żyd i Sierota," który życzył sobie widzieć umieszczonym w szpaltach Jutrzenki. Wierszyk ten wywołał we mnie przyjemne wspomnienia lat młodzieńczych w szkole Wieluńskiéj XX. Pijarów spędzanych. Zacnym tym zakonnikom kraj zawdzięcza cały zastęp dzielnych mężów, widzimy wychowańców zakładów Pijarskich zajmujących wysokie stanowisko w hierarchii duchownéj, znajdujemy ich we wszystkich biórach rządowych, w sądownictwie i w administracyi. Podczas gdy w innych krajach zgromadzenia duchowne kierujące zakładami naukowemi w ciągłych pozostawają zatargach ze stronnictwem liberalno-postępowém, przekładając dobro prywatne Zakonu nad dobro ogółu, XX. Pijarzy zawsze postępowali z duchem czasu i nigdy dobra kraju z oka nie spuszczali. Ich nakładem wydawano mnóstwo dzieł szkolnych przez nich samych ułożonych; w zakładach przez nich utrzymywanych panował największy porządek, a rządzili oni nie formami zewnętrznemi ale miłością; nawet kary wymierzane przez nich nosiły na sobie piętno rodzicielskie: zwyczajem ówczesnym, dyscyplina odgrywała wielką rolę między motorami postępu w naukach, ale żaden z szanownych Księży nie powierzał ukarania chłopca najemnemu stróżowi, ale zdekretowawszy komuś z psotników lub niedbalców *piatkę*, własnoręcznie i po ojcowsku wyrok wykonywał.

Co nas wszakże najgłówniéj obchodzi, jest to owa tolerancya religijna, jaka się w zakładach pijarskich objawiała. Było nas w r. 1827 trzech uczni żydowskich w szkole Wieluńskiéj, ze strachém prawie wstąpiłem na pierwszą lekcyą do zakładu kierowanego przez Duchownych obcego mi wyznania; hałaśliwe usposobienie uczniów wróżyło mi prócz tego dokuczliwości rozmaitego rodzaju. Ale jak przyjemnie zostałem zdziwiony na pierwszym zaraz wstępie do szkoły, gdy mnie rój żywych chłopczyków ze wszech stron otoczył, by się przypatrywać nowemu zjawisku kollegi „żydka;" każdy mi dał jakąś naukę, jakieś objaśnienie o usposobieniu, o charakterze, o humorze nawet nauczycieli—księży. Najbardziéj mnie zaś straszyli X. Milanowskim, który wszystkie psoty bezkarnie przepuszczał, ale niedbalstwo w naukach nielitościwie karał i otóż na pierwszą lekcyą wchodzi ten szczególny Zakonnik, z rękawa jego wyglądało narzędzie pięcioramienne, gotowe dać się we znaki nieprzygotowanym do lekcyi, ale pomimo tego wszyscy garnęli się do niego z zaufaniem, a niektórzy wołali: „X. Professorze, mamy żydka w klassie!" i gwałtem prawie przedstawili mnie, literalnie mówiąc, uśmiechającemu się Zakonnikowi; spojrzał na mnie przenikliwym wzrokiem pełnym uczucia rodzicielskiego, uszczypnął w policzek, mówiąc te pamiętne dla mnie na całe życie słowa: „słuchajcie dzieci, wiecie dobrze, iż bylebyście lekcye umieli, wszystko wam przepuszczam, ale żebyście mi tego chłopca nie nazywali *żydkiem*, bo on jest waszym współuczniem, a nas jego religia wcale nie obchodzi; przestrzegam was więc, abyście go uważali jako kollegę, jako brata; inaczéj........." tu dyscyplina wysunęła mu się na kilka cali z rękawa, jakby dokończyć chciała uciętego frazesu.

Teraz X. Milanowski dyktuje swoim stentorowym głosem deklamacyą polską, właśnie tę samą, którą szan. nasz korrespondent nam nadesłał. W roku 1829 ukończyłem szkołę Wieluńską, z żalem opuściłem mury tego zakładu, tych szanownych kapłanów, z których każdy mi udzielił ojcowskie błogosławieństwo i których od téj chwili już więcéj nie widziałem; z rozrzewnieniem rozstałem się z drogiemi sercu memu pamiątkami, z kollegami, którym zaprzysiągłem wieczną przyjaźń--burza rozniosła ich po wszystkich krajach Europy, zniknęli mi z oczu, nie wiem nawet gdzie popioły ich spoczywają, zniknęli jak grób Mojżesza przed wzrokiem ludzkim, ale pamięć ich żyje w mém sercu i jest jedyną pociechą w smutnéj doli życia, bo mi przypomina lata młodości i pierwsze ziarno tolerancyi religijnéj, które wyrosło na drzewo rozłożyste i w przywiązaniu kollegów moich sowite przyniosło owoce. Otóż ten wiersz przez X. Milanowskiego nam zadany, którego autora szan. korrespondent nie zna i którego imię i nam z pamięci wyszło:

### ŻYD I SIEROTA.

Szła sierota przez ulicę,
Gorzkiemi łzami zalana,
Miała matkę rozpustnicę,
Ojca srogiego tyrana.
Wygnali z domu oboje,
To nieszczęsne biédne dziécię;
Ojciec znać nie chciał za swoje,
Bo matka złe wiodła życie.
Przeszła, mijając je zdala,
Niejedna dobroć wspaniała,
Co dobroczynność wychwala,
Lecz jéj szeląga nie dała.
Przeszedł niejeden z tych ludzi,
Co miłość bliźniego ceni,
Nędza, rozpacz w nim budzi;
„Dałbym!" lecz z cudzéj kieszeni.
Już księżyc swój rydwan złoty
Pod ciemne zapuszcza nieba,
A jeszcze biédnéj sieroty,
Nikt nie wsparł kawałkiem chleba.
Już, już nieszczęsna dziecina,
Zgłodniała wnet może skona,
O Boże! jakaż w tém wina,
Że z takiéj matki zrodzona?
Już się ucisza na mieście,
Dom każdy przed nią zamyka,
Wtém Żyd przechodzi nareszcie,
I nędzną w jękach spotyka.
Żyd! Żyd, niewiernym nazwany,
Plemienia ludzkiego zakał,
Dźwignął omdlałą z pod ściany,
I rzewnie nad nią zapłakał:
„Ty cierpisz, jęczysz sieroto!"

פאביאן קאהן

# די יידישע קהילה פון דער שטאט וויעלון

## פון אלט־היסטארישע מקורות

מיט אַכציק יאָר צוריק האָט אין דער שטאָט וויעלון געוווינט דער איינציקער ייד מיטן נאָמען חיים מייסטער באַגינסקי. חוץ אים האָבן געוווינט אויפן בוגיי (אַ פאָלוואַרק, עטלעכע וויאָרסט פון וויעלון) נאָך עטלעכע יידישע משפחות, ווײַל מען האָט נישט דערלויבט צו באַזעצן זיך אין שטאָט. שפּעטער איז די פאַראָרדענונג דורך דער פּרייסישער רעגירונג בטל געוואָרן און אַן ערך 10 יידישע משפחות זענען אַריבער אין שטאָט. זייער ערשטע באַמיונג צו בלייבן סטאַבילע בירגער און איינצוואָרצלען זיך אין לאַנד איז באַשטאַנען אין קויפן אומבאַוועגלעכע גיטער.

טראַטל דאַווידאָוויטש האָט פון זיין הויז ביים מאַרק אָפּגעגעבן אַ צימער אויף אַ שול צום דאַוונען פאַר דער קליינער צו יענער צייט יידישער קהילה. שמואל קעמפּנער מיט נאָך דריי אַנדערע קהילה־מיטגלידער האָבן אין יאָר 1799 אָפּגעקויפט אַן אַלט הויז פון גלח פּאַשקאָווסקי (דער רעקטאָר פון די גלחישע פּיאַרן־שולע אין וויעלון). דאָס דאָזיקע הויז האָט געדינט פאַר אַ שיל ביזן יאָר 1837. דעמאָלט האָט די שיל־פאַרוואַלטונג, אין באַשטאַנד פון יאָאַכים קעמפּינסקי, מ. טראַטל און בערל דאַווידאָוויטש, זעענדיק, אַז דאָס הויז איז נישט גענוג גרויס פאַר דער פונאַנדערגעוואַקסענער קהילה, אויסגעסטאַרעט זיך ביי דער רעגירונג אַ דערלויבעניש איינצוואַרפן דאָס הויז און אויף דעם פּלאַץ אויפצושטעלן אַ גרעסערע שול. דער בוי־קאָמיטעט פון דער נייער סינאַגאָגע, איז באַשטאַנען פון דער שול־פאַרוואַלטונג און קהילה־מיטגלידער: ד. שעראַדזקי, ה. מאַיעראָוויטש ב. טראַטל, סאַלאָמאָן קעמפּנער און אַנדערע. די פּייערונג פון לייגן דעם ווינקלשטיין פון דער נייער סינאַגאָגע, איז פאָרגעקומען אין דער אָנוועזנהייט פון אַ גרויסער צאָל איינוווינער



מסמך של „קנין מקום בית הכנסת"

אַן אָפיציעלער אַקט ביי אַ „קויף" פון אַ פּלאַץ אין שיל

פון אַלע רעליגיעס. מיט דעם צערעמאָניאַל גופא האָט אָנגע־פירט פרידריק גאַלענסקי, דער געוו. דירעקטאָר פון וויעלו־נער פּאָוויאַט. ער האָט געהאַלטן אַן אַנטשפּרעכנדיקע רעדע. טראָץ די וווּנדערלעכע גרייטקייט צו שפּענדן אויף אויפצו־בויען די שול, וואָס די וויעלונער יידן אַן אונטערשיד פון שטאַנד, האָבן אַרויסגעוויזן, איז זי ערשט ענדגילטיק אויסגע־פּאַרטיקט געוואָרן אין 12 יאָר שפּעטער, און דאָס, נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען מצד די שפּענדער און פּערזענלעכן פלייס פון פיל קהילה־מיטגלידער, בעיקר פון ה׳ מלך מאָשקאָוויטש, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אונטערנעמונג. דער אָרון־קודש איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיט אייגענע הוצאות פון ה׳ יאָאַכים קעמפּינסקי, די אייזערנע קראַטע מיט פיר באַגילדעטע וואַזאַנעס אויף די באַלוסטראַדן פון דער עזרת־נשים, האָט געשאָנקען עלעאָנאָראַ, די פרוי פון סאַלאָ־מאָן קעמפּנער. די עסטראַדע מיט אייזערנע קראַטן (דער אַל־מער) — אַ מתנה פון יוסף דאַווידאָוויטש. ענדלעך — די דריי זשיראַנדאָלן, וואָס די פרויען האָבן געשפּענדעט, באַ־וויזט די זאָרגעוודיקייט פון אייניקע קהילה־מיטגלידער.

ביזן יאָרן 1848 האָט די היגע קהילה נישט געהאַט קיין אייגענעם בית־הקברות. אירע מתים האָט מען געפירט קיין דזשאַלאָשין — דריי מייל פון וויעלון. ווען אין יאָר 1848 איז אויסגעבראָכן אין וויעלון די כאָלערע־מגפה, האָבן די ה״ה יאָאַכים, סאַלאָמאָן קעמפּנער און לייב קאָהן, איינגעקויפט אַ פּלאַץ פאַר אַ יידיש בית־הקברות. סאַלאָמאָן קעמפּנער, אויס־פילנדיק די צוואה פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי עלאָנאָראַ, האָט געלאָזט אַרוממויערן דעם בית־הקברות, וואָס האָט גע־קאָסט העכער 400 זלאָטעס. די מאַרמאָרענע פאַמיליע־מצבות מיט פּוילישע און העברעישע אויפשריפטן האָבן באַצירט דאָס בית־הקברות.



תלמידי בית־הספר „יבנה" ע״י בית־הכנסת בשנת 1935
שילער פון דער „יבנה" שולע ביי דער שיל

משה מענדלעוויטש

# ארום דעם מארד אין פאנטנעוו ביי וויעלון

(בלעטלעך געשיכטע)

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אין גאַנץ פוילן געווילדעוועט אַ וויסטע באָיקאָט־העצע, פול מיט שנאה און האַס קעגן יידן, מיט דער כוונה אַרויס־צושטויסן און אונטערברעכן די ווירטשאַפטלעכע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וואָס יידן האָבן פאַרנומען. מיטן פאַרוווירקלעכן די לאָזונג: „סווי דאָ סוועגאָ, פּאָ סוואָיע״, האָבן די אַנטיסעמיטן געשטרעבט חרוב צו מאַכן דעם יידישן קיום אין פוילן. אין רעזולטאַט פון דער ווילדער העצע איז געשען די גרויזאַמע טראַגעדיע — דאָס פאַרברעכנעריש לעבעדיקערהייט אויף אַ באַר־באַרישן אופן די יידישע משפחה גראָסמאַן פון 8 נפשות אין דאָרף פאַנטנעוו, 7 קילאָמעטער פון וויעלון.

אין אַ פרילינגס־טאָג, מאַי 1913, איז די יידישע באַפעל־קערונג אין וויעלון דערציטערט געוואָרן פון דער טרויעריקער ידיעה. פון דער גאַנצער משפחה איז דורך אַ נס ניצול גע־וואָרן דאָס 12־יעריקע מיידעלע (פריידעלע), וואָס איז געווען דער איינציקער עדות פון אומגליק.

די טראַגישע געשעעניש האָט דעמאָלט אויפגערודערט גאַנץ פוילן און רוסלאַנד. די יידישע, פוילישע און אויך רו־סישע פרעסע האָט געשיקט אייגענע קאָרעספּאָנדענטן און זשורנאַליסטן, כדי צו באַקענען זיך מיטן מצב אויפן אָרט. די פוילישע פרעסע האָט געהאַט אַ קעגנערישע מיינונג צו דער יידישער שטעלונג. מצד דער יידישער צייטונג, דער „מאָ־מענט״ איז געווען פאַרטרעטן דער שרייבער א. גראַפּמאַן מיט אַ רייע רעפּאָרטאַזשן, און מצד דעם „היינט״ — דער שרייבער ה. ד. נאָמבערג. דער „מאָמענט״ האָט געבראַכט אַ רייע קאָ־רעספּאָנדענצן פון אָרט, און אַרטיקלען פון באַוווסטן פּאָ־פּולערן עסקן און שרייבער נח פּרילוצקי, אונטערן נאָמען „וויעלון״, ווי אויך אויסצוגן פון דער יידישער און פוילישער פרעסע — פון זאַגאָראַדזקי א״אַנד.

אין רוסישן פּאַרלאַמענט, די „דומא״, איז פאָרגעקומען אַ גרויסער וויכוח צווישן רוסישע ראַדיקאַלע דעפּוטאַטן און די פוילישע. די לעצטע האָבן אָפּגעלייקנט די סיבה פון דעם אומגליק, שטיצנדיק זיך אויף דער פעסטשטעלונג פון וויעלו־נער ראַטמאַן ד״ר דאָמאַגאַלסקי.

ס׳איז נאָך איינגעקריצט אין מיין זכרון דער פחד צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט, צוליב די פאַרשי־דענע פאַרשפּרייטע קלאַנגען וועגן עקסצעסן. מצד דער יידי־שער זייט זענען געמאַכט געוואָרן אינטערוועוענצן ביי דער רו־סישער מאַכט און ביי איינפלוסרייכע פּערזאָנען. אַ דאַנק די גרויסע באַמיאונגען פון דעם דעמאָלטיקן דאָזאָר ר׳ איטשע בערקאָוויטש זענען געוואָרן אויסגעמיטן צרות דער יידישער באַפעלקערונג. ס׳האָבן זיך אין אַלע גאַסן באַוויזן שטאַרקע פּאָליציי־פּאַטרולן; אויך אין אַלע עקן און אַריינפאַר־ערטער פון דער שטאָט האָט פּאַטרולירט מיליטער פון די גרענעץ־וואַכן („אָביעשטשיקעס״). און נישט דערלאָזט קיין עקסצעסן.

פאַרן גורל און דערציאונג פון דער לעבנגעבליבענער יתומהלע, פריידעלע גראָסמאַן, האָט זיך מטפל געווען אַ ספּע־ציעלער קאָמיטעט, מיט ישעיה קשעפּיצקי אין דער שפּיץ. אַ קורצע צייט דערנאָך, האָבן לייביש קשעפּיצקי און זיין פרוי גענומען דאָס קינד צו זיך אין שטוב. אַזוי אַרום האָט דאָס יתומהלע באַקומען אַ וואַרעמע היים, דערציאונג און אַלץ, וואָס איז געווען נויטיק.

מיט יאָרן שפּעטער האָט פריידעלע חתונה געהאַט און געשאַפן אַן אייגענע משפחה. זי האָט אין די לעצטע יאָרן פאַרן קריג עמיגרירט מיט איר משפחה קיין בעלגיע, און דאָרט איז זי צוזאַמען מיט אירע דריי קינדער אומגעקומען דורך די נאַציס.

*

## דער שוידערלעכער מאָרד אין פאַנטנעוו

טעלעגראַמעס און קאָרעספּאָנדענצן וועגן דעם פאַל.

די טאָג־צייטונג „מאָמענט״ (נומ. 112), וואַרשע, מיטוואָך, פ׳ במדבר, כ״א אייר תרע״ג — 28 מאַי 1913. ספּעציעלע טע־לעגראַמעס צום „מאָמענט״, וויעלון 14 (27).

„צוליב דעם באָיקאָט האָבן די פּויע־רים אין דאָרף פאַנטנעוו אונטערגעצונדן אַ יידיש הויז, אין וועלכן עס זענען פאַר־ברענט געוואָרן אַכט יידן״.

דער „מאָמענט״ נומ. 114, פרייטיק פ׳ במדבר, כ״ג אייר תרע״ג 30 מאַי 1913.

ספעציעלע טעלעגראַמען צום „מאָמענט,
וויעלון 16 (29).

„נאָך דעם אונטערצינדן פון יידישן הויז, אין וועלכן עס זענען אומגעקומען אַכט פּערזאָן, האָבן פיל יידן פון די אַרו־מיקע דערפער באַקומען געדרוקטע בריוו מיט סטראַשונגען, אַז מען וועט מאַכן נייע אונטערצינדונגען".

*

## צו דער שרעקלעכער געשיכטע ביי וויעלון

וויעלון (קאַליש גוב.)

„ווי ס'איז שוין טעלעגראַפיש מיטגעטיילט געוועז אין „מאָמענט" האָט מען אונטערגעצונדן אַ יידיש הויז און אין פייער זענען אומגעקומען אַכט נפשות.

די שריפה איז פאָרגעקומען אין דאָרף פאַנטנעוו, דריי אַ זייגער פאַרטאָג. די אונטערצינדער האָבן פאַרהאַקט טיר און לאָדן, פון דעם יידישן הויז, כדי מ'זאָל זיך נישט קאָנען ראַטעווען און דאַן אונטערגעצונדן דאָס הויז. כמעט פון אַלע קערפּערס זענען געבליבן אַש און ביינער. דער בעל־הבית האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַ פלאַמענדער אין פעלד, אָבער ער איז באַלד געפאַלן און פאַרברענט געוואָרן.

בלויז אַ 12־יאָריק מיידל איז געלונגען זיך אַרויסצוראַטעווען אַ לעבעדיקע, אָבער איר לאַגע איז ערנסט.

די סיבה פון דעם אומדערהערטן געוואַלד־טאַט איז, ווי מען רעכנט, פאָלגנדע:

דער ייד האָט שוין פון יאָרן־לאַנג געוווינט אין דאָרף פאַנטנעוו, נאָר אין דער לעצטער צייט, צוליב דער באָיקאָט־אַגיטאַציע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ העצע צווישן די פויערים, מ'זאָל דעם יידן משלח זיין פון דאָרף, אָבער עס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן זייערע אַלע קאָמבינאַציעס. ענדלעך זענען זיי געפאַלן אויף זייער שרעקלעכן פּלאַן. דערווייל האָט די פּאָליציי אַרעסטירט צוויי פויערים, אויף וועלכע ס'איז געפאַלן אַ חשד.

מען האָפט, אַז די אויספאָרשונג וועט געפירט ווערן שטרענגער ווי ביז איצט.

אין שטאָט הערשט אַ גרויסער טרויער. די ביינער און אַש פון די פאַרברענטע האָט מען שוין צו קבורה געבראַכט אויף אונדזער בית־עולם. אַ סך האָבן פאַראיבל, פאַרוואָס די חברה קדישא האָט די פאַרברענטע געפירט צום בית־עולם דורך אַ הינטער־וועג און נישט דורך דער שטאָט, ווו זיי וואָלטן געוועז געהאַט אַ גרויסע לוויה".

**משה מענדלעוויטש**

„דער מאָמענט" נומער 115, זונטיק (1 יוני 1913)

*

## אין די פוילישע צייטונגען

„וואָס זאָגט די פוילישע פּרעסע וועגן דעם שרעקלעכן מאָרד פון די אַכט יידישע נפשות אין פאַנטנעוו; וואָס זאָגן די "ליבעראַלע", "פּראָגרעסיווע" פוילישע צייטונגען וועגן פאַרשליסן די אַכט יידישע נפשות, עלטערן און אומשולדיקע קינדער, אין הויז, און זיי דערנאָך פאַרברענען לעבעדיקערהייט? וואָס זאָגט דער אָרגאַן פונעם גרינדער פון „הומאַניסטאַ פּאָלסקי" וועגן דעם „הומאַניזם" פון די פאַנטנעווער פויערים, וועלכע האָבן זיך אַפילו נישט אַ ריר געגעבן ווען דאָס 12־יאָריקע יידישע מיידעלע האָט זיך געבעטן און געוויינט פאַר זיי, צו גיין ראַטעווען אירע ברענענדיקע עלטערן און קליינע שוועסטער און ברידערלעך די צייטונגען שווייגן. די גאַנצע פּראָגרעסיווע פּרעסע האָט אַפילו קיין איינציק וואָרט נישט צו זאָגן וועגן אַזעלכע שרעקלעכע רעזולטאַטן פון דער באָיקאָט־העצע און פאָלקס־פאַרגיפטונג.

עטלעכע געציילטע ווערטער האָבן געשענקט דעם שרעקלעכן מאָרד די אַנטיסעמיטישע און באָיקאָט־בלעטער: „דוואַ גראָשע", „דזיען" און „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ". זיי שעמען זיך דאָך עפּעס מיט אַזעלכע רעזולטאַטן פון זייער אַגיטאַציע, און טרעטן אַרויס מיט זייער באַליבטן מיטל, מיט גראָבע ליגנס: די פאַמיליע איז אַנטלאָפן פון ברענענדיקן הויז, נאָר צוריקגעקומען ראַטעווען דאָס פאַרמעגן, און דאַן איז אויף זיי אַרויפגעפאַלן דער סופיט און זיי זענען אומגעקומען. — וואָס די פאַקטן דערציילן עפּעס אַנדערש. דאָס אַרט גאָרנישט די אומפאַרשעמטע ליגנער און מענטשנפרעסער.

אַרויסגעטראָטן מיט אַן אַרטיקל וועגן דעם אַכטפאַכיקן מאָרד אין פאַנטנעוו איז נאָר אונדזער „פּשעגלאָנד צאַדזיענני", די צייטונג גיט נאָך צו, אַז דאָרט איז געווען אַ פּריוואַטע נקמה פון דעם יידנס אַ שונא. ער האָט דעם ייד מיט זיין פאַמיליע געוואָלט אומברענגען אין פייער. ער האָט אָבער מורא געהאַט, דער ייד זאָל זיך נישט אַרויסראַטעווען, אָדער עס וועלן אָנלויפן די פויערים פון דאָרף ראַטעווען, דאַרום האָט ער פאַרהאַקט די טירן און פענצטער מיט טשוועקעס.

דער מערדער האָט זיינס אויסגעפירט, די יידישע פאַמיליע אומגעבראַכט, אָבער וועגן די דאָרף־פויערים האָט ער אַ גראָבן טעות געהאַט: ער האָט מורא געהאַט, זיי וועלן קומען ראַטע־ווען די ברענענדיקע יידן, באמת אָבער —

> האָט קיינער פון די איינוווינער נישט געאיילט מיט הילף, מיט רעטונג, און דאָס מיידעלע, וועלכעס האָט זיך אַרויסגעריסן פון הויז און מיט צעלאָזטע האָר און בלאָנדזשנדיקע בליקן געבעטן רחמים און הילף, האָבן די פוילישע פויערים און די פוילישע „פּערטיגעס" געענטפערט מיט אַ בהמהשן געלעכטער, געענטפערט מיט שפּאָט. דער מערדער האָט געפונען אין גאַנצן דאָרף נשמות ענלעכע צו אים... אויף דעם האָט ער זיך נישט געריכט.

נישט דאָס ערשטע מאָל מאכט מען פאַקעלן פון יידן. די אינקוויזיציע האָט געגנוג יידן פאַרברענט. זי האָט דאָס אָבער געטון צוליבן הימל, צוליב ראַטעווען די נשמות פון די אַפּי־קורסים.

> היינט, אויף פוילישער ערד, פאַרניכטן די פויערים די אַפּיקורסים צוליב אַ פויליש קרעמל, און דער קסיאָנדז פּרעדיקט די עיקרים פון קריסטנטום אין אַ נייער אויסגאַבע.

> און די פוילישע פּרעסע שווייגט! ווו זענען אַהינגעקו־מען אונדזערע פּראָגרעסיסטן, וועלכע האָבן ערשט נישט לאַנג אַריינגעברענגט נעבן קאַבאַרעט־פּאָעזיע אויף די טעאָריע וועגן דער געזעלשאַפטלעכער סאָלי־דאַריטעט אז"וו.

היינט גייט אַלץ אין פוילן פאַרקערט: דאָס דאָרף האָט איבעראַל געקאָנט זיין אומדערבאַרעמדיק. די שטאָט איז ערשט געוואָרן פאַרן דאָרף די שולע פון שכנות און בירגער־לעכע מידות־טובות. דאָס דאָרף איז איבעראַל צו פינצטער און צו אָרעם.

> אָבער פון דער פוילישער שטאָט, וועלכע ווערט אַזוי נאַציאָנאַליזירט, שווימען היינט גאָר אַנדערע לימודים אין דאָרף! מיר לייענען זיי ביים אָפּגלאַנץ פון די ווּשעכפּאָלסקע פאַקעלן.

אָבער די ברענענדיקע פאַקעלן פון פאַנטנעוו זעען נאָר מיר. די גאַנצע פוילישע פּרעסע, די באַשאַפערין פון דער עפנטלעכער מיינונג, פאַרמאַכט שטאַרק די אויגן און וויל זיי נישט זען!".

**י.ח.ז. (זאַגראָדזקי)**

„מאָמענט", נר 118, וואַרשע, מיטוואָך,
פ' נשא, כ"ח אייר תרע"ג (4 יוני) 1913

*

## די אויספאָרשונג אין ווייעלון

„דעם 9־טן יוני איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען אַהער פון קאַליש דער סליעדאָוואַטעל פון וויכטיקע ענינים, הערשעלמען, וועלכער האָט איבערגענומען די גאַנצע אויספאָרשונג וועגן דער גרויזאַמער געשיכטע פון דעם פאַרברענטן הויזגעזינד.

ער האָט אַרויסגערופן דאָס פאַרבליבענע 12־יאָריקע יתומהלע און זי אויסגעפרעגט. זי האָט ווידער באַשטעטיקט, אַז די טיר איז בעת דער שריפה געווען פאַרלייגט מיט קלע־צער אויף אַנדערהאַלבן איילן די הייך. דאָס מיידעלע האָט אויך אָנגערופן דעם נאָמען פונעם פויער, וועלכער איז בעת דער שריפה געשטאַנען אַנטקעגן און געשמייכלט און נישט געוואָלט צוגיין ראַטעווען די אַכט קרבנות; ער הייסט יאַן סוואָלסקי. דאָס יתומהלע האָט אויך דערציילט דעם סליעדאָ־וואַטעל, אַז אַ פויערטע איז געשטאַנען ביי אַ פענצטער און זיך צוגעקוקט צו דער שריפה און לאַכנדיק געזאָגט: „ניעך זשידזשי שיען פּאַלאָן".

**פּ. סקרזיניאַ**

„מאָמענט", נר 124, וואַרשע, פרייטיק,
פ' בהעלותך, ח' סיון תרע"ג (13 יוני) 1913

*

## באַיקאָט־טעראָר

ווייעלון (ספּעציעל)

צום יידן שיראַצקי, וועלכער וווינט אין דאָרף זירקאָווי, און צו וועלכן מען האָט אַריינגעשיקט אַ דראָונג, אַז מען וועט אים אונטערצינדן און פאַרברענען, האָבן פאַריקע נאַכט אומ־באַקאַנטע געשאָסן.

„מאָמענט", פ' שלח, ט"ו סיון תרע"ג (20 יוני) 1913

נח פרילוצקי

# ווילון

„ס׳לייגט זיך אויפן שכל, אין אַזאַ לאַנד איז אַלץ מעגלעך. דער שלוס־אַקאָרד איז גאָרנישט צו שטאַרק פאַר דער מע־לאָדיע, ווו מענטשנהאַס איז דער נאַציאָנאַלער אידעאַל — מוזן זיך מערן די העלדן פון בלוט־פאַרגיסונג.

דאָס גייסטיקע בלוט פון דער אומה האָט געגעבן דעם סיגנאַל: נידער די גערעכטיקייט, דעם יושר, די מענטשלעכ־קייט! דער געשווירענער פריידיקער פון „פּראַגרעס" האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ מענטשפרעסערישן אָרגאַן אין נאָמען פון — „הומאַניזם"! — „הומאַניסטאַ פּאָלסקי", האַ־טענטאָטישער „הומאַניזם" — „רוסן, דייטשן, רוטענער, ליט־ווינער... די גאַנצע וועלט! אמת, יושר, ליבע צו די פּאָליאַקן!" — און די פּאָליאַקן אַליין „סענטימענטאַליזם און פּאָליטיק איז שעדלעך! פּאָליטיק שטיצט זיך אויף דער קראַפט פון דער פויסט! לעבן זאָל די עכט־פּוילישע פויסט!!!".

דער המון לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן, דאָס געמיינוואַרג פון אַלע קלאַסן — פון דעם אַזוי־גערופענעם „אינטעליגענ־טישן", פון דעם מיטעלן, פון דעם קליינבירגערלעכן, פון דעם פויערישן און אויך פון דעם פּראָלעטאַרישן — האָט אויפגע־כאַפּט די כוליגאַנישע תורה, אין תוך, איז דאָך די גאַנצע אומה ווילד! און אין סדום ועמורה איז געוואָרן פון גאַנצן קאַנט! —

אויסדינגען יענעם די דירה, די קראָם — יורידיש — גאַנץ כשר, מאָראַליש — מיאוס, מ׳טוט עס נישט, די לעבנס־עטיק דערליידט דאָס נישט, — און איצט איז עס די פּאַן פון אַ גאַנצער באַוועגונג: ברידער־קריסטן — ווו נאָר איר קאָנט — דינגט אויס די קלייטן און וווינונגען, די יידישע געוועלב־ניקעס, שניידערס, שוסטערס, גלעזערס, סטאָליאַרעס! רייסט אַרויס דעם ביסן פון מויל! מיט הונגער, מיט הונגער די שטשורעס!".

נישט יחידים — גאַנצע אָרגאַניזאַציעס, פאַראיינען מיט דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשיניערן בראש, באַשעפטיקן זיך מיט דער הייליקער אַרבעט, — אַ יידישער בעל־מלאכה זיצט אין אַ לאָך, אַרבעט שווער אויף דעם בידנעם שטיקל פּרנסה — זעצט מען לעבן אים אַנידער אַ קאָנקורענט, אַ קריסט, — און מיט פויקן און טרומייטערס מעלדעט מען אין דער גאַנצער וועלט וועגן דעם „נצחון", וועגן דער אומגליקלעכער, נאָך אַ חודש צוויי הונגער, פּאַרלאָזט דאָס איינגעזעסענע אָרט, אַנט־לויפט ווו די אויגן טראָגן.

אַ יאָגד אויף איינצלנע שוואכע פּערזאָנען, אַ קבצן, נאָך אַ קבצן דערשלאָגן, דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם! — און ווי ווייט איז פון אינטעלעקטועלן מאָרד צום פיזישן!?

אין סטאַניסלאַוואָוו, הינטער וואַרשע, קען דער באָיקאָט קיין פעולה נישט האָבן: די דייטשע העלפט פון דאָרף קויפט אַלץ ביי יידן, — פאַלט מען ביינאַכט אַריין — מ׳שיסט! — מיט אַ קויל איז מען אָבער נישט זיכער. אָט איז דער סטאַ־ניסלאַוואָווער ייד מיט ניסים געבליבן לעבן און רופט אָן די מערדער מיטן נאָמען.

דאָס גאַנצע האָב און גוטס אַוועקלאָזן מיטן רויך און גיי זיך ווייטער אין דאָרף, אַז ס׳וועט נישט זיין וואָס צו עסן! און נאָך בעסער: פאַרשלאָגן די טירן מיט די פענצטער — און אַ סוף — קיינער נישט געזען, קיינער נישט געהערט און פּטור געוואָרן!

און אָט שטייט אַ הויז מיט אַכט נפשות אינעווייניק — און פלאַקערט. די זון איז שוין אויפן הימל. אין דאָרף שלאָפט מען שוין נישט. נאָר די גאַס איז פּוסט, ביז דער לעצטער קלאָץ וועט נישט ווערן אַש, וועט זיך קיינער נישט אַרויס־ווייזן פון באַהעלטעניש. פאַרבאָטן צו ראַטעווען! — שטשו־רעס בראָטן זיך אין פייער! — אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב!

די „ת" פון דער באָיקאָט־העצע. ווייטער גיין קאָן מען שוין נישט. דערגרייכט צו דער גרענעץ.

קישיניעוו, האָמעל, אָדעס, ביאַליסטאָק, שעדלעץ... איצט צוגעקומען אַ נייער היסטאָרישער נאָמען: ווילון — און שרעקלעכער פון אַלע ביז איצטיקע איז ער.

נישט שיכורע כוליגאַנעס, פּראָפעסיאָנעלע מערדער, און ווייט פון אָפן רויבעריי, — ניכטערנע מענטשן, לויט אַ גוט־געפּרעכנטן פּלאַן, ביי דער נאַכט, מיט קאַלט בלוט...

פון אַלע ביז איצט באַקאַנטע פּאָגראָם־פאַרמען — די ווילדסטע, די גרויזאַמסטע, די אומדערהערטסטע.

דאָס מיטלאַלטערלעכע פוילן האָט געוווּסט פון אויטאָ־דאַ־פעס. — דערוואַכט דאָס געשפּענסט פון לאַנג פאַרגאַנגענע ציטן. נאָר טויזנט מאָל שוידערלעכער און מיאוסער אין אומ־מענטשלעכער געשטאַלט.

ווילון — דאָס וואָרט וועט פאַרשריבן ווערן אין דער יידישער געשיכטע, און אויך פון דער פּוילישער וועט דאָס נישט אויסגעמעקט ווערן. שוויענטאָכאָווסקיס, ניעמאָיעוו־סקיס דמאָווסקיס לייסטונג פאַר דער קולטור פון צוואַנציק־סטן יאָרהונדערט".

דער „מאָמענט", נר. 117, וואַרשע, דינסטיק,
פ׳ נשא, כ״ז אייר תרע״ג (3 יוני) 1913

ידוע היה בעיר שקופיל הוא בבחינת „ירד מהפסים", אלא שמעולם, כאמור, לא הזיק לאיש ולא הפריע ורק פעם אחת ויחידה יצא מגדרו, כאשר יום אחד התפרץ לבית המדרש והכריז בתרעומת קולנית, שמיכאל השמש גוזל ממנו את הגן. יעצו לו באי בית המדרש לפנות לרב העיר ולתבוע את מיכאל השמש לדין תורה.

בא קופיל אל רב העיר וללא הקדמות פנה אליו בזו הלשון: „רבי, רוצה אני בדין תורה עם מיכאל השמש".

הרב, שהכיר את קופיל וידע כי לא בנקל יפטר ממנו, שלח לקרוא למיכאל השמש. כאשר שני בעלי הדין הסבו לפניו אמר הרב: „הבה נשמע מה בפיכם".

מיכאל השמש טען שכידוע הגן שייך לו. לעומתו טען קופיל, לא — כי הגן כולו שלו; והראיה: הוא יושב שם כל הימים.

קימט הרב את מצחו, תקע אצבעותיו לתוך זקנו וענה: „אין זה ענין קל בכלל וצריך עיון. תנו לי שהות לשקול בדבר".

לאחר ימים אחדים פסק הרב לשביעת רצונם של שני בעלי הדין: חצי שנה יהיה הגן שייך לר' מיכאל וחצי שנה לקופיל, כלומר בקיץ לר' מיכאל ובחורף לר' קופיל.

את השני, משה־מאיר, הכרתי אישית. גם הוא אחד מן החלכאים והנדכאים, אחד מעלובי החיים, אשר הגיע לוילון מעיר רחוקה לאחר נדודים רבים. וילון כנראה נשאה חן מלפניו ובה בחר לשבת.

את משכבו בלילות היה מציע משה־מאיר על אחד הספסלים בבית הכנסת של חסידי גור, מאחורי התנור, כשחלק מבגדיו שימש לו כמזרון וכר למראשותיו, ומעילו העליון — כשמיכה.

בבוקר, עוד בטרם הופיע המתפלל הראשון לתפילת שחרית, היה קם, מתלבש, נוטל את צפרניו ונגש למקומו מאחרי התנור. שם היה מתעטף בטליתו ותפיליו ומתפלל. הוא היה נוהג להתפלל ביחידות ולא במנין. וכך עמד שעה ארוכה והתיחד עם בוראו שלא כדרך החסידים שנענעו עצמם בעת תפילתם. מעטים בעיר ידעו כי משה־מאיר הוא בן מתנגדים ובא לוילון מעיר רחוקה, מעירם של מתנגדים.

גם משה־מאיר היה אוכל „ימים". אולם שלא כקופיל, אשר קיבתו לא ידעה שבעה, אכל מעט. ביום שלישי בשבוע היה בא לביתנו. נכנס, לא הוציא הגה מפיו, לא „בוקר טוב", לא „ערב טוב", לא בבואו ולא בצאתו. עם כניסתו היה נוהג לשפשף את כפות ידיו זו בזו. כך נשאר עומד במקומו עד שאמי היתה עורכת את השולחן ואומרת: „נו, משה־מאיר, טול ידיך ואכול".

אז היה משה־מאיר מתעורר כאילו מחלום, מפליט משהו מתחת לשפתו, כאילו אומר: „סוף סוף צריך אדם לקיים את נפשו". גמר ארוחתו, ברך ברכת המזון בניגון עצוב, קם מכסאו, שפשף יד ביד והסתלק לבית הכנסת ללימוד ותפילה.

על אדן החלון בבית הכנסת היה משה־מאיר מניח ספר או גמרא ובעמדו על רגליו כל היום, היה מעיין בו או לומד דף גמרא בניגון חרישי ועצוב שלא נשמע אלא מקרוב.

כניגונו כן היה האיש: עצוב. מעולם לא העלה חיוך על שפתיו. לפעמים כשהיה מפסיק לרגעים ספורים מלימודו, עוצם היה עיניו ונראה כאילו שוקע במחשבות.

זכורני בשחר ילדותי, כאשר נבצר ממני להבין מושגים רבים, תוהה הייתי על המושג „גלות". הגדולים ממני היו נאנחים עליה ואילו אני לא הבנתי למה הם נאנחים. אולם כדרך הילדים הלבשתי את המושג „גלות" במשהו מוחשי יותר, ואז הצטיירה בלבי הגלות בדמות של משה־מאיר.

משה־מאיר חי בוילון שנים רבות חיי בדידות וצער, ללא בית וללא אשה. שנים לא ידעתי מאין בא ולמה בא לוילון, כי סגור ומסוגר היה האיש. ורק פעם אחת ויחידה הצלחתי לדובב אותו ולפתוח אשנב לסגור לבו. וכך היה המעשה:

כאשר הגעתי לשנת בר־מצוה, יצאתי מרשות „חדרו" של הרבי והתחלתי ללמוד בבית המדרש ככל הבחורים בעירנו. והנה, לפעמים כאשר אחד הבחורים התקשה בהבנת פרקו, היה נגש למשה־מאיר. הוא היה מפסיק מלימודו, מפנה ראשו לשואל, מעיין בגמרא ועונה ומסביר.

אותו יום ירד גשם טורדני. אפלולית שררה בבית הכנסת של חסידי גור. העצבות השתלטה על הכל. משה־מאיר עמד ליד החלון, הגמרא פתוחה לפניו ונראה שהוא מביט בה ואינו רואה. מפעם לפעם היה מוציא את ארנקו המרופט מכיס חזייתו ושולף ממנו מכתב שרק אתמול נתקבל בצרוף תמונה. והוא מסתכל בפעם המאה בתמונה שבתחתיתה כתוב בלשון יידיש: „צו מיין ליבן טאטן"...

באותו רגע עמדתי ליד משה־מאיר וגמרא פתוחה בידי. ראיתיו מחזיק צילום של צעירה מגודלת, לבושה מעיל ארוך עד קרסוליה ומתחת לכיסוי ראשה מציצות שתי עינים יהודיות, שחורות ועצובות. כאשר הבחין משה־מאיר בנוכחותי, אמר לי במבוכת מה, כאילו חייב היה להצטדק: „זאת בתי".

לא היה עלי להפציר בו רבות. הוא החל לספר לי את סיפורו, כאילו הרגיש ברגע זה צורך נפשי להתחלק עם זולתו ברגשותיו.

„כן", אמר, „היה זה לפני למעלה מעשרים שנה, ביום התונתי. עוד מעט והופיעו שושביני להוציאני לחופה. ישבתי בין אורחי ועיינתי בספר. אותו רגע הופיע אבי, לקח את

הספר מידי, הציץ בו ולעיני כל האורחים והמחותנים סטר על פני וצעק: ‚אפיקורס!‘ גם חותני הציץ בספר ותגובתו לא היתה עדינה מזו של אבי. אף־על־פי־כן הובילו אותי לחופה״.

משה־מאיר נשתתק לרגע ואחר המשיך: „לא יצאה שנה וחותני הכריח אותי לתת גט לאשתי. וכאשר נולדה בתי, לא הייתי עוד בבית. נע ונד אני מעיר לעיר ועד עתה לא מצאתי מנוחה לנפשי. כן, היום היא ב״ה גדולה״ — נאנח ומישש באצבעות רועדות את הצילום, כאילו מלטף היה את בתו במציאות.

כאשר הרגשתי בדמעה המתגלגלת על לחיו של משה־מאיר, פניתי הצדה וחזרתי למקומי ליד השולחן...

**גבריאל קאניארסקי**

# חנה אברהם ישראלס (אראנאוויטש) איטע די עסיק־מאכערין (באנאך)

ווער אין וויעלון פון אַלטן און יונגן דור האָט נישט גע־קענט די צוויי נאָבעלע געשטאַלטן, די צניעותדיקע גבאיטעס און וווילטעטיקע פרויען, וועלכע האָבן געווירקט מיט יעדן איינעמס ווייטיק.

און אויב עס איז ריכטיק די לעגענדע וועגן די למד־וואָווניקעס״ זענען זיי געווען די למד־וואָווניקעס אין דער



חנה אַראָנאָוויטש

געשטאַלט פון די צוויי פרויען, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אין יעדער יידישער שטוב אַ טרייסט און הילף, אַ שטראַל פון האָפענונג און גלויבן.

תמיד צוזאַמען, גלייך געוויקסיק, ווי אַ צווילינג פון נידריקן וווקס מיט ברייטע „זשופיצעס״, אין וועלכע עס איז געלעגן דער סוד פון זייער הילף און טעטיקייט. שטענדיק מיט אַ ברייטן שמייכל אויפן פנים פאַר יעדן. און דאָרט, אין די ברייטע זשופיצעס האָבן זיי באַהאַלטן פאַר דער עפנטלעכקייט די הילף, וואָס זיי האָבן געטראָגן פאַר די ליידנדיקע און באַדערפטיקע משפחות. זייער הילף איז באַשטאַנען נאָר לשם שמים, נישט כדי לקבל פרס, נאָר גע־טריבן פון דעם אינערלעכן גלויבן צו העלפן די אָרימע און ליידנדיקע משפחות, און אַזעלכע זענען געווען פיל אין אונדזער שטעטל.

פיל זענען געווען אַזעלכע משפחות, וואָס האָבן נישט געהאַט שבת צו מאַכן; און דווקא זייער בכבודיקע. זיי האָט מען יעדן פרייטיק אין „געהיים״ די נויטיקע הילף פשוט אַריינ־געוואָרפן און פאַרשווינדן....

זיי זענען אויך געווען טעטיק אין אַלע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס פון אונדזער שטאָט, און ספּעציעל אין דעם „בית־לחם״־קאָמיטעט, אונטער דער אָנפירונג פון די פרויען: עווא באַבראָווסקע און פריידע שטערנבערג ז״ל. זיי האָבן קיינמאָל נישט פאַרנומען קיין כבוד־פּאָסטנס, נאָר געווען די „שוואַרצע אַרבעטער״ אין דער געזעלשאַפט. ווו אַ חתונה, אַ תנאים, אָדער עפנטלעכע פאַרווייילונג, זענען זיי דערשינען ווי צוויי סאָלדאַטן, באַצירט מיט די לענטעס פון „בית־לחם״, אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג, מיט וועל־

כע זיי זענען געקומען אין באַרירונג, האָט פאַר זיי געהאַט דעם פולן רעספּעקט.

עס איז כדאי צו דערמאנען, אז יוטע האָט אויך אָפּגע־שריגן אַ גזירה ביי אַן עקסמיסיע פון אַ יידישער פאַמיליע פון סוליקאָווסקיס הויז, ווען זי איז געקומען צו אים בעטן, האָט זי זיך געוואַנדן מיט די דאָזיקע ווערטער:

„צוערשט גאָט און נאָכער איר, הער סוליקאָווסקי״.

און דאָס האָט טאַקע געהאָלפן.

**יצחק לחמן**

# קוואַל־וואַסער אויף שבת

די שטאָט וויעלון (ווילאָהן) איז געווען געבענטשט מיט זייער אַ רייכן וואַסער־קוואַל, ביי טאָג און ביינאַכט האָט זיך פון אים געגאָסן קריסטאַל־ריין וואַסער, אייז־קאַלט, סיי זו־מער, סיי ווינטער. טרינקענדיק דאָס וואַסער האָט מען ממש געפילט דעם טעם פון מים חיים — משיב נפש געווען געזונט פאַר די נירן און פאַר די ציין, און געהאַט נאָך פיל גוטע מעלות. די גרעסטע הנאה צו טרינקען אַזאַ גלעזל קוואַל־וואַסער איז טאַקע געווען שבת נאָכן מיטאָג, ריכטיק געזאָגט — שבת נאָך אַ געשמאַקן טשאָלנט אאַז״וו. אָבער צו די אַלע מעלות פון דעם וואַסער גופא, האָט געפעלט נאָך זייער אַ וויכטיקע זאַך: אַזעלכעס ווי מיר האָבן אין אונדזער ישראל: אַזאַ מין געזעלשאַפט, וואָס רופט זיך „מקורות מים״, וואָס איינע פון אירע אויפגאַבן איז אויך אַריינצופירן וואַסער אין יעדן אָרט, אין יעדן פּרדס, אין יעדן ישוב, ממש ביז אין יעדן הויז כמעט. אָבער אַז מ׳וויל דאָ אין ישראל געניסן פון אַ ביסל וואַסער, גיט מען עפּעס אַ לייכטן דריי ביי אַ קראַן גייט זיך וואַסער מיט אַ ברכה.

אַנדערש אינגאַנצן זענען געווען די באַדינגונגען אַמאָל ביי אונדז אין וויעלון. בכדי צו האָבן אַ ביסל קוואַל־וואַסער ביי זיך אין שטוב, האָט מען געמוזט אַליין נעמען אַן עמער, אָדער צוויי אין האַנט, לויפן צום קוואַל און לייטיש שוויצן ביז דאָס וואַסער צו ברענגען אין שטוב אַריין, אָדער דעם סטרוזש פון הויז גוט באַלוינען — אַז ער זאָל ברענגען אַ צוויי עמערס וואַ־סער. און ערשט אַז ס׳איז געקומען ערב שבת, בפרט אין ווינטער, גליטשיק אין דרויסן, און דער שבת קומט כהרף עין, האָט מען ממש געמוזט אַריין גיין צום ערל אין שטוב, מיט־ברענגען אים אַ לייטישע מוצא חלה, אָדער אַן אָנגעזעצענע פאַרציע פון שבתדיקן קוכן און אים בעטן רחמים, ר׳זאָל וואָס שנעלער ברענגען דאָס וואַסער, איידער ס׳ווערט שבת.

אין אַ קליין זייטיק געסל אין שטאָט האָט געוווינט אַ ייד, אַ קליינער, אַביסל אַ הינקענדיקער, גערופן האָט מען אים גאַוו־ריש. געהאַט האָט ער אַ פערד מיט אַ וועגעלע און זיך דערנערט פון איבערפירן פעקלעך סחורה, זעקלעך און פעסלעך, פאַר סוחרים און קליינטן. ער פלעגט מיט שטאָלץ דערציילן, אַז אין אַ שלאָפלאָזע נאַכט איז אים געקומען אַ מחשבה, צולאָזן מאַכן ביי אַ בעדנער אַזאַ מין אַרט פאַס, צופירן קוואַל־וואַסער איבער דער שטאָט, און אַריינברענגען עס אין יעדער שטוב. געזאָגט און געטון. ער איז גלייך צומאַרגנס אַריין צו זיין קריסטלעכן שכן, אַ בעדנער, מיט אים זיך גוט אַדורכגעשמועסט און באַ־שטעלט אַזעלכעס.

אין אַ שיינעם פרייטיק פאַרמיטאָג הערט מען פלוצים רופן פון ווייטנס אַ לאַנג געצויגגן וואָרט: „וואָדאַ־וואָדאַ־וואָדאַ״ — באַלד האָט מען דערזען ווי אַ פערדל ציט הינטער זיך אַ לאַנגן וואָגן מיט פיר רעדער און אין דער לענג דערויף ליגט אַ גרין פאַס, וואָס אַמאָל שמאָלער צו צום באָדן. דאָרט שטעקט אַ גרויסער מעשענער קראַן, און איבער אים — אַן אָנזעעוודיקע אויפשריפט: „קוואַל־וואַסער לכבוד שבת״, נאָך דעם פאַס זענען זיך די צוויי הויך־געוואַקסענע ברידער: איצעק און מאיר, וועלכע מ׳פלעגט תמיד זעען שטייענדיק ביים בית־המדרש־אויוון זיך וואַרעמען סיי זומער און סיי ווינטער. איצט האָבן זיי מיט אַמאָל באַקומען אַ גאַנץ אַנדער אויסזען: אָפּגעוואַשענע, ריין געקליידעט מיט עמערס אין די הענט, רופנדיק: וואָדאַ־וואָדאַ־וואָדאַ! באַלד עפענען זיך פענצטער פון הייזער, און בעל־הביתטעס בעטן — ווער 4, און ווער 2 עמערס וואַסער. ס׳איז ממש געוואָרן אַ שמחה אין שטעטל, אין אַ ישועה ביי יידן. נישט דאַרפן זיך מער בעטן ביים גוי, אָדער ביי די סטרוזשקע, זיי זאָלן רחמנות האָבן און נישט לאָזן שבת אָן קוואַל־וואַסער, חלילה.

יאָ, דער ייד גאַווריש האָט טאַקע געגעבן דער ערשטער דעם רעיון אַז מ׳קען לייכטער האָבן דאָס גוטע קוואַל־וואַסער אין יעדער שטוב און באַלד האָט זיך די שטאָט־פאַרוואַלטונג אַראָפּגענומען אַ מוסר־השכל און גענומען לייגן וואַסער־רערן פונעם קוואַל צו די פּלומפּן אין ביידע מערק: נייער און אַלטער און צוגעפירט נאָענטער דאָס קריסטאַל־קאַלטע קוואַל־וואַסער צו יעדער שטוב.

ב. מייראַנץ

# דאס בחורים בית־המדרש אין וויעלון

דאָס וויעלונער בחורים־בית־המדרש, ווו נאָר בחורים האָבן געלערנט, איז אין רוב שטעט אין פוילן נישט געווען. דאָס בית־המדרש איז כמעט קיינמאָל נישט לער געווען. פון פאַרטאָג ביז אין די שפּעטע אָוונט־שעהן פלעגט מען תמיד טרעפן בחורים זיצן און לערנען, און בעת די לאַנגע ווינטער־נעכט זענען די בית־המדרש־בענק געווען באַזעצט פון יונגע און עלטערע בחורים, איינגעבויגענע איבער די גמרות ביי די לאַנגע צעשניטענע און צעקראַצטע טישן, לענג־אויס די בית־המדרש־ווענט

ביי דער מערב־וואַנט איז קיין טיש נישט געשטאַנען, דאָרט איז געווען די ספרים־שאַנק פון דער פּאָדלאָגע ביז דעם סופיט. הילצערנע פּאָליצעס מיט ספרים: ש״ס־גמרות, פּוסקים, שאלות־תשובות, ספרים וועגן חסידות און מוסר־ספרים. אַלע זענען זיי געווען איינגעבונדן אין זאַק־לייווגט. די פּאָליצעס פון דער שאַנק זענען געווען אויסגעקרימט און אַראָפּגעבויגן פון דער לאַסט פון די ספרים. דער קאָכל־אויוון איז געהייצט געוואָרן אין די ווינטער־טעג ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן און פאַרשפּרייט אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט אין בית־המדרש.

די בחורים זענען געקומען פון די בעלי־בתישע און סוחרישע קרייזן. דער גרעסטער טייל איז געקומען אין בית־המדרש לערנען אַ בלאַט גמרא אין די אָוונט־שעהן, ווייל ביי־טאָג זענען זיי געווען פאַרנומען אין פּרנסה־ענינים. צווישן זיי זענען געווען פאַרכלייט, טישלער קאַמאַשנשטעפּער און פאַרשידענע אַנדערע בעלי־מלאכות. אַ טייל האָט צוגעהאָלפן זייערע עלטערן אין די געוועלבלעך, אָדער געפאָרן אויף מאַרק־טעג אין די אַרומיקע שטעטלעך.

עס זענען אויך געווען חסידישע בחורים, וועלכע האָבן געטראָגן זיידענע היטעלעך און געווען יושבים אין גער. אַחוץ וואָס זיי זענען געזעסן און געלערנט האָבן זיי אויך עוסק גע־ווען אין חסידות, וואָס האָט זיך צו דעם בעלי־בתישן שטעטל וויעלון נישט געקלעפּט.

מערסטנטייל בחורים אין בית־המדרש האָבן געטראָגן שטייפע קעלנער, און פאַרנט אַזאַ אַטלאַסן „שערצל״ — אַ מין קאָמפּראָמיס צווישן אַ קראַוואַט און „אַ גאַרנישט״. איך דער־מאָן זיך, אַז אין מיינע יינגע בחורישע יאָרן האָב איך מיר אויך איינגעשאַפט אַזאַ מין „שערצל״. איך האָב מיך אָוועק־געשטעלט ביים שפּיגל אין סאַלאָן און צוגעקנעפּלט עס צו מיין ווייסן שטייפן קאָלנער פון העמד און עס געצויגן אַמאָל אויף רעכטס און אַמאָל אויף לינקס. פּלוצים זע איך מיין מאַמע ע״ה שטייט הינטער מיר מיט אַ שמייכל און זאָגט האַלב־ערנסט: „זאָג מיר, מיין זון, צי וועסטו כאָטש ווייטער נישט גיין ?...״

עטלעכע צענדליק יאָר זענען שוין פאַרביי זינט דעם אונטערגאַנג פון מיין היים־שטעטל וויעלון. וואָלט מען כאָטש געקענט בלעטערן די בלעטלעך פון קאַלענדאַר אויף צוריק מיט צענדליקער יאָרן, ווען דאָס איז מעגלעך !... צו זען נאָך אַמאָל דאָס יידישע וויעלון. דעם ערשטן טריט פירן מיך מיינע געדאַנקען צוריק אויף דער שוועל פון בחורים־בית־המדרש. ווידער קומט מיר אַנטקעגן דער ספּעציפישער ריח פון די אַלטע, אין לייוונט־איינגעבונדענע ספרים. איך זעץ זיך אַוועק אויפן עק בראַנק ביים לאַנגן טיש און איך הער זיך איין אין דעם אַלטן גמרא־ניגון פון די לערנערס, וואָס זיצן איינגעבויגן איבער די גמרות. ווי עס שטייט געשריבן אין פּרקי אבות „שלא על מנת לקבל פּרס״. דער גמרא־ניגון איז אַ ריינער און אַן ערלעכער, און אפשר צוליב דעם האָט ער תמיד דערהויבן, אַרויסגעשלעפּט פון דער ערדישער וועלט און אַוועקגעפירט אין אַ בעסערער וועלט, אַ וועלט פון ריינקייט, אַ וועלט פון חלום.




הרהורים

רוזשקע זילבערבערג־באַלקאָווסקי (ניו־יאָרק)

# זכרונות פון מיינע קינדער יארן

## א) מיין היים

מיין פאָטער סענדער באַלקאָווסקי איז געווען דער איינג־טימער פון רעסטאָראַן אויף רוזאַנאַ גאַס. נישט נאָר אַ רעסטאָראַן, נאָר אויך אַ האָטעל איז געווען ביי אונדז, אַ גאַסט־הויז, אַ היים פאַר אַלע מינים מענטשן, טיפּן, צוגעוואַנדערטע, דורכ־רייזנדע און אויך פאַר אַ גרויסן טייל אַרטיקע, שטאָטישע איינוווינער.

דאָס איז געווען אַ שווערע פּרנסה, אַ שווער לעבן; אין די זעקס צימער־וווינונג איז געווען דאָס „געשעפט", דאָס גאַסט־הויז און אויך די היים פאַר דער גאַנצער משפחה, פאַר טאַטע־מאַמע, און איבערהויפּט פאַר אונדז קינדער, איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר קינדער־שפּילערייען, ווו זיך אויסצו־לעבן אונדזערע קינדער־יאָרן.

אין מיין זכרון האָבן זיך טיף איינגעקריצט פיל איינדרוקן פון מיין אַלטער היים און פון מיינע קינדער־יאָרן.

## ב) חסידים אין שטעטל

כ׳דערמאָן זיך אין די ערב־שבת־טעג און אין די פייער־לעכע טראַדיציאָנעלע פרייטיק־צונאַכט צערעמאָניעס און מאָל־צייטן.

שוין פרייטיק ביי טאָג פלעגט אונדזער הויז פול זיין מיט חסידים, וועלכע זענען געקומען צופאָרן אויף שבת צום רב און רבי יוסטמאַן, וואָס האָט אויך געפירט אַ „רבישן טיש" פאַר זיינע חסידים און אָנהענגער.

אויך צום רבי רוטענבערג, וועמען מען האָט גערופן דאָס „רבילע", זענען געקומען צופאָרן אויף שבת גרעסערע גרופּן חסידים און אויף שבת צו דער בר־מצוה פון זיין יינגעלע — דער בן־יחיד. די חסידים זענען געווען געסט אין אונדזער גאַסט־הויז.

כ׳געדענק באַזונדערס דעם פרייטיק צו נאַכט, ביי אונדז אין שטוב, וואָס איז געווען מער יום־טובדיק ווי שטענדיק. צום קידוש און צום מאָלצייט זענען געזעסן אַרום די טישן בערך 20 חסידים. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע און אַ פרייל׳עכע; זייערע זמירות זינגען האָט אָפּגעקלונגען אין דער גאַנצער סביבה, און פאַר אונדזערע פענצטער אין גאַס האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל מענטשן, צוהערנדיק זיך צו די האַרציקע געזאַנגען און שיינע ניגונים.

שבת אין דער פרי האָבן זיי זיך דורכגעשפּאַצירט, גייענדיק צום דאַווענען דורכן אַלטן מאַרק, אויגוסטיאַנער גאַס, נייער מאַרק — ביז צום רבילעס בית־המדרש ביים אָנהויב פון דער קאַלישער גאַס.

זייער טראַדיציאָנעלע קליידונג — די שטריימלעך אויף די קעפּ, די ווייסע זאָקן — איבערגעצויגן אויף די הויזן, מיט די




השוק החדש: פינת אוגרודובה־קאליסקה בשנת 1913
נייער מאַרק: ווינקל אָגראָדאָוואַ־קאַליסקאַ אין יאָר 1913




השוק הישן — אַלטער מאַרק

ציצית פון דעם טלית־קטן אין דרויסן, שוואַרצע שיך און שוואַרצע זיידענע יופּיצעס, אַרומגענומען מיט גאַרטלען, האָט אַרויסגערופן אויפמערקזאַמקייט און אַ פאַרשידנאַרטיקע באַציִונג מצד דער באַפעלקערונג, סיי יידישע און סיי קריסטלעכע. פאַר אונדז קינדער איז דאָס געווען אַן איבערלעבעניש, וואָס האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון אויף אייביק.

### ג) סעודה׳לעך פון דער „חברה קדישא"

ווי אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, האָט אויך אין אונדזערע אַלטע היים עקזיסטירט אַ חברה־קדישא, וואָס איז באַשטאַנען פון דאָס רוב מענער און אַ קלענערע גרופּע פרויען, וועלכע האָבן געטון דעם חסד־של־אמת. ווען ס׳איז געשטאָרבן אַ פאַרמעגלעכער מענטש, אַ גביר, אַן עושר, איז לרוב פאַרגעקומען, אין אָוונט, אַ סעודהלע אָבער אַ גוטע מלוה־מלכה, און דאָס — אויפן חשבון פון פאַרשטאָרבענעמס משפחה.

מיינע עלטערן האָבן דעמאָלט פאַר זיי צוגעגרייט אַ גוטן „קרופּניק", געבראָטן גענדזנס און נאָך אַנדערע גוטע מאַכלים, אויך אַ ביסל משקה, ספּירט, וויין און ביר. באַטייליקט האָבן זיך אין אַזאַ סעודהלע אויך די פרויען, די חברטעס פון דער חברה קדישא.

די שטימונג איז געווען ביי אַלעמען אַ געהויבענע אַ „פריילעכע"; נאָך אַזאַ שטיקל „אַרבעט"... און דער עולם האָט געמאַכט אַ גוטן „לחיים".

אַזוי אַרום זענען ביי אונדז אָפט פאָרגעקומען „שמחות", פּיקאַנטע און פאַרשידנאַרטיקע.

### ד) פערזענלעכקייטן ביי אונדז אין גאַסט־הויז

ביי אונדז זענען תמיד איינגעשטאַנען פאַרשידענע פער־זענלעכקייטן: די גרעסטע חזנים — סיראָטאַ און זיין טאָכטער און אַנדערע, וועלכע זענען געקומען געבן קאָנצערט־אויפטריטן; דער רעציטאַטאָר יאָסעלע קאָלאָדני, און אַ 13־יעריקער וועלט־באַרימט חזנדל. ביי טאָג האָט ער זיך געשפּילט מיט מיינע ברי־דערלעך אין קינדערישע שפּילרייען און אין אָוונט איז ער אַרויסגעטראָטן אין שטאָטישן זאַל „אָכראַנאַ" אַלס גרויסער קינסטלער און וווּנדער־קינד.

ביי אונדז זענען זייער אָפט געווען צו גאַסט יידישע וואַנ־דערנדע אַרטיסטן טרופּע, אַ יידישע ליליפּוטן־טרופּע, ליטע־ראַטן, רעפערענטן, עסקנים פון פאַרשידענע פאַרטייען און געזעלשאַפטן, בעת זייערע גאַסטראָלן אין וויעלון.

אַלע האָבן ביי אונדז געפונען אַ וואַרעמע היים, גוט עסן און אַן אינטימע סביבה.

שטילערהייט, באַשיידן פלעגט מיין מוטער העלפן פיל נישט פאַרמעגלעכע מענטשן, אַז לכבוד שבת זאָל נישט פעלן אַ חלה, אַ שטיקל פיש און פלייש אין שטוב. און פאַר אַן אָרעמען קראַנקן — אַביסל פריש געשמאַקע זופּ און אַ שטיקל עוף־פלייש.

ביי אונדז אין שטוב האָט תמיד געלעבט, אַזוי ווי אַ ברודער אין דער משפחה, דער היימלאָזער וואַסער־טרעגער יצחק לו־זער, ביי אונדז האָט ער לרוב זיך זאַט געגעסן, געהערט אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט באַקומען אין זיין ביטערן גורל.

אַזוי געדענק איך מיין אַמאָליקע היים, מיין מאַמע, טאַטע און געשוויסטער, וועלכע זענען אַזוי טראַגיש אומגעקומען, צוזאַמען מיט אַלע טויזנטער אומפאַרגעסלעכע יידן פון אונדזער אַלטער היים־שטאָט וויעלון.

כבוד זייער אָנדענק.

**יעקב אליאש**

# דער אלטער מארק

אויב וויעלון האָט אין אַלגעמיין געשמט אין דער סביבה ווי אַ שיין און ריין שטעטל, און פרעמדע באַזוכער האָבן באַוואונדערט איר אייגנאַרטיקן סטיל, איז עס דער אַלטער מאַרק געווען איינע פון די שענסטע ערטער אין שטאָט. דער מאַרק האָט באַצויבערט מיט זיין אויסערלעכן עסטעטישן אויסזען — ברייטע טראָטואַרן און גרינע ביימער אין כמעט דער זעלבער הייך ווי די הייזער.



הכניסה לגן העירוני, בית הכנסת והמשך השוק הישן, לפנים מקום הטיול העיקרי

דער איינגאַנג אין שטאָט-פּאַרק, די שיל און דער המשך פון אַלטן מאַרק, אַמאָל — דער הויפּט-שפּאַצירפּלאַץ

אויפן אַלטן מאַרק איז געשטאַנען די גרויסע קאַטוילישע קירכע מיטן שטאָט-זייגער אויפן טורעם, פון וואַנען מ'האָט געקענט זען פון עטלעכע קילאָמעטער ווייט.

יעדן זונטיק פלעגן זיך פאַר דער קירכע צונויפזאַמלען טויזנטער קריסטן. אַלע רעגירונגס-אַנשטאַלטן און שטאַטישע אינסטיטוציעס זענען געווען אין מאַרק, אָדער אין אַ דערנעבנדיקער גאַס. דערפאַר טאַקע פלעגן אַלע רעליגיעזע צערעמאָניעס, ווי אויך מיליטערישע פּאַראַדן, זיך פאַרמירן אויפן אַלטן מאַרק; אין אַ „יומא דפגרא" איז דער מאַרק געווען פול מיט טויזנטער מענטשן. אַ פּאָר מעטער פון אַריינגאַנג אין שטאָטישן פּאַרק איז געשטאַנען דער פּרעכטיקער בנין פון דער יידישער שיל. אין יידישע יום-טובים איז דער מאַרק געווען פול מיט מתפללים.

אַכט גאַסן האָבן זיך געגרענעצט מיטן מאַרק. עס איז כדאַי צו דערמאָנען די גאַסן וואָס איך געדענק: פון איין זייט די גאַשינער, נאַרוטאָוויטשאַ, אויגוסטיאַנער, און פון דער אַנדערע זייט — זשווירקאָ אי וויגורי און באַריטש, אַזוי אַז די שטאָט-איינוווינער, ווילנדיק צי נישט-ווילנדיק האָבן אָפט געמוזט אַדורכגיין דעם מאַרק. זיין פאַרבינדונג מיט די גאַסן האָט פאַרוואַנדלט דעם מאַרק אין אַ צענטער פון יידישן לעבן.

אָבער נישט נאָר די געאָגראַפישע לאַגע און דער עסטעטישער אויסזען האָבן כאַראַקטעריזירט דעם אַלטן מאַרק אין אונדזער שטאָט. דער הויפּט-שפּאַציר איז געווען אין אַלטן מאַרק. עס איז מיר אויסגעקומען צו שפּאַצירן אין פיל גרויסע און קלענערע שטעט אין פוילן, לעטלאַנד, רוסלאַנד און אין אַנדערע ערטער, אָבער איך האָב נישט געטראָפן אין ערגעץ אַזאַ שפּאַציר-אָרט. שעהן-לאַנג פלעגט מען שפּאַצירן און נישט מיד ווערן. מיט פיל בענקשאַפט דערמאָנען אונדזערע וויעלונער יידן דאָס אַרומשפּאַצירן אין מאַרק. אַפילו דער באַרימטער שיינער שטאָטישער פּאַרק איז נישט געווען פעיק צו קאָנקורירן אויף דעם געביט. די שפּאַצירנדיקע זענען אין מאַרק אין יעדער צייט פון יאָר געווען מער ווי אין פּאַרק און אין די אַלייען. עס האָט דאָרט געשפּרודלט מיט יידיש לעבן.

בייטאָג האָט דער מאַרק אויך געדינט ווי אַ טרעף-פּונקט פון סוחרישע קרייזן. פרייע און חסידישע יידן מיט בערד און פאות, יידישע היטלעך און לאַנגע קאַפּאָטעס; מ'האָט זיך געדרייט און געהאַנדלט צווישן זיך. מ'קען זאָגן, אַז דער עיקר גרויס-האַנדל צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין וויעלון איז געווען אויפן אַלטן מאַרק. פאַרשידענע האַנדלס-טראַנזאַקציעס זענען דאָרט אַדורכגעפירט געוואָרן אַזוי ווי אויף אַן אַפיציעלער בערזע. אַלץ האָט מען דאָרט געקענט קויפן און פאַרקויפן. אין די אָוונטן איז דער מאַרק געווען אָקופּירט דורך אַרבעטער-קרייזן און יוגנטלעכע, וועלכע האָבן שפּאַצירט אָדער זיך אָפּגערוט ביי אַ שויפענצטער אויף אַ פּאָר מינוט, כדי ווידער ממשיך צו זיין דעם שפּאַציר.

צומערסטן איז דער מאַרק געווען באַלעבט צווישן צען

און צוועלף אַ זייגער אין אָוונט, ווען די יוגנט האָט זיך אומ־געקערט פון די אָרגאַניזאַציע־לאָקאַלן און אַנשטאָט אַהיימגיין, ווידער געמאַכט אַ פּאָר הקפות אין מאַרק. מער ווי איין וויכוח פלעגט האָבן זיין המשך אין מאַרק. פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַרויסגערופן מיינונגס־פאַרשידנהייטן זענען איבערדיסקוטירט געוואָרן אין מאַרק. נישט תמיד זענען די דיסקוסיעס פאָר־געקומען צווישן חברים פון דער זעלבער באַוועגונג. אָפט פלעגן חברים פון פאַרשידענע באַוועגונגען זיך טרעפן אין מאַרק און פירן זייערע פאַרביסענע דיסקוסיעס — יוגנטלעכע פון „פרייהייט", אָדער „גורדוניה", „השומר הצעיר" און קאָמוניסטן.

יעדעס שטיקל באָדן אין מאַרק איז דורכגעזאָפּט מיט יידיש לעבן, און ווען די שטיינער וואָלטן געקענט רעדן, וואָלטן זיי געהאַט אונדז פיל צו דערציילן. ווי ס'האָבן אין וויעלון געלעבט און געאָטעמט אונדזערע טייערע יידן אין פאַרמלחמהדיקן פוילן.

דער אַלטער מאַרק וואָלט אויך געקאָנט דערציילן וויפל פאַרליבטע פּאָרלעך האָבן אָנגעהויבן שפּינען זייערע ראָ־מאַנען, שפּאַצירנדיק אין מאַרק און שפּעטער, נאָך אַ פּאָר צענדליק הקפות, געזוכט דעם וועג צו בלייבן מיט זיך אַליין אין שטאָטישן גאָרטן, אָדער אין דער אַליע.

אָבער נישט תמיד איז דער מאַרק געווען אַ מקום פון גליק און פרייד, גאַנץ אָפט זענען דאָרט פאָרגעקומען כוליגאַ־נישע איבערגעפאַלן אויף יידישע יוגנטלעכע. איז דאָך דאָס פאַר־מלחמהדיקע וויעלון געווען אַ מקור פון אַנטיסעמיטיזם, צו וועלכן ס'איז נאָך צוגעקומען די אימפּאָרטירטע יידן־שנאה פון שכנותדיקן נאַצי־דייטשלאַנד. און דערפאַר פלעגט טאַקע טרעפן, ספּעציעל אין די חגא־טעג, אַז אַ גרופּע כוליגאַנעס, שכורע אָדער זיך מאַכנדיק שכור, זענען איבערגעפאַלן און געשלאָגן יוגנטלעכע שפּאַצירער.

דער אַלטער מאַרק אין וויעלון עקזיסטירט נאָך געוויס, די הייזער, וואָס די דייטשן האָבן רואינירט, האָט די פּוילישע רעגירונג מסתם שוין באַוויזן אויפצושטעלן, אָבער דאָס יידי־שע לעבן אין מאַרק איז שוין מער נישטאָ.



שרידי השוק הישן ע"י רחוב אוגוסטיאנסקה לאחר המלחמה
אַ זכר פון „אַלטן מאַרק" נעבן דער אויגוסטיאַנער גאַס נאָכן קריג

פערל ראָזענבערג (ניו־יאָרק)

# מיינע עלטערן און מיין שטעטל וויעלון

מיט אַ שווער געמיט, אָבער גלייכצייטיק מיט אַ געפיל פון גרויסער באַפרידיקונג, ווי איינער, וואָס צאָלט אָפּ אַ גרויסן חוב, וואָס האָט אים אַ לאַנגע צייט געדריקט, טרעט איך צו צו דערציילן וועגן מיין שטעטל וויעלון, קאַלישער גו־בערניע, אַ יידיש שטעטל אין פוילן, וואָס די נאַציס האָבן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אומגעבראַכט.

ווען איך טראַכט איצט, אין יאָר 1966, זיבן און פערציק יאָר נאָך דעם ווי איך האָב עס פאַרלאָזט, טויכן אויף אין מיין געדאַנק פריידיקע און טראַגישע מאָמענטן, ליכטיקע און שאָטנדיקע עפּיזאָדן, פון אַ יוגנט און אַ סביבה, פון עלטערן, משפּחה און אַ היים, וואָס לעבן אויף און וועקן אויף אַ באַנג־דיקע נאָסטאַלגיע נאָך יענעם אָרעמען, אָבער באַליבטן שטעטל און נאָך יענע מענטשן, וועלכע זענען דאָרט געווען און זענען מער נישטאָ.

איך בין געווען דאָס פינפטע פון צען קינדער — אַכט ייִנגלעך און צוויי מיידלעך — ביי מיינע עלטערן: ראובן און שרה הערשבערג. מיין טאַטע איז געווען אַ בלעכער, אַ ייד אַ האָרעפּאַשניק, וועלכער האָט מיט זיינע צען פינגער געאַרבעט אויף אויסהאַלטן דאָס הויזגעזינט. אין דער זעלבער צייט איז ער געווען אַ גרויסער כלל־טוער אין אונדזער שטעטל. ער האָט, דאַכט זיך, געהערט צו אַלע וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע און וווילטעטיקע אינסטיטוציעס, ווי הכנסת־אורחים, מלבוש־ערומים, חברה־קדישא און אויך געווען אַ טוער אין בית־מדרש.

ס'איז געווען אַ וואַרעמע און ליבע היים, און אין אַט דער אַטמאָספער זענען מיר, די קינדער, אויסגעוואַקסן און זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן אין פאַרשידענע פּאָליטישע און גע־זעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. איך אַליין האָב געהערט צום „יוגנט־בונד" און אין עלטער פון 16 יאָר בין איך געווען זייער אַקטיוו אין דעם יוגנט־פאַראיין. ס'איז געווען נאַטירלעך, אַז אין הויז זאָלן אָפט פאָרקומען דיסקוסיעס און אַמפּערייען צווישן אונדז גופא אַרום אַלערליי געזעלשאַפטלעכע פראַגן, וואָס האָבן אָנגעפילט די לופט מיט ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט. די עלטערן האָבן אין אַזעלכע מאָמענטן, מיט באַהאַלטענער צופרידנקייט, אַריינגעוואָרפן אַ באַמערקונג און געפּרוווט איינשטילן די צעוואַרעמטע געמיטער.

איך האָב אויך געהערט צו דעם דראַמקרייז, וועלכער פלעגט געבן פאָרשטעלונגען, וואָס אַחוץ טעאַטער־פאַרוויילונג, איז די הכנסה געגאַנגען פאַר הילף פאַר אָרעמע קינדער און פאַר אָרטיקע אינסטיטוציעס. צווישן די פּיעסן, וואָס מיר האָבן אויפגעפירט, געדענק איך: דוד פּינסקיס „פאַמיליע צבי", שלום עליכמס „דער גט", יעקב גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול" און יאַקובאָווסקיס „דער וויכאָוואַנעק" (אָדער „שלעכטס און גוטס"). אונדזער דראַמקרייז פלעגט אויך אַרויספאָרן גאַס־טראָלירן אין די אַרומיקע שטעטלעך, וווּ מיר האָבן מיט אונדזערע פאָרשטעלונגען געשאַפן פינאַנסיעלע הילף פאַר פאַרשידענע אָרטיקע, געזעלשאַפטלעכע טיילן פון דער באַ־וועגונג. מיטגלידער פון דער משפּחה האָבן געפּרוווט ווירקן אויף מיינע עלטערן, אַז איך זאָל זיך נישט באַטייליקן אין דער דראַמאַטישער טרופּע, אָבער דאָס האָט מיר נישט גע־שטערט פאָרצוזעצן מיין באַטייליקונג אין דער אַרבעט, וואָס איז געווען נוצלעך, און איז מיר געווען ליב.

אָט די אַלע מאָמענטן האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון, ווי די שענסטע איבערלעבונגען פון אַ זוניקער יוגנט אין אונדזער שטעטעלע וויעלון, וואָס לאָזט זיך נישט אויסמעקן.



הכנסיה הפראבוסלבית בגן העירוני (1915)

די צערקווע אין שטאָטישן גאָרטן (1915)

אָבער נישט שטענדיק שיינט די זון. עס זענען אָנגעקומען וואָלקנדיקע און פינצטערע טעג. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די פּאָליאַקן אָנגעהויבן פּאָגראָמירן אונדזער שטעטל. דאָס איינגעשטעלטע לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג איז מיטאַמאָל שטאַרק צעטרייסלט געוואָרן. די יוגנט האָט זיך אָרגאַניזירט כדי צו באַשיצן דאָס יידישע לעבן קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס און וואַנדאַלן.

אין יאָר 1919 האָב איך, אויף דער אויפפאָדערונג פון מיין עלטסטן ברודער, וועלכער האָט געוווינט אין פּאַריז, פאַרלאָזט דאָס שטעטל און בין אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז, צוזאַמען מיט מיין צוקונפטיקן מאַן, אפרים ראַזענבערג פון זדונסקאַ־וואָליאַ. געפאָרן זענען מיר מיט גרויסע האָפענונגען און שיינע חלומות. עפּעס אַ קלייניקייט: „פּאַריז", דער נאָמען אַליין האָט געצויבערט, און אַלערליי פאַרביקע פאַנטאַזיעס האָבן זיך געוועבט און געפלאָנטערט אין די געדאַנקען. אָבער אויסעגלאָזט האָט זיך אַנדערש. דיווירקלעכקייט האָט אונדז געבראַכט אַ גרויסע אַנטוישונג. מיטאַמאָל זענען מיר אָפּגעריסן געוואָרן פון דער היים־סביבה, פון די עלטערן, משפּחה און חברים און פון דער וואַרעמער אינטימקייט פון אונדזער באַליבט שטעטל.

אַחוץ די עלטערן האָב איך איבערגעלאָזט דריי ברידער און אַ שוועסטער, נאָך וועלכע ס'האָט זיך געבענקט. מיין ברודער יעקב, וועלכער האָט געהאַט היתר־הוראה, נאָר האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיינס צו דערגרייכן, איז געוואָרן אַ לערער פון העברעיש און יידיש.

צען חדשים זענען מיר געווען אין פּאַריז. דורך דער צייט האָבן מיר זיך ווי נישט איז איינגעאָרדנט, אַרבעטנדיק ביי שניידעריי. אָבער צוליב געוויסע סיבות בין איך געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן פּאַריז. דעמאָלט האָבן מיר באַשלאָסן חתונה האָבן און פאָרן קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען אין יאָר 1920.

מיט 15 יאָר שפּעטער, אין יאָר 1935, בין איך געפאָרן אויף אַ באַזוך קיין וויעלון. און ווידעראַמאָל האָב איך דורכגעלעבט מאָמענטן פון דערוואַרטונגען, אומדערקלערלעכע, אָבער זייער געשפּאַנטע. ס'איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז דורך דער צייט זענען מיינע עלטערן, משפּחה און אַלע אַנדערע מענטשן געעלטערט געוואָרן. איך האָב געוווּסט, אַז וויעלון איז נישט נתעשר געוואָרן, און אַז די יידן אין דעם אַלטן פּוילן זענען נישט מיטאַמאָל אויפגעריכט געוואָרן; אָבער דאָך האָבן מיינע געדאַנקען אויף אַ מינוט זיך נישט איינגעשטילט און איך האָב כסדר געטראַכט וועגן וויעלון, ווער פון מיינע יוגנט־פריינד איז נאָך דאָ, וועמען וועל איך דאָרט געפינען, און ווער האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל.

אָט די און אַנדערע געדאַנקען האָבן גאַלאָפּירט אין מיין מוח און דאָס האַרץ האָט ווי געצאַפּלט, אַנצוקומען קיין וויעלון וואָס גיכער. ווען איך בין אָנגעקומען קיין פּויזן, בין איך די גאַנצע צייט געשטאַנען ביים וואַגאָן־פענצטער, קוקנדיק מיט דער גרעסטער שפּאַנונג אין דער ריכטונג פון מיין געבורט־שטעטל, צו וועלכן דער צוג האָט זיך דערנענטערט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט אָט דער רייזע, וויל איך דאָ פאַרצייכענען אַן אויפטרייסלענדיקן עפּיזאָד, וואָס איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט. דאָס איז געווען אין בערלין, אויפן וועג קיין וויעלון. די באַן האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט און איך האָב געמוזט איבערנעכטיקן ביז איך וועל קענען ווייטער פאָרזעצן מיין רייזע. ס'איז שוין געווען דאָס צווייטע יאָר זינט היטלער האָט איבערגענומען די מאַכט. די נאַצים האָבן געבישעוועט פראַנק און פריי און טעראָריזירט די יידישע באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד.

די גאַנצע נאַכט האָב איך נישט געקענט איינשלאָפן אויף איין מינוט און געווען דורכגענומען פון אומבאַגרייפלעכער שרעק. ווער האָט דעמאָלט געקענט פאָרויסזען, אַז מיט פיר יאָר שפּעטער וועלן נאַצישע האָרדעס אָנפאַלן אויף פּוילן וואָס האָט אָנגעצונדן די צווייטע וועלט־מלחמה, די בלוטיקע אין דער געשיכטע, וואָס האָט אומגעבראַכט זעקס מיליאָן יידן, איינשליסנדיק כמעט דאָס גאַנצע פּוילישע יידנטום פון אַרום דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן נפשות?

נאָכן איבערלעבן דעם קאָשמאַר פון יענער נאַכט אין בערלין, האָב איך איבערגעלעבט אַ פריידיקן און דערהויבענעם עפּיזאָד, וואָס האָט אין דער פולסטער מאָס פאַרגיטיקט פאַר יענער קאָשמאַרפולער איבערלעבונג. דאָס איז געווען דער מאָמענט, ווען איך בין אָנגעקומען קיין וויעלון. אויסשטייגנדיק פון צוג, בין איך געווען שטאַרק איבערראַשט פון דעם גרויסן עולם, וואָס איז געווען פאַרזאַמלט אויף דער פּלאַטפאָרמע. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע שטעטל האָט אַוודאי זיך דאָ פאַרזאַמלט.

אין אָנהייב האָב איך נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס אַזוי פיל מענטשן, אַלע יידישע פּנימער, זענען דאָ, אינמיטן אַ וואָכן־טאָג. אָבער צו מיין שטוינענדיקער צופרידנקייט בין איך באַלד געווויר געוואָרן, אַז דאָס זענען די אַלע ווילע מענטשן אַרויסגעקומען מקבל פּנים זיין פעטערן. די טאָכטער פון די הערשבערגס. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס איז פאַר מיר געווען די גרעסטע איבעראַשונג און איז פאַרבליבן ווי אַן אומפאַרגעסלעכער פריידיקער עפּיזאָד אין מיין לעבן.

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, איבערגעפולט פון פרייד, בין איך אָנגעקומען אין הויז פון מיינע עלטערן, וועלכע האָבן

מיך אויפגענומען מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט, און די אַט־מאָספער פון דער היים האָט מיך אַרומגענומען. דער מורה־הוראה, וועלכער איז געווען אַנוועזנד ביי דער באַגעגעניש מיט מיינע עלטערן, האָט מיר געדריקט די האַנט און מיר גע־ווונטשן: „געבענטשט זאָל זיין דיין וועג פאַר אָפּגעבן כבוד דיינע עלטערן!"

דעמאָלט זענען געווען די „ניין טעג", ווען ביי יידן עסט מען געוויינטלעך נישט קיין פלייש, אָבער דער רב האָט מתיר געווען צו עסן פלייש, ווייל „פּערעלעס קומען פון אַמעריקע איז ביי אונדז אַ גרויסער יום־טוב".

די גרויסע פרייד, וואָס איך האָב איבערגעלעבט פון מיין באַזוכן דאָס שטעטל און פון דער וואַרעמער אויפנאַמע, וואָס איך האָב געניאָסן, איז טיילוויז צעשטערט געוואָרן דורך דעם, וואָס דער גרעסטער טייל פון מיינע יוגנטלעכע פריינד און חברים האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל, ווער קיין אַמעריקע, אָדער אַנדערע לענדער, און ווער אין די גרעסערע שטעט פון פוילן. געבליבן זענען נאָר די עלטערע מענטשן און קראַנ־קע און ס'האָט געמאַכט אַן איינדרוק ווי דאָס שטעטל איז געוואָרן פאַריתומט. נאָר פון דעסטוועגן, אַפילו אין אָט די שווערע באַדינגונגען, האָבן די יידן דאָך געטראָגן גלויבן און האָפענונג אויף בעסערע צייטן אין פוילן.

מיינע עלטערן זענען געווען אַזוי דערפרייט און דערהויבן פון מיין באַזוך, אַז מיין טאַטע איז אַרומגעגאַנגען איבערן שטעטל, און ווו ער האָט באַגעגנט אַן אָרעמאַן, האָט ער אים געזאָגט: „גיי אַריבער צו מיין פּערעלען, וועט זי דיר פאַרגיטיקן מיט עפּעס".

דאָס זענען איינציקע פּעריאָדן פון מיין שטעטעלע וויעלון, און זכרונות פון דער צייט ווען דאָס שטעטל איז נאָך געווען, און ווען ס'איז אַנגעגאַנגען אַ שפּרודלדיק יידיש לעבן, כאָטש אונטער שווערע באַדינגונגען, אין פוילן.

איצט, דרייסיק יאָר נאָך יענעם באַזוך, שרייבן מיר זכרו־נות פאַר אַ יזכור־בוך, ווי אַ מצבה נאָך אונדזערע וויעלונער שוועסטער און ברידער, וואָס זענען דורך די נאַציישע רוצחים, ימח שמם, פאַרטיליקט געוואָרן. איך פיל זיך שטאָלץ, וואָס צוזאַמען מיט די שארית הפליטה, מיט יענע, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון דעם היטלעריסטישן גיהנום, אַרבעטן מיר איינאיינעם פאַר דעם דאָזיקן הייליקן ספר, ווי אַ מאָנו־מענט נאָך אונדזער באַליבט שטעטל וויעלון, וואָס דערמאָנט אונדז אין דעם אומשטערבלעכן געבאָט פון די קדושים־מאַרטירער:

„נישט פאַרגעסן און נישט פאַרגעבן".



קרובים ושכנים נפרדים מבת המשפחה, לרגל נסיעתה לחו"ל בשנות העשרים של המאה

קרובים און שכנים געזעגענען אַ נאָנטן פריינד, צום אָפּפאָרן קיין אויסלאַנד אין די 20־ער יאָרן

מיכאל קונופניצקי

# העיירה שלי

כשאני רוצה להעלות זכרונות מילדותי, צפים ועולים זכרונות מהעיירה וילון, בה נולדתי ובליתי את רוב שנות נעורי.

בוודאי לא העיירה, שהיתה כמו כל העיירות האחרות בפולין, מעוררת בי חוויות מיוחדות, אלא אנשיה היהודים אשר הכרתי אותם מקרוב ובני משפחתי שחיו בה.

אלה היו אנשים, רובם בעלי מלאכה וסוחרים זעירים. הפרנסה היתה בדוחק ומלחמת הקיום היתה קשה.

האנטישמיות שררה מאז ומתמיד בקרב האוכלוסיה הפו־לנית. בשנות השלושים גברה האנטישמיות במידה ניכרת. זכור החרם שהטילו הפולנים על החנויות היהודיות עד כדי העמדת בריונים „פיקטניקים" על יד כל חנות יהודית על מנת למנוע קונים פולנים מלהיכנס לקנות.

הנוער חיפש דרכים חדשים של מקורות פרנסה. חלק התחיל ללמוד מלאכת יד בתקוה לבנות את העתיד לא על מסחר אלא על מלאכה ותעשיה. אולם, גם בשטחים אלה התקוות היו קלושות.

הרבה מהנוער נסעו למרחקים כדי לעבור את ה„הכשרה" בתקוה שיגיע תורם לעלות לארץ ישראל. אולם, מעטים מאד זכו לעלות בדרך זו. בינתיים פרצה המלחמה והנאצים פלשו ביום הראשון של המלחמה לעיירתנו, השמידו והחריבו את כל החיים היהודיים.

אני כשלעצמי אינני ראוי לתאר את החורבן והשואה, כי הצלחתי שנה לפני פרוץ המלחמה לעלות ארצה.

זכורני את יום עלייתי לארץ ישראל. רבים מתושבי העיירה באו להיפרד מכמה אנשים ובתוכם אני שעלו לארץ ישראל.

באותו פרק זמן היו מאורעות בארץ ישראל. בכל זאת קראתי מתוך המבטים שלוו אותי, רצונם לעלות לא"י ולעזוב את הגלות.

אז לא תיארתי לי שלא אשוב לראות אנשים אלה, את בני משפחתי הקרובים, או אפילו אי פעם לא לשמוע מהם דרישת שלום.

והנה זה קרה! רק יחידים ניצלו מתופת הנאצים ובפיהם הספורים המזועזעים ביותר על מה שעבר על היהודים עד שנהרגו

רעייתי, בת ר' מרדכי ברום הי"ד, עברה את כל הגיהנום הזה. והיא מספרת לי את קורות ימי המלחמה תחת הנאצים בגיטאות ובמחנות רכוז. מי אינו זוכר את בית הכנסת המפואר, בית־המדרש ובתי־תפילה החסידיים, את בתי הספר ואת המוסדות הסוציאליים: קופות, לינת הצדק ועזרת חולים,



צבור יהודים חרדים בפרידתם מחבר בעלותו לארץ ישראל בשנת 1935
צום אָפּפאָר פון אַ רעליגיעזן יוגנטלעכן קיין ישראל אין יאָר 1935

הכנסת אורחים, את החיים הציבוריים, המפלגתיים, אירגוני הנוער אפילו את ככר „אלטן מארק" שבה עמדו ליצני העיר וצחקו ורכלו על קולם.

כל זה ליגוננו הגדול נעלם ואיננו.

לפעמים הילדים מסתכלים בתמונות בני משפחתי ושו־אלים מי זה? אני עונה: סבתא, דודה, דוד. והם חוזרים ושואלים כדרך הילדים, איפה הם? ואין תשובה בפי. לא ידוע אפילו בברור מה היה גורל משפחתנו וקרובינו.

כל שנות המלחמה וגם אחרי המלחמה עוד קוינו, אולי נשאר שריד, לא תיארנו לעצמנו גודל השואה הזו.

תהיינה השורות האלו ציון לנשמות הקדושות אשר לא נודע מקום קבורתן. הי"ד.

**יהושע אייבשיץ**

# הבטחת נדוניה ותוצאותיה

**ר' יוסף־חיים מדוביץ ז"ל**

ר' יוסף־חיים מדוביץ ז"ל היה יליד בלשקי, וחתנו של ר' משה'הל גליקסמן מוילון. בר־אורין גדול באורייתא ותלמיד חכם, שנון וחריף, בלמוד הגפ"ת, בקי וממולח בכל מכמני הפלפול. לעומת זאת, היה איש תם במילי דעלמא, האמין לכל אחד, ואף הרהור קל לא עלה על דעתו שאפשר למי שהוא להערים על חברו.

בקשר עם תמימותו, אשר היתה נחלתו כבר בימי עלומיו, ספרו בעיר מקרה: כאשר ההצלחה התחילה להאיר פנים לר' משה'לה גליקסמן, היתה שאיפתו הגדולה להשיא את בתו טשארנה לאברך, תלמיד־חכם מובהק. בין ההצעות השונות, הציעו לו השדכנים גם את העלוי הצעיר יוסף־חיים מבלשקי. רב משה'לה הבטיח נדוניה בת שלושת אלפים רובל, טבין ותקילין. אולם מה עושים כאשר אבי החתן דורש את סילוק הנדוניה עוד לפני כתיבת ה„תנאים", ואילו בכיסו של ר' משה'לה, סכום כזה הנו עדיין בחזקת בל ימצא? אבל אל דאגה, השם יעזור. הכינו סעודת אירוסין כיד המלך, וכאשר כל הקרואים היו מסובין סביב השולחנות והקשיבו ונהנו בהתפעלות מדרשת החתן השנונה, התחמקו החוצה המחותן ר' משה'לה וידידו הטוב ר' הרשל סקשיניה ז"ל, וזה האחרון תחב לידו של ר' משה'לה צרור שטרות עם כתב אישור על קבלת סכום הנדוניה, בסך שלושת אלפים רו"כ, והתחייבות תשלומי הרבית והצטברות הריבית מיד אחרי החתונה, מדי שבוע בשבוע, לחתן.

אחרי החתונה, בהיותו סמוך בעיקר על שולחן חותנו, ישב ר' יוסף־חיים שקוע בלימודיו כל ימות השבוע בהתמדה רבה, ורק ביום שישי הרשה לעצמו כמה שעות לעניני חולין: ללכת ולגבות אצל ר' הרשל סקשינה את ריבית הנדוניה שלו אשר הופקדה אצלו. שכן ר' הרשל סקשינה ישב על פי רוב כל ימות השבוע בברסלוי, לרגל עסקו, ורק לקראת שבת חזר לביתו.

קרה פעם שר' יוסף־חיים, כהרגלו, ביום שישי בא לגבות את הריבית ור' הרשל סקשינה טרם חזר מדרכו. והיום היה יום גשום וסגריר, והאברך הצעיר נכנס ומגפיו מלאים בוץ, וליכלך את הריצפה המקורצפת לכבוד שבת. לא יכלה אלקה — אשת ר' הרשל — להתאפק ופנתה לאברך הנדהם, במענה לשונה החריף: „אברך, בעצם אין לך מה לחפש כאן. להווי יהא ידוע לך, מהיום והלאה, שמעולם לא הפקיד חותנך, ר' משה'לה גליקסמן, בידי בעלי שום נדוניה שלך, וכל הדבר היה תרמית ולמראית עין. אלא שכל שבוע מכניס חותנך את סך הריבית בלבד עבורך, ומוטב שתיפנה ישר לחותנך לקבל את הסכום, ולא תצטרך לכתת את רגליך חינם להנה, וגם לא ללכלך לי מדי פעם את הריצפה שהנני מקרצפת לכבוד שבת".

סיפרו שכאשר פנה ר' יוסף־חיים לחותנו, היה כבר ר' משה'לה גליקסמן במרום עשרו, ובמקום שלושת אלפים רובל שהבטיח, סילק לחתנו כפל כפלים.

ארבעה בנים היו לו לר' יוסף־חיים ז"ל, כולם תלמידי חכמים ובמיוחד בנו פייבל ז"ל, שהיה למדן מופלג וחריף כאביו. חנא־יענקל בנו נמשך כבר קצת להשכלה, וברח פעם לברלין ללמוד, אולם נעתר להפצרות הוריו ולתחנוני הורי אשתו (היה חתנו של ר' בנימין וארשבסקי) וחזר הביתה. בסופו של דבר הושפע מהעולם המתקדם, לבש „קצרות" כל ימיו, ונתן לילדיו חינוך מודרני.

בנו, הד"ר לאון מדוביץ, גר בארצות הברית, והוא היחיד ששרד מכל המשפחה הנאורה הזאת.

**אפרים בסרגליק**

# היי שלום עיירתי!

היי שלום עיירתי; נעקרת מן השורש, בדם ובלהבות, נעלמת מן האופק... כאילו לא היית מעולם...

היו שלום הורי היקרים, אחותי, חמותי, משפחתי, כל חברי, מכירי ויקירי לבי, כולכם שאינכם עוד בחיים.

ארורה תהא, לעולם ועד, היד שקיפחה את פתיל חייכם! אינני יכול להפרד מכם; בעיני רוחי, אני רואה אתכם, כתמול שלשום, כאילו לא קרה דבר.

נצבים אתם בפני, חרוטים בזכרוני, כדמויות חיות; שדורשים את תיקונם. התינוקות של בית רבן, שלא חטאו, עם הבעת פניהם התמימים, והעיניים החולמניות, התובעות את עלבונם; והזקנים מלאי הצער, שבעי תלאות ונסיון חיים מר, שזועקים אלינו: אל דומי! נקמו! זכור מה שעשה לנו עמלק!!!

איך אפשר להפרד מתהום? מגהינום? מתופת? מקברים שאינם, ממתים שאין למצאם מכיוון שהשטן פיזר את גופותיהם ועפרם הקדוש לכל ארבע רוחות עולם, כדי להכחיד אפילו את זכרם. ולא עלה בדעתו, שעל ידי כך הוא ממלא שליחות גורלית... שכל הנטבחים, הנהרגים ועשנם של הנשרפים, ממלאים את האוויר ברעל, שבסופו של דבר יסחוף אותו להשמדה ולאבדון. עדים חיים אנו כיום למרוץ המטורף לאבדן העולם. מרוץ שהוא כעין חוט סמוי והמשך לתהליך הפושע והרצחני שהתחיל מאז. כנראה, שיש דין ויש דיין, וגם שכר ועונש בעולם הזה...

סלחו לנו, מחלו לנו, יקירנו, שיש לנו חולשות חיים של בשר ודם, והשיכחה משתלטת עלינו לפעמים. ואנו ממשיכים את חיינו כאילו לא קרה דבר...

יהיו המילים הספורות האלו קדיש על קבריכם שאינם.

**שלמה אוניקובסקי**

# גירוש יהודים מגרמניה לזבונשין (פולין)

זכורני המאורע שקרה לפני עלייתי ארצה. בחודשים אוגוסט—ספטמבר 1938 גורשו אלפי יהודים מגרמניה, בעלי אזרחות פולנית, לאדמת פולין. בהתחלת הגירוש, הרשו שלטונות פולין את כניסתם, אולם כעבור זמן מסויים נאסרה כניסתם. אחרי השתדלויות ומאמצים מרובים שוב התירו השלטונות את כניסתם. מקום האיסוף והריכוז היה בעיר הגבול זבונשין.

בין המגורשים היו גם כמה מאנשי וילון. בהודע על הגזירה, נסגרו באותו יום כל החנויות היהודיות בוילון. תושבי העיר היהודיים נאספו לאות מחאה בבית הכנסת. דבריו של מר יעקב שאיא השפיעו עמוקות על הנאספים, שהתחייבו בו במקום לתרומה של 3000 זהובים לעזרת ההצלה, לצרכי מזון, הלבשה, תרופות וכו׳. נשים יהודיות נרתמו אף הן לאיסוף מזון ובגדים, שנשלחו למגורשים בזבונשין.

בפעולת הגירוש המרושעת הזו התחילו, למעשה רדיפות היהודים בקנה מידה נרחב בגרמניה.

**יצחק ראָטשילד** (מאָנטרעאל — קאַנאַדע)

# זכרונות פון מיין געבוירן־שטאָט

ס׳איז שוין איבער פערציק יאָר זינט איך האָב זייער יונג פאַרלאָזט מיין געבוירן־שטאָט, דאָך שטייט זי פאַר מיינע אויגן, ווי ס׳וואָלט געווען נעכטן. איך געדענק מיינע חברים און פריינט פון זינט איך האָב אָנגעהויבן גיין אין חדר ביי ר׳ אברהמלע מלמד, וואָס האָט מיך געלערנט עברי, און שפּע־טער ביי ר׳ יידל סופר, ר׳ יצחק שראַדזער, ר׳ מרדכי באָ־לעסלאַווצער, ר׳ הענעך מורה־הוראה און צום לעצט אין דער ישיבה „תורת חסד״, געגרינדעט פון דער אגודת־ישראל. איך האָב געלערנט ביים ראש־הישיבה ר׳ אברהם־נפתלי, וועלכער איז געווען אַ גרויסער למדן (מען האָט אים גערופן דער קאָדלאָווער יונגערמאַן). ס׳דערמאָנט זיך שבת־יום־טובדיקע יידן, חסידים, בעלי־בתים, מזרחיסטן, ציוניסטן און סתם ליבע האַרציקע פאָלקס־מענטשן. עס לאָזט זיך גאָרנישט גלייבן, אַז די אַלע זענען מער נישטאָ.

איך דערמאָן זיך אויך, ווען איך בין אין יאָר 1935 גע־קומען פון פּאַריז זיך זען מיט מיין משפחה. דער אַנטיסעמי־טיזם האָט דעמאָלט געבושעוועט און דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט קוים געהאַט פּרנסה, ס׳רוב איז אַפילו זייער אָרעם געווען, אָבער דאָך גייסטיק רייך. יידישע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען טעטיק אויפן נאַ־ציאָנאַלן און סאָציאַלן געביט, און שווער האָט מען געהאָ־רעוועט אַרויסצובורגענען דאָס ביסל פּרנסה און געהאָפט אויף אַ בעסערן מאָרגן. אָבער דער בעסערער מאָרגן איז נישט געקומען.

געקומען זענען די דייטשישע מערדער און אַכזריותדיק אויסגעמאָרדעט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, און צווישן זיי — די האַרציקע יידן פון ווילון.

די ציוויליזירטע וועלט האָט געהערט און געזען און — פאַרברעכעריש געשוויגן.

אַ גאַנצע וועלט האָט געזען
ווי מען האָט אין טעג ליכטיקע
און אין נעכט — פינצטערע
מיט באַנען און צו פוס
מיין פאָלק צום טויט געפירט.
אַ מיליאָן קינדער האָבן ביים דערהרגעט ווערן
צו זיי די הענט אויסגעשטרעקט —
און עס האָט זיי נישט גערירט...

**יצחק קאַצענעלסאָן**
„דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק״



הכניסה לגן העירוני. ברקע — שמשות מנופצות של בית הכנסת (1927)
ביים איינגאַנג אין פּאַרק. אין אונטערגרונד — אויסגעהאַקטע שויבן פון דער שיל

י. אליאַש און ח. ל. מאַשקאָוויטש

# אימפּרעזעס אין וויעלון

פּרייז 15 גראָשען
Wieluner Leben
Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

ארעס פון רעדאַ
Leben"
Śląska 11

ווילונער
לעבן
ציוניסטיש וואָכנבלאַט

וויעלון, פרייטאָג ערב פסח י״ד ניסן תרצ״ח

קאָמיטעט פון 3־טען קרן־קימת־באַזאַר אין וויעלון.
מאָנטאָג, דעם 18־טען ה. ה., 1־טער טאָג חול המועד, 8 אָוו., קומט פאָר אין מכבי־זאַל
די פייערליכע ערעפענונג
פון
טן קרן קימת
באַזאַר

דער באַזאַר
וועט דאָן זיין עפענען:
דינסטאָג, מיטוואָך און דאָנערשטאָג.
דער זאַל ספּעציעל הערליך דעקאָרירט
פילפאַרביגע עקספּאָנאַטן אויסשטעלונג
רייכער אַרטיסטישער פּראָגראַם
יעדען טאָג פּערוויילונגען!

2 קינדער פאָרשטעלונגען: סטנק ביי
אַן ערשטקלאַסיגן דזשאַז־אָרקעסטער.
נאָך גישט פאָרגעקומענע אַטראַקציעס.
רייכער, געשמאַקער בופעט!
פרטים אין אפישן
און פלוג־בלעטער!

קק״ל

שבת צונאַכטס מוצאי יום־טוב די פייערליכע שליסונג!
צו דער פייערליכער ערעפענונג און צו דער ווייטערדיגער בעזוכונג פון באַזאַר
לאַדען מיר דערמיט איין
די גאַנצע וויעלונער יוד. בעפעלקערונג

Kino Dźwiękowe „HEL"
UŁAN
Ks. JOZEFA
Jadwiga Smosarska
Franciszek Brodniewicz

OSTRZEŻENIE
W związku z ukazaniem się notatki w „Echu Wieluńskim" nr. 98 z dn. 9.4 br. podrywającej mój autorytet, oświadczam że nie polega to na prawdzie. Przeciwko oszczercom wystąpiłem na drogę sądową.
Równocześnie ostrzegam przed rozsiewaniem podobnych nieprawdziwych i uwłaczających mojej czci wieści, gdyż winnych pociągnę do odpowiedzialności karnej.
Jerzy Wierzchosławski
Kanc. przedsiębiorstwa strzeżenia cudzego mienia „Przezorność" w Wieluniu

עס איז וויכטיק צו דערמאָנען אייניקע אונטערנעמונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין די דרייסיקער יאָרן אין וויעלון, וואָס האָבן אַרויסגערופן פאַראינטערעסירונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג און באַגייסטערונג און איבערגעבנקייט ביי דער ציוניסטישער און ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער יוגנט פון אַלע גרופּירונגען.

## א. דער ערשטער קרן־קיימת באַזאַר

איינע פון די גרעסטע אימפּרעזעס אין שטאָט, וואָס איז געבליבן איינגעקריצט אין זכרון, איז אָן ספק געווען דער ערשטער קק״ל־באַזאַר מיטן ציל צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון נאַציאָנאַל־פאָנד, ווי אויך צו פאַרגרעסערן די הכנסות פון קרן־קיימת, וואָס איז געוואָרן אויסגעפירט לויט דער איניציאַטיוו פון די פאָרשטייער פון „פּועלי־ציון צ.ס.", און דעם צווישנפּאַרטייאישן קק״ל־קאָמיטעט אין שטאָט, ביי דער אַלגעמיינער מיטהילף פון דער גאַנצער ציוניסטישער יוגנט אין וויעלון.

דער באַזאַר איז פאָרגעקומען אין די פּסח־טעג 1934 אין זאַל „אַכראַנאַ", וואָס איז געווען שיין דעקאָרירט מיט א„י־בילדער און לאָזונגען. רייך מיט עקספּאָנאַטן, וואָס די יוגנט האָט צונויפגעזאַמלט צווישן דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג.

דער באַזאַר איז געווען צאַלרייך באַזוכט. יעדן אָונט איז געוואָרן אויסגעפירט אַ נייער אינהאַלטסרייכער פּראָגראַם: קינסטלערישע פאָרשטעלונגען, רעציטאַציעס, כאָר־געזאַנג, קאָנצערטן פון בלאָז־אָרקעסטער פון „מכבי", ווי אויך פאַרשידענע פאַרווײלונגען און טענץ.

דער באַזאַר איז אויסגעפאַלן זייער אימפּאָזאַנט און האָט איבערגעלאָזט אַ גוטן איינדרוק אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג און אויך אַריינגעבראַכט אַ באַדייטנדיקע הכנסה פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד.

פון דעמאָלט אָן איז געוואָרן אַ טראַדיציע, יאָר־איין, יאָר־אויס, אין די יום־טוב־טעג פון פּסח, איינצואָרדענען באַזאַרן פאַרן קרן־קיימת.

## ב. דער באַזוך פון ח׳ משה מענדלעוויטש אין וויעלון

אַנהייב 1935 איז ח׳ מענדלעוויטש געקומען פון ארץ־ישראל נאָך זיין פרוי און קינדער, פאַר זייער עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

גאַנץ ווייניק זענען געווען ביי אונדז אין שטאָט געלעגנ־

הייטן צו דערהאַלטן אַ לעבעדיקן גרוס פון ארץ־ישראל. דערפאַר האָט דער באַזוך פון דעם אָנגעזעענעם פּאַרטיי־טוער און פאָרזיצער פון דער פּועלי־ציון — צ.ס. אין שטאָט, אַרויסגערופן אַ שטאַרקע פאַראינטערעסירונג.

דער ח׳ מענדלעוויטש איז אַרויסגעטרעטן מיט אַן עפנטלעכן רעפעראַט — אויף דער טעמע „ליכט־ און שאָטן־זייטן אין ארץ־ישראל", אין וועלכן ער האָט אַנאַליזירט די לאַגע פונעם א״י־ישוב אין יענער צייט.

די חברים, וועלכע האָבן דערוואַרט צו הערן נאָר ליכט־זייטן, אין בלויע פאַרבן, האָבן זיך מאָמענטאַל אַ ביסל אַנטוישט, ווייל דער חבר מענדלעוויטש איז אויסגעוואַקסן פון די ציוניסטישע רייען, און דאָך זיך נישט דערשראָקן צו שילדערן די ווירקלעכקייט אַזוי ווי זי איז. אָן מורא האָט ער באַהאַנדלט די דעמאָלטיקע פּראָבלעמען וועגן דער אַרבעטלאָזיקייט, די שוועריקייטן פון אַקלימאַטיזירן זיך, כיבוש עבודה, גיין אויף שמירה נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג, און נאָך אַנדערע פראַגן. אין דעם רעפעראַט איז אויך געקומען צום אויסדרוק די גרויסע דערגרייכונגען פון א״י־ישוב אויף אַלע געביטן, און איז געקומען צום אויספיר, אַז דער איינציקער וועג פון לייזן דאָס יידישע פּראָבלעם, איז דאָס פאָרזעצן אין אַ שטאַרקערער מאָס דאָס בויווערק אין ארץ־ישראל.

דער ניכטערער און רעאַלער צוגאַנג פונעם ח׳ מענדלעוויטש, האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם און געהאַט אַ גינסטיקע השפעה אויף דער ווייטערדיקער ציוניסטישער טעטיקייט ביי אונדז אין שטאָט.

### ג. דער באַזוך פון דער פּ.פּ.ס.טוער סיים־דעפּוטאַט סטאַניסלאַוו דיבואַ

ווי באַוווסט איז אין פּוילן פאָרגעקומען אַ געראַנגל צווישן „פּועלי־ציון צ.ס." מיט דעם „בונד" וועגן איינפלוס מצד די פּ.פּ.ס.־פירער, וועלכע האָבן נעגירט דעם וועג פון ציוניזם ווי אַ לייזונג פון דער יידן־פראַגע.

איינער פון די וועגן פון דער פּוע״צ־פּאַרטיי איז געווען דאָס איינאָרדענען באַזוך פון פּ.פּ.ס. אין ארץ־ישראל, גלויבנדיק, אַז זיי וועלן צוריקקומען באַגייסטערטע פון דעם, וואָס זיי וועלן זעען מיט אייגענע אויגן אין לאַנד.

דעפּ׳ דיבואַ, וועלכער איז אַרויסגעפאָרן פול מיט ספקות, האָט זיך טאַקע אומגעקערט אַ באַגייסטערטער פון דעם גרויסן אויפבוי־ווערק און פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג. צוריקקומענדיק האָט ער באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן מיט אַ ציקל רעפעראַטן איבער שטעט און שטעטלעך אד״ט „נייע מענטשן אויף אַלטער ערד".

ח׳ דיבואַ איז איינגעלאַדנט געוואָרן דורך די „פּועלי־ציון צ.ס."־פּאַרטיי. ער האָט באַזוכט ווילון אין יאָר 1938 און אַרויסגעטרעטן מיט אַן עפנטלעכן רעפעראַט איז זאַל „אַכראַנאַ".

דאָס דערשיינען פון אַ פּאָליאַק אויף אַן עפנטלעכער ציוניסטישער טריבונע האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס צווישן אַלע קרייזן אין שטאָט.

דער רעדנער האָט אַרויסגעוויזן גרויס בקיאות אין די א״י־פּראָבלעמען און במשך זיין צווייישעהדיקן רעפעראַט ברייט אַרומגערעדט אַלע פראַגן אויף אַ לאָגישן און איבערצייגנדיקן אופן.

דער רעפעראַט פון ח׳ דיבואַ איז אַדורך מיט גרויס דערפאָלג און דערגרייכט דעם ציל, פאַרשטאַרקנדיק די סימפּאַטיע פאַרן ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק אין ווילון.



דרישת שלום חיה מארץ־ישראל, מתקבלת באהבה ובשמחה ע״י יהודי ווילון

אַ לעבעדיקער גרוס פון ארץ־ישראל גאַסט — ווערט אויפגענומען מיט ליבע און פרייד פון ווילונער יידן

מרדכי שעניצקי

# זכרונות פון אמאל

### א) אַ ביסל געשיכטע

ווי איך האָב געהערט שמועסן אין מיינע קינדער־יאָרן, זענען, בעת דעם קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד אין פוילן אין די יאָרן 1794—1807, שוין געווען יידן אין וויעלון איבער הונדערט יאָר. די אַלטע מויער אַרום דער שטאָט האָבן די פּוילישע אויפשטענדלער אויפגעשטעלט אונטער דער ערד, כדי צו פאַר־טיידיקן זיך פון די רוסישע חיילות. אין דער צייט האָבן די יידן נישט געטאָרט וווינען אין דער שטאָט, דאָס הייסט אַרום דער מויער, וואָס האָט געהאַט נאָך אונטער ערדישע באַהעל־טענישן, נייערט אין צוגעטיילטע פאַר זיי מקומות.

נאָכן אויפשטאַנד פון יאָר 1863, האָבן די יידן אין וויעלון באַקומען מער רעכט און זיי האָבן זיך פאַרשפּרייט אין דער אַלט־שטאָט, ווי אויך אין דער פאָרשטאָט.

ביז יאָר 1905, זענען די וויעלונער יידן באַשטאַנען פון ס׳רוב רעליגיעזע, אָן וועלכעס ס׳איז פּאַרטיי. עס האָבן עקזיס־טירט די חברות: „תלמוד תורה״, „תומכי עניים״, „מלבוש ערומים״, „ביקור חולים״, הכנסת אורחים״ וכדומה. יידן האָבן געצויגן חיונה פון מסחר, קליין־האַנדל (געפאָרן אויף ירידים). בעלי מלאכות האָבן זיך מפרנס געווען פון זייערע אויסאַרבע־טונגען פאַרן רוסישן מאַרק. ר׳ יצחק כוואט האָט געהאַט אַ פאַבריקל פון גרויסע טאָשן־זייגער.

### ב) אחדות

נאָך פאַרן יאָר 1905, איז אין וויעלון אויפגעקומען די פּאַרטיי „אחדות״ („בונד״). די „אחדות״ האָט זיך גיך פאַר־שפּרייט איבער דער שטאָט, אַריינגעצויגן אין זייערע רייען ענדליקער בחורים און אַפילו אַריינגעדרונגען אין בית־המדרש. אין „אחדות״ איז אויך אַריינגעטראָטן דער מתמיד און ווויל־לערנער הערשל זעלקאָוויטש, ווען מען האָט דעמאָנס־טרירט מיט די רויטע פענער אין די גאַסן, האָט ער, דער ווויל־לערער, זיך אויך דאָרט באַטייליקט. ער האָט צווישן דער מאַסע געשפּאַנט מיט זיינע יידישע טראַדיציאָנעלע מלבו־שים, געטראָגן אַ בערדל און פיאות. מ׳וואָלט אויף זיכער גע־קאָנט זאָגן, אַז דער רוב פון די דעמאָנסטראַציע זענען געגאַנגען אָנגעטון אַזוי ווי הערשל. נאָך דער דעמאָנסטראַציע איז ער מיט נאָך אייניקע בחורים אַרעסטירט געוואָרן און מ׳האָט זיי אָפּגעשיקט אין דער שעראַדזער תפיסה. כ׳געדענק, אַז נאָכן אַהיימקומען פון דער תפיסה, איז הערשל נאָך געזעסן אין בית־המדרש און געשמאַק געלערנט דעם „חושן משפט״.

דערנאָך, שוין נאָכן יאָר 1905, איז אין וויעלון אויפגעקו־מען די פּ. פּ. ס. פיל יידישע יונגעלייט האָבן באַזוכט זייערע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין געהיימע פלעצער.

מיט עטלעכע יאָרן שפּעטער, זענען אויך אַנטשטאַנען ציו־ניסטישע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך פיר חסידים־שטיבלעך.

### ג) דער ערשטער וועלט־קריג

אין 1914, אין אַ שבת־צו־נאַכט, איז אין וויעלון פּלוצלינג פאָרגעקומען אַ מאָביליזאַציע. די מאָביליזירטע זענען באַלד אָפּגעשיקט געוואָרן קיין פּיאָטרקאָוו — אויך איך בין געווען צווישן די מאָביליזירטע. ווערנדיק באַפרייט פון מיליטער־דינסט, בין איך גלייך צוריקגעפאָרן קיין וויעלון. ווי נאָר איך בין אַריין אין שטאָט, האָב איך גלייך דערפילט די מלחמה. באַלד איז דאָס דייטשישע מיליטער געשטאַנען ביי די טויערן פון וויעלון. אָפט זענען פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן. דייטשי־שע און רוסישע מיליטערישע פאַרפּאָסטן האָבן זיך געשלאָגן אויף די גאַסן. צום סוף האָבן די דייטשן פאַרנומען די שטאָט, וואָס האָט זיך אינגאַנצן געענדערט.

ביסלעכווייז האָט זיך דאָס לעבן אין שטאָט אָנגעהויבן נאָר־מאַליזירן. אָבער דער הונגער האָט שטאַרק געבושעוועט, באַ־זונדערס צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. ביי אַזאַ מצב האָט זיך געגרינדעט אַ הילפס־פאַראיין — אונטערן נאָמען „עזרת עניים״, דורך אַ גרופּע יונגע־לייט ביי דער מיטהילף פון פרוי שאַיאַ. זיי האָבן פאַרטיילט קאַרטאָפל און ברויט פאַר אומבאַמיטלטע. דאָס האָט אַביסל פאַרלייכטערט די נויט. זיי האָבן אויך געעפנט אַ טייהאַלע, וואָס איז געווען באַזונדערס וויכטיק פאַר אַ גרויסע צאָל יידישע יונגעלייט, וועלכע די דיי־טשן האָבן געבראַכט פון לאָדזש און סביבה אויף צוואַנג־אַר־בעט; ווי אויך פאַר פּליטים, וועלכע זענען געבליבן שטעקן אין וועג, ווייט פון זייער היים.

זין דעם זעלבן יאָר איז אין וויעלון געגרינדעט געוואָרן „אגודת שלומי אמוני ישראל״, וואָס האָט אַרומגענומען אין אָנ־פאַנג נאָר אַ קליינע צאָל מענטשן פון דער שטאָט.

### ד) די „מזרחי״ פּאַרטיי און שולע

אין יאָר 1916 זענען פון דער וואַרשעווער „מזרחי״־פּאַרטיי געשיקט געוואָרן קיין וויעלון דעלעגאַטן, כדי צו גרינדן אָן אָפּטיילונג. די פּייערלעכע גרינדונג איז פאָרגעקומען ביי

אברהמטשע רייגגאָלד. נישט געקוקט, וואָס די „מזרחי״ האָט ביי אונדז אין שטאָט שוואַך אָנגענומען און איז דערצו שטאַרק באַקעמפט געוואָרן מצד די היגע „אגודת ישראל״ און סתם בעלי־בתים — האָט די מיטגלידערשאַפט דאָרט דאָך געשטיגן. די מחלוקה פון די צוויי רעליגיעזע פּאַרטייען האָט זיך דאַן אַזוי פאַרשאַרפט, אַז אויב עמעצער (און דאָס בין איך געווען) האָט וועמען געבאָרגט אַ פעדער אויסצושרייבן אַ שקל פון „מזרחי״ — איז ער דערפאַר געוואָרן אַרויסגעוואָרפן פון חסידים־שטיבל. אַזעלכע מעשים האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער דייטשער וואַכמייסטער פון דער שטאָט האָט זיך וועגן דעם דערוווסט און געוואָלט אַרעסטירן געוויסע מענטשן פון „אגודת ישראל״. נאָר איך מיט רייגגאָלדן האָבן דערצו נישט דערלאָזט. דער דאָזיקער פאַל האָט גראָד גורם געווען, אַז די „מזרחי״ זאָל זיך ביי אונדז שטאַרק אַנטוויקלען.

אין ווילון איז געווען אַ פריוואַטע שול — אַ חדר מתוקן, ווו מען האָט געלערנט העברעיִש (די דאַנקעוויטש שולע) היות די „מזרחי״ האָט באַשלאָסן צו עפענען אַ חדר, ווו מען זאָל לערנען די העברעיִשע שפּראַך, האָט עס שטאַרק אויפגעבראַכט דאָס הייפעלע מענטשן פון דער „אגודת ישראל״, זיי האָבן בשום אופן נישט דערלאָזט, אַז די לערער זאָלן לערנען מיט די קינדער אין דער שול! האָט די „מזרחי״ באַשלאָסן, אַז איך זאָל אין דער שול זיין דער לערער צוזאַמען מיט משה אלחנן דאַנקעוויטשן.

די העברעיִשע שול האָט געהאַט אַ גרויסן לאָקאַל פון 3 גרויסער צימערן אין אַ געשלאָסענעם הויף און איז מוסטער־האַפט געפירט געוואָרן אַזוי, אַז אַפילו די גרעסטע קעגנער האָבן געמוזט איינזען די נויטווענדיקייט דערפון. אַפילו דער ווילונער רב, הרב גרינבערג, איז אַמאָל אַריינגעקומען פאַרהערן די קינדער משניות און האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט.

איינמאָל האָט עמעצער פון „אגודת ישראל״ אַ שכן פון דער שול, זיך באַהאַלטן אונטערן טויער און זיך צוגעקוקט ווי אַזוי איך מאַך מיט די קינדער גימנאַסטיק אויף העברעיִש, איז ער גלייך געלאָפן איבער דער שטאָט און דערציילט, וואָס ער האָט געזען... נו, נו, האָט זיך דאָס אַביסל געקאָכט! מיר האָבן דערפון געהאַט גענוג צרות, אָבער נישט מיד געוואָרן און ווייטער ממשיך געווען אונדזער וויכטיקע אויפגאַבע. מיר האָבן צוגענומען דעם מוזיק־לערער אלי בעסער, וועלכער האָט די קינדער געלערנט זינגען העברעיִשע לידער. דעם 4טן אַפּריל 1920 איז אין סאַן־רעמאָ איבערגעגעבן געוואָרן דער מאַנדאַט אויף ארץ־ישראל, אַז ענגלאַנד זאָל אויספירן די באַלפור־דעקלאַראַציע. ווען איך בין מיט די תלמידים געגאַנגען פון דער שול און געמאַכט אַ פּאַראַד און מאַרשירט פון שול אַהין צו די פייערלעכקייט פון דער היסטאָרישער געשעעניש, האָט געדראָט, אַז די שול זאָל אויפהערן צו עקזיסטירן. שפּעטער זענען ווייטער געקומען שטערונגען פון גאָר אַ צווייטן אָרט, די שול־געביידע האָט ווידער געדראָט צו ווערן פאַרכאַפּט מצד דעם פּוילישן מיליטער („שלאָנזאַקעס״), וואָס האָבן געהאַט גרויס חשק זיך דאָרט צו באַזעצן, אָבער ווען זיי זענען אַהין געקומען און זיך צוגעקוקט ווי איך מאַך די לעקציע פון גימ־





וילונאים בישראל בשנת 1921
ווילנער אין ישראל — פון רעכטס: יעקב שניצקי, יצחק אנקלביץ, מרדכי שניצקי, יצחק קשפיצקי, יחזקאל בירנבאום



וילונאים בישראל בשנת 1925
פייטל חמורא, יהודה אַנקלביץ, מאיר אנקלביץ, יצחק לחמן
ווילנער אין ישראל אין יאָר 1925

נאַסטיק מיט די תלמידים — זענען די אַוועק געפּלעפּטע, און אַפילו באַדאַנקט פאַר דער גוטער לעקציע.

אויסער די לעקציעס פון גימנאַסטיק און לימודים, ווי משנה און אַזוי ווייטער אין דער דערמאָנטער שול (וואָס האָט, לײדער, נישט געגעבן אויף פּרנסה אין יענע צייטן) האָב איך אויך געאַרבעט אַלס עלעקטראָ־מאָנטער און געווען מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון יידישן האַנטווערקער־פאַראיין אין ווילון, ווו דענטיסט ד״ר פ. לעווין איז געווען פאָרזיצער. איך בין דעלעגירט געוואָרן צוזאַמען מיט משה אַלטמאַן צו דער ערשטער ראַיאָן־קאָנפערענץ פון האַנטווערקער אין מאַי 1920.

דער האַנטווערקער־פאַראיין האָט געפירט אַ וויכטיקע טעטיקייט. אין יענער צייט איז אויך דאָרט געווען אַ קאָאָפּעראַטיוו פון לעבנסמיטל־פּראָדוקטן, און אויך אַ גרויסע צאָל פּאָד־צודאַטן פאַר בעלי־מלאכות.

איינמאָל אין אַ מאַרק־טאָג (דינסטיק) האָבן די „שלאַגנזאַ־קעס" גענומען רויבן ביי דער ווילונער יידישער באַ־פעלקערונג. ס'איז ביי די יידן אַנטשטאַנען אַ בהלה, און אַ דאַנק דער אינטערווענץ (פון מיר און פון נאָך צוויי יידן) ביי דער העכערער מיליטער־מאַכט, זענען די רויבערייען אָפּגע־שטעלט געוואָרן.

אין יאָר 1921 האָב איך עולה געווען קיין ארץ־ישראל און מער די אַמאָליקע היים נישט באַזוכט.

בעשייניגונג

דערמיט בעשטעטיגען מיר אז דער עלעקטער־טעכניקער ה' מרדכי שעניצקי מיטגלידער פון ווילונער יוד. האנטווערקער פעראיין, און איצטיגער פערוואלטונגס־מיטגליד. האט פיעל געלייסטעט און ניצען געברענגט אויף ארגאניזאציאן און קולטור־
געביעט בעים היגען יוד. האנטווערקערטום.

די פערוואלטונג
פון ווילונער יוד. האנדווערקער־פעראיין
פארזיצענדער: [illegible]
וויצע: [illegible]
סעקרעטאר: [illegible]

ווילון 25/II 921

אַ באַשטעטיקונג פון יידישן האַנטווערקער־פאַראיין צום אָפּפאָר פון מרדכי שעניצקי אין יאָר 1921

מ. ה.

# די חברה „מלבוש ערומים"

די חברה „מלבוש ערומים" איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע און טעטיקסטע חברה אין ווילון. די חברה האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אין דער צייט פון אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט ביז דעם צווייטן וועלט־קריג.

דער עיקר „סעזאָן" פון די אַקציעס לטובת די קינדער פון אומבאַמיטלטע עלטערן האָט זיך אָנגעהויבן ראש־השנה־צייט. צוערשט זענען די עלטערן געקומען אין דער חברה צו רעגיסטרירן זייערע חדר־יינגלעך וועגן וואַרעמער קליי־דונג אויף ווינטער. בערך 50 קינדער האָבן יעדעס יאָר באַ־קומען הילף, וואָס איז באַשטאַנען פון וואַרעמע ווינטער־פּאַלטענדל און אַ פּאָר שטיוועלעך צו דערמעגלעכן די יינגלעך אויך ווינטער צו לערנען אין חדר, אָדער שולע, און דערמיט געהאָלפן באַקעמפן דעם אַנאַלפאַבעטיזם.

די חברה „מלבוש ערומים" איז געגרינדעט געוואָרן דורך חנן שאיא. אין די יונגע יאָרן איז חנן שאַיאַ געווען אַ בעל מלאכה, אַ בלעכער, דערנאָך ווען ער איז איבערגעגאַנגען צו מסחר און מצליח געווען, האָט ער געשאָנקען אַ שיינעם לאָקאַל אין זיין הויז אויף אָקולנאַ־גאַס פאַר אַ בית התפילה, וואָס האָט אַריינגענומען עטלעכע מנינים מתפללים. ער האָט אויך — אויף זיין חשבון — רעמאָנטירט, מעבלירט, לויטן סטיל פון אַ בית־כנסת, איינגעאָרדנט אַן ארון הקודש. פּרוכת און ספרי־תורה.

דאָרט האָט זיך קאָנצענטרירט די גאַנצע טעטיקייט פון דער חברה און אויך אָפט פאַרשידענע אַנדערע געזעלשאַפט־לעכע אימפּרעזעס פאַר וווילטעטיקע צוועקן און אַנדערע נוצ־לעכע צוזאַמענטרעפן פאַר שטאָטישע ענינים.

אין דער גאַנצער צייט פון דער טעטיקייט פון דער חברה „מלבוש ערומים" איז זי געשטיצט און אָנגעפירט געוואָרן דורך פּשוטע בעל הביתישע יידן, וועלכע האָבן אַליין געהאַט גענוג זאָרגן פאַר זייער אייגענער עקזיסטענץ.

# חגיגות משפחתיות פאמיליע־פייערונגען



„בת־מצווה



מסיבה לרגל חתונת אח באמריקה
אַ משפחה פייערונג



„לחיים" לאירוסין
„לחיים" צו אַ פאַרלאָבונג

**יפה בעסערגליק**

# דאס שטעטל וויעלון

אָט שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס שטעטל וויעלון. ווער פון אונדז געדענקט נישט, דאָס שטייגער־לעבן אין דער אַלטער היים: דער שווערער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ. אָט אין מיטן וואָך, אַ דינסטיק, אַ מאַרק־טאָג, ווען יידן פון דער גאַנצער אומגעגנט קומען זיך צונויף. שוין אין חצות הייבט מען אָן צו שפּאַנען, בכדי צו פאַרכאַפּן די פּאָזיציעס אויפן אַלטן מאַרק; ווער מיט וועגענער — באַלאָדנט מיט סחורות: גאַלאַנטעריע, קאָנפעקציע, עסנוואַרג און מיט כל מיני זאַכן, וואָס די דאָרפישע באַפעלקערונג פאַרלאַנגט. וויפל יידן פון שטעטל האָבן געוואַרט אויפן דאָזיקן טאָג, בכדי צו קענען ראַנגלען זיך מיטן ווייטערדיקן קיום. וויפל נויט איז געווען, וועגן וואָס מען האָט נישט געוווּסט, ווייל מען האָט זיך געשעמט מיט דער אָרעמקייט.

מיט וואָס האָט מען אַלץ נישט געהאַנדלט? אַ מסחר פון אַ פאָר שטיקלעך זייף און אַ ביסל זאַלץ און שוועבעלעך, אין ווערט פון אַ 20 זלאָטעס, און פון דעם האָט אַ ייד אויסגעהאַלטן אַ שטוב מיט קינדערלעך. וויפל זענען געווען אַזעלכע אין שטעטל, וואָס האָבן געלעבט אין דחקות? אַוודאי צוויי דריטל. אָבער דערפאַר, אַז ס׳איז געקומען שבת אָדער אַ יום־טוב, האָט דאָס גאַנצע שטעטל באַקומען אַ גאַנץ אַנדער פּנים. די קינדערלעך אויסגעוואַשן; די געשעפטן — פאַרמאַכט. ס׳האָט זיך געדאַכט ווי ס׳וואָלט געוויזן נאָר אַ יידישע שטאָט, ווייל ס׳רוב יידן האָבן געוווינט אין צענטער, און ס׳רוב געשעפטן זענען געווען אין יידישע הענט. די יידן אין יום־טובדיקע מלבושים האָבן דעמאָלט געשפּאַנט מיט יראת־הכבוד — ווער אין שיל אַריין, ווער אין שטיבלעך אָדער בית־המדרש.

געווען זענען אין שטעטל אויך פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, ווי לינת־הצדק, וווּ מ׳האָט אָרעמע־לייט געהיילט בחינם; אַ גמילת־חסד־קאַסע, וווּ אָרעמע־לייט האָבן זיך אויסגעבאָרגט אַ פאָר זלאָטעס, בכדי זיך מיט דעם אַרויסהעלפן און אָפּצאָלן מיט גראָשנס; חברה מלבוש ערומים, חברה האָלץ אד״גל. אַפילו יידישע אַרעסטאַנטן האָבן באַקומען מיטאָג און חלות אויף שבת.

ערשט דער שבתדיקער שפּאַציר אויפן אַלטן מאַרק, ווי אויך אין נאַטשעלניקס גאָרטן, וווּ יעדעס ווינקעלע איז באַקאַנט געווען פאַר די ראָמאַנסירנדיקע פּאָרלעך. וואָס שייך פּאַרטייען האָט זיך דאָס שטעטל אויך נישט געהאַט וואָס צו שעמען, ס׳איז געווען פון כל־טוב — ״אגודת ישראל״, „מזרחי״, „עת לבנות״, ביז קאָמוניסטן.

אויך דער ספּאָרט האָט אין שטעטל אַריינגעדרינגען אין יידישע קרייזן: די „זש.ט.ג.ס.״ מיט אירע ספּאָרט־לייט.

אַלע שטייען זיי נאָך איצט פאַר מיינע אויגן.

*

אָט זע איך אויפן הויף פון סענדזשימיער דאָס רבילע



מנוחת שבת בגן העירוני (1935)

שבת־רו אין שטאָטישן פּאַרק




קבוצת ספורטאים מ„זש. ט. ג. ס." עם מדריך ההתעמלות
אַ גרופע ספאָרטלער פון זש. ט. ג. ס. מיטן טורנלערער



קבוצת ספורטאים (1927)

אַ גרופע ספאָרטלער

מיט די ווייסע זאָקן און דעם שטריימל מיט דער זיידענער זשופּיצע מיט דער גאַרטל פאַרצויגן. ער שפּאַנט איבער דעם הויף און ווי ר׳באַמערקט אַ ייִנגל, דערנענטערט ער זיך און איז בודק צי ער טראָגט אַרבע־כנפות.

איך זע אַ געשטאַלט מיט אַ ווייסער באָרד, אַ צעקרימטער גוף, צוויי צעפּאַטלטע פּיס, מיט אַ גרויסע שאַנק אויף די איינגעבויגענע פּלייצעס, מיט אַ גראָבן שטריק אַרומגעבונדן — דאָס איז געווען בצלאל דער טרעגער פון שווערע משאות. האָט ווער געהערט ווי זיין קערפּער קראַכט אונטערן דרוק פון דער שווערער משא? ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף דעם שווערן גורל, אַזוי ווי ר׳וואָלט צו דעם געבוירן געוואָרן. אָבער דערפאַר פּרייטיק־צו־נאַכט — דאָס ווייסע טישטעך מיט די אויסגעפּוצטע פינקלדיקע מעשענע לייכטערס און די פלאַמענדיקע ליכט, וואָס האָבן אַריינגע־בראַכט די שבתדיקע געמיטלעכע שטימונג.

ווער געדענקט נישט דעם גרויסן אומגעלומפּערטן בחור מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע — זומער און ווינטער אין דעם זעלבן בגד: אַן אויסגעשמירטע קאַפּאָטע, אָנגעזאַפּט מיטן ריח פון הערינג און נאַפּט, דער באַנטשע שוויג פון ווילון, וועלכער האָט, דאַכט זיך, קיין מאָל קיין עלטערן נישט גע־האַט, תמיד אַ הונגעריקער מיט געשוואָלענע הענט פון קעלט און הונגער צוזאַמען. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט מיט די פּאַר הערינג און ביסל נאַפּט אין דער באַנקע, כדי צו פאַר־דינען אויף ברויט... אויך אים האָבן שפּעטער די היטלער־מערדער אויפגעהאַנגען אין מיטן מאַרק, אָט דער באַנטשע ישראל (מיטן צונאָמען „נאַבעל״), האָט אויפן מזבח אַרויס־געשטעלט די רוצחים אַ פייג...

**ברוך בענדיט מייראַנץ**

# אַ מעשה שהיה

„גאָט איז גערעכט, זיין תורה איז גערעכט און אויך דו ביסט גערעכט״. אָט דאָס ווערטל האָב איך געהערט אומע־טום אין מיין היימשטאָט ווילון: ביים ענדיקן אַ וויכוח אין ווילונער בית־מדרש, אָדער בעת אַ הייפל יידן זענען גע־שטאַנען אין נייעם מאַרק, אָנגעשפּאַרט אויף זייערע שטעקנס, אויסקוקנדיק אַ „שטיקל״ פּרנסה. אָבער ביז די פּרנסה וועט קומען, האָט מען דערוייל גערעדט וועגן וועלט־פּאָליטיק, וועגן די לעצטע געשעענישן אין שטאָט, אָדער וועגן די לעצטע קהילה־וואַלן. ווען איינער פון זיי איז שוין מיד גע־וואָרן און געוואָלט פאַרענדיקן דעם וויכוח, האָט ער אָפּט געענדיקט מיט דעם אויבנדערמאָנטן ווערטל.

דער מקור פון אָט דעם ווילונער ווערטל איז מיר נישט באַוווּסט ביז היינט, אָבער די מעשה, וואָס איך ברענג דאָ און איז באַזירט אויף דעם ווערטל, האָט מיך זייער אי־בעראַשנדיק דערמאָנט דעם פּיקאַנטן ביישפּיל, וואָס איך פלעג הערן אין מיינע קינדער־יאָרן אין ווילון. דערציילט האָט עס מיר מיין פריינד אברהם דוד ליפשיץ, דער זון פון ר׳׳ מאיר ליפשיץ הי״ד פון ווילון וועלכער וווינט איצט אין פּתח־תקוה.

ומעשה שהיה כך היה.

אין ווילון, אין נייעם מאַרק, איז געווען אַ הויז מיט אַ גרויסן פּירקאַנטיקן הויף. אַרום זענען געשטאַנען אַלטע שטאָקיקע מויערן, באַוווינט דורך יידן פון אַלע מינים: חסי־דים און סתם־יידן, לאַנג־געקליידטע און קורץ־געקליידטע. אויך די פּרנסהס זענען געווען פאַרשידענע: אַ הערינג־הענד־לער, אַ פּעלכל־הענדלער, אַ תבואה־סוחר, אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט, שניידער, שוסטער און אַנדערע יידישע מלאכות האָבן דאָרט נישט געפעלט. אויך אַ מלמד איז דאָרט געווען — אהרון יוסף דער לאָמער. איך גלייב, אַז פיל ווילונער גע־דענקען נאָך דעם לאָמען אהרון יוסף. די אַלע וואָס געדענקען אים נישט, וועלן זיכער זיך דערמאָנען דורך דער פאָלגנדי־קער געשיכטע.

ווי געזאָגט איז אהרון יוסף מלמד געווען אַ לאָמער, אָבער נישט סתם אַ לאָמער. זיין גאַנצער קערפּער איז געווען אַן אויסגעקרימטער. ער האָט זיך באַוועגט זייער לאַנגזאַם מיט דער הילף פון צוויי שטאָלצן אונטער ביידע אָרעמס. ער פלעגט זיך אָנהענגען אַן די צוויי שטאָלצן און וואַרפן דעם רעכטן פוס פאָרויס; דער לינקער פוס איז געווען אויסגע־קרימט און קירצער און איז אַראָפּגעהאַנגען ווי אַן אַ ציל. אַזוי האָט ער זיך געשלעפּט יעדן פרימאָרגן מיטן טלית־זעקל אונ־טערן אָרעם אין שטיבל אַריין דאַווענען מיט מנין. אָבער אַזוי ווי דער גוף זיינער איז געווען פאַרקריפּלט, אַזוי איז דער

קאָפּ ביי אים געווען מער ווי נאָרמאַל. פון הינטער די ברע־מען האָבן אַרויסגעקוקט צוויי שוואַרצע קלוגע אויגן. זיינע באַקן זענען תמיד געווען צעפלאַמט, רויטלעך פון גרויסער אָנשטרענגונג ביים באַוועגן זיך. אַ שוואַרץ צעפּיצלט בערדל, וואָס איז געוואַקסן אָן אַ סדר, אַ שטיקל דאָ און אַ שטיקל דאָרט, האָט באַפּוצט זיין ביינערדיק פּנים.

אהרון יוסף מלמד האָט געוווינט אין איינעם פון די פּאַרטער־וווינונגען אין דעם גרויסן הויף. אין דעם איינציקן צימער ווו ער האָט געוווינט, האָט ער אויך געלערנט מיט זיינע תלמידים די גמרא־ייִנגלעך. קיין גרויס „חדר" האָט ער נישט געהאַט, אפשר אַ צענדליק גמרא־ייִנגלעך האָבן ביי אים געלערנט. איז דאָס געוויינלעך געווען אַ זייער קנאַפּע פּרנסה, אָבער זיינע גאַנצע פאַרדינסטן האָט ער אַוועקגעגעבן זיין ווייב, און זי, די רביצן, האָט געפירט דאָס באַלעבאַטיש־קייט — אַן אָרעם לעבן פון אַ מלמד.

אהרון יוסף מלמד האָט געלעבט מיט בטחון, נישט גע־זאָרגט אויף מאָרגן — גאָט וועט העלפן... אָבער זי, זיין ווייב, די רביצן, האָט געהאַט ווייניקער בטחון, זי איז גע־ווען פּראַקטישער. זי האָט באַשלאָסן פון צייט צו צייט אַראָפּ־נעמען פון דעם געלט וואָס זי האָט באַקומען פון איר מאַן, און האָט עס אָן זיין וויסן באַהאַלטן.

באַהאַלטן איז דאָס געלט געווען אין אַ זעקעלע און דאָס זעקעלע — אין אַן ערדענעם פּסחדיקן טאָפּ, און דער טאָפּ אין אַ צווייטן און אין אַ דריטן און אין אַ פערטן. און די אַלע טעפּ האָט זי אַוועקגעשטעלט אויפן בוידעמל איבער דער קיך. דאָרט איז זי געווען זיכער, אַז איר לאָמער אהרון יוסף וועט עס נישט דערגרייכן.

עס איז פאַריבער אַ צייט און אהרון יוסף האָט באַמערקט, אַז אין טעלער ווערט וואָס אַ מאָל ווייניקער, הגם זיין ווייב פאָדערט תמיד וואָס מער. איז אים די זאַך געוואָרן אַ ביסל פאַרדעכטיק. איבערהויפּט אַז דאָס ווייב פאָרעט זיך פון צייט צו צייט ביי די יום־טובדיקע טעפּ, הגם פון פּסח איז שוין אַוועק אַ שפּאָר ביסל צייט. האָט זיך אהרון יוסף געצופּט ביים בערדל און מיטן גמרא־ניגון צוגעברומט: דברים בגו...

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן איז זיין ווייב אַוועק אויפן מאַרק איינקויפן אויף שבת, האָט אהרון יוסף באַפוילן איינעם פון זיינע תלמידים אַרויפצוקלעטערן אויפן בוידעמל איבער דער קיך און אַראָפּנעמען אַלע פּסחדיקע כלים, צווישן זיי אַ פּיר־פּאַכיקן טאָפּ. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און אַרויסגענומען איין טאָפּ פון צווייטן ביז ער איז צוגעקומען צום ריכטיקן טעפּל און דאָרט אין אַ זעקעלע איז געלעגן אַ היפּש ביסל מטבעות.

אהרון יוסף האָט לאַנג נישט געטראַכט, דאָס געלט אַריינ־געלייגט אין קעשענע און באַפוילן זיין תלמיד ברענגען פון דרויסן אַ ביסל שערבלעך. די שערבלעך האָט ער אַריינגע־לייגט אין זעקעלע און דאָס זעקעלע מיט די שערבלעך צוריק אין טעפּל און אַלע טעפּ צוריק אַוועקגעשטעלט דאָרט ווו זיי זענען געשטאַנען.

אהרון יוסף האָט צוריק געעפנט די גמרא און גענומען לערנען מיט זיינע תלמידים מיטן גמרא־ניגון ווי פריער. באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און די רביצין מיטן קוישל איז אַריין מיט קוראַזש אין „חדר". ווידער איז איר געלונגען אַראָפּצו־נעמען אַ פּאָר גראָשן, כדי אַוועקצולייגן אין דער זייט. אין דער מינוט האָט זיך אהרון יוסף צעזונגען מיטן גמרא־ניגון: „תנו רבנן — האָבן די רבנן געלערנט, אשה, אשה — אַ ווייב, נו קינדערלעך, זאָגט שוין אַלע מיט — תנו רבנן, אשה — אַ ווייב, אַז אַ ווייב לייגט אַוועק געלט אָן איר מאַנס וויסן, זאָגט די גמרא: ווערט דערפון שערבלעך..."

די רביצן, הערנדיק וואָס די גמרא זאָגט, האָט איר אַ ציפּ געטאָן ביים האַרצן; באַלד איז זי אַרויף אויפן בוידעמל און זיך גענומען פאָרען ביי די יום־טובדיקע כלים. זי האָט אַרויסגענומען דאָס זעקעלע... און אָך און ווי! פון געלט איז געוואָרן שערבלעך!...

שנעל איז זי אַרונטער און אַרויס מיט אַ געשריי צו איר מאַן: „אוי! גאָט איז גערעכט, זיין תורה איז גערעכט און דו, מיין מאַן, ביסט אויך גערעכט!..."

# בית הקברות בוילון - דאס וויעלונער בית הקברות









## בית־הקברות בוילון

## דאס בית־הקברות אין ווילון



## על קבר אבות



## יארצייט

**יחיאל געלבאַרד**

# נשים צדקניות אין וויעלון

אַ רעש און אַ רעקלאַמע האָט זיך אין אונדזער שטאָט וויעלון געפירט אַ פרויען־אינסטיטוציע א״נ „בית לחם״ (געשאַפן נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג, בערך אין יאָר 1918־19). איך גלייב, אַז די אינסטיטוציע האָט עקזיסטירט ביז די היטלער־חיה איז געקומען און האָט אומגעבראַכט אויף אַזאַ אכזריותדיקן אופן כמעט דאָס גאַנצע אייראָפּעיִשע יידנטום — דערונטער אויך אונדזער קהילה וויעלון הי״ד.

די אויפגאַבע פון „בית לחם״ איז געווען צו לינדערן די נויט און העלפן, ווי ווייט מעגלעך, בכבודיקע משפחות אין דער פאָרם פון מתן בסתר. די הויפּט־עסקניות זענען גע־ווען: חנה אברהם ישראלטעס (אַזוי האָט מען זי גערופן) בריינדל סוסאַק, אגב האָט זי זוכה געווען צו קומען קיין ארץ־ישראל און דאָ געקומען צו קבר־ישראל, עווא באַב־ראַווסקי (די פרוי פון חיים באַבראַווסקי), איטע בוימאַץ, די עסיקמאַכערין און נאָך אַנדערע. פון וואַנען ס׳האָט זיך געבילדעט די אידעע פון „בית לחם״ — אַריינצובליקן אין די שטובן פון אַזעלכע בכבודיקע משפחות, ווו לפנים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָרטן איז פאַראַן פרנסה, בעת אין דער אמתן האָט מען דאָרטן געהונגערט. טאָג־איין טאָג־אויס האָט מען לאַנגע יאָרן געזען בריינדל סוסאַק און איטע בוי־מאַץ באַלאָדנט מיט קוישן פּאַרשידענע פּראָדוקטן. זיי האָבן דאָס פאַרטיילט אויף אַזאַ אופן, אַז דער מקבל האָט טיילמאָל כמעט גאָרנישט געוווּסט. אַמאָל איז עס געווען דורך אַ שכן, און סתם דורך אַ געוועלב. אַזוי האָט זיך דאָס געפירט, אָן הילף פון קיינעם, נאָר צווישן זיך. זיי האָבן איינגעפירט חודש־געלט, אָבער מיט דער צייט האָט עס זיך אַרויסגעוויזן נישט גענוגנדיק, ווייל די הוצאות זענען געוואַקסן, האָבן זיי אונטערגענומען אַן אַקציע צו שאַפן מער מיטגלידער, וועלכע זאָל צאָלן חודש־געלט, באַשטימט אַ שטענדיקן אינקאַסענט, (ר׳ יעקב זאנטשטיין), און די פרויען עווא באַבראַווסקי און פרוי היינסדאָרף האָבן געפירט דעם בילאַנס פון די הכנסות און הוצאות.

אויף די דאָזיקע נשים צדקניות קאָן מען זאָגן דעם פּסוק (ווו שלמה המלך מאָלט דאָס בילד פון דער יידישער פרוי) זאָגט ער צוו. אַנד. „כפה פרשה לעני וידיה שלחה לאביון״, זיי האָבן נישט געוואַרט ביז דער אָרימאַן וועט קומען, נאָר געגאַנגען צום אָרעמאַן אויף מיט די הענט „וידיה שלחה — ושלח זה הרגל״.

**ZŁOŻONO** | **געשפענדעט**

ofiarę | Sume | לטובת דעם

narzecz | zł. 7 gr. 65 | בית־לחם

Bet-Lechem | Podpis R. Szajowa | אין

w Wieluniu | וויעלון.



**שמעון האַראָנטשיק**

# מיין רבי משה־אהרן

מיין רבי משה אהרן איז געווען אַ ייד מיט אַ פּנים — סאַמע באָרד. בלויז די קיילעכדיקע קאַרטאָפל־נאָז האָט אים אַרויסגעקוקט פון דער גרוי־האַריקער געדיכטעניש, ווי אַן איינציק אינדזעלע פון אַ ברייט־אויסגעאָסענעם טייך.

אַז ער פלעגט עסן, דער רבי משה אהרן, פלעגט ער מיטן לעפל אַ פּאָר־אַריין טון ערגעץ אינמיטן דעם וואַלד גרויע האָר — קיין מויל האָט מען אינגאַנצן נישט אָנגעזען. ווען ער האָט דעם לעפל פון דאָרט צוריק אַרויסגענומען, איז ער געווען ליידיק, אָבער די האָר פלעגן זיך באַוועגן, ווי די גראָזן אין אַ טייך, בשעת דער ווינט טרייבט, אַרבעט מעשים צווישן די כוואַליעס און באַוועגט זיך און וואַרפט זיי אַהין און צוריק.

מיך, אַ צעניאָריק ייִנגל, פלעגט באַזונדער אינטערעסירן דער אופן פון זיין אַריינפּאָרן מיטן לעפל געקעכטס אין דעם וואַלד גרויע האָר. איך האָב מיך געחידושט, ווי אַזוי ער ווייסט אין דער דאָזיקער פאַרוואַקסענער געדיכטעניש צו געפינען דאָס מויל, גלייך אַהין אַריינצוטרעפן. און חוצדעם — זיין גאַנצער אָרט עסן, וואָס איז אינדערעמתן געווען נאָר אַ מין קנייטשן און באַוועגן מיט דעם ים האָר, און אַז איך פלעג אַזוי גאַפּיען אים אין פּנים אַריין ביים עסן, האָט עס אים פאַרדראָסן און ער האָט אויף מיר אַ געשריי געטון:

— וואָס קוקסטו מיר אַזוי אין האַלדז אַריין? מ׳טאָר נישט. ס׳קען מיר נאָך אַן עין־הרע פאַרשאַטן און כ׳קען מיך קרעקן.

מילא, קיין עין־הרע וואָלט אים פון מיר נישט פאַרשאַדט, נאָר אַז ער זאָל זיך אַ ביסל אַ קרעק טון, אַ ברעקל זאָל זיך אים אַ ביסל אַ שטעל טון פּאָפּעריק, נישט אַהין און נישט אַהער, דאָס וואָלט מיך אפשר נישט אַזוי שטאַרק געאַרט. ער פלעגט דאָך מיך פאַר אַ ליאַדע גאָרנישט אַזוי ביטער מקיים־פּסק זיין, אַזוי שרעקלעך מיך שמייסן מיטן קאַנטשיק.

נאָר זאָלט איר ווידער נישט מיינען, אַז דאָס ווילד־באַוואַקסענע פּנים איז שוין געווען די איינציקע שיינע זאַך ביי מיין רבין, חלילה. ער האָט פאַרמאָגט נאָך עפּעס: אַ בילע אויפן רעכטן אויער. און נישט סתם אַ בילעלע.

און אָט די בילע איז געווען די צווייטע זאַך, וואָס האָט מיין בליק צוגעצויגן, מיר געצוווּנגען אויף אים, דעם רבין, גאַנצע טעג צו קוקן. מיינע אויגן האָבן כסדר געבלאָנדזשעט פון זיין באָרד־ים מיטן נאָז־אינדזעלע אינדערמיטן צו דער גרויסער, רויטער בילע אויפן אויער.

געלערנט האָב איך ביי מיין רבין משה־אהרון אין חדר — נישט לייענען און נישט שרייבן, נאָר עפּעס מאָדנע מיני זאַכן. למשל: ווי דער דין איז געווען, אַז איינער אַן אָקס האָט איינגעוואָרפן אַ שייער... אָדער ווי דער דין איז, ווען איינער האָט דעם צווייטן פאַרדינגען אַ שטוב און האָט דעם, וואָס האָט די שטוב געדונגען, נישט געגעבן דעם שליסל... נאָר אַזעלכע מיני ענינים פלעגט מען מיט אונדז, חדר־ייִנגלעך, דאָרט קנעלן גאַנצענע טעג, פון פריען באַגינען ביז שפּעט ביינאַכט.

אין אַן איינציק שטיבל איז דאָרט אין דעם רבינס וווינונג, אין אונדזער „שול" — דער רביצינס שלאָפצימער מיט דער קיך צוזאַמען און מיט אונדזער חדר... איז דאָרט געווען דושנע און הייס, און בשעת דער רבי פלעגט אין אונדז תלמידים צען ייִנגלעך, אַריינאַקערן וועגן אַ „געשטויסענער קו" און וועגן דער שטוב אָן שליסל, האָט זיך מיר גאָר געוואָלט אַ לויף אַרויס טון פון חדר אויף דער לופט.

דרויסן איז געווען אַ פרייע וועלט: זומער־לעב, לאָנקעס מיט גראָז און מיט פעלד־בלימעלעך... אַלץ האָט געבליט און געלעבט... און אין חדר איז געווען טונקל און טרויעריק, און די קולות פון די ייִנגלעך, וואָס האָבן מיט אַזאַ אַלטן ניגון אונטערגעזונגען ווערטער, וועלכע זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, האָבן אויף מיר אָנגעיאָגט אַ שלאָף, און אַז דער רבי פלעגט דערזען, ווי איך זיץ און דרימל, האָב איך גלייך אַ דערשפּיר געטון אַ ברענענדיקן ווייטיק פונעם קאַנטשיק מיט די האַרטע רימענס:

— שלאָפן דיר, דו אָרטשיק! — האָט געדונערט אַ ברום פון דער באָרד אַרויס.

פאַרנאַכט, נאָכן אָפּזיצן דעם טאָג ביים רבין, זענען מיר ערשט אַוועק אין „שקאָלע", לערנען רוסיש.

דער רוסיש־לערער האָט קיין ווילדע באָרד נישט געהאַט און קיין בילע אויפן אויער אויך נישט. דערפאַר איז ער אָבער געווען אַ שרעקלעכער בראָנפן־טרינקער, און ס׳רוב איז ער געווען שיכור.

ער איז געווען אַ געוועזענער אונטער־אָפיציר, האָט געהאַט אַ פּאָר בייזע אויגן, אַ רויטע נאָז און אַ פּאָר גרויסע וואָנסעס, ווי בייטשן.

אין שקאָלע האָבן מיר נישט געלערנט וועגן אָקסן און

קי; דאָרט האָבן מיר געלערנט אויף אויסנווייניק אַלע טיטולן פון רוסישן צאַר און פון זיין גרויסער משפחה... דאָס איז געווען אַ מעשה אָן אַן עק, לאַנג און גרויס, גאָר נישט ווי־ניקער לאַנגווייליק, ווי ביים רבין אין חדר. אויך האָט ער אונדז געלערנט זינגען דעם רוסישן הימן וועגן דער הייליקייט פון קייזער און אונדז געמאַטערט דערמיט ביז אין דער שפּעטער נאַכט.

אָט די צוויי זענען עס געווען, ביי וועמען מיר, די יינג־לעך, האָבן פאַרברענגט דעם גאַנצן זומער־טאָג, פון באַגינען ביז שפּעט, און אונטערגעשיידט האָט זיך דער לערער באַרי־סענקאָ פון רבין ר' משה־אהרן נאָר מיטן שלאָגן.

ער האָט נישט אַריבערגעלייגט און געשלאָגן מיטן קאַנ־טשיק, נאָר מיט אַ שטאָלענער ליניע איבער די שפּיץ פינגער. און — צוליב פאַרשידנאַרטיקייט — אויך אויסגעריסן די פאות...

אָט אַזוי בין איך דעם גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען מיטן לערנען, און קיין יידיש בריוול פאַרט נישט געקענט אָנשרייבן, ווייל געלערנט האָבן מיר נאָר גמרא און רוסיש.

דערפאַר האָב איך מיך פון מיין רבין משה־אהרן אויס־געלערנט אַ מין לשון, וואָס ביי אים האָט עס געהייסן „פּויליש רעדן"...

איינמאָל ווען איך בין צוריק אַריינגעקומען צום רבין און דערציילט, אַז אינדרויסן וויל מיך שלאָגן אַ שגץ און איך האָב מורא אַהיימצוגיין, האָט דער רבי אַ כאַפּ געטון די גאַרטל, מיט וועלכער ער גאַרטלט זיך אַרום ביים דאַווענען, אַרונטער־געמאַכט זיך די פאות, און אַרויסקומענדיק צוגעלאָפן צום שגץ, זיך איבער אים אַ צעשאָקל געטון, ווי איבער אַן אָפּע־נער גמרא, מיט אַ שפּרוך:

— יאַק טי בענדזשעס קניפּאַוואַטש, טאָ אַן (אַנגעוויזן אויף מיר) בענדזשע שרייאַוואַטש, — און גיך צוריק אַריינגע־ל'אָפן, ווייל טאָמער וועט דער שגץ זיך אויף אים אַליין אַ לאָז טון.

און איך, אַ צעניאָריק יינגל, בין דערביי געבליבן שטיין אַזוי טרויעריק דערשלאָגן, באַנעמענדיק מיטאַמאָל, וועער עס איז מיין דערציער, דער „העלד", וואָס פאַר אַ ווערט עס האָט זיין לערע און ווי ער קאָן באַשיצן...

**חנה יאַקובאָוויטש**

# שטאט־טיפן

ווי יעדע שטאָט אין פּוילן, האָט אויך ווילון געהאַט זיין משוגענעם — דער געלער אברהם יצחק. ווען מענטשן זענען געווען אויפגעלייגט, האָבן זיי זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם משוגענעם און זיך מיט אים געוויצלט. האָט איינער גע־האַט אַ בייז האַרץ אויף עמיצן, פלעגט ער אָנרייצן דעם משו־גענעם, אַז ער זאָל יענעם מאַכן אַ „מי שברך".

דער געלער אברהם יצחק האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און יענעם געמאַכט אַזאַ „מי שברך":

מי שברך אַ מת,
אַ מת זאָלסטו ווערן;
אין מאַרק זאָלסטו קערן,
קערן זאָלסטו אין מאַרק,
און צעברעכט דעם קאַרק.
דעם קאַרק זאָלסטו צעברעכן,
און מיט שפּילקעלעך זאָל מען דיך שטעכן,
שטעכן זאָל מען דיך מיט שפּילקעלעך,
און גיין זאָלסטו אויף קילקעלעך.
און אויף קילקעלעך זאָלסטו גיין —
ונאמר אָמן.

ער פלעגט דאָס זעלבע אויפן אָרט אויך איבערזעצן אויף פּויליש.

אויב דער געלער אברהם יצחק האָט געהערט פון וועמען זאָגן „פאַרהענגל", פלעגט ער אים אויפמערקזאַם מאַכן, אַז מען זאָגט נישט אַזוי, נאָר „פשוידווישעק; אויף בעטגע־וואַנט איז ביי אים אַרויסגעקומען: „לושקאַ־קראַוואַ־שטשאַנאַ".

אין שטאָט איז אויך געווען דער שטומער און בלינדער יענקל. ער איז געווען אַן אַלטער ייד און תמיד געגאַנגען מיט אַ שטעקן. ער פלעגט שרעקן די קינדער, צוליב וואָס זייערע מוטערס האָבן דערפון געליטן. בלינדערהייט פלעגט ער קריכן איבער יידישע הייזער און זיך קיינמאָל נישט טועה געווען, צו וועמען ער האָט געדאַרפט אַריינגיין. ביים עפענען אַ טיר, האָט ער צוגעברומט: „טרו־טרו־טרו..."

# מהווי העיר



ר׳ חיים פרידנזון מטיף מוסר לקבוצת צעירים

ר׳ חיים פרידנזאָן זאָגט מוסר אַ גרופּע יוגנטלעכע



קבוצת צעירים יהודיים

אַ גרופּע יידישע יוגנטלעכע



קבוצת צעירים יהודיים

אַ גרופּע יידישע יינגעלייט



שמשות בית הכנסת שנופצו בידי בריונים פולניים
אויסגעהאַקטע שויבן פון דער שיל דורך פוילישע כוליגאַנעס



כתריאל סוסק עובד
בתחנת החשמל בוילון



צעירים יהודים בחופשה מהצבא הפולני (1924)
יידישע יונגעלייט אויף אורלוב פון פוילישן מיליטער



נוער יהודי בגן עירוני

יידישע יוגנטלעכע אין שטאטישן פּאַרק



הלוויה של אהרון קשפיצקי עסקן „המכבי"

די לויה פון א „מכבי" עסקן

חלק שלישי — דריטער טייל

# תוכן / אינהאלט

מ. מענדלעוויטש

# ווילנער ייִדן — אַ שאַפנדיקער און פּראָדוקטיווער עלעמענט

ביזן טאָג פון אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג זענען די ייִדישע איינוווינער אין ווילנע געווען אין אַלגעמיין אַ שאַפנדיקער און פּראָדוקטיווער עלעמענט — דער באַזיס פון דעם ווירטשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן לעבן אין שטאָט און אומגעגנט.

די גרויסע מערהייט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, האָט געצויגן איר יניקה און עקזיסטענץ פון אַרבעט, מלאכה און אַלערליי קליין־פאַבריקאַציע; זיי זענען אויך געווען ענג פאַרבונדן מיטן מסחר און קליינהאַנדל, ביים פאַרקויפן די פּראָדוצירטע אויסאַרבעטונגען, ביי געשעפטן און ביי סטראַגאַנעס אויף מערק אין ווילנע און דער גאַנצער סביבה.

## האַנטווערקער

גאָר אַ גרויסן פּלאַץ האָבן פאַרנומען אין ווירטשאַפטלעך־עקאָנאָמישן לעבן אין שטאָט די הונדערטער ייִדישע האַנטווערקער־וואַרשטאַטן; אַ גרויסער טייל פון מלאכות זענען כמעט אויסשליסלעך אויסגעפירט געוואָרן דורך ייִדישע הענט, ווי למשל:

שניידער־וואַרשטאַטן פון אַלע קאַטעגאָריעס: פון ערשט־קלאַסיקע, באַשטעלטע אַרבעט, און פון אַלע סאָרטן קאָנפעקציע־אויסאַרבעטונג פאַר דער גאַנצער ייִדישער און קריסטלעכער באַפעלקערונג.



„סנדלר" — „אַ שוסטער" ב. מיירנץ

קאַמאַשנשטעפּער, היטלמאַכער, קליידער־קאָנפעקציע און אויך ספּעציעל באַשטעלטע אַרבעטן, וועש־קאָנפעקציע, האַנט־ און מאַשין־שטיקעריי, זייגערמאַכער, גלעזער, בלעכער (די ייִדישע בלעכער־מייסטער האָבן אויסגעפירט די קאָמפּליצירטסטע אַרבעטן אין דער שטאָט און אין דער גאַנצער געגנט), פאָטאָגראַפישע אַנשטאַלטן, פאַרשידענע האָלץ־שניצערייען (דרעקסלערס), ביכער־איינבינדער, קירזש־נער, רימער און נאָך אַנדערע פאַכן.

ס׳זענען אויך געווען מלאכות, ביי וועלכע צווישן דער גרויסער מערהייט פון ייִדישע פאַכלייט האָבן זיך אויך געפונען איינצלנע קריסטלעכע וואַרשטאַטן, ווי למשל, מאַלערס, שלאָסערס, שוסטער פון פאַרשידענע קאַטעגאָריעס, טישלער, שמידן, קצבים, בעקערס, קאָנדיטאָרס, פריזירער, עלעקטראָטעכניקער און נאָך אַנדערע פאַכן.

די אַלע דערמאָנטע ייִדישע האַנטווערקער האָבן באַשעפטיקט הונדערטער אַרבעטער, כמעט אַלע ייִדן, און אויך אַ גרויסע צאָל פון זייערע בני־המשפּחה, וואָס האָבן ממשיך געווען מיט דער זעלבער מלאכה וואָס איז איבערגעגאַנגען פיל מאָל בירושה פון דור צו דור.

## קליין־פאַבריקאַציע

די קליין־פאַבריקאַציע, וואָס האָט פאַרנומען אַ זייער בכבודיקן און ניצלעכן פּלאַץ אין שטאָט און סביבה, איז געווען אַ פּראָדוקט פון ייִדישער ענערגיע און שכל און איז פּראָדוצירט געוואָרן נאָר דורך ייִדישע הענט.

זייף־פּראָדוקציע. צוויי גרעסערע בשותפותדיקע זייף־פאַבריקן האָבן געהאַט אָנערקענונג פאַר זייערע גוטע אויס־אַרבעטונגען. דאָס שותפות פון דער פירמע אנקלעוויטש, רובינשטיין, גראָסמאַן און סוסאַק, און אויך דאָס שותפות פון באַרנשטיין און מאיראָוויטש.

קלענערע זאָקן־פאַבריקלעך, ווו ס׳זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן פאַרשידענע סאָרטן זאָקן, האָבן געהערט צו: קריי־מאַלאָווסקי, נאַכע זיגלער, מענדלעוויטש און אַנדערע.

איין איינציקע וועב־שטולן האָט איינגעאָרדנט אברהם ראָגאָווסקי און פאַבריצירט פאַרשידענע שטאָפן, וואָס איז געווען אַ נייע דערשיינונג אין ווילנע.

גאַרבערייען, גרעסערע און קלענערע פאַבריקלעך, מיט זייער ערשטקלאַסיקער לעדער־אויסאַרבעטונג, האָבן געהערט

צו די שותפים וואַלמאַן און ערליך, און אויך די קלענערע פאַבריקלעך פון לועל און דזשובאַס.

אייל אויסאַרבעטונג פון פלאַנצן האָט פּראָדוצירט די משפחה ראָטשילד און אין די שפּעטערע יאָרן — זינדל זיגעלמאַן.

די פּאַפּע־פאַבריק אויפן בוגאַי האָט געהערט צו שטייער און בערקאָוויטש.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען די פּאָפּולערע קאַשע־מאַכערס: רוויזע די קאַשע־מאַכערין פון דער פאַרשטאָט, און אייזיקל פון נייעם מאַרק. זייערע גוטע אויסאַרבעטונגען זענען געווען זייער באַליבט ביי אַלע באַלעבאָסטעס.

פאַרבעריי. דאָס דרוקן פאַרשידענע מוסטערן, אויך פאַרטיקע שטאָפן, האָט געהערט צו די ברידער קשעפּיצקי און אהרן מאיר.

דרוקערייען. אין ווילון האָבן עקזיסטירט צוויי יידישע דרוקערייען — פון בנימין און יוסף ביאַליק, ווו ס׳איז געווען געדרוקט אויך די וואָכנצייטונג „דאָס ווילונער לעבן”, און אויך די דרוקעריי פון משה פייפער (אין די יאָרן 20־1919 ס׳האָט עקזיסטירט נאָך אַ דרוקעריי פון אַ געוויסן אונגער, אָבער זי האָט זיך ליקווידירט). די צוויי עקזיסטירנדיקע דרוקערייען האָבן אויסגעפירט אַרבעטן פאַר די מוניציפּאַלע און רעגירונגס־אַמטן און פאַר פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פריוואַטע פערזאָנען און פירמעס.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען די סאָדעוואַסער־פאַבריק, וואָס האָט אויך אויסגעאַרבעט פאַרשידענע משקאות און אויך געווען דער צענטראַלער פאַרקויף פון ביר און דער איינציקער צענטער פון אייז־פאַרקויף זומער־צייט פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג אין שטאָט.

די פאַבריק איז געווען דאָס אייגנטום פון דער פאַרצווייגטער משפחה מאַיעראָוויטש און געהערט צו די ברידער מאיר און שלאָמעק. במשך פון דער צייט איז די פאַבריק איבערגעגאַנגען בירושה צו זייערע קינדער און קרובים.

מיטן וווּקס און אַנטוויקלונג פון דער שטאָט איז נאָך צוגעקומען אַ סאָדעוואַסער־פאַבריק און פון פאַרשידענע קוואַס־אויסאַרבעטונגען, וואָס האָט געהערט צו הערשל יאַסקאָוויטש.

אין ווילון האָבן אויך עקזיסטירט אייניקע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט פאַרשידענע צוקערוואַרג, און געהערט צו ישעיה צינצינאַטוס, מענדל זעלקאָוויטש, הערשל זעלקאָוויטש און מיכאל לייב מיכאַלאָוויטש.

אין שטאָט האָבן נאָך עקזיסטירט וואַרשטאַטן און פאַכן מיט וועלכע יידן האָבן זיך באַשעפטיקט, וועגן וועלכע מיר זענען לייִדער נישט ביכולת אַלע צו דערמאָנען.

## מסחר

אין מסחר, אין אַלע פאָרמען, סיי די גרויסע הורט־געשעפטן, אַזוי אויך דער קליינהאַנדל, קרעמעריי, סטראַגאַנעס און מאַרק־שטייער, זענען די ווילונער יידן געווען פאַרטראָטן בערך 90 פּראָצענט.

כדאַי צו דערמאָנען די שיינע, גוט־איינגעאָרדנטע און סאָלידע הורט־געשעפטן, אויך פאַר איינצל־פאַרקויף, מיט גוטער באַהאַנדלונג און באַנעמונג. אין די בראַנזשעס: מאַנופאַקטור, באַקליידונג (מאַנטלען, אַנצוגן אד״גל), אייזן צום בויען, פאַרבן־ און אייזן־גאַלאַנטעריע, קאָסמעטיק, דעליקאַטעסן, פּרוכט־געשעפטן, ספּירט, ווייַן און פאַרשידענע געטראַנקען, קיך־מכשירים, טאַבאַק און סיגאַרעטן, שרייב־מאַטעריאַל, הורט־געשעפטן פון קאָלאָניאַל־פּראָדוקטן און צענדליקער דעטייל־קראָמען, לעדער־אויסאַרבעטונגען און צודאַטן פאַר שוסטער, שיך־געשעפטן, ניי־מאַשינען און שניידער־צודאַטן, שפּילצייג, באַהייצונג, האָלץ און קוילן, און אַ געשעפט פון נאַפט־ און בענזין־פּראָדוקטן.

### פאַרשידענע ניצלעכע אונטערנעמונגען

די יידישע איניציאַטיוו און אונטערנעמונגס־גייסט האָט זיך אויסגעצייכנט אויף פאַרשידענע געביטן פון ווירטשאַפט־



רחוב נרוטוביצ׳ה
נאַרוטאָוויטשאַ גאַס

לעכן און עקאָנאָמישן לעבן און אין איר אויפשטייג לטובת דער גאַנצער באַפעלקערונג אין ווילנער קרייז.

ווילון איז געווען באַרימט מיט אירע שטיין־גרובנס, וואָס האָבן געליפערט בוי־מאַטעריאַל, שטיינער און ציגל פאַר דער גאַנצער אומגעגנט. די אייגנטימער זענען געווען די פאַרצווייגטע יידישע משפחה באָוראָווסקי.

קאַלך־גרובן. דאָס גרובן און אויסאַרבעטן קאַלך האָט געהערט צו דער משפחה רייך.

טאַרטאַקן האָבן געהערט, אין פאַרשידענע תקופות, צו הענריק דאַווידאָוויטש, בנימין וואַרשאַווסקי, אליעזר בערקאָוויטש, יונג, אריה ראָזענבלאַט און נאָך פאַרשידענע שותפים. אין די פאַבריקן האָבן די יידישע אייגנטימער באַשעפטיקט יידישע און קריסטלעכע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע.

דאַמף־מילן. אַ דאַנק דעם יידישן שאַפונגס־גייסט זענען אויפגעבויט געוואָרן צוויי גרויסע דאַמף־מילן, די „אַמעריקאַנקאַ" — דורך די אייגנטימער ברוך זעלקאָוויטש, לייב בערקאָוויטש, אבא קעמפינסקי און שותפים: קלמן קאַסרעל און הערשל שטערנבערג. די דאַמף־מיל „ספּולקאָוואַ" האָט געהערט צו די שותפים: אברהם דוד יאַקובאָוויטש, יענקל העלפגאָט און יחיאל הערשליקאָוויטש א"אַ. צענדליקער יידישע משפחות האָבן געצויגן זייער חיונה, זייענדיק באַשעפטיקט ביי פאַרשידענע אַרבעטן און ביים באַדינען די צוויי מעכאַנישע מילן פאַר דער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג פון דער גאַנצער סביבה, באַזונדערס פאַר דעם פויערטום, איז דאָס געווען אַ גרויסע פאַרלייכטערונג און ניצלעכער פאַקטאָר.

מיטן אויפקום פון די צוויי דאַמף־מילן זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן פון ווילונער האָריזאָנט די פרימיטיווע קליינע הילצערנע ווינט־מילן, וואָס זענען געווען דורות־לאַנג צעוואָרפן אויף די פעלדער אַרום דער שטאָט.

די קאָמוניקאַציע און פאַרבינדונג פון ווילון. מיט דער גרויסער האַנדלס־ און פאַבריק־שטאָט לאָדזש און אויך מיט טשענסטאָכאָוו און די דייטשע גרענעץ־שטעטלעך פראשקא־זאוויסנא און ווירושאָוו־פאָדזאַמטשע — איז באַדינט געוואָרן דורך יידן.

ביזן יאָר 1914 איז די קאָמוניקאַציע געווען צופרידנשטעלנדיק און צוגעפּאַסט צו דער דעמאָלטיקער צייט. בערך אַ צוויי צענדליק משפחות, טייערע אַרבעטזאַמע באַלעבאַטישע יידן האָבן פלייסיק און פינקטלעך באַדינט די גאַנצע באַפעלקערונג און געזאָרגט פאַר אַ רעגולערע פערזאָנען־קאָמוניקאַציע און פאַר משאות — גרויסע לאַסט־וואָגנס, אַלץ געשפאַנט מיט פערד. שפעטער, אין די 20ער יאָרן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1939, איז די פּאַסאַ־



קבוצת ניצולים על־יד תחנת הקמח „אמריקנקה" בשנת 1945

אַ גרופּע ניצולים ביי דער מיל „אַמעריקאַנקאַ" אין יאָר 1945

זשירן־קאָמוניקאַציע, אַזוי ווי די עקספּעדיציע פון סחורות, שטופּנווייז מאַטאָריזירט און מאָדערניזירט געוואָרן, מיט אַ באַשטימטן רייזע־פּלאַן און אַ גענויע צייט־אָפּפאָר פון די אויטאָבוסן.

צענדליקער יידישע משפחות האָבן געצויגן דערפון זייער פרנסה. מיר דערמאָנען דאָ די נעמען פון די פּערזאָנען, וועלכע שלמה לעווקאָוויטש, אברהם ראַגאָווסקי, וואָווע ברום, ישעיהו משה פּאַנקאָווסקי, ליפּמאַן ניצינסקי, חיים שעפּטל און אַנדערע.

## טרעגער און בעלי־עגלות

אַ גרעסערע צאָל יידישע משפחות אין ווילון האָבן גע־צויגן זייער חיונה פון זייער שווערער פיזישער אַרבעט. ס'איז



„סבל" — „אַ טרעגער"

ב. מיירנץ

האָבן געשאַפן און אָנגעפירט מיט דער פּאַסאַזשירן־קאָמוני־קאַציע און עקספּעדיציע פון סחורות אין פאַרשידענע תקו־פות, ביזן אומקום פון יידישן ווילון: בערל הערשליקאָ־וויטש, פרוי מאריכ'ן יאַקובאָוויטש, מרדכי פּאַנקאָווסקי, יאָסל באַראַקס, פרידמאַן באַראַקס, זינדל צווערן, לייב קזשעפּיצקי, מיכאל מאַיאַרטשיק, שמואל צווערן, לייזער מאַרקאָוויטש, גרשון בראַם, מיכאל שילער, שמואל לייב געלבאַרד, חיים נאָך געבליבן איינגעקריצט אין זכרון אייניקע פון די האָרע־פּאַשניקעס, פּשוטע יידישע פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן אויף אַ פּרימיטיוון אופן אויסגעאַרבעט זייער פּרנסה, צו דערנערן זיך מיט זייער משפחה.

דער באַוווּסטער קרעפטיקער בצלאל טרעגער, וואָס האָט געקענט טראָגן די שווערסטע משאות אויף זיינע פּלייצעס האָט זיי אויפגעלאָדנט אויף זיין וואָגן מיט צווי רעדער, דער־



„אַ בעל־עגלה"

ב. מיירנץ

נאָך זיך אַליין איינגעשפּאַנט און געשלעפּט דעם וואָגן מיט דער שווערער באַלאַסטונג.

אויך אָשרל טרעגער, שוין מער אַ נעבעכדיקער, אַ שוואַכערער, אַ ביסל אויסגעקרימט און קליינגעוויקסיק, אָבער זייער אַ ליבער מענטש, מיט אַ גוטן הומאָר. אויך ער האָט געשלעפּט זיין וועגעלע מיט די גאַנצע כוחות, איינגע־בויגן אין דרייען, בכדי זיך מפרנס צו זיין בכבוד דורך זיין שווערער פּראַצע. אויף די עלטערע יאָרן האָט אָשרל טרע־גער שוין „דערגרייכט" צו קויפן אַ פערדל, וואָס האָט אים אַ ביסל פאַרלייכטערט די אַרבעט און געווען פאַר אים אַן „עזר כנגדו"...

דער לאָמער גאַוריש, און נאָך אַנדערע יידישע טרע־גער פון זיינס גלייכן זענען שוין געווען טרעגער און אויך בעלי־עגלות. יעדער איינער פון זיי האָט שוין געהאַט אַן איי־גענעם וואָגן אויף פיר רעדער און אויך אַ פערד. זיי האָבן געאַרבעט און באַדינט די האָלץ־טאַרטאַקן, סוחרים, פאַראַווע מילן, איבערגעפירט מעל און תבואה פאַר די סטראַגאַנעס און בעת מאַרק־טעג, און בכלל געמאַכט פאַרשידענע נסיעות אין שטאָט און אויסער איר, מיט פול־אָנגעלאָדענע וועגענער. אָפט געמוזט אונטערשטיפּן דעם וואָגן און אַרויסהעלפן מיט זיין אייגענעם כוח דעם פערדל.

די אַלע דערמאָנטע בעלי־עגלות־טרעגער האָבן נישט געהאַט קיין לייכט לעבן און קיין גרויסע רווחים. זיי זענען געווען געטרייע יידישע אַרבעטנדיקע פאָלקס־מענטשן.

*

ס'דערמאָנט זיך די אַמאָליקע אינטימע היימישע קאָנדי־טאָרייען, פּיוויאַרניעס, אכסניות, האָטעל־רעסטאָראַנען, דאָס געשעפט פון כשרע וווּרשטן און גערויכערט פלייש.

די תבואה־ און מעל־סוחרים, פון וואָס פיל יידישע מש־פּחות האָבן זיך מפרנס געווען. וויעלונער יידישע פערד־סוחרים האָבן געהאַט אַ גוטן נאָמען פאַר זייער קאָרעקטער און רעיע־לער באַהאַנדלונג אין מסחר און געווינען צוטרוי ביי די פּריצים און פויערים פון דער גאַנצער געגנט.

אַ באַזונדער אָרט און אויפמערקזאַמקייט אין וויעלונער עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכן לעבן, האָבן פאַרנומען די פּראָב־לעמען פון דער גרויסער צאָל (העכער 150) סטראַגאַנעס מיט זייערע סחורות פון פאַרשידענע בראַנזשעס, און אויך אויס־אַרבעטונגען פון בעלי־מלאכות, ספּעציעל צום האַנדל אויף מערק און ירידים, סיי אין וויעלון און אין די שכנותדיקע שטעטלעך.

*

ביי דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען באַקאַנט, אַז צווישן אַ טייל פּוילישע פּריצים, גוטבאַזיצער און אַ גע־וויסער צאָל פאַרמעגלעכע יידישע סוחרים, קומען פאָר, פון צייט צו צייט גרעסערע האַנדלס־טראַנזאַקציעס און קניות פון שטחים פעלדער, וועלדער אד"גל.

*

די צווי עקזיסטירנדיקע יידישע בענק — „באַנק ספּול־דזשעלטשי" און „באַנק קרעדיטאָווי", זענען געווען ניצלעך און האָבן געדינט די אינטערעסן פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די לעצטע יאָרן איז צוגעקומען נאָך אַ נייע יידישע באַנק „באַנק קופּיעצקי".

## פרייע פּראָפעסיעס

אויך אין די פרייע פּראָפעסיעס זענען וויעלונער יידן געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר, באַזונדערס אויפן מעדיצינישן געביט, וואָס איז געווען לטובת אַלע איינוווינער פון שטאָט און אומגעגנט, און בפרט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. כמעט אַלע פון דער יידישער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ זענען געווען טעטיק אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.




די יידישע דאָקטוירים און פעלדשערס האָבן אויסער ביים דערפילן זייערע פונקציעס פון דערטיילן מעדיצינישע הילף קראַנקע אין שטאָטישן שפּיטאָל, קראַנקן־קאַסע און בעיקר פּריוואַטע פּראַקטיק פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג, אויך

פיל געלייסטעט פאַר קראַנקע אין די יידישע אינסטיטוציעס: „לינת־הצדק" און „ביקור־חולים", דערטיילט מעדיצינישע הילף פאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל, און פאַר אָרעמע קראַנקע — אין גאַנצן אומזיסט.

די יידישע דאָקטוירים האָבן אויך געגעבן מיט דערפאָלג, פון צייט צו צייט — פּאָפּולערע פאַרטראַגן וועגן מעדיצין, היגיענע אד"גל, איינגעאָרדנט דורך יידישע אינסטיטוציעס אָן שום אָפּצאָל.

אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט איז ד"ר ליפּינסקי געווען דער ערשטער יידישער דאָקטאָר אין ווילון. נאָך איי־ניקע יאָר האָט ער פאַרלאָזט די שטאָט. נאָך אַ קורצער צייט זענען געקומען די דאָקטוירים שוואַלבע און מ. וועלטמאַן און ד"ר לעאָן פרענקי, אַ בן־עיר (ניצול געוואָרן פון חורבן און געפינט זיך אין ישראל), דער בן־עיר ד"ר אָשר טוך און די לעצטן יאָר פאַר דער מלחמה — דער יונגער דאָקטאָר יצחק פריילין.

די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן קריג האָט דער באַקטעריאָ־לאָג ד"ר בערנאַרד דאַווידאָוויטש (אַ זון פון אייזיק דאַווידאָ־וויטש) געלייסטעט פאַר דעם מעדיצינישן געזונטהייטס־וועזן אויף זיין געביט.

די יידישע פעלדשערס זענען געווען זייער פּאָפּולער און באַליבט ביי דער באַפעלקערונג. ס'איז נישט געווען קיין יידישע שטוב אין שטאָט ווו איינער פון די פעלדשער זאָל נישט האָבן געגעבן די ערשטע מעדיצינישע הילף. זיי האָבן זיך פאַרדינט, אַז זייערע נעמען זאָלן אויף פאַראייביקט ווערן.

די פעלדשערס: פּאָטער און זון ישראליק באַרנשטיין, שלמה טוך, לייב ניעכציצקי, זעלטען און רומיאַנצאָוו.

צאָן־דאָקטוירים: ד"ר פ. לעווין איז געווען דער ערשטער יידישער דענטיסט, וואָס האָט באַדינט די ווילונער באַפעל־קערונג בערך 30 יאָר צייט. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1932 (וועגן דער פערזענלעכקייט פון ד"ר לעווין און וועגן זיינע גרויסע פאַרדינסטן אויף פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע גע־ביטן, ווערט באַזונדער דערמאָנט).

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן האָבן זיך באַזעצט אין ווילון נאָך צוויי יידישע דענטיסטן: ד"ר אברהם באמס און ד"ר דניאל גליקסאָן. זיי האָבן געהאַט דערפאָלג. ד"ר באמס איז אויך געווען טעטיק אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן

צאָן־טעכניקער: דער ערשטער צאָן־טעכניקער ישראל גוטגאָלד, און שפּעטער אויך יחיאל פאַרזשענטשעווסקי, האָבן געאַרבעט פאַר די יידישע און קריסטלעכע צאָן־דאָקטוירים, און אויך פאַר פּריוואַטע פּאַציענטן.

אַקושערקעס: די גאָר גרויסע מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך באַנוצט מיט די דריי יידישע אַקו־שערקעס: ליבע טוך, פּערל ניעכציצקי, און שפּעטער די פּאָפּולערע דיפּלאָמירטע אַקושערקע רויזעלע לאַנדסבערגער (אויך וועגן איר ווערט באַזונדערס דערמאָנט).

אַדוואָקאַטן: דער אַדוואָקאַט ד"ר לעווקאָוויטש איז געווען דער איינציקער יוריסט אין שטאָט, וואָס האָט געהאַט הויכע אַקאַדעמישע בילדונג, געווען אַ פעאיקער און באַגאַבטער אַד־וואָקאַט, און זיך וואַרעם באַטייליקט אין יידישן געזעלשאַפט־לעכן לעבן, געהאָלפן אין אַן עת־צרה מיט ראַט און טאַט, טיילמאָל אומזיסט — ספּעציעל אין פּאָליטישע קאָמפּליצירטע ענינים און פּראָצעסן.

אויך זיין פרוי העניאַ לעווקאָוויטש, די טאָכטער פון אייזיק דאַווידאָוויטש, איז געווען אַן אַדוואָקאַטין און אויפגע־טראָטן אין פאַרשידענע פּראָצעסן.

*

דער יידישער שאַפונגס־גייסט איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן און תמיד געשאַפן נייע מקורות פון פרנסה און דער־מיט טיילווייז פאַרבעסערט דעם עקאָנאָמישן מצב אין ווילון (נאָך אין די צייטן פון דער רוסישער הערשאַפט), און דערמיט אויפגעהאַלטן זיין קיום.

אין די יאָרן 1906 ביז 1914, האָבן די יידישע סוחרים א. ר. וואָלקאָוויטש, ב. מ. פּאָלאַק, מ. יאַכימאָוויטש און אַנד., געפירט אַ גרויסן מסחר פון פעדערן און עקספּאָרטירט אין גרויסן מאַסשטאַב קיין דייטשלאַנד, און אין אַ קלענערן מאַס־שטאַב — קיין רוסלאַנד. דער מסחר האָט געגעבן באַשעפטי־קונג און פרנסה אַ געוויסע צאָל יידישע הענדלער, איינקוי־פער פון די פעדערן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. ביים סאָרטירן און צוגרייטן צום עקספּאָרט האָבן געאַרבעט העכער צוויי צענדליק קריסטלעכע אַרבעטערינס.

אין דער זעלבער צייט און אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן די יידישע סוחרים מענדל ניימאַן, אברהם בערל הערשבערג, יחיאל מענדל שטשופּאַק, מרדכי גראַבאָווסקי און אַנדערע — געפירט אַ גרויס מסחר פון אייער, פוטער און געענדז, עקספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד און אין די שפּעטער־דיקע יאָרן אויך אין די גרויסע שטעט פון פּוילן. אויך פון דעם מסחר האָט אַ ריי יידישע פאַמיליעס זיך שיין מפרנס געווען.

אין יענער צייט האָט אויך אין ווילון עקזיסטירט אַ וואַטע־פאַבריק פון יידישע אייגנטימער און באַשעפטיקט מענטשן ביי דער אַרבעט.

הענריק דאַווידאָוויטש האָט געהאַט די איינציקע דורך דער רוסישער מאַכט באַשטעטיקטע פאַרטרעטונג און קאָנ־צעסיע פון צוקער־פאַרקויף אויף הורט פאַרן גאַנצן ווילונער

פּאָוויאַט, ווו ס'זענען געווען באַשעפטיקט יידישע און קריסט־לעכע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע.

אויף דער גאַשינער־גאַס, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן וועג וואָס האָט געפירט צום יידישן בית־הקברות, האָט אין די יאָרן 8—1907 עקזיסטירט אַ פאַבריק, וואָס האָט אויסגע־אַרבעט ליאַלקעס פאַר קינדער פון פאַרשידענעם קוואַליטעט, פאַר די מערק פון גאַנץ פוילן. די פאַבריק האָט פאַרנומען אַן איינשטאָקיק הויז פון 7—8 צימערן און באַשעפטיקט פיל יידי־שע יוגנטלעכע אַרבעטער און אַרבעטערינס. די אייגנטימער פון דער פאַבריק זענען געווען וויעלונער יידישע איינוווינער, וועמענס נעמען זענען אונדז נישט באַקאַנט.

די לעצטע צוויי צענדליק יאָרן פון 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט, ווען אין וויעלון האָט סטאַציאָנירט אַ גרויסע צאָל רוסיש מיליטער — גרענעץ־וואַך, „אָביעשצי־קעס" און קאָזאַקן, באַגלייט פון אַ גרויסן שטאַב הויכע אָפי־צירן מיט זייערע פרויען און קינדער, ווי אויך מיליטערישע בלאָז־אָרקעסטערס. אין דער יידישער גאַס איז דעמאָלט געווען זייער פּאָפּולער מיט זיין רייכקייט און אויך מיט זיין פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען און איינפלוס צווישן די וויעלונער יידישע איינוווינער — בערל מייעראָוויטש. ער איז געווען דער הויפּט־ליפעראַנט פון פּראָוויאַנט פאַרן רוסישן מיליטער. ער האָט אויפגעבויט אויפן בוגאַי אַ גאַנצע ריי קאַזאַרמעס פאַרן מיליטער און אויך מאַגאַזינען פאַר די פערד און פאַרן גאַנצן אינוועטאַר. מייעראָוויטש האָט אויך געבויט שאָסייען אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד, באַשעפטיקט פיל אָנגעשטעלטע און אַרבעטער — יידן און קריסטן.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער, זענען צוגעקומען נאָך אַנדערע ליפעראַנטן פאַרן מיליטער — איטשע בערקאָוויטש, אלחנן כמוראַ און מרדכי כמוראַ. דאָס בויען שאָסייען איז איבערגעגעבן געוואָרן אריה ראָזענבלאַט און נאָך אַנדערע יידישער אונטערנעמער.

*

יידן האָבן געבויט, געשאַפן, געאַרבעט, געגעבן פון זייער כוח און מוח, געווען אַ שאַפנדיקער און פּראָדוקטיווער עלע־מענט פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג. יידן זענען אויך גע־ווען דער לעבעדיקער נערוו פון ווירטשאַפטלעכן לעבן אין וויעלון און פאַר דער גאַנצער געגנט.

ליידער האָט די יידישע באַפעלקערונג אָנגעטראָפן מצד דער הערשנדיקער פוילישער מאַכט און ביים רוב פון די פוילישע מנהיגים — כמעט אין אַלע תקופות — אַ באַציונג פול מיט שנאה, קנאה און האַס, וואָס איז געקומען, אין אָנהייב, צום אויסדרוק, מיט אַן עקאָנאָמישן באָיקאָט, וואָס האָט דערפירט צו ווילדע עקסצעסן, פּאָגראָמען און אַנדערע וויסטע גרויזאַמקייטן.

אָבער פאַרענדיקט די טראַגעדיע האָבן די נאַצישע רוצחים און אָפּגעמעקט אויף אייביק די גאַנצע וויעלונער יידישע קהילה.



די קאַלישער גאַס (עק שעראַדזער) רחוב קליסקה פינת שרדזקה

ליאָטעקל מיט אַ צאָל יידישע ביכער. צוויי מאָל אין וואָך אין באַשטימטע שעהן איז געווען מעגלעך צו טוישן אַ בוך. זעלבפאַרשטענדלעך בסוד־סודות, אַז ס׳זאָל נישט פאַלן קיין חשד פאַר אומלעגאַלע מעשים און צוליב דעם נישט צו ווערן אַרעסטירט און באַשטראָפט מיט תפיסה.

שפּעטער, אין יאָר 1911—12 איז די ביבליאָטעק געוואָרן באַרייכערט, פאַרגרעסערט מיט די נייעסטע יידישע ווערק אויך ווייטער קאָנספּיראַטיוו אין דער וווינונג פון דעם באַקאַנטן פּראָגרעסיוון מלמד און לערער יודל קזשעפּיצקי אויף פאַרבריטשנאַ־גאַס, אין מאַרקוזעס הויז (און די אַזוי גערופענע „פאַבריק״). דאָרט איז אויך געשאַפן געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון העברעיִשע ביכער, געפירט דורך יוסף שאַיאַ, ביי דער מיטהילף פון פעלאַ קזשעפּיצקי. שפּעטער האָבן זיי ביידע געשאַפן דאָס ערשטע יידישע הויז אין וויעלון, וווּ די אומגאַנגשפּראַך איז געווען העברעיִש און אויף אַן ערנסטן אופן אָפּגעהיטן נישט צו רעדן קיין אַנדערע שפּראַך — נאָר העברעיִש געטראַכט, געלעבט, סיי אין שטוב, סיי אין גאַס, אויך אין געשעפט און ביי יעדער געלעגנהייט אין דער העברעיִשער שפּראַך.

איך וועל אייביק, מיט דעם גרעסטן דרך־ארץ דערמאָנען און געדענקען די פעלאַ קזשעפּיצקי פון די יאָרן 1911—12, ווען מען איז געקומען טוישן אַ בוך אין דער אויבנדערמאָנטער ביבליאָטעק, וווּ זי איז געווען די ביבליאָטעקאַרין. איר וואַרעמע באַציִונג, אירע אויפקלערונגען, דאָס דורכשמועסן זיך מיט יעדן יוגנטלעכן. אירע רייד האָבן אינספּירירט אַ דראַנג צו פאַרטראַכטן און פאַרטיפן זיך מיט די פּראָבלעמען פון



פעלאַ קשעפּיצקי

יידישן לעבן. דורך איר איינפלוס זענען פיל אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ציוניסטישער מחנה און געוואָרן אַקטיוו אויף פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע געביטן.

## די ביבליאָטעק אין אייגענעם לאָקאַל

נאָך גרויסע באַמיִונגען איז דערגרייכט געוואָרן אַ לעגאַליזאַציע, ס׳הייסט, אַ דערלויבעניש (פון דער רוסישער



קבוצת עסקנים ציוניים עם משפחותיהם

אַ גרופּע ציוניסטישע עסקנים מיט זייערע משפחות

מאַכט) צו עפנען אַ ביבליאָטעק, מיט די רעכט אויף אָנצו־פירן אין אַ באַגרענעצטן אופן אַ קולטורעלע טעטיקייט, מכלומרשט אַלס אָפּטיילונג פון דער „חברת מפיצי השכלה" אין פעטערבורג (לענינגראַד). אונטער דעם נאָמען איז האַלב „כשר", האַלב „טריף" געעפנט געוואָרן אַן אייגענער לאָקאַל, וואָס איז באַשטאַנען פון 1 צימער אויף פאַבריטשנע גאַס, בשכ־נות מיט דער דירה פון דער פאַמיליע פרענטקי און פון פרוי שפּירא. אין די יאָרן 1912—13—14 איז דער לאָקאַל און דאָס אָרט געווען דער גאַנצער צענטער — די „היים" פון שטענדיקן צוזאַמענטרעף פאַר אַלע משכילים, יוגנטלעכע, „קאַליע גע־מאַכטע" בית המדרש־בחורים, און בכלל דענקענדע, זוכנדיקע און בלאַנדזשענדיקע יוגנט.

די ביבליאָטעק ווערט באַרייכערט מיט די נייסטע ווערק פון דער יידישער און העברעיִשער ליטעראַטור; די גאַנצע ציוניסטישע טעטיקייט איז אויך קאָנצענטרירט געוואָרן אויף דעם אָרט; אַלע פּראָבלעמען, פּאַסירונגען און געשעענישן, פון יידישן לעבן, סיי אָרטיקע און סיי אַלגעמיינע, זענען דורכגעלעבט געוואָרן אין דעם לאָקאַל.

## וילון תורמת לגאולת הארץ

קרן לגאולת ירושלים באודיסה — היושב ראש מנחם אוסישקין רשימה התורמים לטובת הקרן (פורים שנת תרע"ג — 1913)

שפענדער פאַר גאולת ירושלים אין יאָר 1913

וועלירן (פ. קאליש)

ע"י יעקב שאיא

| בביהת"מ ע"י צ. דאווידאוויטש וזקן שטערנבערג | ק. | ר. |
|---|---|---|
| ליב סענדראוויטש | — | 1 |
| שלמה מארקוזא | 50 | |
| יצחק בערקאוויטש | 50 | |
| אליעזר בערקאוויטש | 50 | |
| יודל שייא | 50 | |
| יצחק דאווידאוויטש | 50 | |
| יצחק כוואס | 50 | |
| שלמה גאלדשטיין | 50 | |
| סענדער סענדראוויטש | 50 | |
| יוסף שצופאק | 40 | |
| זלמן כארלופסקי | 30 | |
| אברהם רייכגאלד | 30 | |
| העניך דאווידאוויטש | 30 | |
| שלמה פרענסקא | 30 | |
| בער בערקאוויטש | 30 | |
| י.מ. פרענסקא | 30 | |
| דוד שטייער | 30 | |
| שמואל שטייער | 30 | |
| בערנארד שייא | 25 | |
| מ. שצופאק | 25 | |
| העניך וואלקאוויטש | 25 | |
| יהודה לעווקאוויטש | 25 | |
| דוד לעווקאוויטש | 20 | |
| ראזענבלום | 20 | |
| בער לעווקאוויטש | 20 | |
| שלום יונגערמאן | 20 | |
| וועלוויל הערשבערג | 20 | |
| אהרן ליבערמאן | 20 | |
| משה יאסקאוויטש | 20 | |
| אביגדור רוזעוויטש | 20 | |
| משה וואלקאוויטש | 20 | |
| פייטל שפיגעלמאן | 20 | |
| בעריל הערשליקאוויטש | 20 | |
| א.מ. אבראמאוויטש | 20 | |
| אהרן אונגער | 20 | |
| מרדכי כמורא | 20 | |
| י. שצופאק | 20 | |
| ה. שטערנבערג | 20 | |
| יודל כהן | 20 | |
| נחמי' מאסלא | 20 | |
| אברהם עלקאן | 20 | |
| טובי' רוטשטיין | 20 | |
| שלמה גראסמאן | 20 | |
| יוסף פייטלאוויטש | 20 | |
| ראובן יוסף ליפא | 20 | |
| ש. שצופאק | 20 | |
| חנן שייא | 20 | |
| יעקב יוסף מאשקאוויטש | 20 | |
| א.מ. פערלא | 20 | |
| העניך בראדער | 20 | |

| | ק. | ר. |
|---|---|---|
| משה אלעקסאנדראוויטש | 20 | |
| וואלף מענדלאוויטש | 20 | |
| משה ישראל ניטקא | 20 | |
| הערשיל יאסקאוויטש | 20 | |
| יוסף ליטמאנאוויטש | 20 | |
| יצחק שייא | 20 | |
| דוד ברום | 20 | |
| צבי דאווידאוויטש | 20 | |
| זקן שטערנבערג | 20 | |
| מבין חחסידים | 20 | 3 |
| נדבות קטנות | 97 | 2 |
| בביהמ"ד ע"י א.י. פיק ומ. מענדלעוויטש | | |
| א.י. פיק | 50 | |
| מרדכי מארקוס | 30 | |
| יהודה יזביצקי | 30 | |
| זעליג צינצינאטום | 30 | |
| יוסף ביאלעק | 30 | |
| נח שווארץ | 30 | |
| יצחק זעלקאוויטש | 30 | |
| משה מענדלעוויטש | 30 | |
| יחיאל בערשט | 25 | |
| חיים מיכאלאוויטש | 25 | |
| יעקב יאקובאוויטש | 25 | |
| פ. קרשאך | 25 | |
| ש.מ. מאשקאוויטש | 20 | |
| משה מייראוויטש | 20 | |
| אשר שמולעוויטש | 20 | |
| ליפמאן פיליף | 20 | |
| י. אייזענבוים | 20 | |
| שלמה פעכוואסער | 20 | |
| שלום שפילטער | 20 | |
| בעריל אבראמאוויטש | 20 | |
| יעקב קרשאק | 20 | |
| יעקב יאקובאוויטש | 20 | |
| מ.ל. מיכאלאוויטש | 20 | |
| יעקב יעקובאוויטש | 20 | |
| מענדיל קופערמאן | 20 | |
| הירשל מארקוזא | 20 | |
| אהרן באמס | 20 | |
| חיים בארנשטיין | 20 | |
| שלום רובנשטיין | 20 | |
| אלחנן זעלקאוויטש | 20 | |
| בער קרזעפיצקי | 20 | |
| גרשון פעלטא | 20 | |
| י.מ. מארדקאוויטש | 20 | |
| ח.ש. שמולעוויטש | 20 | |
| וואלף שמולעוויטש | 20 | |
| גדלי' שמולעוויטש | 20 | |
| דן געלקאפ | 20 | |
| ב.מ. מילדמאן | 20 | |
| אהרן געלקאפ | 20 | |
| בן ציון | 20 | |
| נדבות קטנות | 50 | |

| בביהת"מ ע"י י. שייא וי.מ. אלטמאן | ק. | ר. |
|---|---|---|
| מאקס רויטבערג | 40 | 1 |
| ז. זויבערמאן | — | 1 |
| יעקב שייא | 50 | |
| צייוויש סקאזינא | 50 | |
| י.מ. יאקובאוויטש | 50 | |
| י. שייא | 50 | |
| מיכל לזעל | 50 | |
| רפאל מארקוס | 50 | |
| וואלף לאזאנסקי | 40 | |
| אברהם פרידענזאן | 30 | |
| מן מנחם | 30 | |
| משה ליפשיץ | 30 | |
| מענדיל קופערמאן | 30 | |
| קופמאן קרימילאווסקי | 30 | |
| זוסמאן לעווקאוויטש | 30 | |
| פ.ז. קאניארסקי | 25 | |
| מרדכי לזעל | 25 | |
| יוסף בארנשטיין | 25 | |
| הירש זינגער | 25 | |
| משה אלטמאן | 25 | |
| פייוויל קרימלאווסקי | 25 | |
| דוב לעווקאוויטש | 25 | |
| לייביש קרזעפיצקי | 25 | |
| מענדיל מאיראוויטש | 25 | |
| פסח מענדלאוויטש | 25 | |
| מלך וואלעצקי | 25 | |
| שמואל סאס | 25 | |
| משה פערעצאוויטש | 20 | |
| גדלי' קרדאק | 20 | |
| ש.ב. ליבערמאן | 20 | |
| ליפמאן גראבראווסקי | 20 | |
| וואלף גראבאווסקי | 20 | |
| משה קוניארסקי | 20 | |
| אלי מארקוס | 20 | |
| הירש קרזאק | 20 | |
| ישראל איצקאוויטש | 20 | |
| מ.א. דאנקעוויטש | 20 | |
| גדל שמולעוויטש | 20 | |
| שינדלער | 20 | |
| גדל לייזעראוויטש | 20 | |
| אברהם לעווקאוויטש | 20 | |
| הירשל פאמאלסקי | 20 | |
| י. דאווידאוויטש | 20 | |
| אברהם בער ליס | 20 | |
| ה.ב. מענדלעוויטש | 20 | |
| אברהם זעטעלנא | 20 | |
| דוד קופערמאן | 20 | |
| מ. גראבאווסקי | 20 | |
| שרגה ליפשיץ | 20 | |
| פ.ז. מארקאוויטש | 20 | |
| לייזעראוויטש | 20 | |
| י.מ. אבראמאוויטש | 20 | |

| | ק. | ר. |
|---|---|---|
| סנדיל וואלקאוויטש | 20 | |
| מנדיל וואלקאוויטש | 20 | |
| שמואל צווערן | 20 | |
| סנדיל חזקיל | 20 | |
| מענדיל אבראמאוויטש | 20 | |
| משה יאקובאוויטש | 20 | |
| ל. פאמאלסקי | 20 | |
| ש.י. שפיגעל | 20 | |
| בעריל גראנעק | 20 | |
| הערשיל יאסקאוויטש | 20 | |
| יוסף איזבוצקי | 20 | |
| וואלף ליס | 20 | |
| שמשה פרענקיל | 20 | |
| מאיר יאסקאוויטש | 20 | |
| אהרן קרזעפיצקי | 20 | |
| שמואל שייא | 20 | |
| אברהם ליפמאנאוויטש | 20 | |
| אשר מענדלעוויטש | 20 | |
| פנחס לעווקאוויטש | 20 | |
| מרדכי ליפקאוויטש | 20 | |
| נחום גערשט | 20 | |
| א.ז. יעדוואב | 20 | |
| מרדכי קורא | 20 | |
| ע"י פייגה קרזעפיצקי ושושנה חמורה | | |
| אסתר יאקובאוויטש | 50 | |
| רו | 50 | |
| גוטל בראנאווסקי | 50 | |
| קיילא סענדראוויטש | 30 | |
| פייגה קרזעפיצקא | 30 | |
| שושנה כמורה | 30 | |
| אסתר דאווידאוויטש | 25 | |
| א.ה. דאווידאוויטש | 20 | |
| רחל מארקוס | 20 | |
| אסתר יאסקאוויטש | 20 | |
| טעמער יאסקאוויטש | 20 | |
| צינצינאטום | 20 | |
| פייגה שייא | 20 | |
| מרים שייא | 20 | |
| פריידיל רויטשטיין | 20 | |
| שקה אונגער | 20 | |
| פראדיל אונגער | 20 | |
| נדבות קטנות | 25 | |
| (ע"י יעקב לוין) | | |
| ליב חמורה | 25 | |
| י.ה. ליפשיץ | 20 | |
| יונה ברום | 20 | |
| י. שייקעוויטש | 20 | |
| גריען מ"קרזעפיץ" | 20 | |
| וואלף יאקובאוויטש | 20 | |
| נדבות קטנות | 15 | |

**דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה**

**אין יאָר 1914**

בעת דער מלחמה האָט ווילון נישט פיל געליטן פון די קאַמפן — די פּאַטרול־צוזאַמענשטויסן פון די פיינטלעכע מיליטערישע פאָרפּאָסטן אין שטאָט און אַרום דער שטאָט פון דייטשן און רוסישן מיליטער האָט נאָך געדויערט אַ קורצע צייט, בערך פון 10 ביז 15 טעג, ביז די שטאָט איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן

די יידישע פּרנסות זענען נאָך שוואַכער געוואָרן, דאָס גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט מער נישט פונק־ציאָנירט. ס'איז געוואָרן אַ תוהו ובוהו אויף אַלע געביטן, באַ־זונדערס, ביי דער אומבאַמיטלטער יידישער באַפעלקערונג אויפן עקאָנאָמישן געביט.

צוליב דער נויט פון די נייע לעבנס־באַדינגונגען, האָט אַ גרופּע יוגנטלעכע, און אויך דער שרייבער פון די שורות, אָפּגעגעבן זייער בעסטע צייט פאַר הילפס־אַרבעט אויפן סאָציאַלן געביט.

**קרולה שעיה**

# אגודת הציונים

**(פעולות וזכרונות)**

למרות שכל העיירות בפולין היו דומות אחת לחברתה, הרי אם מתעמקים יותר, רואים כי לכל עיירה ועיירה היתה פנימיות משלה, סגוליות משלה שלא היתה לחברתה. לכן חובה עלינו לדלות מזכרונותינו את ייחודה של העיירה — ובזה נחייה אותה שוב, ואם לא בפועל, לפחות נציב לה יד לדורות הבאים.

וילון היתה ידועה בכל הסביבה כעיר אינטליגנטית. את האינטליגנציה שלה אמנם לא רכשה בבתי ספר גבוהים, ואף לא בתיכוניים; האינטליגנציה של אנשי וילון היתה טבעית. היא באה להם מחיים אינטנסיביים, תוססים ומלאי אידיאלים. בעיירתנו הקטנה לא התעסקו רק בפרנסה, לא התעסקו רק בחיים גשמיים — לכל אחד היתה איזו משאת נפש. ולא חשוב איזה צביון היה לאידיאל שלו, אם הוא דגל ב„תכלת־לבן" או ב„אדום". עצם העובדה שאדם שואף למשהו שישפר את חייו וחיי אחרים, כבר מטהרת את נשמתו. זה כמובן, דורש ממנו ידיעות רבות, והוא משתדל להשיגן בדרכים שונות. ותוך כדי כך בא לידי כישרון התפיסה והשפיטה שלא תמיד ניתן לרכשו באוניברסיטאות.

הרבה מפלגות היו בעיירתנו — אעמוד רק על אחת מהן, מפלגת הציונים הכלליים, שקראו לה אז „אגודת הציו־נים", ואשר היא קרובה לי ביותר. ביום בהיר אחד התפלגה המפלגה הזאת לשתיים: „על המשמר" ו„עת לבנות". למרות שלשתיהן היתה אותה מטרה, ואף האידיאולוגיה של השתיים לא היתה שונה בהרבה, התחילו החברים מאתמול ליהפך ליריבים ולחמו ביניהם בחירוף נפש עד כדי שנאה. השנאה היתה, כמובן, מבחוץ — שנאה אידיאולוגית גרידא. בפני־מיותם נשארו ידידים ובאו איש אצל רעהו, לקחו חבל בשמחותיהם והשתתפו בצערם.

והמלחמה האידיאולוגית הלכה והחריפה, עד שלא הספיקו להם כבר הדברים שבעל־פה והחליטו להביע את דעותיהם בכתב... הוציאו שני עתונים — לכל פלג עתון משלו; אחד בשם „די צייט", בעריכת יוסף שעיה, והשני — „ווילונער לעבן" — בעריכת חיים בורנשטיין. בעיתונים אלה שפכו קיתונות של בוז אחד על השני... המצב לא היה משמח; המלחמה הזאת הביאה גם לחיכוכים בין הנוער: הבנים עמדו לצדם של האבות, וכל אחד ראה חובה לעצמו לתבוע עלבונו של אביו.

מעניין לספר על פגישה אחת בין שני היריבים, יעקב שעיה וחיים בורנשטיין, שחרפו ו„דקרו" איש את רעהו בדברי לעג, ואשר מבחוץ היו מדמים אותם כשונאים בנפש.

בימים הראשונים אחרי כיבוש פולין על ידי הנאצים, וילון טרם היתה שייכת ל„רייך השלישי" והעיר לודז' עוד לא היתה עיר גרמנית טהורה. עדיין אפשר היה לנסוע (אמנם בתנאים קשים) ממקום למקום, מעיר לעיר. הייתי אז עם הורי בורשה ואחר שעבר עלינו זעם ההפצצות ונשארנו בנס בחיים, ישבנו בביתו ההרוס למחצה של אחי, מבלי לדעת

מה נעשה הלאה. והנה נכנסו שני אנשים: חיים בורנשטיין ופייביש סקשיניה (הם באו לורשה לסדר איזה עניין ציבורי), ומי שלא ראה שמחת שני „השונאים" בפגישתם, כיצד נפלו אחד על צואר רעהו, לא ראה שמחה מעולם... לאחר שנרגעו קמעה, התחילו להשיח את לבם בזכרונות העבר, ובאו למס־קנה שבמקום לריב איך „לבנות" ואיך „לשמור", חטאו שניהם חטא גדול שלא עלו בעצמם לבנות את ארץ ישראל ולשמרה בפועל ואז לא ידעו עוד על הסוף המר הצפוי להם.

הילדות.

הנה עולים וצצים זכרונות יותר רחוקים, זכרונות מימי

גדלתי בבית ציוני מובהק. אני זוכרת כי בביתנו התאס־פו, בשנים האחרונות שלפני פרוץ מלחמת העולם הראשונה, אנשים צעירים שהיו מסורים בלב ונפש לרעיון הציוני (התנועה הציונית היתה אז בלתי חוקית, ואסור היה לנהל כל פעולה). באסיפות אלו דנו בבעיות הציוניות, אספו כספים וגם ניהלו פעולות תרבותיות: הרצאות והקראות.

כילדה קטנה, לא השתתפתי בכל הענינים האלה. בלילות החורף הקרים והארוכים, עת התאספה החברותא, אהבתי לעמוד בידים שלובות מאחור על יד התנור החם ולהתחמם ולשמוע לשיחות הגדולים. עשיתי אזני כאפרכסת שתקלוט היטב כל מה שמספרים על ארץ ישראל. כל מה ששמעתי אז, נפל עמוק לתוך נשמתי, ונשאר לתמיד.

באסיפות אלו היה תמיד מרחף איזה פחד: „יוודע הדבר או לא יוודע"... ודברו בלחש, התווכחו בלחש... לפחד הזה ששרר אז בבית מצא דווקא חן בעיני: הוא הוסיף לאסיפות איזה נופך רומנטי של מיסתורין, של הרפתקנות, הקורצים כל כך לנשמות ילדותיות. הן לא ידעתי אז כי רומנטיות זו הרת סכנה היא.

פעם אחת בלילה, לפני חצות, באו אלינו בחשאי יעקב ושמואל מרכוס, וספרו לאבא כי אליעזר ברקוביץ' מסר להם שנודע לו, ממקור בטוח, כי עומדים לערוך אצלנו „רוויזיה" (חיפוש). מיד התחילו לשרוף כל מיני ניירות, סילקו ספרים



החוג הדרמטי שליד „אגודת הציונים" 1928 — 1929

דראַמאַטישער קרייז ביי „אגודת הציונים"

עומדים מלמעלה (ימין) — שטייען אויבן (רעכטס): יצחק הערשבערג, מאַקס שולץ, הערשליק שאַיאַ, יעקב וואָלקאָוויטש, עלקאַן, אברהם כמורא, שלמה האָלץ, מלכה מענדעל (ערליך), שמואל בראָדער, פייגעלע שטערנבערג, לאַכמאַן, שמולעוויטש, אברהם יאַקובאָ־וויטש, פרוי ווייסקאַל, שלמה איצקאָוויטש, יעקב שאַיאַ; יושבים — זיצן: באַלבינאַ שאַיאַ, שמואל ערליך, אסתר הדס דאַווידאָוויטש, יוסף שאַיאַ, בעלאַ שטערנבערג, רוזשקא איצקאָוויטש, קאַראָלאַ שאַיאַ, האָראָוויטש, צינציגאַטוס, קאַזע כמורא, מענדעל, איטקא כמורא, שימעק לאזנאָווסקי, פייטלאָוויטש.

ופינקסים כדי לטשטש כל סימן של פעולה ציונית. גם אני התחלתי לפחוד ורעדתי כעלה נדף. ה„רוויזיה" לא נערכה משום מה, ופחד הורי ופחדי שלי היו לשוא.

והנה הגיע בשורה רעה: הרשל ברקוביץ' מלוטוטוב נאסר, בחזרו מן הקונגרס הציוני מבזל. היה צורך להזעיק את כל המוסדות הציוניים, ועד לאוסישקין, למען שיחרורו.

בתוך התנועה הייתה גם קבוצת נשים: אמי, גב' גולד־שטיין, רוז'ה שעיה גב' כוואט (בעלה יצחק כוואט היה מן הציונים הראשונים בוילון); וגם כמה בחורות צעירות: רוז'ה צינצינאטוס, פלה קשעפיצקי ועוד. הן עזרו לרכישת חברות חדשות לתנועה ואירגנו נשפי־פורים ונשפים אחרים. קשה היה אז להשיג רשיון. אבל בכסף ובפרוטקציה השיגוהו.

לרשותנו את מועדון ה„תה־האלע", על הריהוט שבו. למשך שעות היום הפכנו אותו לבית ספר. בשעות הערב התרכזו בו מאות פליטי המלחמה ועובדי עבודת כפיה בצבא הגרמני.

בשנים 1915—1916, כאשר פעולה ציונית הייתה ליגאלית הקימו הציונים באופן רשמי את „אגודת הציונים", כך נקראו אז בעירנו ה„ציונים הכלליים". במשך הזמן היה כבר מועדון ברחוב באריטש, והישיבות והפעולות התקיימו שם. גם בית־הספר עבר למקום החדש והמרווח הזה.

היו גם ארגונים ציוניים שמאליים בעיר, וכולם פעלו למען הגשמת הציונות. כשם שאומרים: „כל הדרכים מובילות לרומא", כך גם כל האירגונים הללו פעלו למען האידיאל הציוני.




ערבי „עונג שבת ספרותיים, באולם „אגודת הציוניים" 1927—1932

ליטעראַרישע „עונג שבת" אָוונטן אין „אגודת הציוניים" 1927—1932

לפתע פרצה המלחמה, מלחמת העולם הראשונה. כל הפעולה הציונית נשתתקה. לא מחמת איסור השלטונות, אלא משום שכל אחד היה צריך לדאוג לבטחונו הוא ולפר־נסתו. הסדר והיציבות נהפכו על פיהם, ותנאי החיים נעשו בלתי־נורמליים.

בינתיים התבגרתי והייתי לחברה פעילה. יחד עם חברותי הנאמנות: ברכה מנדל, פלה ברקוביץ' ואחרות, אירגנו קבוצה שהעמידה לעצמה לעזור לילדים נזקקים שלא למדו. זה היה בשנת 1915 ולא היו אז בתי ספר יסודיים. אספנו קבוצות ילדות, לימדנו אותן והשתדלנו לתת להן ארוחות עשר: חלב חם ופרוסת לחם. את הרעיון יזם משה מנדלביץ'. הוא העמיד

האירגון של הציונים הכלליים התחיל להתפתח. נוסף לחברים הוותיקים כמו חיים בורנשטיין, פייביש סקשיניה, זליג צינצינאטוס ואחרים, הצטרפו הרבה כוחות צעירים: אשר מנדלביץ', שמואל ארליך, שמואל וצבי שעיה ומשה קוניארסקי. בית הספר לילדות הקיים התחדש והיה כבר תחת חסותו של האירגון. באו מורים לעברית מלודז', אלימלך מנחם ואחותו חנה, אנשים מוכשרים מאוד. התחלנו ליסד בעיירות הסמוכות לוילון אירגונים ציוניים. בכל מקום, אחרי הטקס הרשמי, התקיים חלק אמנותי, קריאה ודקלומים. המדקלמת הראשונה היתה חנה מנחם, אחותו של אלימלך. אני זוכרת איך דיקלמה את שירו של ביאליק: „אונטער די גריני־

נקע בוימעלעך, שפילן זיך מוישעלעך שלומעלעך" ברגש ובכשרון רב. אני דקלמתי את הפרק „עצמות יבשות" בעברית, למרות שאז עוד לא ידעתי עברית. מאז התארגנה קבוצת בחורות והחליטה ללמוד עברית. עברנו קורס אצל המורה מנחם, וזה היה היסוד. השפה העברית לא היתה זרה לי כשבאתי ארצה.

הפעולה הציונית התבססה על הרחבת האידיאל הציוני ואיסוף כספים לקרן היסוד וקרן הקיימת. הכספים נשלחו למרכז בורשה. כל שנה באו שליחים מורשה: הפטמן, ורשבסקי ואחרים, כדי לדרבן אותנו לפעולה נמרצת. פעם בא לעירנו יצחק גרינבוים ונערכה לו קבלת פנים נלהבת ומכובדת. ביום א׳ אחר הצהריים ניצב על גזוזטרת ביתנו ברחוב נארוטוביצ׳ה (פעם פאבריצ׳נה), ועברה בפניו קבוצת נוער מכל הזרמים ותזמורת עם סיסמאות „יחי הרעיון הציוני", „יחי יצחק גרינבוים" — והוא היה נרגש מאוד.

לשם איסוף כספים אירגנו גם „יום פרח", וכל הצעירים והצעירות יצאו לרחוב עם סלים מלאי פרחים וקופסאות לכסף. ולא היה מקרה שמישהו סירב, ואפילו אם היו על דש בגדו של התורם הרבה פרחים, תרם שוב כשנגשו אליו. אירגנו גם „באזארים" בשביל הקרן הקיימת. כל התנועות, יחד עם הנוער הבית"רי, שבראשם עמדו האחים קוניארסקי, חיים דוידוביץ׳ וחיים קשפיצקי. פנחס ברום, קאפל לייזרוביץ, וואווע קשפיצקי ועוד אחרים — לקחו חלק. היו ריקודים, הגרלות ומזנון שכל אחד תרם לו עוגות ויינות. היה שמח ונאסף סכום יפה. היתה גם להקת תיאטרון ביידיש. הבמאי היה יוסף שעיה, שהיה לו חוש לזה ועד כמה שהמשחק נדמה לי עכשיו נאיבי, אני נזכרת בזה בכאב לב, כי הכל עבר באופן כה טראגי. ההצגות התקיימו באולם של „אוחרונקה" ברחוב רוז׳נה, זכורה לי הצגת „מירלה אפרת"; בתפקיד הראשי הופיעה אמי, ואמרו שהיא אסתר־רחל קאמינסקה של וילון. בין השחקניות המצטיינות היו: בלה שעיה ופלה קשפיצקי. האולם היה תמיד מלא ואם לא היו מקומות ישיבה, עמדו עד לבמה ובאמצע ההצגה קראו „ברענגט א פאר שטילן פון שכנים"; הצופים נהנו מהמשחק המגוחך של החובבים.

במרוצת הזמן נוסד בנק של הציונים הכלליים (באנק קרדיטובי), שמנהלו היה אשר מנדלביץ׳ והעוזר הראשי וואווע קשפיצקי. היושב־ראש של הבנק היה יעקב שעיה. אסיפות וכינוסים לקראת קרן היסוד ואחרים התקיימו באולם הבנק.

גם אירגון נשים ציוניות „ויצ"ו" היה בוילון. אחת החברות המסורות ביותר היתה מינה, בתו של דודי יחזקאל דוידוביץ׳. היא היתה המזכירה והשתתפה בועידה הראשונה של „ויצ"ו" בורשה. בפעם האחרונה נפגשתי עמה ועם בעלה מכס שולץ ועם הוריה, בורשה, בזמן המלחמה. נשי „ויצ"ו" לקחו על עצמן את דאגה והשגחה לבית הספר: עשינו בו שיפורים, ערכנו חגיגות ואת הדגש שמנו על הלימוד העברי.

בוילון היה גם בית ספר של המזרחי בשם „בית אולפנא". צביונו היה דתי־לאומי. מנהלו היה מר יעקב הרשברג. בננו שמואל למד בו וסיימו.

יעקב סיפר פעם לילדים איך נעשה ציוני. הוא היה אז




ועדת הכספים של „אגודת הציונים" (1927) פינאַנץ־קאַמיסיע ביי „אגודת הציונים"

כבן שלוש עשרה והיה עם אמו בברסלאו שבגרמניה אצל רופא עינים. אז לא היו קשיים לנסוע לחוץ־לארץ ובכל מקרה רציני היו נוסעים מוילון לברסלאו. פעם, כשחזר מן הרופא אל הרובע היהודי, שהיו גרים בו, ראה יהודים בוכים ומדברים על מישהו שמת. הוא שאל אם מת עליהם איזה קרוב? ענו

חדשים. יעקב חשש שלא יוכל לפרנס את משפחתו באין לו מקצוע, ואת הרכוש הלא אי־אפשר היה להוציא... לכן החלטנו לעשות זאת בהדרגה: קודם נשלח את הבן הגדול שמואל לטכניון בחיפה, וכך אמנם עָשינו. אחר היה בדעתנו לשלוח את הבת, ולבסוף נחסל את העסקים ונבוא עם הבן הקטן דוד



קבוצת תלמידי תיכון־ציוני (1919)

אַ גרופּע ציוניסטישע גימנאַזיסטן (1919)

לו שמת איש גדול שהיה קרוב לכל היהודים ושמו — הרצל. וסיפרו לו על חזונו של הרצל. ובו במקום החליט יעקב לכשיגדל, ילך בדרכו של האיש הגדול הזה — וכך היה.

ועתה נשאלת, איפוא, השאלה: מדוע ציונים טובים כמונו לא עלו ארצה לפני המלחמה? אם נרצה למצוא נימוק — בוודאי שנמצא. הגם שעתה יהיה נראה בעינינו כמגוחך. אולם אז... ראשית היה קשה למשפחה לחסל הכל ולהתחיל בחיים

ועם אבי. כזאת היתה תכניתנו. אבל היטלר ביצע את תכניתו במהירות יתר...

לפעמים נדמה לי, כי החיים שעברו היו רק משחק ילדים — מאחורי גבנו עמד השטן וצחק, צחק עד שהתנפל עלינו ושם קץ לכל היקר לנו. כזאת נראית לי מלחמת העולם השניה.

מאורעות הדמים ידועים לכל — ומה שנוגע ליקרים לי, שהיו ואינם, אינני יכולה לספר, כי זה כואב יותר מדי...

אברהם מנדל

# החלוץ ע״י אגודת הציונים בוילוו

בשנות העשרים הראשונות היה „החלוץ" בוילון מסונף לאגודת הציונים, ששכנה אז ברחוב גשינסקא.

עיקר התעסקות החברים היתה באיסוף כספים לקרן הקיימת ובמגביות אחרות. כמו כן התארגן „החלוץ" על מנת להכשיר את הנוער לעבודות חקלאיות שונות, לקראת עליה ארצה במשך הזמן.

ההכשרה החקלאית התנהלה ע״י החבר אידלק שעיה שהיה בוגר בי״ס חקלאי בצ׳נסטוגוב. נרכשה חלקת אדמה, ובה גידלו ירקות, שנמכרו אחר כך ליהודים. כמובן שכל העבודה היתה בהתנדבות ע״י כל החברים, ששאבו עדוד רב והתרוממות רוח מהעבודה החקלאית. החברים הפעילים ב„החלוץ" היו: יעקב וולקוביץ׳, דוד שעיה, כותב השורות האלה ועוד.

באותה עת פנו החברים למרכז „החלוץ" בוורשה, בבקשה להתקבל להכשרה מקומית כחברים למרכז, וכבעלי זכות לקבל רשיונות (סרטיפיקטים) לעליה ארצה. התשובה היתה שלילית, היות ולפי תקנון מרכז „החלוץ" ההכשרה היתה חייבת להיות בריחוק מהבית, וכמו כן היו צריכים להתקיים מיגיעת כפיים עצמית. כתוצאה מזה התפרקה ההכשרה וחוסלה.

עליתי ארצה בעליה הרביעית. יתר החברים, בחלקם נשארו בעיר, ואחרים התפזרו למקומות שונים.

מתוך אלה שנשארו בעיר ניספו רובם בשואה.



חברי „החלוץ" בעבודת אדמה
בוילון בשנת 1923



חברים פון „החלוץ"
ביי פעלד־אַרבעט אין
וויעלון אין יאָר 1923

משה מענדלעוויטש

# דער יידישער יוגנט־פאַראיין

## (בלעטלעך געשיכטע)

### אַ חברים לאָקאַל אויף רעפאָרמאַצקע־גאַס

אַרום צוויי חדשים נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1914, האָט אַ גרופּע יידישע יוגנט־לעכע, בערך 20 פּערזאָן, פון פאַרשידענע ריכטונגען, לינקע, אומפּאַרטייאישע און ס'רוב ציוניסטיש געשטימטע, זיך קאָנ־צענטרירט אין אַ לאָקאַל פון צוויי צימערן אויף רעפאָרמאַצ־קע־גאַס און דאָרטן פאַרבראַכט די פרייע צייט, ביים לייענען צייטונגען, אַ בוך, שפּילן שאַך אָדער דאַמקע און שמועסן וועגן וועלט־ענינים, וויכוחים אד"גל.

אין יאָר 1915, האָבן די חברים באַשלאָסן צו פאַרוואַנד־לען דעם באַגרענעצטן קרייז אין אַן אַלגעמיינע געזעלשאַפט, וואָס זאָל אַרומנעמען ברייטערע קרייזן. אין רעזולטאַט דערפון איז געגרינדעט געוואָרן דער יידישער יוגנט־פאַראיין.

די ערשטע טעטיקייט איז באַשטאַנען אין ווערבירן חברים, אָנהייבן אַ קולטור־אַרבעט, שאַפן אַן אייגענע ביב־ליאָטעק אד"גל. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט האָבן צוויי אָנפירנדיקע חברים פון דער ציוניסטישער מחנה, צוליב אַ סכסוך, פאַרלאָזט דעם ניי־געשאַפענעם יוגנט־פאַראיין. דאָס האָט אויסגענוצט די קליינע גרופּע פון „בונד" און סאָציאַל־דעמאָקראַטן. זיי האָבן ווערבירט מיטגלידער פון רעכט און לינקס. אַלע קעגנער פון נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן געדאַנק, ספּעציעל נאָך אַ קליינע גרופּע מיט אַסימילאַטאָרישע טענ־דענצן, ווי בערנאַרד שאַיאַ, די ברידער יאַשינאָווסקי, דער אַפּטייקער און אַנדערע.

דער יוגנט־פאַראיין איז אַריבער אין אַ נייעם לאָקאַל אויף פּאַלעסטראַנסקאַ־גאַס און די טעטיקייט פון די געמישטע אַסימילאַטאָריש־לינקע גרופּירונגען, האָט ווייט נישט צופרידנ־געשטעלט די מערהייט פון די יוגנטלעכע חברים, דאָס רוב נאַציאָנאַל געשטימטע, אַרבעטער־יוגנט, און באַזונדערס, מאיר סוסאַק, מאַכל לועל, פייטל כמוראַ, יאָסל באָרנשטיין, וואָלף אַבנר, רפאל מאַרקוס, יאַנקל הערשליקאָוויטש, יאַנקל יאַקובאָוויטש און אַנדערע.

ס'איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז אויפן געביט פון טעאַטער האָט דער דראַמאַטישער קרייז, אונטער דער לייטונג און מיט־באַטייליקונג פון מאַנעלע בערמאַן, אויסגעפירט מיט דער־פאָלג אַ ריי יידישע פּיעסן, דערונטער אויך די פּיעסע „פאַ־



אולם הקריאה

דער לייען־זאַל אין „יוגנט פאַריין"




חוג דרמטי שליד ה„יוגנט פאַראיין" (1916) ההצגה: „יענקל דער שמיד"
דראַמאַטישן קרייז ביים „יוגנט פאַראיין" (1916) אויפגעפירט „יענקל דער שמיד" פון דוד פּינסקי
שורה ראשונה (מימין) — ערשטע ריי (רעכטס): מרים קרימאַלאָווסקי, פייטל כמורא, משה מענדלעוויטש, וואָלף אוונער, בערל שמולעוויטש;
שורה שניה — צווייטע ריי: דאָברע נאַזשיק, לאה שאַיעוויטש, יענקל ליבערמאַן, אלימלך מנחם;
יושבים (מימין) — זיצן (רעכטס): רבקה'לה נאַזשיק, מירעלע דראַזדזשיק, שרה ניעכציצקי

מיליע צבי" פון דוד פּינסקי. אין דער פּיעסע האָבן זיך באַטייליקט: פּערל הערשבערג, פייטל כמוראָ, מאַן און פרוי בליצבלוי, דניאל ווייסקאָל, יאַנקל לעווקאָוויטש, נחום קלינאָווסקי און אַנדערע.

די טרייב־קראַפט צו ענדערן ראַדיקאַל דעם גאַנצן כאַראַקטער פון דעם יוגנט־פאַראיין האָט געגעבן דער פאָלגנדיקער פאַקט: דורך מודעות איז באַקאַנט געוואָרן, אַז אין אַ שבת, אָנהייב 1916, וועט פאָרקומען אין יוגנט־פאַראיין אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „די מוטער ביי פעלקער און די מוטער ביי יידן". די טעמע האָט מיך שטאַרק שאַקירט און פאַראינטערעסירט. איך בין אויך געווען איינער פון די צוהערער.

ס'דערמאָנט זיך געני, ס'שטייט און רעדט פאַר אַ געמישטן עולם צוהערער אין לייען־זאַל פון יוגנט־פאַראיין, אַ געוויסע פּערזאָן מיטן נאָמען וואָלף וואָס איז געווען לערער פון פרעמדע שפּראַכן אין שטעטל אָשיאַקאָוו. אַ מענטש פון בערך 30 יאָר, אַ בלאַסער און מאָגערער. ער ברענגט ציטאַטן, אויסצוגן, פאַרגלייכונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, פון פאַרשידענע שרייבער, היסטאָריקער, וויסנשאַפטלער, און ער איז געקומען צום אויספיר, וועלנדיק איבערצייגן מיט פאַקטן, אַז די מוטער ביי אַלע פעלקער איז דאָס בעסטע וואָס עס קאָן זיין פאַרן קינד, מיט איר שטאַרקער ליבע, האַרציקייט, צערטלעכקייט און אָפּפערוויליקייט אָן גרענעץ. דאַקעגן די יידישע מוטער איז נישט מער ווי אַ קינדער־זאַק.

די נישט־נאָרמאַלע און משונהדיקע אַנטיסעמיטישע פלאַפּלעריי איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן בעת אויף דער וואַנט, איבערן קאָפּ פון דעם מענטש, איז געהאָנגען דאָס בילד פון ד"ר הערצל, וואָס איז נאָך אַריבערגעפירט געוואָרן פון רעפאַרמאַצעק־גאַס, וווּ עס איז געגרינדעט געוואָרן דער יידישער יוגנט־פאַראיין.

די דערמאָנטע דערשיינונג האָט מיך, אַלס יידישער נאַציאָנאַלער יוגנטלעכער, נישט געלאָזט רוען און געטריבן אַרויסטרעטן אין קאַמף קעגן דער לייטונג פון פאַראיין. איך האָב אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו, צוזאַמען מיט נאָך חברים, וואָס זענען געווען אין יוגנט־פאַראיין, און מחוץ אים: ווי: יעקב ליבערמאַן, בערל שמולעוויטש, יהושע ליפּמאַנאָוויטש

און אַנדערע. נאָך אַ גוטער אָרגאַניזירונג און אויפקלערונג, איז נאָך אייניקע וואָכן געוויילט געוואָרן, מיט אַ גרויסער מערהייט, אַ נייע פאַרוואַלטונג פון ציוניסטיש־סאָציאַליסטי־שע עלעמענטן, ווי אויך אומפּאַרטייאישע. דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה פון אַ פּרוכטבאַרער קולטורעלער טעטיקייט אין נאַציאָנאַלן זין און גייסט.

די אַסימילאַטאָרישע גרופּע און אויך זייערע אָנהענגער, צוזאַמען בערך 15 מאַן, זענען אַרויסגעטראָטן פון יוגנט־פאַראיין און אויף זייער אָרט זענען צוגעקומען פיל צענדליקער נייע מיטגלידער. באַלד אין די ערשטע טעג איז פאַרטאָפּלט געוואָרן די צאָל מיטגלידער.

צוליב דעם געשאַפענעם מצב הייבט זיך אָן אַ נייע פּרוכטבאַרע און רייכע טעטיקייט אויפן קולטורעלן געביט.

דער לאָקאַל איז תמיד פול געווען מיט לעבנס־פרייד לעכער יוגנט — בחורים און מיידלעך. ס׳זענען אויך געווען מאַמענטן פון מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן חברים, אָבער מען האָט זיך שטענדיק חבריש און פריינדלעך פאַרשטענדיקט, טאָלע־רירט, רעספּעקטירט איינער דעם צווייטן, אַזוי ווי ס׳פירט זיך אין אַן אָנשטענדיקער משפּחה. אַזוי געדענק איך דעם יידישן יוגנט־פאַראיין.

מיטן צושטראָם פון נייע חברים איז אויך פאַרגרעסערט און פאַרטאָפּלט געוואָרן דער לאָקאַל פון צוויי אויף פיר צימערן: פאַר אַ לייען־זאַל און ביבליאָטעק, ווו ס׳האָבן זיך אויך געטראָפן די חברים. אַ ספּעציעל צימער פאַרן סעקרע־טאַריאַט און פאַר זיצונגען, און דאָס פערטע צימער אויף פאַרשידענע צוועקן: לעקציעס, קורסן, פאַרן כאָר און פאַרן דראַמאַטישן קרייז. דער לאָקאַל איז געווען דעקאָרירט מיט געשמאַק, שיין מעבל און פאַסיקע בילדער אויף די ווענט. אין לייען־זאַל איז געהאַנגען דאָס בילד פון ד״ר הערצל אין דער נאַטירלעכער גרייס, געצייכנט דורך אונדזער בן־עיר, דער באַוווּסטער מאָלער שלמה איצקאָוויטש.

די ביבליאָטעק האָט זיך פון טאָג צו טאָג פאַרגרעסערט, רייכער געוואָרן מיט די נייסטע ביכער, אויך די צאָל לייענער איז געוואַקסן.

ביים פאַראיין האָט אויך עקזיסטירט אַ גוטער כאָר אונ־טער דער לייטונג פון מוזיק־לערער אלי בעסער. דער כאָר איז אַרויסגעטראָטן אויף פאַרשידענע פייערלעכע אָוונטן אין אייגענעם לאָקאַל און אויך אין שטאָטישן זאַל.

די ליטעראַרישע קעסטל־אָוונטן, וואָס זענען פאַרגעקומען יעדן פרייטיק־צו־נאַכט, מיט אַ פאַרשידנאַרטיקן פּראָגראַם, אויסגעפירט מיט אייגענע כוחות, האָבן תמיד געהאַט דער־פאָלג.

אַ גרויסן גייסטיקן ביישטייער האָט באַקומען דער יידי־שער יוגנט־פאַראיין דורך אלימלך מנחם, דער דעמאָלטיקער העברעישער לערער אין דער מיידל־שול ביי דער ציוניסטי־



„דער דאָרפס יונג״ מאת ל. קוברין הוצג ע״י החוג הדרמטי של „יוגנט פאַראיין״ בשנת 1917

„דער דאָרפס יונג״ פון ל. קאָברין אויפגעפירט דורך דעם דראַמאַטישן קרייז ביים „יוגנט פאַראיין״ אין יאָר 1917

פאַריין האָט אָנגעפירט און געגעבן לעקציעס דער לערער יהושע ליפּמאַנאָוויטש.

יצחק מאיר בלאָשטיין, דאָס אייניקל פון ווילונער רב (דער שריפטשטעלער יצחק סלע), האָט געגעבן צוויי מאָל אַ וואָך לעקציעס וועגן וועגן פּאַלעסטינאָגראַפיע (מבנה הפיזי של הארץ).

## דער אַלגעמיינער „החלוץ"

אונטער דער השפעה און איניציאַטיוו פון די עסקנים אין יידישן יוגנט-פאַראיין איז אַנטשטאַנען די ערשטע אַל-געמיינע „החלוץ"-אָרגאַניזאַציע אין ווילון. אין דער זעלבער צייט איז אויך געשאַפן געוואָרן די באַשיידענע לאַנדווירט-שאַפטלעכע פאַרמע אַלס הכשרה פאַר ארץ-ישראל. דער „החלוץ" האָט אַרויסגעגעבן די ערשטע חלוצים קיין ארץ-ישראל.



הספריה ב„יוגנט פאַראיין" — ביבליאָטעק אין „יוגנט פאַראיין" (1919-1915)

שער אָרגאַניזאַציע אויף באַריטש-גאַס. מנחמס טאַלאַנט, זיין אינטעליגענץ, חן און פעיקייט האָט פיל געגעבן די יוגנט און געהויבן איר גייסטיקן מצב. ער איז אויך געווען דער רעזשי-סער און זיך באַטייליקט אין אייניקע טעאַטער-פאָרשטעלונגען פון דראַמאַטישן קרייז ביים אויספירן „יענקל דער שמיד" פון ד. פינסקי, דער „דאָרפס-יונג" פון לעאָ קאָברין, די „פוסטע קרעטשמע" פון פּרץ הירשביין און נאָך פאַרשידענע ליטעראַ-רישע אימפּרעזן, וואָס האָבן מצליח געווען און געשטאַנען אויף אַ הויכן קינסטלערישן ניוואָ.

צום דראַמאַטישן קרייז האָבן געהערט: אלימלך מנחם, פייטל כמורא, מירעלע דראָזשדזשיק (מענדלעוויטש), מרים קאַליכשטיין (קשוק) דאָברע נאָזשיק (אָוונער), רבקהלע נאָזשיק (מאַרקוס), וואָלף אָוונער, יאַנקל ליבערמאַן, בערל שמולעוויטש, יוסף דיאַמאַנט, שרהטשע ניעכטשיצקאַ, מרים קרימאַלאָווסקאַ, און אַנד.



קבוצת חברים מה„יוגנט פאַראיין" 1917

אַ גרופּע חברים פון „יוגנט פאַראיין" 1917

מיט די העברעישע אָוונט-קורסן אין יידישן יוגנט-



„אגודת הספורט היהודית" הראשונה בשנת 1915 (במרכז המורה לספורט, איש הצבא מייקסנר וחברי ההנהלה)

דער ערשטער „יידישן טורן און ספּאָרט פאַריין" אין יאָר 1915. אין צענטער — דער ספּאָרט לערער, דער מיליטער מאַן מייקסנער און די פאַרוואַלטונגס-מיטגלידער: הערשליק, יאַקובאָוויטש, יצחק כוואט, יאשינאָווסקי, יענקל לעווקאָוויטש, יהושע ליפמאַנאָוויטש א.א.

## יידישער טורן־ און ספּאָרט-פאַראיין

דער עקזיסטירנדיקער יידישער טורן־ און ספּאָרט-פאַר־איין, וועמענס ערשטער ספּאָרט-לערער איז בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה געווען אַ דייטשער מיליטערמאַן (מייקסנער), האָט פיל געלייסטעט אויפן געביט פון ספּאָרט פאַר דער יידישער יוגנט.

אין דער פאַרוואַלטונג זענען געווען פאַרשטייער פון אַלע ריכטונגען, צווישן זיי אויך יצחק כוואַט (דער פאַרזיצער פון יידישן יוגנט-פאַראיין) און דער העברעישער לערער יהושע ליפמאַנאָוויטש.

דער רוב ספּאָרטלער זענען געווען חברים פון דער־מאָנטן יוגנט-פאַראיין.



פעילים ב„יוגנט פאראיין"

אקטיווע חברים פון „יוגנט פאראיין" 1918

**משה מענדלעוויטש**

# די ערשטע שפּראַצונגען און טעטיקייט פון „צ״צ״ און „פּ״צ״

בהדרגה האָבן זיך אין יידישן יוגנט־פאַראיין געשאַפן צוויי ריכטונגען מיט קליינע דיפערענצן: „צעירי־ציון״ און „פּועלי־ציון״ — ביידע גרופּירונגען האָבן געהאַט פרייע אויטאָנאָמיע צו פירן זייער פּאָליטישע טעטיקייט.

די „צעירי־ציון״ זענען געווען טעטיק אויף אַלע ציוניס־טישע געביטן, ווי: אויפקלערונגען, פּראָפּאַגאַנדע, פּרעסע און זאַמל־אַקציעס פאַר אַלע ציוניסטישע פאָנדן: קרן־קימת, גע־פלאַנצט אין „יער הרצל״ אַ גן (אגודת הצעירים); אויך מיט הצלחה זיך באַטייליקט אין אַ הילפס־זאַמלונג פון תכשיטים: גאָלד, זילבער און אַנדערע ווערטפולע חפצים, (פאַרגעקומען באַלד נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע אין יאָר 1917) די אָנפי־רנדע חברים פון צ״צ זענען געווען יענקל ליבערמאַן, יאַנקל הערשליקאָוויטש, מאיר סוסאַק, פייטל כמוראַ, וואָלף ווייס און דער שרייבער פון די שורות, ווי אויך אלימלך מנחם, וועלכער האָט פיל געלייסטעט פאַר דער נייער באַוועגונג. אין דער ער־שטער ראַיאָן־קאָנפערענץ פון „צעירי־ציון״ אין לאָדזש, אין יאָר 1918, האָבן זיך באַטייליקט: וואָלף ווייס און משה מענדלעוויטש.

אויך די „פּועלי־ציון״ גרופּע איז געווען טעטיק אויף אַלע געביטן פון אויפקלערונג, פּראָפּאַגאַנדע, פּרעסע און אויך גע־ווען מיטבאַטייליקט אין „החלוץ״ און צוזאַמען מיט די „צ.צ.״ אין פאַרשידענע אַקציעס.

די באַציונגען צווישן די צוויי גרופּירונגען זענען געווען גוטע. די פירנדע חברים פון די „פּועלי־ציון״ גרופּע זענען געווען: וואָלף אבנר, מאַכל לועל, בערל שמולעוויטש און יאָסל באַרנשטיין און אין דער שפּעטערער צייט מצד דער יוגנט — אברהם ברום, אברהם קשוק און פייוול פּרענקל.

### רעוויזיעס און אַרעסטן דורך פּוילישע באַוואָפנטע מיליטער־לייט אין „יידישן יוגנט־פאַראיין״

נאָך פּוילנס באַפרייאונג, דעם 11־טן נאָוועמבער 1918, האָט זיך געשאַפן אַ מצב פון פּחד און נישט זיכערקייט אין דער יידישער גאַס, עס זענען יעדן טאָג אָנגעקומען ידיעות פון אַלע עקן פּוילן וועגן שיקאַנעס, רדיפות און עקסצעסן איבער יידן.

אין איינעם אַ וואָכן־טאָג, מערץ 1919, אין די אָוונט־שעהן ווען דער לאָקאַל פון פאַראיין איז געווען פול געפּאַקט מיט יוגנט, איז פּלוצלינג אַריינגעדרונגען אַ גרופּע פון איבער 20 „פּעאָוויאַקעס״ (פּ.אָ.וו. — פּוילישע מיליטער־אָרגאַני־זאַציע) אין מיליטערישע און אין ציווילע קליידער, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פיס מיט באַגנעטן אויף די ביקסן, אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם באַוווסטן יונגן אַנטיסעמיט ביאַלאָבזשעסקי. זיי האָבן גרופּירט די בחורים אין אַ באַזונדער צימער, און די מיידלעך — אין אַן אַנדערן צימער און רעווידירט יעדן בחור, אויב ער האָט נישט ביי זיך געווער. דערנאָך האָבן זיי אַדורכ־געפירט אַ גענויע קאָנטראָל אין אַלע שענק, שופלעדער און אין די אויוונס און דערביי צעפּלינדערט און צעוואָרפן אַלץ, וואָס איז זיי געקומען אונטער די הענט, ווילנדיק געפינען געווער.

דער שרייבער פון די שורות האָט זיי דערקלערט, אַז דאָ ווערט נישט געטאָן קיין שום אומלעגאַלע אַרבעט און מען באַ־נוצט נישט קיין געווער, ווי אויך אַז די אויפגאַבן פון „יידישן יוגנט־פאַראיין״ זענען נאָר ציוניסטיש־חלוציש און אויך קול־טורעל־דערציערישע צווישן דער יידישער יוגנט.

נאָך אַ רייע אויספאָרשונגען אויפן אָרט, האָבן זיי פאַרלאָזט דעם לאָקאַל און מיטגענומען מיט זיך דריי אָנפירנדע חברים: מאיר סוסאַק, אברהם ליטמאַנאָוויטש און משה מענדלעוויטש. אונטער אַ שטאַרקער שמירה פון איבער 20 באַוואָפנטע מילי־טער־לייט זענען די אַרעסטירטע איבערגעפירט געוואָרן אין דער פּוילישער מיליטערישער קאָמענדאַנטור.

די שרעק און זאָרג פאַרן גורל פון די אַרעסטירטע איז געווען גרויס, זייענדיק נאָך אונטערן איינדרוק פון דער שרעק־לעכער טראַגעדיע, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורך באַ־וואָפנטע פּוילישע מיליטער־לייט אין יענע טעג אין דער שטאָט פּינסק און דאָרט דערשאָסן 35 יוגנטלעכע אומשולדיקע חברים פון „צעירי־ציון״ און החלוץ.

די אַרעסטירטע זענען ביז 2 ביינאַכט געוואָרן שטאַרק אויסגעפאָרשט דורך דער העכערער מיליטערישער מאַכט.

יעדער איינער פון די אַרעסטירטע האָט געמוזט פערזענ־לעך פאַרזיכערן און איז פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט געוואָרן, אַז ס׳קומען נישט פאָר געהיימע מיליטערישע איבונגען און אין פאַראיין און ביי זיינע מיטגלידער געפינט זיך נישט קיין געווער.

ערשט 3 אַזייגער זענען די אַרעסטירטע באַפרייט געוואָרן.

*

בערך אין דער זעלבער צייט האָט די פּוילישע רעגירונג גערופן צו מיליטער־דינסט אַלע געבוירענע פון די יאָרן 1898־99, צוליב וואָס דער פאַראיין האָט פאַרלאָרן מיט איינ־מאָל קרוב דריי צענדליקער חברים.

באַלד נאָכדעם, אָנהויב יאָר 1920, האָט דאָס פּוילישע מי־ליטער פאַר זיך רעקווירירט דעם גאַנצן לאָקאַל פון יוגנט־

פאַראיין און דערביי באַזייטיקט דאָס מעבל, די ביבליאָטעק און דעם גאַנצן אינווענטאַר.

אַלע אינטערווענצן ביי דער אָרטיקער מאַכט, סיי די ווענדונג צום קריגס־מיניסטעריום, (מיט אויספירלעכע אָפּשריפטן. צום „יידישן נאַציאָנאַלן ראָט“, אונטער דער לייטונג פון יצחק גרינבוים אין וואַרשע) האָט נישט געגעבן דעם געווונטשענעם רעזולטאַט.

דער רעשט אָפּגעראַטעוועטע ביכער און אַ טייל פון אינווענטאַר איז געוואָרן צונויפגעזאַמלט און אָפּגעהיטן ביי פּאַרשידענע חברים.

ביי דער געשאַפענער לאַגע, איז געקומען צו אידעאָלאָגישע מיינונגס־אונטערשידן צווישן די חברים. און דער עיקר — פאַרלירנדיק דעם לאָקאַל. איז באַשלאָסן געוואָרן אַדורכצופירן אַ פּלעביסציט צווישן די צוויי עקזיסטירנדע גרופּירונגען „צעירי ציון“ און „פּועלי ציון“ און לויט דער צאָל שטימען, וואָס יעדע גרופּע האָט באַקומען, איז פאַרגעקומען די צעטיילונג פון דער ביבליאָטעק און אינווענטאַר.

די „צעירי־ציון“ האָבן באַקומען בערך 60 פּראָצענט שטימען און די רעשט — די „פּועלי־ציון“־גרופּע. פאַרן דורכפירן דעם פּלעביסציט זענען פאַרגעקומען פאַרזאַמלונגען צווישןביידע גרופּירונגען מיט אייגענע כוחות און מיט שליחים פון די צענטראַלע אָרגאַנען.

די „פּועלי ציון“ האָט באַזוכט ד״ר א. ש. יוריס פון וואַרשע, ער האָט געהאַלטן אַ שיינעם רעפעראַט ביי די „צעירי־ציון. דער אַמאָליקער העברעישער לערער אלימלך מנחם, ווי אויך דער צ. ק.־מיטגלידער קלמן לעוואַרטאָווסקי (ברלב), האָבן רעפערירט וועגן אַקטועלע ענינים.

די „צעירי־ציון“ האָט נישט אויסגענוצט איר רעכט אַלס מערהייט, נעמענדיק אין אַכט אַז ביידע גרופּן די „פּ״צ“ און „צ״צ“ האָבן בשותפות אויפגעבויט דעם „יוגנט־פאַראיין“, דאַרף אויך די מינדערהייט באַקומען איר חלק בעת דער ליקווידירונג.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט די תקופה פון פּרוכטבאַרער טעטיקייט און קיום פון „יידישן יוגנט־פאַראיין“ אין ווילון.



קבוצת פעילים ב„יוגנט פאַראיין“ עם אלימלך מנחם לפני עזבו את ווילון בשנת 1919
אָנפירענדיקע גרופּע חברים אין „יוגנט פאַראיין“ צום אָפּפאָר פון אלימלך מנחם אין יאָר 1919
עומדים בשורה ראשונה (מימין) — שטייען ערשטע ריי (רעכטס): וואָלף אוונער, רפאל מרקוס, יצחק מ. בלאָשטיין (סלע), בערל שמולעוויטש, מאיר סוסאַק, יוסף דיאַמאַנט; **שורה שניה — צווייטע ריי**: וואָלף ווייס, יענקל הערשליקאָוויטש, פייטל כמורא, מרדכי לועל; יושבים — זיצן: אברהם ליטמאַנאָוויטש, משה מענדלעוויטש, אלימלך מנחם, יצחק כוואַט ויוסף באָרנשטיין.

**מרדכי מנדל**

# התארגנות „החלוץ" בוילון

בשנים 1917-16, בימי מלחמת העולם הראשונה, כאשר פולין נכבשה ע"י גרמניה, החל להתארגן „החלוץ" בוילון. היוזמים הראשונים היו חברים מ„צעירי ציון", שהיו פעילים ב„יוגענט פאראיין".

העבודה האירגונית של „החלוץ" התנהלה ע"י החברים: משה מנדלביץ, אברהם ליטמנוביץ וכותב השורות האלה. במשך הזמן התפתח „החלוץ" והצטרף אליו גם נוער מ„אגודת הציונים" ומהצופים. „החלוץ" התחיל להיות גורם ממשי בחיי הנוער בוילון. נרכשה חלקת אדמה בסביבת העיר, והוקמה בה חוה חקלאית על מנת להכשיר את הנוער לקראת עלייתם ארצה בבוא הזמן. נרכש אינבנטר חי, סוס ועגלה, והוחל בעבודה אינטנסיבית. כעבור זמן מה היתה כבר תוצרת חקלאית עצמית. סודרה גם תערוכה של הירקות, בה נמכרה התוצרת.

החברים התיחסו ברצינות ובנאמנות לעבודה החקלאית. גם הציבור היהודי התייחס באהדה למפעל החלוצי הזה.

נערכו שעורי ערב לעברית, בהדרכתו של המורה יהושע ליפמנוביץ, וגם שעורים ב„פלסטינוגרפיה", בהדרכתו של




ועד „החלוץ" וחברים בשנת 1919 — דער „החלוץ" קאָמיטעט און חברים (1919)

שורה ראשונה (מימין) — ערשטע ריי (רעכטס): מאָשקאָוויטש, איציק באָמס, גרין, דוד מענדעל, שלמה באָרקאָווסקי, הערשל דאַנקעוויטש, דוד בערמאַן, לאַסמאַן, צדוק לעווקאָוויטש, מאַרקעוויטש, יהושע ליפמאַנאָוויטש, שמואל ערליך, יוסף ביאַליק, יצחק הערשבערג, יצחק מ. בלאָשטיין־סלע, מרדכי לועל, וועלוול לעווקאָוויטש, משה מענדלעוויטש, אברהם ליטמאַנאָוויטש, וואָלף ווייס, יוסף באָרנשטיין, מרדכי מענדעל, מרדכי מאַרקוס, פייוויש הערשבערג, פייוול ווידאַווסקי, אברהם ווידאַווסקי, יצחק אַנקלעוויטש, אַלטמאַן, מאיר סוסאק מענדל וואָלקאָוויטש

יצחק־מאיר בלאושטיין (הסופר יצחק סלע — נכדו של הרב).

בכנס הראשון של החלוץ מקונגרס פולין, שהתקיים בורשה בסוף שנת 1918, בו השתתף גם חברנו אברהם ליטמנוביץ, נתקבלו המסקנות וההחלטות שנתקבלו בוילון ביחס לדרך הגשמת החלוציות.

הפעילים ב„החלוץ" בוילון היו החברים: אברהם ליט־מנוביץ, משה מנדלביץ, זאב לבקוביץ, מרדכי מנדל, לייב כמורא, יוסף בורנשטיין, יצחק אנקלביץ, שמואל ארליך ועוד.

בהתחלת 1919, מיד אחרי תקומת פולין, נצטוו הצעירים ע"י הממשלה הפולנית להתייצב לשרות חובה בצבא. חלק מחברי „החלוץ" התגייס, ואחרים עזבו את פולין. הנוער התפזר, אבל נשאר נאמן לרעיון החלוצי.

בין ראשוני „החלוץ" שעלו ארצה היה יצחק אנקלביץ.

גויסתי לצבא הפולני. אחרי שלוש שנות שרות ומלחמת הבולשביקים, חזרתי הביתה, בשנת 1921, ואז התחיל „החלוץ" להתארגן מחדש.

בשנת 1925 עליתי ארצה.

№ 12

# כרטיס-חבר

מאת

„החלוץ" בווילון.

ח' פייבוש הירשברג

וילון, יום ______ תרע"ט

יושב ראש:

מזכיר:




„החלוץ" בעת הקציר בשנת 1919

דער „החלוץ" ביים שניט אין יאָר 1919

# צופים סקויטן



קבוצת צופים עם המדריך איצולעק שעיה (1916)

אַ גרופּע סקויטן מיטן לייטער איצולעק שאַיאַ (1916)



אגודת הצופים היהודית עם מייסדה אברהם ליטמנוביץ

דער יידישער סקויטן־פאַראיין מיט זיין גרינדער אברהם ליטמאַנאָוויטש

# ספורטאים ספאָרטלער



תרגילי התעמלות של חברי אגודת „ייד. טורן און ספאָרט פאַראיין" בוילון 1915 — 1917



גימנאַסטישע איבונגען אין „יידשן טורן און ספאָרט פאַראיין" אין ווילון 1915 — 1917



קבוצת ספורטאים ומדריכים של „המכבי"

אַ גרופע „מכבי"־ספאָרטלער און אינסטרוקטאָרן



נבחרת הכדורגל היהודית בשנת 1930

פוטבאָל מאַנשאַפט אין יאָר 1930



נבחרת הכדורגל היהודית בשנת 1918 בוילון

יידישער פוטבאָל מאַנשאַפט אין יאָר 1918 אין וויעלון





חלילנים
פלייטלער

תזמורת זעירה של הצופים, 1916
קליין אָרקעסטער פון סקויטן, 1916



קבוצת ספורטאי ומדריכי „מכבי" (1927)
אַ גרופּע ספּאָרטלער „מכבי" (1927)

משה מענדלעוויטש

# „צעירי ציון" (צ. ס.)

די „צעירי־ציון"־באַוועגונג, וואָס איז געווען טעטיק אין געוועזענעם „יוגנט־פאַראיין", האָט ווייטער פאָרגעזעצט איר אַרבעט און אויפסניי אָנגעהויבן צוריק אויפבויען די דורך דער פוילישער מיליטערישער מאַכט חרוב־געמאַכטער ביב־ליאָטעק. ס'איז געוואָרן אָפּגעדינגען דער לאָקאַל פון דער שול, וואָס האָט געהערט צו דער פרוי אסתר־הדס דאַווידאָ־וויטש, צום באַנוצן זיך אין די אָוונט־שעהן. דער לאָקאַל האָט געדינט אַלס צענטער פאַר אַלע געזעלשאַפטלעכע קולטור־און פּאָליטישע אַרבעטן. די „צעיר־ציון" האָט זיך זייער אַק־טיוו באַטייליקט אין די וואַלן צום סיים, אין אַלע ציוניסטישע אינסטיטוציעס און פאָנדן, אין „החלוץ" און אין פּאַלעסטינע־אַמט פאַר עליה.

אין יאָר 1919 איז אַ גרויסע צאָל חברים גערופן געוואָרן אין פוילישן מיליטער־דינסט. דאָס האָט זייער אָפּגעשוואַכט די טעטיקייט. דעמאָלט זענען געווען טעטיק די חברים: מאיר סוסאַק, יעקב ליבערמאַן, פייטל כמורא, יאַנקל הערשליקאָוויטש, רפאל און מרדכי מאַר־קוס, רוזשקע ברום, מרים יודקעוויטש, משה מענדלעוויטש און אַנדערע.

מיט דער אַנטוויקלונג און דיפערענצירונג פון דער פּאַר־טיי אין ווילעון זענען מער נוטה געווען צו דער „צ.ס."־גרופּע און „צעירי־ציון". אין יאָר 1921 איז די ווילונער „צעירי־ציון" שוין געווען אָנגעשלאָסן אין „צ.ס. צעירי־ציון" — וואָס איז געווען פון אידעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט נאָענט צו דער דעמאָלטיקער „אחדות העבודה" אין ארץ־ישראל. די צענ־טראַלע לייטונג פון דער פּאַרטיי אין וואַרשע איז צו יענער צייט פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט נייע אינטעלעקטועלע כוחות, וואָס זענען אָנגעקומען פון רוסלאַנד און אַנדערע לענדער. צווישן זיי: ישראל מערעמינסקי, י. ריטאָוו, צ. ראָזענשטיין, דוב בער מאַלקין, יצחק שווייגער און אַנדערע.

אין דער קאָנפערענץ פון מזרח־פאַרבאַנד „צעירי־ציון", וואָס איז פאָרגעקומען פון 12טן ביזן 17טן אויגוסט 1921 אין וואַרשע, האָבן זיך, אַחוץ פון פוילן, באַטייליקט דעלעגאַטן אויך פון אַנדערע מזרח־אייראָפּעישע לענדער. מצד דער ווילונער „צעירי־ציון" איז געוואָרן דעלעגירט דער ח' משה מענדלעוויטש.

די קאָנפערענץ האָט צוגעגרייט דעם באָדן פון פאַראייניקן די „צעירי־ציון" מיט די רעכטע „פועלי־ציון".

טראָץ דערגרייכונגען אין אידעישן זין, איז נישט געווען קיין אויפשטייג אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער פּאַרטיי אין ווילעון. הגם די „צעירי־ציון" האָט געהאַט אָנפירנדיקע חברים. ס'האָט אָבער געפעלט די גרויסע גרופּע חברים, וועלכע זענען גערופן געוואָרן צום מיליטער־דינסט. ס'האָט אויך געפעלט אַן אייגענער לאָקאַל, אַ „היים", וואָס איז געווען אַמאָל דער „יוגנט־פאַראיין".

אין די ווינטער־חדשים פון יאָר 1923 איז פּלוצים גע־שטאָרבן איינער פון די אָנפירנדיקע און באַליבטע חברים פון „צעירי־ציון" צ.ס. — מאיר סוסאַק; זיין טויט האָט אַרויס־גערופן גרויס טרויער ביי אַלע זיינע חברים און פריינד, נאָענטע און באַקאַנטע. דער דאָזיקער צופאַל איז פאַר דער אָרגאַניזאַציע געווען אַ גרויסער פאַרלוסט.



אלימלך מנחם ובר־לב (לעווארטאווסקי) מבקרים בוילון בשנת 1920 (באַזוכן ווילעון)

## די באַציִונגען צווישן די „צעירי־ציון"־צ.ס. צו אַנדערע פּאַרטייען

ס'איז כדאי אונטערצושטרייכן אַז די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן אונדזערע חברים און חברים פון אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען — זענען תמיד געווען קאָרעקטע און אפילו פריינטלעכע; געווען טעטיק בשותפות צוזאַמען מיט אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין קרן־קיימת און קרן היסוד און ציוניסטישע אימפּרעזעס. אויך מיט די לינקע גרופּירונגען אויף דער יידישער גאַס אין וויעלון, מיט די אַרבעטער־ און פּאָלקס־מענטשן, זענען מיר געווען ענג פאַרבונדן. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען אַ געדאַנק צו שאַפן אין וויעלון אַן אַלגעמיינעם קולטור־צענטער און אַן אומפּאַרטייאישע אַלגעמיינע פּאָלקס־ביבליאָטעק. אויף אַ צוזאַמענטרעף פון „צעירי־ציון" צ.ס., לינקע „פּועלי־ציון" און „בונד" איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין דעם „ערשטן ביבליאָטעקן־צוזאַמענפאָר", וואָס די „קולטור־ליגע" אין וואַרשע האָט איינגעאָרדנט פון 23סטן ביזן 25סטן אַפּריל 1924, כדי צו באַקענען זיך מיט די צילן און אויפגאַבן פון צוזאַמענפאָר איז דעלעגירט געוואָרן דער ח' משה מענדלעוויטש.

ליידער האָט די שליחות נישט געגעבן דעם געווונטשענעם רעזולטאַט, צוליב דעם עקסטרעמען כאַראַקטער — די קעגנערשאַפט צו דער העברעישער שפּראַך און קולטור, און ממילא צו אַלעם, וואָס האָט אַ שייכות צו ארץ־ישראל, צוליב דעם דעצידירנדיקן איינפלוס אויף דער קאָנפערענץ מצד דעם „בונד", צוזאַמען מיט דער גרופּע פּאָלקיסטן. אַזוי אַרום איז פון דעם שיינעם פּלאַן גאָרנישט געוואָרן.

## די וואַלן צו דער יידישער געמיינע אין יאָר 1924

אין יאָר 1924 האָט די פּוילישע מאַכט פאַראָרדנט וואַלן צו דער יידישער גמינע. היות ביז דעמאָלט איז אין דער קהילה נאָך נישט געווען פאַרטרעטן קיין פאָרשטייער פון אַרבעטער־פּאַרטייען, איז געשאַפן געוואָרן אַ וואַל־קאָמיטעט אונטערן נאָמען „פאַראייניקטער אַרבעטער־וואַל־קאָמיטעט" פון „צעירי־ציון" צ.ס., לינקע „פּועלי־ציון" און „בונד". לויטן הסכם האָט אויף דער ליסטע פיגורירט דער ערשטער אַ חבר פון „צעירי־ציון", דער צווייטער — „פּועלי־ציון" און דער דריטער — אַ בונדיסט.

צום ראַט פון דער קהילה האָבן געדאַרפט געווילט ווערן 12 מיטגלידער און פון זיי — 8 מיטגלידער צו דער פאַרוואַלטונג, אַנצופירן מיט דער גמינע־ווירטשאַפט.

אַקטיווע וואַל־רעכט האָבן געהאַט נאָר מענער אין עלטער פון 25 יאָר, און פּאַסיווע (געווילט צו ווערן) פון 30 יאָר. דער רוב חברים איז געווען יוגנטלעכע.

פון די 892 שטימען, וואָס אַלע ליסטעס צוזאַמען האָבן באַקומען, האָט די ליסטע פון פאַראייניקטן אַרבעטער־וואַל־קאָמיטעט באַקומען 89 שטימען (1 מאַנדאַט). ס'איז אויסגעווילט געוואָרן פון „צעירי־ציון" צ.ס. דער ח' פייטל כמורא. די פאַראייניקטע ציוניסטישע און מזרחי־ליסטע האָט באַקומען 5 מאַנדאַטן און די פאַראייניקטע אגודהשע ליסטע — 6 מאַנדאַטן.

געווילט אין דער פאַרוואַלטונג האָבן מיר אין בלאָק מיט דער פאַראייניקטער ציוניסטישער ליסטע, בכדי צו געווינען נאָך אַ מאַנדאַט. מצד די ציוניסטן איז געוואָרן אַ שטאַרקער ווידערשטאַנד, אַז אינעם קהילה־ראַט זאָל נישט אַריין קיין לינקער פּועלי־ציוניסט. זיי האָבן מסכים געווען אויף אַזאַ בלאָק בלויז מיטן באַדינג, אַז דער צווייטער חבר זאָל זיין פון „צעירי־ציון", אָבער בשום אופן נישט פון די לינקע פּ.צ., אָבער דער פאָרשטייער פון „צעירי־ציון" צ.ס. האָט קאַטעגאָריש און ענדגילטיק דערקלערט, אַז אויף אַזאַ פאָרשלאָג קאָן ער ליידער נישט מסכים זיין, ווייל לויטן הסכם קומט דער צווייטער מאַנדאַט די לינקע „פּועלי־ציון". אַזוי אַרום האָט דער „פאַראייניקטער אַרבעטער־וואַל־קאָמיטעט באַקומען צווי מאַנדאַטן: איין צעירי־ציוניסט און איין פּועלי־ציוניסט.

מצד דער ציוניסטישער ליסטע האָבן די פאַרהאַנדלונגען געפירט: חיים באַרנשטיין, זעליג צינצינאַטוס און פייוויש סקושיניאַ; מצד דעם פאַראייניקטן אַרבעטער־וואַל־קאָמיטעט: משה מענדלעוויטש.

אין יאָר 1926 זענען צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל קיין וויעלון אייניקע חברים פון „צעירי־ציון", צווישן זיי — דער אויסגעווילטער חבר אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג. די אַלע זענען ערשט מיט אַ יאָר פריער עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

די דערמאָנטע געשעעניש האָט געשאַפן אַ זייער געדריקטע שטימונג צווישן די חברים און פאַראַליזירט די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע און פאַרטייאישע טעטיקייט אויפן אָרט.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט די גרופּע עלטערע „צעירי־ציון" צ.ס.־חברים באַשלאָסן, צוליב דעם געשאַפענעם מצב. אַוועקצושענקען די פאַרטיי־ביבליאָטעק פאַר דער „געזעלשאַפט —אַוונט־קורסן" ביי די לינקע פּועלי־ציון".

*

אין אָנהייב דרייסיקער יאָרן איז אויפסניי באַנייט געוואָרן די טעטיקייט פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אונדזער שטאָט. ס'זענען צוגעקומען נייע יונגע כוחות. די חברים: אברהם ברום, פישל בעסערגליק, פּנחס ברום און אַנדערע, און מיט דער מיטהילף פון אָנפירנדיקע עלטערע חברים איז די „פּועלי־ציון", פאַראייניקט מיט צ.ס., געוואָרן די איינפלוסרייכע אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל אין וויעלון, ביזן יאָר 1939 — ביזן חורבן.

**אברהם ברום** (שפיים)

# התחדשות התנועה בוילון

השנים האחרונות של שנות העשרים, אשר הושפעו על־ידי המשבר שלאחר העליה הרביעית לארץ־ישראל — נתנו את אותותיהן גם בעיירתנו. קבוצת חברים אשר עלתה ארצה, מיוצאי צעירי ציון צ.ס., ירדה בחזרה לאחר שנה כתוצאה מהמשבר וחוסר העבודה בארץ. ירידה זו שיתקה את פעולות המפלגה לתקופה מסוימת.

מציאות החיים בעיירה השפיעה על בני הנוער מהמעמד הבינוני, בני סוחרים ובעלי מלאכה — אשר להם ולחלק מהוריהם היתה זיקה ציונית. חלק מהנוער התחנך בבית־הספר העברי. בית־האולפנא היה תחת השפעתה של התנועה הציונית הכללית והמזרחי. המורים היו: מ.א. דנקביץ, ובתקופה מאוחרת יותר, יעקב הרשברג ומורים מלמדי עברית מהחוץ. הועד המנהל היה בידי ציונים ואנשי מזרחי, ביניהם: ר.א. ליפה, משה קוניארסקי, שלמה גרוסמן ואחרים.

חלק אחר, חניכי בתי־הספר של אגודת ישראל, היו מושפעים מהפעולה הציונית הכללית, המתנהלת בעיירה, של הדור המבוגר יותר על כל גווניו הציוניים: פוע״צ־צ.ס., ציונים־כלליים ומזרחי. היו תקופות של אירגון חלוצי כמקובל בימים ההם, שבא לידי ביטוי בקבוצות להכשרה חקלאית בתוך העיירה. קבוצה אחרת היו בני הנוער אשר עבדו אצל בעלי מלאכה, ולא באו על סיפוקם בפעילות הסניף של פוע״צ שמאל, אשר בשנים ההן לא שיתף פעולה עם התנועות הציוניות השונות בפעולותיהן הכלל־ציוניות: השתתפות בקונגרס הציוני, פעולות קק״ל וכו׳.

התגברות האנטישמיות, שבאה לאחר תפיסת השלטון בפולין ע״י פילסודסקי ומפלגתו, השפיעה על הנוער. לשלטון זה היתה השפעה גדולה על פעולות הציבור היהודי. בתקופה הזאת פורק הליכוד הלאומי אשר ייצג את רוב יהודי פולין



קבוצת פעילי א״י העובדת ופועלי־ציון־צ.ס. בשנת 1932 אַקטיווע חברים פון אַרבעטנדיקן א״י און פון „פועלי־ציון״ צ.ס.

עומדים (מימין) — שטייען (רעכטס): מאיר מייזלער, שלמה אוניקאָווסקי, רחל טענענבוים, שמערל אַראָנאָוויטש, עטקע בעסערגליק, פישל בעסערגליק, מאשקא דראזדזיק, מאיר שיעוויטש, יחיאל מאיאַרטשיק, רינג

יושבים — זיצן: פנחס ברום, כתריאל ברום, משה מענדלעוויטש, פערל גרינפעלד, אברהם ברום, שמעון זיידמאַן



חברי פועלי ציון צ.ס. ו„פרייהייט" לעלייתם לארץ בשנת 1934
חברים פון פועלי־ציון צ.ס. און „פרייהייט" צום עולה זיין קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1934

ב„סיים" דרך ה„קולו". מדיניות השלטון דחקה את היהודים מעמדותיהם הכלכליות, ובמיוחד אלו שמהן התפרנסו רוב יהודי העיירות, ועיירתנו בתוכם. היהודים היו בעלי מלאכה וסוחרים זעירים, אשר התקיימו מימי ירידים בעיירה ובעיירות השכנות, לשם היו איכרי הסביבה מביאים את תוצרתם החקלאית למכירה. היהודים אשר היוו כ־40 אחוז מתושבי העיירה, היו בין קוני התוצרת החקלאית. האיכרים היו קונים מזון אשר הם לא יצרו, לבוש ומצרכים אחרים. כאמור, רובו של המסחר הזה היה בידי היהודים.

האירגון האנטישמי, בסיסמתו „סווי דו סווגו", היינו „פולנים לפולנים", הטיף לפולנים ולאיכרים כי לא יקנו אצל יהודים. אורגנה תעמולה, ומשמרות עמדו על־יד החנויות והדוכנים היהודיים והרחיקו מהם את הקונים הפולנים. פעילות זו הקטינה את היקף המסחר היהודי ואף פגעה בבעלי המלאכה, אשר פרנסתם בחלקה היתה מבוססת על תושבי העיירה. (חייטים, תפרים, סנדלרים, כובענים). המצב הביא זאת הנוער היהודי לידי חיפוש דרכים חדשות לעתידם.

מאורעות 1929, שחיטת יהודי חברון והפגיעה בישובים יהודיים אחרים, זעזעו את יהודי פולין ולא פסחו גם על עיירתנו. הקריאה לנוער ע"י מנהיגי התנועה הציונית, ובמיוחד החלק הפועלי בה, לעזרה, לתגובה ולעליה; ובעיקר זעקתו של י.מ. נוימן ב„היינט", במאמרו „שמע עמי!" (הער מיין פאלק), לא פסחה על עיירתנו. הנוער לא ראה את עתידו בעיירה בתנאים אשר שררו אז בפולין. הפעולה הציונית־החלוצית המוגברת מצאה הד בקרבו והתחילו לציץ מחדש תאים חלוציים לפעולה ציונית חלוצית, להכשרה ולעליה. התארגנה קבוצת חברים, אשר המשותף להם היה חיפוש דרך תנועתית שתתן תשובה למאוויהם. התארגן חוג ללימוד הבעיות הציוניות, הסוציאליסטיות והציוניות־סוציאליסטיות כדרך מאוחדת.

החברים: פישל בסרגליק, מאיר מיזלר, שלמה אוני־קובסקי, שמרל אהרונוביץ, אברהם ברום ואחרים, (מאוחר יותר הצטרף אליהם גם זאב קשפיצקי), אירגנו חוג ללימוד עצמי. קנו ספרים והתכנסו פעמיים בשבוע בדירתה של משפחת אברהם ברום ללימוד וליבון משותף של הבעיות. החוג הזה היה עם הזמן לגרעין של „פרייהייט", „החלוץ" ומפלגת פוע"צ־צ.ס.. היה בינינו דחף לידיעה — רצון לדעת ולברר בעיות.

סביב החוג התרכזו במשך הזמן חברים וחברות נוספים והחוג התרחב, בעיון וויכוח על בעיות, ועוד יותר על עשיה.

במשך הזמן נוצר מגע בין חוג החברים לבין קבוצת חברים של פוע״צ־צ.ס. ובעיקר עם החבר משה מנדלביץ, מראשי המפלגה. התקיימו דיונים על הצורך לתת ביטוי אירגוני להשקפות הללו, לצאת להכשרה, ולהגשים אישית את הרע־יונות שנרכשו על בעיות עם ישראל ונוער ישראלי במפעלו בהתישבות העובדת בארץ ובקיבוץ.

הביטוי האירגוני הראשון היתה הועידה העולמית של הליגה למען א״י העובדת, בברלין בשנת 1930. הפעולה הנרחבת למען הועידה ואירגון החוגים שניתן היה לרכז סביבה, ריכזה ציבור של תומכים רבים, ביניהם קבוצת פוע״צ־צ.ס. הותיקה; החברים משה מנדלביץ, האחים מרקוס, יעקב הרשליקוביץ ואחרים. כן הצטרפו לקבוצה זו פיבוש מושקוביץ וכתריאל ברום, אשר עברו מפוע״צ־שמאל והצ־טרפו לפעילות המפלגה.

בעת ההיא חזר מעבודתו בלודז׳ החבר פנחס ברום, אשר מסירותו ופעילותו היו ללא גבול (הגיע ארצה לאחר השואה וניספה בצורה טרגית בתאונת דרכים, בשנת 1966). יחד עם החבר משה מנדלביץ פעל רבות להשפעה על החוג למען מתן ביטוי אירגוני של השתייכות לגוף הארצי, וקיום סניף מקומי של התנועה פועלי ציון - צ.ס. בעירנו. הוחל בהתארגנות תנועתית בקרב הנוער: ב„פרייהייט״ וב„החלוץ״, במפלגה, ובכל תאי התנועה הציונית בעיר, המשותפים לכלל התנועה הציונית: קק״ל, קרן היסוד וכו׳. כן הוחל בפעולה רעיונית־הסברתית בשטחים שונים והזמנת מרצים בנושאים ספרותיים ואחרים.

הפעולה התרחבה ורבה היתה השפעתה על חוגי נוער רחבים; היא קיבלה את ביטויה בסניף נוער גדול של „פרייהייט״, ובליכוד כל הקבוצות האחרות סביב בנין סניף „החלוץ״: קבוצות „ההתאחדות״, „גורדוניה״ וכן הראשונים שהתרכזו סביב קן השוה״צ, וכן באירגון סניף מפלגתי וריכוז חברים אוהדים לסניף פוע״צ־צ.ס.. נרכש אולם יפה, אורגנה העבודה, התקיימו חוגים שונים, בעיקר חוגי נוער שרוכזו וחונכו ברוח זו. הקבוצה הראשונה היתה של החברים: יעקב אליאש, אברהם קשפיצקי, מיכאל גולדמן, ירחמיאל הלפגוט, פסיה כלופק, ח.ל. מושקוביץ, שמעון ברום, אטקה בסרגליק ואחרים. התארגנו גם קבוצות נוספות בגילים שונים, וכן אורגנו פעולות הסברתיות תנועתיות כלליות לנוער ולמבוגרים.

זכורה לי השבת בחודש יוני 1933 שבה נרצח חיים ארלוזורוב. באותו יום ביקר בסניפנו החבר יחזקאל רבינוביץ — כיום חבר „לוחמי הגיטאות״ — אשר באותו זמן עבד בריכוז תנועתנו במחוז לודז׳. מטרת הביקור היתה לארגן את כל הפעולות אשר היו קשורות בקונגרס הציוני שהת־קרב, ושבו היה צריך להכריע בויכוח הגדול עם התנועה הרביזיוניסטית.

עם קבלת הידיעה המחרידה על הרצח, התרכז סביב סניפנו החלק הארי של תושבי העיר ותומכי הרעיון הציוני; ניכר היה כמה הספקנו לחדור בין תושבי העיר שהיו קשורים אתנו. התקיימה אסיפת אבל גדולה. הזעזוע מהרצח היה גדול והרצון להצטרף, להזדהות, להגביר כוחה של התנועה, בא לידי ביטוי מעשי.

פעילותנו המרכזית באותה תקופה היתה סביב ריכוז המונים להצבעה בקונגרס, דרך רכישת „השקל״. בתוצאות הבחירות לקונגרס הזה, היתה עירנו יחד עם רוב ערי פולין, בין הקובעים את הנצחון הגדול של תנועת הפועלים הארץ־ישראלית. תנועות א״י העובדת גרמה לשינוי הגדול שחל מאז הקונגרס הזה — בראש התנועה הציונית עמדה אז תנועתנו ובראשה דוד בן־גוריון.

בדרך כלל התבלטה תנועתנו בפעילות גדולה בכל שטחי החיים בעיירה, וריכזה סביבה את מיטב אוהדי הרעיון הציוני־הפועלי, בחוגי נוער רבים. היתה לה השפעה רבה בכל המוסדות המשותפים לפעולה ציונית בעיר. התנועה ניהלה פעולות הסברה תרבותיות, כלליות ותנועתיות. התקיימו הרצאות, חוגים, ספריה וכו׳. ביוזמתנו פותחה והורחבה הליגה למען א״י העובדת, אשר דרכה בוצעו כל הפעולות הכלליות של ההסתדרות.

הריכוז הגדול של נוער אשר היה סביבנו, ופעולתנו החינוכית, עיצבו דמות נוער חלוצי אשר החל לצאת ל„הכ־שרות״ המפוזרות בפולין: פישל בסרליק — ללוצק, שלמה אוניקובסקי — לגרוכוב, זלמן גד — לבנדין, מאיר שייביץ — לבנדין, יעקב אליאש — ללידה ואברהם ברום — לברנוביץ׳, ועוד רבים.

באותה תקופה עלו, בדרך־לא־דרך, לארץ החברים: משה מנדלביץ, מאשקה דרוז׳דזיק ויצחק כתריאל. אחרים באו במקום העולים ארצה והיוצאים להכשרות, והפעילות בסניף נמשכה והורחבה.

לפני עלייתי ארצה, בתחילת שנת 1939, עם בואי מההכשרה להיפרד ממשפחתי ועיירתי, מצאתי סניף פעיל וער. החברים זיידמן, אטקה בסרגליק, ח.ל. מושקוביץ ואח־רים קיבלו על עצמם את האחריות. ניכרת היתה החרדה לימים הבאים. איש לא תיאר לעצמו את העומד להתרחש; היתה דאגה עמוקה לימים הבאים. ואמנם האסון הנורא בא...

יעקב עליאַש

# „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע אין וויעלון

### די אַנטשטייונג פון דער אָרגאַניזאַציע

די דרייסיקער יאָרן פון פאַרמלחמהדיקע פוילן, וואָס כאַראַקטעריזירן אין אַלגעמיין אַ תקופה פון פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן אויפשטייג ביים פוילישן יידנטום — האָבן נישט אויסגעמיטן אונדזער שטאָט. און וויעלון איז אויך געשטאַנען — אונטערן צייכן פון אַ שטאַרקער אַנטוויקלונג אויף דעם געביט — (אַ חוץ דעם „בונד", וואָס האָט נישט געפירט קיין שום טעטיקייט) איז אין יענער צייט נישט געווען קיין איין פּאַסיווע פּאָליטישע פּאַרטיי ביי אונדז אין שטאָט. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען פּאָליטיש דיפערענצירט און געהערט צו פּאַרטייען. זייער ווינציק זענען געווען אומפּאַרטייאישע מענטשן, ספּעציעל ביי דער יידישער יוגנט. די פּאַרטיי־לאָקאַלן זענען תמיד געווען פול מיט חברים און יוגנטלעכע. ביי אַזאַ מצב איז קיין וווּנדער, אַז די „פּועלי־ציון — צ. ס."־פּאַרטיי האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו שאַפן און אויפשטעלן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע דאַרף העלפן דער פּאַרטיי אין איר טאָג־טעגלעכער אַרבעט און אין דער צוקונפט פאַרזעצן דעם דורך די פּאַרטיי אָנגעצייכנטן וועג. די פראַגע פון גרינדן אַ „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן בויטוועדיק און געשטאַנען פאַר דער פּאַרטיי אין פּולן ברען. פון דער צווייטער זייט איז ביי באַשטימטע יוגנט־קרייזן, וועלכע האָבן נאָך נישט געהאַט קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם און זיך געזען גייסטיק נאָענט צו דער פּאַרטיי — געוויזן אַ דראַנג וועגן דעם זיך פאַרבינדן מיט דער פּאַרטיי.

דער גייסטיקער קערן פון דער „פרייהייט"־אָרג. איז געווען אַ זעלבסטבילדונגס־קרייז, וואָס איז געווען טעטיק נאָך פאַר דער אַנטשטייונג פון דער „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע. צו דעם קרייז האָבן געהערט די חברים פישל בעסערגליק, אברהם ברום, פנחס ברום, שלמה אוניקאָווסקי, מאיר מייזלער, אברהם כמוראַ, פייוויש מאָשקאָוויטש, יחיאל מאַיאַרטשיק, יצחק רינג, שמערל אַראָנאָוויטש, עטקע בעסערגליק, רחל טענענבוים, מאשקע דראָזשדזשיק און פערל גרינפעלד. דער קרייז האָט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט און איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ. די אָנטיילנעמער פלעגן זיך צונויפטרעפן עטלעכע מאָל אין וואָך אין „החלוץ"־לאָקאַל, ווו זיי האָבן סיסטעמאַטיש געלערנט די גרונט־יסודות פון מאַרקסיזם און באָראָכאָוויזם, פּאָליטישע עקאָנאָמיע ווי אויך געפירט ליטעראַרישע שמועסן. פון צייט צו צייט פלעגן אויך פאָרקומען עפנטלעכע אַרויסטריטן. דאָס רוב מאָל בשותפות מיטן קאָמיטעט פון צ.ס. פּועלי־ציון, אַ ליטעראַרישער משפט איבער "יאָשע קאַלב" פון י. י. זינגער און אויף אַנדער טעמעס — אַלע זייער געלונגען.

אַ טייל פון די חברים אינעם זעלבסטבילדונגס־קרייז, מיט אַ גרויסן גייסטיקן באַגאַזש, האָט זיך שפּעטער געשטעלט אין שפּיץ פון דער „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע און געהאָלפן אין איר דערציערישער אַרבעט. ספּעציעל דאַרפן דערמאָנט ווערן די חברים אברהם ברום און אפרים בעסערגליק, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער „פרייהייט"־אַרבעט ביז זייער אַרויסגיין אויף הכשרה.

אין יאָר 1932 איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרן די „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי געדונגען אַ לאָקאַל אויף פּאַניענסקאַ. די צוויי וויכטיקע געשעענישן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וויעלון: די אַנטשטייונג פון דער „פרייהייט" און די דערעפענונג פון פּאַרטיי־לאָקאַל זענען געקומען צום אויסדרוק אויף אַן עפנטלעכער אימפּרעזע.

דער ערשטער קאָמיטעט פון דער אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען, אויף וויפל דער זכרון נאָרט מיך נישט (קיין אַרכיוו איז דאָך נישט געבליבן), פון די חברים שמעון ברום, אברהם קשעפּיצקי, ירחמיאל העלפגאָט, ישראל בענטקאָווסקי און דער שרייבער פון די שורות. צום קאָמיטעט זענען אויך צוקאָאָפּטירט געוואָרן צוויי פּאַרטיי־חברים, ווי אויך אַ חברטע, וועמענס נאָמען איך האָב פאַרגעסן.

### קולטור־טעטיקייט

די „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע האָט מיט דער הילף פון די עלטערע חברים פונעם אויבנדערמאָנטן זעלבסטבילדונגס־קרייז געפירט אַ סיסטעמאַטישע קולטור־אַרבעט. אַחוץ שמועסן און פאָרלעזונגען, געווידמעט אַקטועלע געשעענישן, זענען פאָרגעקומען קרייזן דריי מאָל אַ וואָך. אויף די קרייזן פלעגט מען לערנען געשיכטע פון ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט, געשיכטע פון סאָציאַליזם, היסטאָריע פון ציוניזם, ווי אויך כאַראַקטערישע ליטעראַרישע געביטן. די קרייזן פלעגן זיך באַזוכט דורך אַלע אָנטיילנעמער, וועלכע זענען געווען נישט נאָר פּאַסיווע צוהערער, נאָר אויך אַקטיווע אָנטיילנעמער איז

אַלע אַרבעטן. די סיסטעמאַטישע קולטור־אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגערופן ביי חברים אַ דראַנג נאָך וויסן. אַלע חברים האָבן פיל געלייענט און דיסקוטירט וועגן געלייענטע ביכער, געטריי דער לאָזונג „וויסן איז מאַכט״,

דער ווילן צו גייסטיקער אַנטוויקלונג איז אויך געווען די טרייבקראַפט צו שאַפן אַ קרייז, וועלכער איז זיך צונויפ־געקומען ביי אברהם קשעפיצקי אין בעקעריי יעדן טאָג אין די שפּעטע שעהן, ס׳הייסט, נישט אויפן חשבון פון דער צייט ווען מ׳האָט געדאַרפט זיין אין פאַרטיי־לאָקאַל. דער קרייז איז באַשטאַנען פון די חברים: שמעון ברום, פעסע כלאָפּאַק, ישראל בענטקאָווסקי (אַלע דריי —אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע) און דער שרייבער פון די שורות. אויף דעם קרייז האָט מען געמאַכט אַ פּרווו צו באַהאַנדלען מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל״, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און באָראָכאָווס פּלאַטפאָרם און קלאַסן־אינטערעסן און די נאַציאָנאַלע פראַגע. נישט קיין קליינע ראָל אין לעבן פון דער אָרגאַניזאַציע האָט געשפּילט די וואַנט־ציַיטונג, וואָס איז דערשינען יעדן חודש. פיל מי איז אַריינגעלייגט געוואָרן ביים צוזאַמענשטעלן און רעדאַגירן די דאָזיקע צייטונג, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ געהעריקן ניוואָ.

די וואַנט־צייטונג האָט אויך געהאַט אַ ליטעראַרישן טייל, מיט אָפּשאַצונגען וועגן געלייענטע ביכער און געזעענע פילמען.

## אויספלוגן און קאָלאָניעס

אַחוץ דער פאַרצווייגטער, סיסטעמאַטישער דערציונגס־ און קולטור־אַרבעט פלעגן זומער פאָרקומען אויספלוגן אויף דער פרישער לופט הינטער דער שטאָט; פון צייט צו צייט זענען איינגעאָרדנט געוואָרן ראַיאָן־צוזאַמענטרעפן מיט אָרגאַניזאַציעס פון דער סביבה. איינמאָל אין יאָר פלעגט מען איינאָרדענען אַ זומער־קאָלאָניע. די אויספלוגן און די קאָלאָניעס האָבן, אַחוץ דער דערציערישער זייט, אויך געהאַט אַ ציל צו דערנענטערן צווישן זיך די פאַרשידענע עלעמענטן אין דער אָרגאַניזאַציע און צוצוגרייטן די יוגנט צום קאָלעקטיוון לעבן אויף הכשרה, כדי עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. מיר איז נאָך פריש אין זכרון אַ זומער־קאָלאָניע אין באָלקאָוו, וואָס האָט געדויערט דריי וואָכן, מיט דער קאָלאָניע האָט אָנגעפירט דער ח׳ טוביה באָזשיקאָווסקי ז״ל (איינער פון די העלדן פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, און אין אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין פוילן) און די חברטע עליזאַ פאַקטאָר.

## פּרעסע און וואַל־אַקציעס

אַ ספּעציעלע אַקטיווקייט פלעגן חברים אַרויסווייזן פאַר פּרעסע־ און וואַל־אַקציעס. יעדער חבר האָט אַבאָנירט „די פרייהייט״ און די פאַרטיי־פּרעסע און באַמיט זיך ווערבירן



קבוצת חברים מ„פועלי־ציון״ צ.ס., „פרייהייט״ והצופים נפרדים מחברים היוצאים להכשרה (1933)

אַ גרופּע חברים פון פּ״צ־צ.ס., „פרייהייט״ און סקויטן געזעגענען זיך מיט חברים, וועלכע גייען אויף הכשרה (1933)

פרישע אַבאָנענטן. „דאָס וואָרט" — דער פּאַרטיי־אָרגאַן אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן איז אין וויעלון שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן. די איבערגעגעבנקייט פון חברים איז געקומען צום אויסדרוק אין די פרעסע־טעג, בעת וועלכע חברים האָבן זיך באַפרייט פון זייער אַרבעט און די צייטונג פאַרקויפט אין גאַס. אויך אויף דעם געביט איז געווען אַ פאַרמעסט, ווער עס וועט פאַרשפּרייטן מער צייטונגען. פאַר וואַל־אַקציעס פלעגן חברים צוזאַמען מיט די פּאַרטיי־חברים אויסטראָגן די גאַנצע לאַסט פון צוגרייטונגען און אַדורכפירן וואַלן, אָנהייבנדיק פון באַטייליקן זיך אין צווישנפּאַרטייאישע קאָמיטעטן, ביז באַזוכן מענטשן אין זייערע הייזער און ברענגען זיי צו די וואַל־אורנעס.

נאָך אַ יאָר טעטיקייט האָט די אָרגאַניזאַציע פּראָקלאַמירט אַ ווערביר־אַקציע, וואָס האָט געברענגט דער „פרייהייט" פיל נייע חברים. אַזוי איז אין יענער צייט געקומען דער חבר חיים מאַשקאָוויטש, וועלכער איז שפּעטער געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע. דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט אַ השפּעה אויף געוויסע קרייזן פון די רעליגיעזע „פועלי אגודת ישראל" און געברענגט אין די רייען פון דער „פרייהייט" די חברים יוסף פעלטאַ און מנחם בענדיט. אין דער זעלבער צייט האָט זיך געשאַפן ביי דער „פרייהייט" אַ סקויטן־גרופּע, וואָס איז געוואָרן אָנגעפירט דורך די יוגנטלעכע מאַטעק ברום, חיים מענדלעוויטש און יצחק מאַרקוס, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט פיל לעבן אין דער אָרגאַניזאַציע.

## פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט

טראָץ דעם וואָס וויעלון איז נישט געווען ספּעציעל קיין אַרבעטער־צענטער און די מערסטע מיטגלידער פון „פרייהייט" זענען לויטן אָפּשטאַם נישט געווען קיין אַרבעטער, האָט זיך דאָך די אָרגאַניזאַציע געשטעלט פאַר אַ ציל צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער און שאַפן פּראָפ.־פאַראיינען. אַזוי איז לויט דער איניציאַטיוו פון „פרייהייט" און „פועלי־ציון"־לינקע געשאַפן געוואָרן אַ פאַראיין פון צוויי סעקציעס: נאָדל־און שטעפּער־סעקציע. פון דער „פרייהייט" זענען געווען דעלעגירט די חברים חיים מאַשקאָוויטש און יוסף פעלטאַ. די רעזולטאַטן האָבן נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן, און אין דעם זעלבן, 1936סטן יאָר, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ שטעפּער־שטרייק, וועלכער האָט זיך געענדיקט מיטן נצחון פון די אַרבעטער.

די „פרייהייט" האָט — אָנטיילגענומען און געווען אַקטיוו זין אַלע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אינסטיטוציעס, ווי די „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, „החלוץ", „קרן קימת" און „קרן היסוד". איינע פון די ספּעציעלע אויפגאַבן איז געווען די אַרבעט פון „קרן־קיימת־לישראל". די חברים פלעגן איינמאָנען די חודשלעכע אָפּצאָלונגען, און יעדן חודש



טי"ל הנוער של הליגה למען א"י העובדת (1932)

אויספלוג פון יוגנטלעכע חברים פון דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א"י אין יאָר 1932

פלעגן אַרויסגיין עטלעכע פּאָרלעך אויסלײַדיקן די פושקעס, ווי אויך זאַמלען געלט בעת בלימל־טעג.

איינע פון די הויפּט־שוועריקייטן אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט איז געווען דער מאַנגל אין אַקטיוו, צוליב דעם פּערמאַנענטן גיין אויף הכשרה, אַזוי ווי אַ חבר האָט אַ געוויסע צײַט זיך געווידמעט דער באַוועגונג, איז ער אַרויס אויף הכשרה, טראָץ דעם וואָס די „פרייהייט" האָט נישט פאַרפליכטעט די הגשמה עצמית, איז די צאָל פאַרווירקלעכער נישט געווען קלענער ווי אין אַנדערע חלוצישע יוגנט־באַוועגונגען, ווי „השומר הצעיר" און „גורדוניה".

און צום סוף וועט נישט זײַן קיין גוזמא ווען איך וועל שרייבן, אַז די „פרייהייט" און די „פּוע"צ־צ.ס.", הגם לויט דער צאָל מיטגלידער נישט געווען די שטאַרקסטע באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס אין ווויעלון, איז זי דאָס גאַנץ באַשטימט געווען מבחינת האיכות. קוואַליטאַטיוו איז זי דאָך געווען דער געזונטסטער נערוו פון געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן אין דער שטאָט און האָט רעאַגירט און גענומען שטעלונג אין אַלע וויכטיקע געשעענישן אין דער וועלט און אין ארץ־ישראל.

דאָס וועט אויך באַשטעטיקן דער פאַקט, אַז כמעט יעדע וואָך פלעגן פרייטיק־צו־נאַכט פאָרקומען עפנטלעכע אונטערנעמונגען אויף פּאָליטישע טעמעס, קעסטל־אָוונטן, געזעלשאַפטלעכע משפטים, ליטעראַרישע פאָרלעזונגען. נישט שטענדיק זענען די אָוונטן דורכגעפירט געוואָרן מיטן אָנטייל פון חברים פון צ"ק. מערסטנטייל איז עס געמאַכט געוואָרן מיט אייגענע כוחות. ס'פלעגן אַרויסטרעטן דער פאָרזיצער פון דער פּאַרטיי חבר משה מענדלעוויטש, חבר בעסערגליק, אברהם ברום און אַנדערע. די אָוונטן זענען תמיד געווען זייער געלונגען. יעדעס יאָר פלעגט די פּאַרטיי, צוזאַמען מיט דער „פרייהייט" פייערן די באָראָכאָוו־אַקאַדעמיע. אויך די באָראָכאָוו־פייערונגען זענען, אַחוץ דעם אָפיציעלן טייל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ רעפעראַט פון אַן אָנפירנדיקן חבר אין דער באַוועגונג, אַלץ צוגעגרייט און אויסגעפירט געוואָרן מיט אייגענע כוחות.

נאָכן אויסבורך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַ טייל יוגנט זיך געראַטעוועט, און אַ באַשיידענע גרופּע פון געוועזענע „פרייהייט"־חברים, וואָס זענען ניצול געוואָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד, געפינט זיך אין ישראל.



חברי א"י העובדת בנסיעתם לטיול 1932

חברים פון אַרבעטנדיקן א"י פאָרן אויף אַן אויספלוג 1932

# די פייערלעכע דערעפענונג פון נייעם לאקאל פון „פועלי־ציון"

די דערעפענונג פון לאָקאַל פון „פועלי־ציון" פאַראייניקט מיט צ. ס. אויף פּאַניענסקאַ גאַס, וועלכע איז פאָרגעקומען שבת־צונאַכטס דעם 27־טן מאַי 1933, איז אויסגעפאַלן זייער פייערלעך און איינדרוקספול: אין לאָקאַל געפינט זיך אַן איינגעאָרדנטע בינע און דער זאַל איז דעקאָרירט.

מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיקונג רוקט זיך אַוועק די קורטינע, מיטן כאָר־געזאַנג פון דער „פועלי־ציון"־שבועה. עס עפנט די פייערונג דער פאָרזיצער משה מענדלעוויטש, וועלכער באַגריסט די אַנוועזנדיקע חברים, סימפּאַטיקער, דעלעגאַטן און פאָרשטייער פון דער פּרעסע. דאָס ערשטע וואָרט צום באַגריסן באַקומט פּנחס ברום, אין נאָמען פון אָרטיקן קרן קימת, ער רעדט וועגן די עיקר העיקרים, וואָס עס איז דער קרן קימת. עס באַגריסט דאַן אין נאָמען פון „ווילעונער צייט" ה' יוסף שאַיאַ, ער רופט די ציוניסטישע ברודער־אָרגאַניזאַציע צו קאָמפּראָמיסן לטובת דעם געמיינזאַמען אידעאַל פאַרן ארץ־ישראל אויפבוי.

ה' חיים באַרנשטיין באַגריסט אין נאָמען פון „על המשמר"־גרופּירונג און רופט צו מער ציוניסטישע מעשים, צו גיין אין וועג פון דער ארץ־ישראלדיקן „הסתדרות", צו לערנען העברעיִש און זיין אמתע ציוניסטן. אין נאָמען פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל באַגריסט פישל בעסערגליק און זאָגט, אַז די „פועלי־ציון" צ. ס. איז דער חוט השדרה פון דער הסתדרות, וועלכע שאַפט און בויט ארץ־ישראל. גד גאַדט פון „פרייהייט" אין זלאָטשעוו באַגריסט און זאָגט זיך אַרויס קעגן די רעוויזיאָניסטן. עס באַגריסן נאָך — אין נאָמען פון „גורדוניה" — רחל ברום; פון ספּאָרט־פאַראיין — ה' אהרון קשעפּיצקי; פון „השומר הצעיר" — אהרון מאַרק; „פרייהייט" — שמעון ברום און אין נאָמען פון די זלאָטשעווער פּ. צ. אָרגאַניזאַציע — ירחמיאל דזובאַס.

עס האַלט דאַן אַן ענטוזיאַסטישע שלוס־רעדע משה מענדלעוויטש, וועלכער ווייזט אָן די פּאָזיטיווע זייטן פון די פּ. צ. אַלס פּאַרטיי, וואָס אירע מיטגלידער זענען זיך מוסר אין א"י — פאַר ארץ־ישראל און קעמפן, אַז ס'זאָל נישט זיין קיין עקספּלאָאַטאַטאָרן און עקספּלאָאַטירטע. ער דריקט אויס די האָפענונג, אַז די „פועלי־ציון צ. ס.", אין איר נייעם לאָקאַל וועט פאַרנעמען אין וויעלון דעם געהעריקן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן פּלאַץ.

מיטן געזאַנג פון „פרייהייט"־הימן פאַרענדיקט זיך דער אָפיציעלער טייל.

דער סצענישער טייל באַשטייט פון עטלעכע נומערן — צווישן זיי: „מיר שמידן דעם נייעם מאָרגן" אין וועלכן עס צייכנט זיך באַזונדער אויס יצחק קאַסריעל מיט זיין ריטמיק און טאַקט; דאַן כאָר־געזאַנג: „איך וויל אַ זאָרגלאָז לעבן"; „דער וואַנדערער", אַ גלות־בילד, אין וועלכן עס צייכנט זיך ווידער אויס יצחק קאַסריעל. עס גייען נאָך עטלעכע שיינע געזאַנג־נומערן, אויסגעפירט מיט גרויס דערפאָלג דורך פייוויש מאַשקאָוויטש.

בכלל האָט זיך די חנוכת הבית־פייערונג שיין איינגעגעבן.

(„ווילעונער צייט" נר' 21, 30 מאַי 1933)



קבוצת חברי „פרייהייט" בשנת 1933

אַ גרופּע חברים פון „פרייהייט" אין 1933

**חיים קשפיצקי**

# התנועה הרביזיוניסטית בוילון

בהתעצמות הסיעה הרביזיוניסטית בשנות השלושים בוילון פעלו שני גורמים: (א) ועדת התרבות שהתקיימה ע"י אגודת הציונים הכלליים בעיר, התחילה בעת ההיא להתרוקן מרוב חבריה הפעילים, כמו קובה ברקוביץ, יצחק קשפיצקי, בישה ברקוביץ ואחרים, אשר עזבו את וילון ויצאו להמשיך את לימודיהם באוניברסיטאות; (ב) הריב המצער בין הפלגים „עת לבנות" לבין „על המשמר", שהביא לעזיבה המונית של הנוער הציוני־הכללי במפלגה.

מרביתם של הפורשים עברו לסיעה הרביזיוניסטית, שהיתה מכונה אז: הסיעה השלישית בהסתדרות הציונית. היתה זו סיעה מהפכנית קיצונית, ומאמריו של מנהיג התנועה הרביז־יוניסטית, זאב ז'בוטינסקי, הלהיבו וכבשו את בני הנוער. כרבים אחרים גם אני הושפעתי מהם, והתחלתי להקדיש ימים כלילות, להקמת הגרעין של „ברית טרומפלדור" בעיר. מובן שהדרך לא היתה סוגה בשושנים, אולם מיום ליום הצטרפו חברים חדשים לשורותינו, הארגון הוכר והחל לפעול כעצמאי באיסוף כספים למען הקק"ל, בהפצת השקל הציוני, ובביצוע של כל החלטה שנתקבלה ע"י ההסתדרות הכללית של התנועה הציונית.

כבר בימי הבחירות לקונגרס הציוני השבעה־עשר, קיבלה הסיעה הרביזיוניסטית קולות בוילון, ובקונגרס השמונה־עשר הגיעה כמעט לשליש מקולות הבוחרים. התעצמות התנועה הרביזיוניסטית בוילון בתקופה ההיא היתה מפתיעה. מאות בני נוער השתייכו לבית"ר; מבוגרים רבים הצטרפו לצה"ר, ביניהם אנשים בעלי עמדה ציבורית בעיר, כמו אליעזר ברקוביץ (אז יו"ר ועד הקהילה בעיר), יוסף יונג, חיים גוטמן ואחרים. כולם פעלו בתנועה במסירות רבה, והפכו אותה לאחד האירגונים הציוניים החזקים והפעילים בעיר.

פעולות הצה"ר ובית"ר היו בהדרכה וטיפוח מתמיד של הנוער, הכשרתו להבנת ערכי המדיניות הציונית וכמו כן הרחבת ידיעותיו בתרבות העברית. לשם כך הוכשרו מדריכים מבין החברים במקום, והוזמנו מרצים טובים מבחוץ. התקיימו שיחות חברים תכופות, מיסדרים מרהיבים, אסיפות עם, ודבר התנועה נשמע בפני הצבור.

בית"ר העסיקה שני מדריכים מקצועיים קבועים, והם ה"ה יתום ופרלוק. בנוסף להדרכה צבאית ועבודה תרבותית, נתנו שני המדריכים גם שעורי עברית לחברי בית"ר וצה"ר, כל עת שהותם בוילון.

בתקופה זו נוסדו שתי נקודות הכשרה בית"ריות. אחת בכפר ווירשכילס — בתוך החוה החקלאית של אידל לבקוביץ — והנקודה השניה במנסרה של אליעזר ברקוביץ, בכפר צי־אסטר. קשיי הקמת הכשרה היו מרובים, אך בעזרת חברים התגברנו עליהם.

כאחד ממארגני נקודות הכשרה וכחבר הכשרה, נבחרתי לנהל את שתי הנקודות. הפעולות בהן התרחבו והתבססו, ובמשך הימים נשלחו אליהם חברי בית"ר מערים אחרות. אחרי שעברו את תקופת הכשרתם עלו רובם לארץ.



ועד הצה"ר (1927)

דער קאָמיטעט פון הצה"ר (1927)

עומדים (מימין) — שטייען (רעכטס): שלמה האלץ, יהודית האלץ, יעקב קאַניארסקי, חיים דאַווידאָוויטש, עדעק באַרנשטיין.
יושבים — זיצן: חיים קשעפיצקי, תמר ערליך, צבי שיעוויטש



מסיבת פרידה מחיים קשפיצקי לעלייתו ארצה בשנת 1933
געזעגענונגס־באַנקעט צום עולה זיין פון חיים קשפיצקי קיין ארץ ישראל אין יאָר 1933

מעמד שהשאיר רושם בל ימחה על יהודי וילון, היה הכינוס הבית"רי, בו הונף דגל התכלת־לבן של הצה"ר. לכינוס זה הופיעו מאות ביתרי"ם מכל הסביבה. באו באי־כח של נציבות בית"ר בפולין: חבר מרכז התנועה מר קלרמן, המהנדס לובלינסקי, ד"ר פעלדשוה וד"ר ליפמן. קהל עצום מכל שכבות העם השתתף בכינוס זה. ברוב פאר ובמעמד נציגים רבים — ביניהם גם נציגי הרשות המקומית והממלכ־תית — נתקדש והונף הדגל, אשר ציורו נרקם לפי תכנית מיוחדת של פרופסור לאמנות מצ'נסטוחוב. בהצדעת כבוד קם הקהל על רגליו ובליווית תזמורת „מכבי" שר בקול אדיר את ההימנון הלאומי „התקוה".

הצה"ר ובית"ר בוילון השתתפו באופן פעיל בביסוס „מכבי"; בעת בחירות מוניציפליות היו חברי „מכבי" מוכנים לשתף פעולה עם כל מוסדות הצה"ר ובית"ר בערי הסביבה.

חברי בית"ר בוילון השתתפו גם בכינוסים גדולים בורשה, בלודז ובקליש. בקליש נעץ ראש התנועה, זאב ז'בוטינסקי, את סמלו האישי על מוט הדגל הוילוני, שהובא במיוחד מוילון לקאליש. במעמד זה השמיע המנהיג הדגול דברי הוקרה חמים לפעולות בית"ר בוילון. כמו כן השתתפו נציגי הצה"ר הוילוניים בועידות ארציות וגליליות רבות, ונציגים לקחו חלק בויכוחים רבים, ונבחרו לועדות מרכזיות שונות.

בחורף שנת 1933 עזבתי את וילון בדרכי ארצה. לא ידעתי אז שמסיבת הפרידה שערכו לי חברי, תהיה מסיבת פרידה לנצח, וששוב לא אראה אותם בחיים. ולא רק אותם, כי אם את כל יהודי וילון...



טיול ל"ג בעומר של הקן בית"ר בשנת 1929

ל"ג בעומר־פייערונג פון קן בית"ר 1929



ועד ופעילי הצה"ר בשנת 1936 בראשותו של ד"ר מיכאל סטריקובסקי

דער ועד און אַקטיווע מיטגלידער פון הצה"ר אונטער דער פירונג פון ד"ר מיכאל סטריקובסקי אין יאַר 1936

גבריאל קאַניאַרסקי (חיפה)

# די רעוויזיאניסטישע און בת״רישע באוועגונג אין וויעלון

וויעלון איז געווען פון די שטעטלעך אין פוילן, מיט פאַרצווייגטע ציוניסטישע באַוועגונגען ווי „החלוץ״, בית״ר, „גורדוניה״, „פרייהייט״, „השומר הצעיר״ ביז „בני עקיבא״.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן קריג איז בית״ר געווען דער הויפט-נערוו פון דער וויעלונער יוגנט-באַוועגונג, דערנענטערנדיק זי צום ציוניסטישן אידעאַל. דאָס וויגעלע פון ציוניסטישן געדאַנק איז דאָרט אַנטשטאַנען אויף דער גאַשינסקאָס-גאַס, אין הויז, וווּ ס׳האָט געוווינט יידל לעווקאָוויטש. דאָרט האָט געווירקט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. פון דעם דאָזיקן הויז זענען שפּעטער כמעט אַלע געוואָרן די טאַנגעבער און אָנפירער פון אַלגעמיינעם יידישן לעבן אין וויעלון. די דאָזיקע באַוועגונג איז אויך באַקאַנט געוואָרן אויף דער קריסטלעכער גאַס, וואָס האָט זינט דורות געהאַט אַ חוזק-באַציונג צו יידן און איר יוגנט.

דער בית״ר האָט דעמאָלט געפּרעדיקט וועגן אַ יידישער מדינה, און אַ וועג דערצו געזען אין דער דערציונג פון דער יוגנט. דער בית״ר איז אַרויס דער ערשטער מיט אויסגעגלייכטע רוקנס אין געשלאָסענע רייען און דערמיט אַרויסגערופן דערשטוינונג און רעספּעקט אויף דער יידישער און אויך אויף דער פּוילישער גאַס. אויך די געשיכטע האָט באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון דעם דאָזיקן קאַמף, וואָס האָט דערפירט צו דער אַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה.

*

דאָס ערשטע קעמערל פון דער בית״רישער און רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע איז אַנטשטאַנען נאָכדעם ווי די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אונדזער שטאָט האָט זיך צעטיילט אויף דריי: „עת לבנות״ „על המשמר״ און רעוויזיאָניסטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין רעזולטאַט פון דער שפּאַלטונג אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן אין יאָר 1930.

דער פּיאָנער פון דער דאָזיקער באַוועגונג איז געווען חיים קשעפּיצקי, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער מפקד פון בית״ר און דער ערשטער פון וויעלון עולה געווען קיין ישראל.

אין דער ערשטער מפקדה האָבן אויך מיטגעאַרבעט די חברים: חיים דאַווידאָוויטש, יעקב קאַניאַרסקי, גבריאל משולם סקאָווראָנעק, מענדל גד און דוד-בער כלאָפּאַק. די דאָזיקע חברים זענען געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן דער באַוועגונג און איר געווידמעט זייערע בעסטע יאָרן.

אין וויעלון איז נישט געווען קיין איין אינסטיטוציע, ווו דער בית״ר זאָל נישט זיין פאַרטראָטן דורך די דערמאָנטע חברים, אָנהייבנדיק פון דער קרן־קימת־קאָמיסיע, קהילה, ביזן שטאָט־ראַט. אומעטום האָט מען געפילט איר טעטיקייט און השפעה. נאָכן עולה זיין פון חיים קשעפּיצקי, גייט איבער די טעטיקייט אין די הענט פון דעם יונגן דור. אַ קורצע צייט זענען דעמאָלט געווען אין דער מפקדה: זאב קשעפּיצקי, יצחק וואַלמאַן און ערליך.

אין די לעצטע יאָרן, פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט זיך די טעטיקייט פון בית״ר קאָנצענטרירט אין אייגענעם לאָקאַל אויף דער פאַבריטשנע־גאַס, אין הויז פון עדוואַרד דאַווידאָוויטש, אונטער דער אָנפירונג פון מפקד יואל קאַניאַרסקי, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס גוטער אָרגאַניזאַטאָר און רעדנער. באַקאַנט זענען געווען זיינע ערשטע אַרויסטריטן ביי דער פאָן־אַנטהילונג פון בית״ר אין זאַל „אַכראַנאַ״. אויך שפּעטער, בעת דער הזכרה־רעדע אין דער גרויסער שול, אין דער אָנוועזנהייט פון עטלעכע טויזנט יידן (נאָכן הענגען דעם ערשטן עולה הגרדום שלמה בן יוסף ז״ל). מיט אים האָבן אויך מיטגעאַרבעט די ברידער משה און אברהם הערשבערג.

צום סוף דאַרפן נאָך דערמאָנט ווערן די לויטערע געשטאַלטן: יוסף יונג, אליעזר בערקאָוויטש און חיים גוט־מאַן, וועלכע זענען געקומען צום ציוניזם און צום רעוויזיאָניזם אַ דאַנק דער בית״רישער טעטיקייט אין אונדזער שטאָט, אונטער דער השפעה פון חיים קשעפּיצקי, יעקב קאַניאַרסקי, משולם סקאָווראָנעק און חיים דאַווידאָוויטש וועלכע זענען מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דעם אידעאַל; געווען די ערשטע ביי יעדער זאַמלונג פאַר קרן־היסוד, קרן־קימת און קרן תל־חי. מיט כבוד זענען זיי שפּעטער מיט דערפאָלג אַרויסגעטראָטן אַלס פאָרשטייער פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג אין וויעלונער שטאָט־ראַט און אין דער יידישער קהילה.

## די אַנטהילונג פון דער ערשטער בלוי־ווייסער בית״רישע פאָן אין וויעלון

איינע פון זיינע וויכטיקסטע מאַניפעסטאַציעס פון בית״ר אין שטאָט איז געווען די אַנטהילונג פון דער בלוי־ווייסער פאָן.

כדי אַרויסצוקומען מיט אַ יידישער פאָן אויף דער יידישער און פוילישער גאַס, האָט דעמאָלט ביי דער מאַר־שירנדיקער יידישער יוגנט, פאַרלאַנגט פיל מוט. חדשים־לאַנג האָט געדויערט די צוגרייטונג צום דעם פייער־חדשים־לאַנג האָט געדויערט די צוגרייטונג צום דעם פייער־לעכן מאָמענט. פיל שלאָפלאָזע נעכט האָט זיך געפאָדערט בעת מען האָט געבראַכט פון טשענסטאָכאָוו די פאָן, געמאָלט דורך אַ באַקאַנטן קינסטלער. די באַטייליקטע פון דער געשעעניש האָבן פיל מיטגעמאַכט, ספּעציעל די בית״רים: משולם סקאָווראָנעק, דוד בער כלאַפּאַק, יעקב סולמיערסקי, מנחם גאַד הי״ד, און ויבדל לחיים — חיים קשעפּיצקי, חיים דאַווידאָ־וויטש, יעקב קאָניאַרסקי, שלמה האַליץ, יואל און גבריאל קאָניאַרסקי און די ברידער הערשבערג.

יוסף קלאַרמאַן און ד״ר פעלדשוה האָבן דעמאָלט מיט רירנדיקע ווערטער באַגלייט דאָס פאַרפעסטיקן די גאָלדענע זשעטאָנען אויף דער ערשטער פאָן. צוליבן מאַנגל אין פּלאַץ אויפן זאַל, האָבן זיך פיל חברים נישט געקענט באַטייליקן. דער רושם פון דער פייערונג האָט נאָך לאַנג אָנגעהאַלטן.

בעת בית״ר האָט נאָך אַ ל״ג־בעומר־פייערונג, צוריקגע־קערט מיט דער פאָן, זענען די גאַסן געווען פול מיט קריסטן. דער איינדרוק איז געווען גרויס. אויך ביי אַלע פייערונגען; ביי אַ צוזאַמענפאָר פון בית״ר אין קאַליש האָט זאב זשאַבאָטינ־סקי, שפּעטער אויך יצחק גרינבוים אין פאָן געקלעפּט גאָל־דענע זשעטאָנען.

דורך דער גאַנצער צייט איז די פאָן געהיטן געוואָרן אין דער וווינונג פון די ברידער קאָניאַרסקי און דאָרט אויך באַ־גראָבן געוואָרן אין קעלער דורך זייער פאָטער, כדי די נאַציס זאָלן זי נישט שענדן. דאָרט אין קעלער אויף אויגוס־טינער 6 ליגט זי נאָך מסתמא ביזן היינטיקן טאָג.



פעילי הצה״ר — אַקטיווע חברים פון הצה״ר

עומדים בשורה ראשונה (מימן) — שטיין אין די ערשטע רייע (רעכטס): שמולביץ, ג. קונירסקי, חרלופסקי, זאב קשיפּיצקי, ד. ליטמנוביץ

שורה שניה — צווייטע רייע: חלופק, ברום, לנדסברג, נ. מרגוליס, פ. זלקוביץ, סקוברונק, שיליט, בוברובסקי

שורה שלישית — דריטע רייע: מרקוס, ח. קשפיצקי, ר. מרגוליס, ח. וטמאַן, סולמירסקי, גד, ש. רוז'ביץ

שורה רביעית — פערטע רייע: י. לחמן, חנא מילדמן, מ. סנדרוביץ, י. סולמיערסקי, ת. ארליך, ח. דווידוביץ, א. דווידוביץ



קן ופלוגות הכשרה של בית״ר, 1930

בית״ר־אָרגאַניזאַציע און הכשרה גרופּע, 1930



חברי בית״ר בהפרדם ממשה דודוביץ ומהניק ברקוביץ לעלייתם לארץ־ישראל ב־1936

חברים פון בית״ר צום אָפּפאָר קיין א״י פון משה דודוביץ און העניק בערקאָוויטש

יצחק לחמן

# תולדות „המזרחי" בוילון

זה שעה ארוכה אני מתלבט בזכרונותי איך לבסס ואיך לתאר בדרך רציונלית את התהליך של התהוות „המזרחי" בוילון. על אף שהייתי אחד מבין יוזמי ייסודו וחבר בהנהלתו עד יום עלותי ארצה ב־1925, דרוש לי בכל זאת מאמץ רב למען רענן את זכרוני בנדון. ישנה הגדרת חז"ל על דברים המופיעים פתאום — שהם נבראים לצורך השעה — וארשה לי לומר שגם „המזרחי" בעירנו וכן התנועה הזאת בכללה התהווה פתאום לצורך השעה. המיפנה האנטישמי שחל בעמים רבים בארצות התפוצות שבני ישראל שכנו בתוכם תקופות של מאות בשנים, וכתוצאה ממנו התחילו להציק ליהודיהם בכל תחבולי זדון ורשעה ולהצר את שטח פרנ־סותיהם ע"י תעמולה ארסית שאסור לתת ליהודי להתקיים יותר בארצותיהם וכו' וכו', ובו בזמן ההתגלות הפתאומית של איש פלא בשם ד"ר הרצל המקדיש את כל מרצו לעורר בתוך עם ישראל את השאיפה והעזה לדרוש ולרכוש בחזרה את ארץ ישראל אשר ממנה גורשו לפני אלפיים שנה, ושעד היום הארץ נמצאת שממה בידי זרים ומחכה לשיבת בניה אליה — עוררו ופקחו עיני רבים שאכן הגיע הקץ לקיום השפל של היהודי הגלותי, להרים ראש ולישר גב ולהתכונן לעלות ולהתחיל בחיים של עבודה ויצירה בארץ ישראל.

אולם משום מה כתופעת לוואי עם הציונות באה הכפירה בדת ובמסורת היהודית, ומנהיגים ראשיים של התנועה הציונית התנערו מכל זיקה דתית והוכיחו גם במאמרים פומביים שעם ישראל צריך להחדיר את התודעה הלאומית במקום הפולחן הדתי שטיפח לעצמו עד היום וכדומה. קל להבין שהופעת הכפירה הזאת הכאיבה לבבות ודכאה נפש רבים ומיד יצאו חוצץ נגדה רבים מגדולי התורה




ה„מזרחי" ו„החלוץ המזרחי" עם חבר ההנהלה יצחק לחמן לרגל עלייתו לארץ־ישראל בש:ת 1925

ה„מזרחי" און „החלוץ המזרחי" צום אָפּפאָר פון קאָמיטעט־מיטגליד יצחק לאַכמאַן קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1925

ומנהיגי חצרות החסידים והכריזו והחרימו ואמרו שהשאיפה לציון בדרך התנועה הציונית נוגדת את האמונה בביאת גואל צדק וגאולה אמיתית. התחילו רדיפות ושיקוצים נגד כל מי שנטה אוזן בפומבי לפעמי התחיה הציונית בחלק העם. אולם עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה ב־1914 וכבוש פולין כולה בידי הגרמנים והאוסטרים הוקל מצבם הפוליטי של היהודים מטעם השלטונות והתנועה הציונית החלה להכות גלים חדשים ברחוב היהודי. נתארגנו מיד שעורים לעברית בכל עיר שהיה בה יישוב יהודי, נפתחו בתי ספר עם עברית כשפת ההוראה, יסדו ארגוני ספורט עם סמל מגן אחת ופתאום התחילו להופיע ברוח הזו מאמרים נלהבים בעתונות הכללית. ברובם נכתבו בידי הרב זלוטניק ז״ל מגומ־בין, בידי הרב קובלסקי ז״ל מולוצלבק, בידי המטיף הרב יצחק ניסנבוים ז״ל מורשה ועוד ועוד. המאמרים חצבו להבות והשפעתם על הנוער הדתי היתה עצומה והשאיפה לציון פעמה בחזקה בלבבות רבים, ברם בסתר ובפחד לגלות שמץ מכך בגלוי, כי מיד נרדפו כאלה עד חרמה. והנה באה הצהרת בלפור והאנשים התחילו לראות בכך אות מהשמים להתחלת הגאולה הנכספת והשאיפה לציון גברה ועלתה בלב כל. נעלם מרבים הפחד לגלות את עצמו כאוהד וכמוקיר את



קבוצת חברים ב„צעירי המזרחי״     אַ גרופּע „צעירי מזרחי״ חברים

עומדים (מימין) — שטייען (רעכטס): משה מנדל לבקוביץ, יהודה משה שטשקץ (שקט), יחזקאל בירנבוים; יושבים — זיצן: משה אהרון מאַרק, שלמה כמורא, שמואל אהרון לחמן

דוד על התלבושת הרשמית בצבעי כחול לבן, התארגנו מקהלות לשירה וזמר ששרו ונגנו שירי ציון בעיקר. הנוער ברובו התרכז באגודות, אלה באגודת הציונים ואלה בצעירי ציון ובפועלי ציון ימין ושמאל וגם בארגון הבונד ועוד.

לעומת זאת נשאר הנוער הדתי קשור לבתי החסידים, לבית המדרש, לישיבה. ברם למרות היותו סגור בארבע אמותיו כתמיד התחיל בכל זאת הרעיון של תחייה לאומית להסתנן ולחדור ללבו ומבלי משים נתפס למהלך הרוב ברחוב היהודי. השתדלו באיזה דרך שהיא לקבל עתון ולקרוא אותו בסתר וברב און ולאט לאט להגות ולשאול בלבו האם אי אפשר לשאוף לציון וגם לשמור על הדת בכל חומרתה? בבת התנועה הציונית על אף כל מגרעותיה במובן הדתי, ולאט לאט פרצו הרגשות האלה מפי רבים ואנשים התחילו להכיר איש את רעהו ותהליך מחשבותיו אז.

בשבת אחת, כשיצאנו מבית המדרש אחרי הקשבה לפרו־שיו וחדושיו הנפלאים של ר׳ בנימין ביאליק על פרשת השבוע, (ודומני שהיה זה שבת נחמו ובית המדרש היה מלא אנשים מכל החוגים שצבאו רכונים סביב השולחן התפוס עד אפס מקום ע״י תלמידיו של ר׳ בנימין הקבועים, והם בעלי הבתים המתפללים הקבועים במקום) נעצרנו פתאום על המדרכה שהשתרעה מחזית בית המדרש מזרחה והובילה עד הפרבר הקרקובסקי בעיר ושמשה כטיילת גם לחובשי בית

המדרש והתקבצנו במעגל לשמוע את דבריו הנבונים של ר׳ מרדכי פרידנזון על חשיבות ההתארגנות לתנועת מזרחי בוילון. מיד העיר ר׳ אברהמצ׳י ריינגולד שמוטב שנטייל הלאה ונכנס אליו הביתה, היה גר אצל הצלם הנוצרי בשם גשנ־קובסקי, נדמה לי כמה בתים אחרי בית אברהם בער ליפשיץ, ושם אצלו נדבר על הענין ביתר אריכות. צייתנו כמובן להזמנתו והמשכנו את טיולנו עד המקום. היינו שמונה אנשים ובאם אינני טועה היו הם: השניים שהזכרתי לעיל מר פרידנזון ומר ריינגולד ור׳ אהרן לייב אהרונוביץ, מר שלמה גרוסמן, מר מרדכי שניצקי, מר יוסף פייטלוביץ, מר משה פרומן וכותב השורות האלה. הגב׳ ריינגולד העמידה מיד תקרובת „שבת אויבס״ על השולחן ורב מרדכי פרידנזון הזמין אותנו להתאסף אצלו למחר אחרי צהרים לשם אסיפת ייסוד המזרחי.

למחרת באנו אליו כולנו בשעה שנקבעה. הוא התגורר בבית סקורקה ברח׳ ברברה בקומה ב׳ בשכנות עם מר הרשל דוידוביץ, ורצה המקרה שהיה שם חדר ריק ששימש מקודם לבי״ס של הגב׳ אסתר הדס דוידוביץ (אשתו), והם הסכימו להעביר את החדר למטרתנו החשובה. באסיפה הזאת נבחר מיד ר׳ מרדכי פרידנזון ז״ל ליושב ראש של הארגון, ר׳ אהרן לייב אהרונוביץ לסגנו ואני למזכיר. החלטנו לרכוש מיד חברים שיחתמו על בקשות להתקבל ולהקים מיד ספריה קטנה של ספרות ברוח המזרחי וכן לפרסם על ערב הקראות ביום ששי הקרוב. מעניין לציין שבמשך השבוע הראשון נתקבלו כששים חברים, אנשים מכובדים, מבני העיר ממש, והצלחנו לרהט את החדר עם שולחן די גדול וכסאות וספסלים לישיבה, ומעל לכל לקבל ארון מטבח בהשאלה, אולם גם למלאות אותו גדוש ספרים, אפילו יקרי ערך ביותר בזמן ההוא. אחד החברים הביא את דברי ימי ישראל לזאב יעבץ ואחר הביא זכרונות ל„בית דוד״ ל־א. ש. פרידנברג ספרי ר׳ צבי הירש קלישר, של הרב ר׳ אליהו פוטמכר, של ר׳ יצחק יעקב ריינס, של ר׳ שמואל מוהליבר וכתבי העת וגליונות המזרחי במאמרים נלהבים של רבנים מפורסמים, דבוקים בתנועה הציונית הבזלית בכל לבם ובכל נפשם, ועוד ספרים, פנינים ממש, שאין פה מקום לפרט את כולם. ר׳ שלמה גרוסמן קבל על עצמו להקריא פרקי דברי ימי ישראל מדי שבת בשבתו, ור׳ אהרן לייב אהרונוביץ את ספרי הרמב״ם והתחיל בלמוד „שמונה הפרקים״, וכן הקראנו מספרות גדולי ספרד כגון יהודה הלוי, ר׳ שמואל הנגיד, ר׳ משה חיים לוצטו, ושלמה אבן גבירול ואבן עזרא ועוד. הגיעו אלינו ברכות ואחולים מהועד המרכזי העולמי של המזרחי, ומרבי יצחק ריבקינד מלודז׳ — המלצות והוראות לארגן מיד אגודת צעירי מזרחי ע״י המזרחי הכללי, הודענו על כך לצעירים מתאימים ברוחם ומיד פנו רבים וביקשו לקבל אותם כחברים. הונהגו שעורי גמרא ותנ״ך בבית המדרש מדי בוקר. יום יום האברכים מבית החסידים דגור, שהיה בשכנות בית המדרש, באו כמובן להפריע וצעקו עלינו וקראו לנו אפי־קורסים ופושעים, אולם לא הועילו בכך כלום והשיעורים נתקיימו בריש גלי על אפם וחמתם. (אני הייתי מגיד השעורים האלה וכן נתארגן חלוץ מזרחי תחת פקוחי). כאשר נתחלף השלטון בסוף המלחמה, עזרנו לחברים הצעירים לצאת למסעותיהם, על מנת להגיע לארץ ישראל במשך הימים, ואכן נמצאים פה עמנו מהם עד מאוע״ש שנה מר יהודה משה שקט, מר שמשון אפרתי, מר יעקב שניצקי ואחרים. לאחר זמן מה עברנו לדירה מרווחת בת כמה חדרים בבית יידעלע קאופמן ושם יסדנו את בית הספר המזרחי שנתפרסם מאז ברמת למודיו ונתמלא תלמידים למעלה מהמצופה. העסקנו בו מלמ־דים ומורים מהטובים ביותר, נמצא עמנו, עד מאה ועשרים שנה ר׳ מרדכי שניצקי, ששימש כמורה הביה״ס הזה עד עליתו ארצה בשנת 1921 וכן ישנם פה מהתלמידים שנתחנכו בו. כולנו זוכרים עדיין את התועלת הרבה שהביא בית הספר הזה בוילון.

גדול הוא שברנו ויגוננו שבבת אחת עלה בידי הצורר הנאצי להכחיד ולהשמיד כל היקר הזה, וזכור נזכור את אשר עוללו לנו העמלקים.

**אברהם ברום (ירושלים)**

# פועלי־ציון אין וויעלון

אָנהייב נאָוועמבער 1918 האָט מען שוין געפילט דעם סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. מען האָט גערעדט וועגן דער אַבדיקאַציע פון דייטשן קייזער, און אין פוילן זאָל זיין אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג. דעמאָלט, פּונקט אַ יאָר נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם פירער פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג, בער באָראָכאָוו, איז דורך דעם חבר בערל שמולעוויטש (היינט אין ישׂראל) אראָפּגעברענגט געוואָרן אַ גרעסערער סכום פּאָליטישע ליטעראַטור, און צווישן דעם, דער אין לעמבערג דערשינענעם „יידישער אַרבעטער אָרגאַן" פון „פּועלי־ציון", געווידמעט די ערשטע יאָרצייט פון בער באָראָכאָוו. עס דערמאָנט זיך די ערשטע, פּרעכטיקע באָראָכאָוו־אַקאַדעמיע אין יידישן יוגנט־פאַראיין מיט דער באַטייליקונג פון חבר מאכל לועל און דער עבריתלערער יהושע ליפּמאַנאָוויטש (ביידע אומגעקומען). אין ליטעראַרישן טייל האָט זיך באַטייליקט דער רעזשיסער פון דראַמאַטישן קרייז שמואל פראַנק פון טשענסטאָכאָוו.

די אינטענסיווע ציוניסטישע אַרבעט פון די דעמאָלסדיקע יינגערע כוחות האָבן סיסטעמאַטיש באַזייטיקט די אַסימילירטע עלעמענטן פון „יוגנט־פאַראיין" אַ דאַנק די כסדרדיקע אונטערנעמונגען, ליטעראַרישע אימפּרעזעס און פאָרשטעלונגען פון דראַמ.־קרייז. אין נייעם פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען דאָס פּאַרטייאישע לעבן.

ענדע 1918 ווערט פּראָקלאַמירט די פּוילישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק. ס׳צעפּלאַקערט זיך אַ לעבעדיקע דיסקוסיע ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן אין באַנייטן פּוילן די אַרבעטער־באַוועגונג. 1919—1920 זענען געווען שווערע יאָרן; די פּויליש־סאָוויעטישע מלחמה, די פּאָגראָמען און רדיפות אויף אַלע יידישע אינסטיטוציעס, האָבן אויך נישט אויסגעמיטן דאָס שטעטל וויעלון. די מאַכט רעקוויזירט דעם פּרעכטיקן לאָקאַל פון „יוגנט־פאַראיין", די ביכער פון דער פּרעכטיקער ביבליאָטעק ווערן אַרויסגעוואָרפן דורכן באַלקאָן, דער דעמאָלסדיקער ענדעקישער רעזשים האָט



הנוער של „פועלי ציון" שמאל בשנת 1928

די „יוגנט" ביי די לינקע „פועלי ציון" אין יאָר 1928

אַלץ חרוב געמאַכט. די רעשט פאַרבליבענע ביכער האָט מען צעטיילט און איבערגעפירט אין די פריוואַטע וווינונגען פון די חברים: וואָלף אונער, יוסף באַרנשטיין, מאַכל לועל און משה מענדלעוויטש, און אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט די ביבליאָטעק. אין די פריוואַטע שטובן זענען פאַרגעקומען כסדרדיקע באַראַטונגען וועגן צוריק אויפשטעלן אַ קולטור־צענטער.

דאָס יאָר 1920 איז געווען רייך מיט געשעענישן אין דער אַרבעטער באַוועגונג; ס'זוערן כסדר געפירט דיסקולעוויטש, יוסף באַרנשטיין, מאַכל לועל, און אויך אויף עפנטלעכע ערטער.

צו יענער צייט האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע יוגנט־חברים: פרענקעל, ליס (אומגעקומען), אברהם קשוק (היינט אין ישראל, צוזאַמען מיט זיין פרוי. ס'זענען פאָרגעקומען זיצונגען פון אַ פּאַרטיי־קאָמיטעט וועגן פאַרבינדן זיך מיטן לאָדזשער ראַיאָן־קאָמיטעט, אונטער דער השפעה פון נאָטאָן לעווקאָוויטש — אַ חבר פון דער לאָדזשער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ „יוגנט־אָרגאַניזאַציע״



קבוצת חברים ופעילי „פועלי ציון״ שמאל, לרגל עלייתם של חבריהם: הנצ׳ה דרוז׳דזיק ויהודה טננבוים

לינקע „פועלי ציון״ חברים און אַקטיווע טוער צום אָפּפאָר פון חברים קיין ארץ ישראל — 1933

סיעס וועגן דער באַציונג צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס פּראָבלעם „קאָמינטערן״ האָט אויך נישט אויסגעמיטן „פּועלי־ציון״. די 5־טע וועלט־קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי, האָט געפירט צו אַ שפּאַלטונג. אַ קליינער טייל חברים זענען געווען פאַרבונדן מיטן לאָדזשער ראַיאָן־קאָמיטעט. נישט האָבנדיק קיין עפנטלעכן לאָקאַל, איז די אַרבעט פון דער קליינער גרופּע כסדר אָנגעגאַנגען אין פּריוואַטע וווינונגען — ס'רוב ביי די חברים: בערל שמואין די פּריוואַטע שטיבן ביי די עלטערן פון ח׳ ברום. אויף די ווייטערע זיצונגען, מיט דער באַטייליקונג פון חבר דוד סקראַבעק איז געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדנונג די פראַגע וויאַזוי צו שאַפן אַ לאָקאַל מיט אַ לעגאַליזאַציע צו גרינדן אַ געזעלשאַפט „אַרבעטער־היים״ ווי אין לאָדזש און וואַרשע.

אָבער שוין דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן די רדיפות אויף אונדזערע אינסטיטוציעס. מען האָט פאַרחתמעט די לאָדזשער אַרבעטער־היים, דערנאָך איז פאַרבאָטן געוואָרן די

פאַרטיי־פּרעסע. מיר האָבן נישט באַקומען קיין דערלויבעניש פאַר קיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעטער־היים.

די אַרבעט פון פּועלי־ציון איז ווייטער אָנגעגאַנגען. מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט אויף אַ פאָרלעזונג דעם חבר אינפעלד פון לאָדזש. דאָס איז דערגרייכט געוואָרן אַ דאַנק דער מי פון חבר שעראַצקי, וועלכער איז פערזענלעך געוואָרן פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן וויעלונער סטאַראָסטע.

מיר האָבן באַקומען כסדרדיקע רעפערענטן. צווישן זיי טורנער (געשטאָרבן אין ישראל), שוואַרצבאַרד, זילבערבערג און אביגדור (אומגעקומען) אַזוי איז די פּועלי־ציון־אַרבעט געוואַקסן צווישן דער וויעלונער אַרבעטנדיקער יוגנט. בעת די כסדרדיקע פאָרלעזונגען און „מאַסוווקעס", זומער אין פעלד און ווינטער אין די וווינונגען ביי חברים, איז באַשלאָסן געוואָרן פאַר יעדן פּרייז צו באַקומען אַ וווינונג. און דאָס איז נישט געווען לייכט. נישט אַלע האָבן געוואָלט פאַרדינגען אַ לאָקאַל פאַר אַ פאַרטיי, וואָס די יידישע מאַסן אין וויעלון האָבן עפנטלעך נישט געקענט.

ענדלעך, אין יאָר 1926, איז אין הויז פון לייב אונגער, (פאַבריטשנע נ' 14), אַ מיטגליד פון „מזרחי", ליידיק געוואָרן אַ קליין שטיבעלע אויפן הויף. מיט דער הילף פון גרויסע באַשטייערונגען פון געציילטע חברים איז געדינגען געוואָרן דער לאָקאַל. ביזן אויספּערטיקן דעם לאָקאַל, האָבן מיר דורכן צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע באַקומען צוגעשיקט אַ וועגדונג אַריינצוטראָגן אַ בקשה וועגן אַ דערלויבעניש אויפן נאָמען פון דער צענטראלער געזעלשאַפט „אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער", אונטער דער אָנפירונג פון ד"ר ברוך אייזנשטאַט. אַזוי איז אָנגעפירט געוואָרן די פאַרטיי־אַרבעט פון לינקע „פּועלי־ציון". ביז צום עפענען דעם לאָקאַל, זענען געוואָרן צוריק צונויפגעזאַמלט די ביכער ביי די חברים און ווידער רעסטאַווירט די ביבליאָטעק. חודש מאי, 1926, האָט זיך צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער שטאָט וויעלון, אָנגעהויבן די קאָנצענטרירטע פאַרטיי־אַרבעט פון „לינקע פּועלי־ציון". זי איז זיך אין קורצן צעוואַקסן צו אַ מאַסנהאַפטער אַרבעטער־פאַרטיי. די פאַרטיי איז אויף אַלע געביטן פון דער יידישער געזעלשאַפט דערגאַנגען צו אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע מיט פאָרשטייער אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי קהילה, שטאָט־ראַט, קראַנקען־קאַסע און פּראָפ. באַוועגונג, וואָס איז געוואָרן דער טרייער פירער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער שטאָט וויעלון.




טיול של חברי „פועלי ציון"

אויספלוג פון אַ גרופּע חברים לינקע „פּועלי ציון" קיין וואַרשע, 1933

דוד גראַנעק (משמר הנגב)

# די „יוגנט" ביי „פּועלי־ציון" אין וויעלון

אין דער קיום פון געזעלשאַפטן, גרופּן און פּערזאָנען מיט וואָס אונדזער שטאָט וויעלון איז רייך געוועזן, וויל איך אויך צוגעבן אַ טייל געשיכטלעכע זכרונות פון אַ באַוועגונג, וואָס האָט ביי אונדז געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

פּרוּוון וואָס אָביעקטיווער אַרויסברענגען פאַר דער עפנט־לעכקייט אַ ביסל פון דער דערציערישער אַרבעט, און אויך די פּרעכטיקע געשטאַלטן, וואָס האָבן געווירקט און אויפגע־האַלטן די באַוועגונג און וואָלטן זיכער, אין זייער גרעסטן טייל, מיט אונדז מיטגעלעבט היינט, ווען נישט די גרויזאַמע האַנט, וואָס האָט דאָס אַלעס איבערגעהאַקט אויף אַ בעסטיאַ־לישן אופן.

מיר דאָ אין ישראל, האָבן זוכה געווען צו אַ פריי זעלב־שטענדיק לעבן, דאַרפן זיך נישט לאָזן באַהערשן פון דער שטימונג, וואָס די צייט ברענגט מיט זיך (אַז מען מוז פאַרגעסן) פאַרקערט: אַרויסברענגען פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט און ספּעציעל פאַר אונדזערע קינדער, וועלכע האָבן נישט געקענט דעם „דאָרט", און דערציילן וועגן די אַלע יחידים, גרופּן, געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן געלעבט און גע־ווירקט און וואָס זייער לעבן איז איבערגעריסן אין מיטן שטרעבן און קעמפן דורך פאַרשידענע אידעען, וואָס האָבן געהאַט איין ציל: באַפרייען דעם ייד־מענטש פון דער אונ־טערדריקונג און אויפבויען אַ ליכטיקע, פריידיקע וועלט. אונדזער יידיש וויעלון איז אַ קלאַסישער ביישפּיל פון דעם געראַנגל.

*

אַלס קליין יינגעלע, קומענדיק אין יאָר 1916 פון לאָדזש קיין וויעלון, האָב איך גלייך מיטן גאַנצן ווזן איינגעזאַפּט אין זיך די ריינע לופט פון גערטענער, מיט וואָס אונדזער שטאָט איז געווען רייך. אין וויעלון האָב איך אָפּגעלעבט די בעסטע שעהן פון מיין פרייער צייט.

ביי מיין פעטער מאיר יאַסקאָוויטש אין סאַד (צוזאַמען מיט זיינע שותפים, בראַם, מאיאַרטשיק) האָבן מיר פאַרברענגט אין שטיפן און זיך אויסלעבן קינדיש, וויל די ווייט גרעסטע צייט איז געווען הייליק פאַר לערנען אין דער „אגודה־שול".

און ווער פון אונדז געדענקט דען נישט די „פאַבריק", אין וועלכער עס איז איינגעשטאַנען דער היכל התורה פון דער „אגודה"? בלויז דאָס גיין אויף די טרעפּ, וואָס האָבן אַרויס־געגעבן פון זיך אַן עכאָ, האָט גלייך דאָס קינד אַריינגעפירט אין אַ צווייטער וועלט; די פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט און דער פּחד — פאַרשטאַרקט דעם גלויבן. די „חדרים" אין וועלכע מען האָט געלערנט (געקנעלט) האָבן גלייכצייטיק גע־דינט פאַר אַלע געברויכן פאַר דער משפּחה פון מלמד. די מלמדים, וועלכע האָבן דעם קינד געגעבן דעם ערשטן אונ־טעריכט זענען געווען: ר' הערשעלע עקשטיין, ר' מאיר שמו־אל — דער זלאָטשעווער, ר' הערשעלע טיימאַכער, דער יאַדאָ־ווער, בעסער און אַנדערע. זיי האָבן אויף פאַרשידענע אופנים (נישט האָבנדיק קיין געניטעם לערן־פּלאַן) איינגעקנעלט תורה — ס'רוב מיט אָפּשייגעצן און אָפּשרעקן.

לעבנדיק אין שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, האָבן די מלמדים פאַר אַ קליינעם לוין די לעקציעס אַדורכגע־פּלאָכטן מיט כעס און פאַרביטערונג. דאָס אַלעס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער באַציונג צום תלמיד. (פאַרשטענדלעך אַז עס איז געווען אַ אונטערשייד צווישן בעלי־בתישן קינד און דעם, וואָס האָט געלערנט אין „תלמוד תורה") פון דאַנען האָבן זיך אויסגעבילדעט די ערשטע שפּראָצן פון דעם אונטערשיד אין די באַציאונגען צווישן רבין און תלמיד. אין די הע־כערע קלאַסן, (ווען דאָס קינד ווערט אויף עלטער) איז אויך דאָס באַוווסטזיין זיינס געשטיגן און צוזאַמען מיט דעם — אויך די שטרעבונג צום וויסן. דאָס גאַנצע וועלטלעכע וויסן (לערנען) האָט זיך אויסגעדריקט אין צוגעשניטענע לעקציעס (אין מיין צייט איז געווען דער לערער אהרון כוואַט), עלע־מענטאַרע אַריטמעטיק, וואָס האָט שוין געהייסן ביטול תורה.

אונטערוואַקסנדיק נאָך אין קרייז פון „חדר" און בית־המדרש (ווער אויך אין שטיבל) און געלעבט אין פּראַלעטאַרי־שע היימען, האָבן זיך ביסלעכווייז געעפנט די אויגן, און דער אונטערוואַקסנדער יוגנטלעכער האָט גענומען זוכן נייע האָ־ריזאָנטן. ער האָט נישט געקאָנט בלייבן אין די ד' אמות פון „חדר" און „ישיבה". ער איז געשטויסן געוואָרן דערצו אַ דאַנק דער ספּעציפיש עקאָנאָמישער סטרוקטור פון שטעטל, וועלכע איז (אויסער אַ גאַנץ דינעם שיכט אייגנטימער און גרעסערע סוחרים), באַשטאַנען פון האַנטווערקער, בעלי מלאכות און קליינהענדלער; אַ טייל, וואָס האָט פאַרקויפט זיין אייגענע פּראָדוקציע, און אַנדערע פאַרקויפער, וואָס האָבן גענומען ביי אַ צווייטן אויף באָרג.

דער יוגנטלעכער, זוכנדיק פאַר זיך עקזיסטענץ, האָט זיך

אָנגעשטויסן אויף שוועריקייטן, צו וועלכע ער איז נישט געוועזן צוגעגרייט, נישט האָבנדיק קיין עקאָנאָמישן באַזיס. און דאַן, זייענדיק אין טראַנס פון אַרבעט ביי פאַרשידענע אייגנאַרטיק יידישע פאַכן, ווער נאָך אַלס לערניינגל — וואַקסט אויך דער ווילן צו וויסן, געדענקען דעם ריכטיקן וועג און דעם לאַבירינט פון פאַרטייען און געזעלשאַפטן, וואָס זענען דאַן געוועזן אויף דער יידישער ווילנער גאַס — איינצייטיק מיט דעם עקאָנאָמישן קאַמף, וואָס ער איז געווען געצוווּנגען צו פירן.

פיל פון דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט זענען ווייטער געגאַנגען אין וועג פון זייערע פרומע עלטערן און האָבן זיך צוגעגרייט אַלס גייסטיקע רעליגיעזע פירער פון יידישן פאָלק; פאַרשטענדלעך, האָבן חוץ דעם רעליגיעזן מאָמענט, אויך געווירקט עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואָס האָבן אים באַפרייט פון דאגות פרנסה.

יוגנטלעכע פון מער פרייערע עלטערן האָבן זיך געוואָנדן אין דער ריכטונג פון אַלגעמיין־ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט אויסגעפירט זייער אַ וויכטיקע ראָלע קעגן דעם אַסימילאַטאָרישן אָפּנויג פון דער יידישער יוגנט (עס זענען, לײדער, אויך אַזעלכע געווען) און אַנטוויקלט אַ פּאָפּולערע ברייט־פאַרצווייגטע אויפקלערונגס־אַרבעט, אויפגעהאַלטן געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן מיט גרויסע יוגנט־גרופּן און זיי אויסגעהיטן פאַרן פאָלק.

אַ דאַנק דעם געזעלשאַפטלעכן געראַנגל זענען דערווייל פאָרגעקומען פאַרשידענע אַקציעס — געזעלשאַפטלעכע, קולטורלע, פּאָליטישע אַקציעס. עס זענען אַנטשטאַנען שולן („מזרחי"), קולטור־אינסטיטוציעס, ביבליאָטעקן, ספּאָרט־פאַראייַנען און אַנדערע, וואָס האָבן בייגעטראָגן צו דער קולטורעלער און פיזישער דערציאונג פון אונדזער ווילנער יוגנט. עס איז דעריבער מיט פרייד כדאי אונטערצושטרייכן, אַז עס זענען כמעט נישט געווען קיין ערנסטע פאַלן פון יידישע יוגנט־פאַרברעכער.

*

איך וויל זיך אָבער ספּעציעל אָפּשטעלן אויף דעם טייל פון דער ווילנער יוגנט־מאַסע פון וועלכער איך שטאַם און האָב מיטגעווירקט. יוגנטלעכע פון אַרבעטער, בעלי־מלאכות און סתם פאָלקס־מענטשן האָבן צום 11־טן און 12־טן לעבנסיאָר, און ווער גליקלעכע — צו 14 יאָר, געמוזט זיך איינשפּאַנען אין יאָך פון העלפן די עלטערן אין דער פרנסה און צוגרייטן דעם וועג פאַר דער צוקונפט.

דער הערשנדיקער רעזשים האָט גאָר ווייניק אַכט געלייגט אויף דער צוואַנגס־בילדונג, קינדער־ און יוגנט שוץ־געזעצן, וואָס האָבן אַ ציל צו פאַרהיטן דאָס לעבן, געזונט און אַנטוויקלונג פון יונגן דור (זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפבלאָזן שנאה און אַנטיסעמיטיזם). ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז אין פיל יידישע שטיבער מיט פאַרצווייגטע משפחות, ווו דער טאַטע (נישט שטענדיק קיין געזונטער) האָט נישט געקאָנט דורך קליין־האַנדל אָדער האַנטווערקעריי שפּייזן זיין משפחה, זענען קינדער אָדער בכלל נישט געגאַנגען אין שול, נאָר אין חדר, און אויך נישט ביזן דערגיין דעם געהעריקן עלטער. ס'רוב האָט געלערנט אין „תלמוד תורה" אויפן חשבון פון קהל. דער גרעסטער טייל פון די אויבנדערמאָנטע



קבוצת כדורגל ע"י אגודת ספורט פועלית ב־1928 — פוטבאָל דרוזשינע ביים „אַרבעטער ספּאָרט קלוב"



„פועלי ציון" שמאל וה„יוגנט" לרגל עלייתו של דוד גראנק (באמצע)

די לינקע „פועלי ציון" און „יוגנט" פאַרן עולה זיין פון דוד גראנעק (אין צענטער)

יוגנטלעכע האָבן, צוליבן אַנטרעפן זיך אויף שווערע לעבנס־באַדינגונגען געפונען זייער פּלאַץ אין די רייען פון יוגנט ביי די אָרגאַניזאַציעס פּועלי־ציון־לינקע.

נישט לייכט איז אונדז געווען דאָס דערווערבן דעם יו־גנטלעכן. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ קעגנערשאַפט פון די עלטערן וועלכע האָבן געזען אין יעדע אָרגאַניזאַציע אַן אָפּנויג פון דער רעליגיעזער טראַדיציע, זייענדיק פאַרבונדן מיט פאַרשידענע פּעדים צום געזעלשאַפטלעכן אָרום.

אַלע יוגנטלעכע אַרבעטער, אויסגעוואַקסן אין די זעלבע, שווערע באַדינגונגען, האָבן זיך אַנטוויקלט דורך זעלבסט־בילדונג און עלעמענטאַרע וויסנשאַפטס־קרייזן. די טרייע טוער פון פּועלי־ציון: הענעך גאַוורילעוויטש, חיים וויעלונסקי, יאָסל באַרנשטיין, פּייוול פרענקעל ז"ל און די, וועלכע גע־פינען זיך מיט אונדז אין ישראל: בערל שמולעוויטש, אברהם ברום און נאָך, האָבן געווידמעט אַ סך מי און אָנשטרענגונג אויף דעם געביט און געהאָלפן דעם טייל, וואָס האָט אַרויס־געוויזן טעטיקייט און ווילן. די דערמאָנטע חברים און אַנ־דערע האָבן זיך אַרויסגעהויבן אַלס אַ גרופּע אָנפירנדיקע ביי דער „יוגנט". אַן איבערייס און געווירקט אויף גרויסע טיילן פון אונדזער יונגן דור; געווירקט דורך קרייזן, פאַרלעזונגען, ביבליאָטעקן, אָוונט־קורסן, ספּאָרט־געזעלשאַפטן, דראַמאַטי־שער קרייז און אַנדערע.

באַזונדערס האָט זיך אין דער אַרבעט ביי דער „יוגנט" געווידמעט דער דערציִער פּעיקער יחיאל ברום (דער זון פון וואָווע ברום), אַ גייסטיקער און פעיקער מענטש. ער איז גע־שטאַנען כמעט די גאַנצע צייט אין דער שפּיץ פון דער אָנפי־רונג. אויף אַלע קרייזן, קאָנפערענצן און צוזאַמענטרעפן, רעפּרעזענטירט און אַליין אָנגעפירט מיט ממשותדיקער אויפ־קלערונג־אַרבעט. נישט קוקנדיק אויף די שווערע לעבנס־באַדינגונגען, שווערע אַרבעטס־טעג, וועלכע האָבן אים פאַר־שלונגען.

דער צווייטער, וועמען עס איז צוצושרייבן אַ טייל פון דער מיטאַרבעט אין דער אָנפירונג, איז געווען דער אינטעלעקטועלער און איבערגעגעבענער — קאָפּל ליטמאַנאָוויטש (אומגעקו־מען מיט אַנדערע בחורים — פאַרפרוירן אין דייטשלאַנד אויפן וועג קיין בעלגיע).

נאָך אַ ריי יוגנטלעכע בחורים און מיידלעך האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר שוועריקייטן און דורך אויפקלער־אַרבעט צוגעצויגן ברייטע קרייזן אין דער „יוגנט".

נישט זעלטן איז אויך אויסגעקומען דורך אינטענסיווער אויפקלערונג אַרויסרייסן דעם יוגנטלעכן פון שעדלעכע איינ־פלוסן און דרכים, אַפילו דאָרט ווו עס האָט געדראָט מיט גע־פאַר און פיזישע געוואַלט פון קעגנערישן צד. אונדזער יוגנט־און קינדער־ביבליאָטעק איז נישט נאָר געווען אַן אָרט ווו חברים האָבן געוועקסלט ביכער: מיר האָבן דורך די ביבליאָ־טעקן געהאַט אַ גענויע קאָנטראָל, ווער און וואָס מען לייענט, און אַזוי געלענקט יעדן אין אַ געהעריקער ריכטונג. אונדזערע

אוונט־קורסן זענען ברייט באַזוכט געוואָרן און האָבן אין גרעסטן טייל דערגענצט עלעמענטאַרע בילדונג. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט דער אַקטיווער מיטהילף און אָנפירונג פון די אויבנדערמאָנטע אָנפירנדיקע פּאַרטיי־חברים פון דער „פּועלי־ציון״. אונדזערע פאַרלעזונגען אויף פאַרשידענע טעמעס: פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, קולטור־געזעלשאַפטלעכע, אויך וועגן קונסט, האָבן געהאַט אַ גרויסן אָפּרוף. זיי האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען און אַרויסגערופן שטענדיקן אינטערעס ביי ברייטע מאַסן, צוליב זייער גייסטרייכן אינהאַלט, זייער אַקטועלקייט און ספּעציעל צוליב די פּרעלעגענטן, וועלכע מיר האָבן זיך באַמיט אַראָפּצוברענגען אין אונדזער שטאָט. נאָך היינט ליגט מיר אין זכרון די פּאָלעמישע רעפעראַטן פון דעם חבר יוסף ראַזען, נתן בוקסבוים ז״ל. מיט וואָס פאַר אַ קלאָרקייט זיי האָבן דאַן באַוויזן אונדזער ריכטיקן וועג, דיסקוטירנדיק עפנטלעך מיט כמעט אַלע קעגנערישע פּאַרטייען. אַ ספּעציעלן פּלאַץ האָבן פאַרנומען די אַרויסטרעטונגען פון חבר זרובבל, גאַר באַזונדער — זיינע ליטעראַרישע פּאָרטרעטן.

אויך אויפן געביט פון קולטור זענען מיר נישט געווען די לעצטע. מיר האָבן זיך געגעבן אַ חשבון וועגן דער נויטיקייט פון דערציען אונדזערע יוגנטלעכע גייסטיק און אויך פיזיש. אונדזער אַרבעט אויף דעם געביט האָט זיך שטאַרק אָנגעזען, נישט נאָר צווישן די באַטייליקטע, נאָר אויך ווי אַ רעפּרעזענטאַטיוו געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג כלפּי חוץ — פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט.

די יוגנטלעכע האָבן זיך אויך באַטייליקט אין דעם דראַמ. קרייז ביי דער פּאַרטיי און געווירקט אין דער ריכטונג פון אָפּהיטן דעם קולטורעל־קינסטלערישן ניוואָ פון די אַרויסטרעטונגען.

פיל שווערער ווי דאָס ווערבירן „יוגנט״־מיטגלידער פאַר דער אָרגאַניזאַציע, זענען געווען די מניעות, אויף וועלכע מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן ביים אויפשטעלן די קינדער־אָרגאַניזאַציע „יונג־באַר״. דאָ איז געווען די רייד וועגן קינדער אין עלטער פון 12-13 יאָר. מיר האָבן דאָך אויפגענומען די אַקציע מיט פרייד און געגאַנגען ממש פון הויז צו הויז. וויפל אויסדויער, וויפל ענערגיע און טאַקט האָבן אַרויסגעוויזן אונדזערע אַקטיווע יוגנט־טוער ביים גיין פון שטוב צו שטוב און אויפקלערן די עלטערן די וויכטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען דער פּרווו־שטיין פון אונדזער טעטיקייט.

איך געדענק די קינדער, ווי זיי האָבן אויפגענומען די נייע געזעלשאַפטלעכע ראָם, דאָס שפּילן זיך אָרגאַניזירטערהייט, וואָס איז שטאַפּלענווייז איבערגעגאַנגען אין שמועסן, לייענען און לערנען. און אַזוי, בהדרגה, לויטן עלטער, זענען ביי זיי אויסגעוואַקסן דערצויגענע, קולטורעלע מענטשן. מיט



אגודת התעמלות וספורט פועלית „גביאזדה — שטערן״ בשנת 1933

יידישער ארבעטער טורן און ספּאָרט־פאַראיין „גוויאזדא — שטערן״

באַוווסטזיין האָבן זיי שפּעטער דיסקוטירט מיט מיטגלידער פון אַנדערע קעגנערישע פּאַרטייען און באַוועגונגען. זיי האָבן דאָס געמאַכט אויף אַ ווירדיקן אופן.

אָט גייען מיר פאַרביי געשטאַלטן, איינס און איינס, פון יוגנט־חברים, וועלכע זענען געווען גרייט אויסצופירן יעדע אַרויפגעלייגטע פליכט; גרייט אויף יעדן רוף פון דער באַוועגונג. האָבן זיי אויך מיט די לעצטע גראָשנס אויפגעהאַלטן דעם קלוב און זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע אַקציעס: יעדע ארץ־ישראל אַקציע איז געלונגען, ווייל די דערציאונג איז געווען אַן אויסגעשפּראָכן ארץ־ישראלדיקע, הגם דער סערטיפיקאַטן־סיסטעם האָט אַבסאָלוט אויסגעשלאָסן יעדע מעגלעכקייט פון קומען קיין ארץ־ישראל. זאָלן מיר דעריבער אויפהיטן אין זכרון וועגן אַ סך טייערע און נאָענטע אין זייער יוגנט אומגעבראַכטע חברים פון אונדזער ווילנער „יוגנט־אָרגאַניזאַציע און בלייבן ווי אַ דענקמאָל אין דעם ווילנער „יזכור־בוך“.

**י. רוזשעוויטש**

# טעאַטער אין וויעלון

אין וויעלון איז געווען אַ פאַרצווייגטע קולטורעלע טעטיקייט אויף אַ סך געביטן, למשל, ביבליאָטעקן, פאַרלעזונגען און אַנדערע קולטורעלע אימפּרעזעס. דאָס אַלץ מיט אייגענע כוחות און אויך מיט פּרעלעגענטן, וועלכע זענען געווען ביי אונדז אָפטע געסט. יעדער באַזוך פון דרויסן פלעגט אַרויסרופן אַ גאַר שטאַרקע פאַראינטערעסירונג, און גרויסע מאַסן פלעגן שטראָמען, און נישט איין מאָל זענען מיר געווען עדות פון עפנטלעכע דיסקוסיעס צווישן די צוהערער מיט די רעדנער.

דורך די אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט זענען געשאַפן געוואָרן קרייזן, קעסטל־אָוונטן, אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטנדיקע, דראַמקרייזן א״אַנד. אַזוי אַרום איז אויסגעוואַקסן אַ באַוווסטזיניקע, פּרעכטיקע יוגנט. גאַר באַזונדערס האָבן מיר צו פאַרצייכענען ערנסטע דערגרייכונגען אויפן געביט פון טעאַטער. נאָך ביים „יוגנט־פאַראיין“ האָבן זיך שוין דאַן אַרויסגעוויזן גאַר פעיקע כוחות, ווי: דאַבּרע נאַזשיק, וואָלף אָוונער, פייטל כמורא, יאַנקל הערשקאָוויטש, בערל שמולעוויטש, מירעלע דראַזשזיק־מענדלעוויטש, יוסף דיאַמאַנט א״אַנד. זיי האָבן אויפגעפירט, אונטער דער רעזשי פון לערער מנחם, געלונגענע רעציטאַציע־אָוונטן און פאַרשטעלונגען, ווי די „פּוסטע קרעטשמע“ פון פּרץ הירשביין, דער „דאָרפס־יונג“ פון לעאָ קאָברין. פיל פאַרשטעלונגען זענען געשטאַנען אויף אַ געהעריקן ניוואָ. שפּעטער איז אויך ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַנטשטאַנען אַ דראַמקרייז מיט געלונגענע פאַרשטעלונגען אונטער דער רעזשי פון פרעמדע און אייגענע כוחות מיטן אָנטייל פון פרוי באַלבינא שאַיאַ, יוסף שאַיאַ, יעקב שאַיאַ, פרוי ווייסקאַל, חיים קשעפּיצקי און אַנדערע פעיקע טעאַטער־ליבהאָבער.

אין די יאָרן 1926, ביי דער אַנטשטייונג פון דער געזעלשאַפט „אָוונט־קורסן“ (ביי די לינקע פועלי־ציון) אין וויעלון האָט זיך געשאַפן אַ דראַמ־קרייז מיט ערנסטע באַגאַבטע טעאַטער־ליבהאָבער. מיט אייגענע רעזשי־כוחות האָבן זיי אויפגעפירט רעווי־אָוונטן, פּרץ־ און שלום־עליכם־אָוונטן, כאָרן און דערנאָך איינגעלאַדנט די רעזשיסאָרן: נתן גאָלדבערג, דוד הערמאַן (פון די ווילנער), לייבוש יאַקובאָוויטש פון קאַליש, א. אַנד., וועלכע האָבן אויפגעפירט זייער ערנסטע פיעסן פון אַ הויכן ניוואָ. דאָס רעפּערטואַר איז דעמאָלט באַשטאַנען פון: „טאָג און נאַכט“, „אוריאל אקאָסטאַ“, „מאַשקע חזיר“, „דער קאַרגער“, „זיבן געהאַנגענע“, „דער דוכוס“, „גנבים“, „די ווייסע שקלאַפן“, „מענטשן אַלס טיגער“, „דער בטלן“ און אַנדערע. חוץ דעם אויך רעציטאַציעס און מאַנאָלאָגן. עס האָבן אָנטיילגענומען צענדליקער חברים, צווישן זיי: שלמה איצקאָוויטש און פרוי, יצחק געלקאָפּ, ישראל און וואָלף אוונער, דאַברע נאַזשיק, בערל שמולעוויטש, מלכהלע ברום, רויזע יאַקובאָוויטש, כתריאל ברום, דוד גראַנעק, ייִדל קאַמינסקי, ראָזנטרויב, איצל וואָלקאָוויטש, יצחק רוזשעוויטש, ביילע געלבאַרט, אסתר יאַקובאָוויטש, דוד בראַט א. אַנד.

ביי דער געלעגנהייט דאַרף דערמאָנט ווערן מיט וויפל ענטוזיאַזם די מענטשן האָבן דאָס געמאַכט נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג. מען האָט נאָך דעריבער רעפּעטירט און גערעדט אין פּריוואַטע שטובן. דאָס האָט צוגעהאָלפן

צו די באַמיונגען אַרויפצופירן די פאַרשטעלונגען אויף אַ געהעריקער הויך. אויסגעצייכנט אין פאַרשיידענע פּיעסן האָבן זיך, צווישן אַנדערע: לייביש יאַקובאָוויטש, מלכהלע ברום, יצחק געלקאָפּ, בערל שמולעוויטש, פרוי ווייסקאָל, רויזע יאַקובאָוויטש, יידל קאַמינסקי, יצחק רוזשעוויטש, ראָזנטרויב און אודל וואָלקאָוויטש. זיי האָבן אַרויסגערופן ענטוזיאַזם, נישט נאָר ביי אונדז אין שטאָט, נאָר אויך אין דער גאַנצער געגנט. מיר זענען געבעטן געוואָרן דורך די שכנותדיקע שטעטלעך ביי זיי צו גאַסטראָלירן. זיכער וואָלטן זייער פיל פון די פעיקע מיטשפּילער אין די אַלע דראַמאַטישע קרייזן ביי אונדז אין וויעלון דערגרייכט די מדרגה פון פּראָפעסיאָנעלע שוישפּילער.

דער שרייבער פון די שורות שפּילט עד היום אין פּראָפעסיאָנעלע טעאַטערן אין ישראל. דער רוב אָבער פון די אַלע באַגאַבטע און פעיקע שפּילער זענען דורך דער היטלער־בעסטיע אומגעקומען.



„די זיבן געהאָנגענע" פון ל. אַנדרעיעוו. אויסגעפירט דורך דראַמ.־קרייז ביי „געז. אָוונט קורסן" אין יאָר 1929, רעזשיסירט ל. יאַקובאָוויטש




דער „בטלן" אויסגעפירט פון דראַמאַטישן קרייז ביי געזעלשאַפט „אָוונט קורסן" רעזשיסירט דורך לייביש יאַקובאָוויטש אין יאָר 1929

זאב לעווקאָוויטש

# די אוונט־שול אויפן נאמען פון בער באראכאוו אין וויעלון

(יוגנט־זכרונות)

דעם 1טן יאַנואַר 1927 איז אין וויעלון געגרינדעט געוואָרן אַ באָראָכאָוו אָוונט־שול דורך דער לינקער פועלי־ציון. די אָנפירער זענען געווען: די צוויי לערער שימאַנסקי און שאַיאַ (אגב איז שימאַנסקי געווען פון קאָלאָ) די אונטע־ריכט־שפּראַך פון דער באָראָכאָוו־שול איז געווען יידיש. דאָס האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן אויפטו, און אַרויסגעריסן צענטליקער יוגנטלעכע פון די נעגל פון אַנאַלפאַבעטיזם. זיי וואָלטן פאַרבליבן אַנאַלפאַ־בעטן צוליב פאַרשידענע סיבות: עקאָנאָמישע, געזעלשאַפט־לעכע און פסיכאָלאָגישע. ווי באַקאַנט איז וויעלון נישט געווען קיין אינדוסטרי־שטאָט, נאָר זיך פאַרנומען מיט מסחר, און די יוגנט, וועלכע איז אויסגעוואַקסן אין וויע־לון האָט נישט געהאַט וווּ צו באַנוצן איר אַרבעט־פעיִקייט, אַ חוץ ביי האַנטווערקעריי. די עלטערן, צו יענער צייט — אַן אָפּגעשטאַנענער עלעמענט, האָבן נישט געהאַלטן פאַר וויכטיק צו שיקן זייערע קינדער לערנען אין די גוישע שולן. פון דער צווייטער זייט איז נאָך דאַן אין פּוילן נישט געווען קיין געזעץ וואָס פאַרפליכטעט די עלטערן צו שיקן די קינדער אין שולן.

די אָוונט־שול האָט געציילט בערך אַכציק שילער, פאַרטיילט אין דריי קלאַסן. דער דורכשניטלעכער עלטער פון די שילער איז געווען פון 12 ביז 15 יאָר. די ערשטע גרופּע (די העכסטע) האָט פאַרענדיקט דעם קורס און פאַר זיי איז מער קיין פּלאַץ נישט געווען, אָבער דער לערער שימאַנ־סקי האָט געפונען פאַר וויכטיק אויסצוקלויבן אַ געוויסן טייל שילער פון דער ערשטער גרופּע און זיי ווייטער דערגענצן אין „רעפערענטן־קרייז". דאָ איז שוין נישט געלייגט געוואָרן אַזוי פיל מי אויפן אָפיציעלן לערן־פּראָגראַם, ווי אויף פּאָליטי־שע דערציונג. די ערשטע ביכער וואָס זענען געוואָרן



אגודת ספורט ע"י „פועלי ציון" שמאל בשנת 1930

אַדורכגעאַרבעט, זענען געווען „שמועסן וועגן עקאָנאָמיע" פון באַך, „די קלאַסן אינטערעסן און די נאַציאָנאַלע פראַגע" פון באָראָכאָוו א.אַ.וו. די לעקציעס זענען שוין פאַרגעקומען נישט אַלע טאָג ווי פריער, נאָר 3 מאָל אין וואָך. די רן אין דער שול־גוואַרדיע. אַדאַנק דעם איז געוואָרן אַ גרויסע אויפלעבונג צווישן די עלטערע חברים.

אין די יאָרן 1926—31 איז געווען דער בליונגס־פּעריאָד פון דער לינקער פּועלי־ציון אין ווישלון. נאָך דעם



חברים ופעילים של ה„יוגנט" בשנת 1931 — חברים און אַקטיוויסטן פון „יוגנט" אין יאָר 1931
ביניהם — צווישן אַנדערע: יצחק רוזעוויטש, יחיאל ברום, פייוול זעליג פרענקעל, דוד גראַנעק, ביילע געלבאַרט, רויזע יאַקובאָוויטש, קשעפּיצקי

לעקציעס פון „רעפערענטן־קרייז" זענען אויך נישט פאַרגעקומען אין בנין פון שול, נאָר אין פּאַרטיי לאָקאַל פון דער לינקער פּועלי־ציון (פּאַבריאַטשנע נ׳ 14). פון דעם קרייז איז שפּעטער אַנטשטאַנען די יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין ווישלון ביי דער פּועלי־ציון. די דאָזיקע האָבן געזאָרגט ס׳זאָלן ווערן צוגעגרייט יונגע קאַדרען, וואָס זענען געפונען געוואָרן זענען אייניקע חברים פון דער פּאַרטיי און פון דער „יוגנט", אַריבער אין דער רעכטער פּועלי־ציון און אין „התאחדות".

אויך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט צוגענומען אַ טייל פון דער יוגנט. די אַלע פון דער גרופּע זענען געפאַלן אין די געטאָס, לאַגערן, גאַז־קאַמערן און אויף די שלאַכט־פעלדער.

כבוד זייער אָנדענק.

**משה מנדלביץ**

# קן השומר הצעיר

השומר הצעיר בוילון החל בפעילותו בתחילת שנות השלושים. חבריו באו משורות הנוער הלומד בעיר, מבתי הספר העממיים, מהגימנסיה וכמו כן מבין תלמידי ה„חדרים" ובית האולפנא. הם השתייכו למעמד הבינוני ולשכבות העממיות של יהודי וילון.

היה זה נוער שלא היה שבע רצון ולא הסתפק בחינוך שקיבל ובתרבות הרוח שספג בבתי ההורים או בבית הספר. היו אלה נערים ונערות שחיפשו דרכי חיים חדשות; רעיונו־תיהם והשקפת עולמם היו זרים לרוח הוריהם.

לנוער היהודי בוילון היתה כבר מסורת של חלוציות. בעת ההיא היו כבר בעיר כמה תנועות נוער ציוניות־חלוציות: ועולם. כן ערכו טיולים, מחנות עבודה ואירגנו מופעים של הקראות, שירה, ריקוד וכו׳.

הקן היה מקושט בטוב טעם בתמונות, ציורים ובסיסמאות מעשה ידי חברי הקן.

שמות ראשי קן השומר הצעיר לתקופותיו השונות, היו: ברונקה אושפנצין, ברונקה טזבירוביץ, קרולה קשפיצקי, יעקב־אריה מארק, אליעזר קמפינסקי (קבוץ שריד, ישראל) רוז׳קה בולקובסקי, בלה אברמוביץ, שרה יעקוביביץ, אירקה שעיה, רחל טננבוים, יסכה ברום, משה ויספלנר, פניה הרשמן, יאדז׳ה דוידוביץ ועוד אחרים.

מזמן לזמן ביקרו בוילון גם מדריכים ממרכז „השומר



הפעילים ב„השומר הצעיר" 1934

„פרייהייט־דרור", „יוגנט", וכמו כן קבוצות נוער דתיות ואף תנועה קומניסטית במחתרת.

קן השומר הצעיר נבדל במקצת בייחודו לעומת תנועות הנוער הציוניות־סוציאליסטיות האחרות בעיר. בעת הפעולות והמפעלים המשותפים של תנועות הנוער, השתדלו תמיד חניכי „השומר הצעיר" להצטיין. כך היה בפעילותם למען הקרן הקיימת ובליגה למען א"י העובדת.

שיכבת המדריכים בהשומר הצעיר כללה חברים מפעילי התנועה ומבוגרי הגימנסיה שהפעילו את החוגים, לימדו עברית, היסטוריה וקיימו פעולות חינוך ענפות בנושאי חברה, עם הצעיר" בורשה, והיו כאלה ששהו בעיר תקופה ממושכת לשם ריכוז פעולות הקן.

חלק מבין בוגרי קן השומר הצעיר יצאו להכשרה כדי לעלות לא"י. אחדים מהם עוד הספיקו לעלות ארצה.

למרבה הצער והכאב לא נותרו בחיים לאחר השואה רבים מבין חברי השומר הצעיר, ומעטים בלבד מהם נמצאים עמנו בישראל.

הרוב הגדול של הנוער היקר והמופלא הזה אינו עוד בחיים.



קן „השומר הצעיר" בשנת 1933

דער קן פון „השומר הצעיר" אין יאָר 1933



קבוצת מדריכים וחברים ב„השומר הצעיר"

אַ גרופּע חברים און אינסטרוקטאָרן פון „השומר הצעיר" 1934

זאב לעווקאָוויטש

# „התאחדות"

די „התאחדות"־פּאַרטיי אין ווילון איז געווען זייער פּאָפּולער אין די ציוניסטישע קרייזן פון שטאָט, און אויך געווען טעטיק אויפן פּאָליטישן און קולטורעלן געביט און געווירקט לטובת די ציוניסטישע קרנות — קרן קימת, קרן היסוד און אַנדערע פאָנדן. געווען אויך אַקטיוו אין דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל". אין „החלוץ" האָבן די חברים פון „התאחדות", פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ.

דער לאָקאַל פון „התאחדות" איז געווען אויף דער פּאַבריטשנע־גאַס 15, דאָרטן האָבן זיך אויך קאָנצענטרירט די יוגנט־גרופּן פון דער באַוועגונג — „גורדוניה" און „ויתקיניה".

פון די פירנדיקע חברים, וועלכע זענען געווען איבערגעגעבן בלב ונפש דער פּאַרטיי, דאַרפן דערמאָנט ווערן: קאָפּל לייזעראָוויטש, די צוויי ברידער אַלעמביק, א. ערליך, פּ. מאָשקאָוויטש, די ברידער כמורא (דוד און הענעך), וואָלקאָוויטש, דוד און מאָכל קשעפּיצקי, די חברטעס: רחל ברום שמולעוויטש, ר. לייזעראָוויטש, אסתר זעלקאָוויטש.

די צוויי העברעישע לערערס ברוך הערמאַנאָוויטש און שלמה טויבענפליגל זענען געווען טעטיקע חברים אין דער „התאחדות". זיי האָבן געלייסטעט פאַר דער באַוועגונג אויפן קולטורעלן און דערציערישן געביט, און דערמיט אויפגעהויבן דעם ניוואָ פון דער יידישער יוגנט ביי אונדז אין שטאָט.

ס'איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער „התאחדות" האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו שאַפן ביי אונדז אין שטאָט אַ הכשרה־פּונקט פון „החלוץ". די געשאַפענע הכשרה־קבוצה האָט געציילט בערך 25 חברים פון פאַרשידענע ערטער אין לאַנד. די קבוצה איז געווען אונטערן פּאַטראָנאַט פון „התאחדות"־קאָמיטעט. ס'איז נישט לייכט אָנגעקומען צו שאַפן אַרבעט־פּלעצער און אַלע אַנדערע באַדערפענישן פאַר דער קבוצה. אַ דאַנק דער מיטהילף פון אַ ריי חברים פון אָרטיקן „החלוץ", און חברים פון דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א"י", מיט ראַט און טאַט פאַרן קיום פון דער הכשרה־קבוצה, איז זייער אויפגאַבע פאַרווירקלעכט געוואָרן מיטן עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

פון צייט צו צייט האָט די פּאַרטיי איינגעאָרדנט פאַרשידענע פאַרלעזונגען און רעפעראַטן פון פירנדיקע פערזענלעכקייטן פון דער באַוועגונג. ס'האָבן באַזוכט ווילון, וויפל איך געדענק: טאַרטאַקאָווער, יוסף לעווי, נתן עק, אליעזר טאַש, ד"ר לערכענפעלד און אַנדערע, אַלע מיט גרויס דערפאָלג.

מיט צער און ווייטיק קומט איצט אויס צו דערמאָנען, אַז אַלץ וואָס איז געווען איז מער נישטאָ. נאָר יחידים זענען ניצל געוואָרן פון דעם נאַצישן גיהנום.



ועד ה„התאחדות" — דער ועד פון „התאחדות"

עומדים (מימין) — שטייען (ערכטס): יאַקובאָוויטש, וואָלקאָוויטש; יושבים — זיצן: פעלטא, ערליך, קאפל לייזעראָוויטש, פייוויש יאַקובאָוויטש, דוד קשעפּיצקי (1932)



קבוצת פעילים ב„התאחדות" עם חברי ההכשרה 1934

אַ גרופּע אַקטיווע מיטגלידער פון „התאחדות" מיט די חברים פון דער הכשרה — 1934



חברים ב„התאחדות" ו„גורדוניה" עם הוועד. במרכז, המדריך ברוך הרמנוביץ

חברים פון „התאחדות" און „גורדוניה" צוזאַמען מיט דער פערוואַלטונג און מדריך ברוך הערמאַנאָוויטש אין צענטער — 1934

## די יוגנט אָרגאַניזאַציע „גורדוניה" און „וויתקיניה"

ווילון איז געבענטשט מיט אַ סך פּאַרטייען בכלל און מיט אַ סך יוגנט־אָרגאַניזאַציעס בפרט, און דאָס איז געווען די מאָס פּאָליטישע רייפקייט, וועלכע ווייזט אַ פאַרשידנאַרטיקן געדאַנקען־גאַנג פון מענטשלעכן דענקען. האָבן יידישע יוגנטלעכע זיך געגריבלט אין די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און געזוכט — וועלכער וועט זיין דער קירצסטער וועג אַנצוקומען קיין ארץ־ישראל.

אויפן פאָן פון דער אַנטי־יידישער פּאָליטיק אין פּוילן און אויף דער זיך אַלץ מער דערנענטערנדיקער יידישער טראַגעדיע וואָס האָט זיך געזען אַזוי באַשיימפּערלעך, האָט דער מאָראַלישער הויך. די „גורדוניה" איז געווען די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון „התאחדות" און גלייכצייטיק דער אַוואַנגאַרד פון דער פּאַרטיי. דער פירער פון דער „גורדוניה", פּנחס (היינט פּנחס לבון), איז געווען שטאַרק קעגן אַריינציִען די יוגנט אין פּאָליטיש־פּאַרטייאישן קאַמף, אָדער ווי ער האָט עס גערופן, פּאָליטישן „שאַכער־מאַכער". ער האָט געוואָלט דערציִען די יוגנט אַלס ריינע סקויטן־אָרגאַניזאַציע; ער האָט זיי געוואָלט דערציִען אויף וטהר לבנו לעבדך באמת.

אַ געוויסן טאָג איז געקומען אַ באַפעל אָפּצורייסן די „גורדוניה" פון די „התאחדות" און בליבן אַ זעלבשטענדיקע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע. דער פּלוצעמדיקער באַפעל פון פּנחסן האָט געטראָפן די פּאַרטיי ווי אַ



חוג הנוער של „התאחדות"

יוגנט קרייז ביים „התאחדות" — 1934

אַנטיסעמיטיזם געווילדעוועט ווי אַ שטורעם אין מיטן ים און נישט געהאַט פאַר זיך קיין גרענעץ. די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַר זיך געזען דעם דאָזיקן שטורעם און געזעסן הילפלאָז, ווי אויף אַן אינדזל. אָט דער טראַגישער מצב פון די יידן אין ווילון האָט זיי געצוווּנגען צו אַנטלויפן פון יעדער פּוסטער פראַזעאָלאָגישער אַגיטאַציע. דער דראַנג, עולה צו זיין וואָס שנעלער, איז געוואַקסן. האָבן טאַקע די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס זיך אַנטוויקלט אַלץ מער.

איינע פון די פּאָפּולערסטע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין ווילון איז געווען די „גורדוניה", און די הויפּטראָל האָט נישט געשפּילט די צאָל (אַן ערך 100 חברים), נאָר איר איכות, וואָס איז תמיד געשטאַנען אויף איר עטישדונער. ווי קען אַ פּאַרטיי לעבן אָן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע? דאָס איז דאָך איר אַוואַנגאַרד, איר צוקונפט. אַ פּאַרטיי אָן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז דאָך פּונקט ווי אַ מענטש וואָס ווערט געבוירן אָן הענט און אָן פיס.

אין דער ערשטער צייט נאָכן אָפּרייסן די „גורדוניה" פון „התאחדות" האָט עס אויסגעזען פּונקט ווי ביי טאַטע־מאַמע שטאַרבט אַוועק זייער איינציק קינד און די עלטערן בלייבן עלנט און פאַריתומט. אָבער אויסגעוויזן האָט זיך, אַז צענדליקער יוגנטלעכע האָבן פאַרפולט די רייען פון אַ נייער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער יוגנט־באַוועגונג „וויתקיניה" א. נ. פון יוסף ויתקין. אין א גאַר קורצער צייט האָט „ויתקיניה" אין ווילון געשלאָגן טיפע וואָרצלען. צענדליקער




המועצה של „ויתקיניה"

עומדים — שטייען: זלמן קשעפיצקי, זאב לעווקאָוויטש; יושבים — זיצן: שמולעוויטש, אברהם ערליך, חנוך כמורא, רותקע לייזעראָוויטש (1933)

יוגנטלעכע האָבן פאַרפולט די רייען פון דער ערשטער, נישט לאַנג געשאַפענער יוגנט־באַוועגונג.

די „ויתקיניה" איז געוואָרן פאַרטיילט אין פאַרשידענע גרופן, לויט איר עלטער ווי למשל „גורדון" „בוסל" „טרומ־פלדור" „ברנר" אאַ"וו. שמועסן זענען פאָרגעקומען דריי מאָל אַ וואָך אויף דער טעמע וועגן ציוניסטישע און חלוצישע געשיכטע, ווי אויך אַקטועלע פראָבלעמען וועגן ארץ־ישראל און אַנדערע לענדער. צוויי מאָל אַ וואָך זענען פאָרגעקומען עברית־לעקציעס, וואָס זענען געווען אָבליגאַטאָריש פאַר יעדן מיטגליד פון „ויתקיניה". יעדן חודש איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ וואַנט־צייטונג א"נ „עיתוננו", ווו יוגנטלעכע האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצוזאָגן פריי וועגן פאַרשידענע פראָבלעמען פון דער באַוועגונג. אַטייל פון „ויתקיניה" איז אַרויסגעפאָרן אויף הכשרה אין פאַרשידענע פונקטן פון לאַנד. הגם דער לאָקאַל אויף פאבריטשנע 13 איז נישט געווען קיין זייער באַקוועמער, איז ער דאָך שטענדיק געווען איבערפולט, פריילעך און לוסטיק.

איך בייג דעם קאָפּ פאַר די אַלע, וועלכע זענען ווי זאַנגען אונטערן מעסער פאַרשניטן געוואָרן פאַר דער צייט.

כבוד זייער אָנדענק.



הנהלת „גורדוניה" בשנת 1937 — די הנהלה פון „גורדוניה" אין יאָר 1937

עומדים (מימין) — שטייען (רעכטס): מאשע מאָשקאָוויטש, יואל ווישניא, רחל קשעפיצקי, וואווע מענדלעוויטש; יושבים — זיצן: אליא גאַבריאלעוויטש, ברוך קשעפיצקי, לאה גרויפמאַן

# חלוצים עולים לארץ־ישראל



חברי „התאחדות" וחלוצים בהכשרה — שנת 1933
„התאחדות"־חברים און חלוצים פון דער הכשרה (1933)



קבוצת חלוצים מ„התאחדות־הכשרה" יחד עם חברים וילונאים של „א"י העובדת" לקראת עלייתם לארץ ישראל (1933)
אַ גרופּע חלוצים פון דער „התאחדות־הכשרה" מיט ווילנער חברים פון „א"י העובדת" צום עולה זיין קיין ארץ ישראל
(ווילון 1933, אין די שטיינער־גרובן)

יחיאל ירוחם גלברט

# החלוץ החרדי בוילון

בשנת 1923 קמה התעוררות רבה ביהדות החרדית בפולין למען ישוב ארץ ישראל בפועל. הזיקה לחיבת הארץ נולדה אצלי עוד קודם לכן, ב„חדר", עת הרבי למד אתנו חומש. בעיקר עת סילסל אתנו בניגון המיוחד שלו את ה„אני" מפרשת ויחי: „ואני בבואי מפדן ארם מתה עלי רחל"... והיה ממשיך בניגון רווי כאב וגעגועים, כאילו הוא בכבודו ובעצמו היה יעקב אבינו ומדבר אל יוסף: „ואף־על־פי שאני מטריח עליך להוליכנו להקבר בארץ כנען (במערת המכפלה) ולא כך עשיתי לאמך... אני לא הולכתיה אפילו לבית לחם להכניסה לארץ... וידעתי שיש בלבך עלי — אבל דע לך שעל פי הדבור קברתיה שם... שתהא לעזרה לבניה, עת יוגלו מן הארץ יעברו על פניה — והיא יוצאת מקברה ובוכה ומבקשת רחמים על בניה... והקדוש־ברוך־הוא משיב לה: יש שכר לפעולתך.... ושבו בנים לגבולם!". ומאז ילדותי בערה בי התשוקה להיות בין הבנים השבים לגבולם.

וכשהתחילה ההתעוררות למעשים גמרתי בלבי לקנות חלקת אדמה בארץ ישראל. הייתי מתפלל קבוע ב„שטיבל" דחסידי אלכסנדר ובאתי בדברים עם כמה מהמתפללים שם, הצעתי להם לקנות אדמה בארץ ישראל. רבים נענו לרעיון, וקראנו לאסיפה ב„שטיבל". באסיפה הזאת החלטנו לשלוח שליח מיוחד, את אברהם (שם משפחתו אינני זוכר), חתנו של ר' בנימין ורשבסקי. הוא פנה לחברת „בית ונחלה" של ר' יצחק גרנשטנקורן, וחזר משם בלי התלהבות יתרה, ומכל הענין לא יצא כלום.

לא אמרתי נואש. באתי בדברים עם חיים אליעזר גר־בינסקי הי"ד והחלטנו יחד לקנות חלקת אדמה על ידי אגודת ישראל בפרנקפורט. שלמנו 600 דולר — סכום גדול בזמן ההוא. אולם לדאבוני הרב את האדמה לא קבלתי.

עת עמדתי כבר, כמו שאומרים, ברגל אחת בארץ ישראל, סמוך לעלייתי, הצעתי לצעירי אגודת ישראל להקים נקודת הכשרה במקום. הרעיון היכה גלים וההצעה נתקבלה. חכרנו




„החלוץ החרדי" ועסקני אגודת ישראל בשנת 1924 (חלק מהם זכה לעלות לארץ)

„החלוץ החרדי" און עסקנים פון אגודת ישראל אין 1924, אייניקע פון זיי האָבן זוכה געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל

בערך חמישה דונם אדמה אצל מאיר בוברובסקי על ה„גרו־בעס" — כך היו קוראים למקום — והכשרנו את הקרקע לירקות. חרשנו, זרענו, ואספנו... פעמיים בשבוע הבאנו את היבול לשוק וקבלנו מחיר די יפה. יזכר לטוב ר' מיכאל השמש, שהיה מחזיק בידיו את גן הקהילה והיה בקי בענינים כגון אלה. הוא היה המדריך שלנו. החלטנו לתת לו שכר טירחה, אבל הוא מיאן לקבל כל דבר באמרו שבעד עבודת הקודש אינו מקבל תשלום. למרות שהיה חלש מבחינה גופנית לא מנע ממנו הדבר לכתת את רגליו ולבוא פעמיים בשבוע אל ה„גרובעס" להדריכנו בעבודה. יהי זכרו ברוך!

חלק מן הצעירים האלה שהכשרנום על ה„גרובעס" נמ־צאים כיום בארץ והקימו כאן את ביתם. חבל רק על השאר שלא זכו לזאת, כי הקדימתם היד האכזרית של הצורר הנאצי ורצחה אותם.

ה' ינקום דמם!




שורה א' (למעלה): מ. דרוזדזיק, מ. רוגובסקי, ד. י. שייקביץ, מ. מ. טזבירוביץ, ש. י. לשציק, ח. יעקובוביץ, מ. ליברמן.

שורה ב': מ. ל. בולקובסקי, מ. אליאש, נ. אברמוביץ, ע. יעקובוביץ, פ. מיירוביץ, מ. בנדיט, י. יעקובוביץ, ש. יוסקוביץ, ש. טנדובסקי.

שורה ג': גודמן, ש. פרזנצבסקי, ה. גולדברג, ש. גרינפלד, פרנקל.

שורה ד': ז. גרינפלד, מנדלביץ, מ. ירוזולימסקי, י. פלטה, ב. טוביאשביץ, ל. מ. פרנקל, אברמוביץ, ל. גרינפלד.

יהושע אייבשיץ

# לדמותה של וילון הדתית

כמה פנים וסימני היכר היו לדמותה הרוחנית והדתית של עירנו. מספיק היה לצאת לרחובות העיר בשבת כשנהרי־אדם זורמים מבתי הכנסת והשטיבלעך, כשחוט של חן, חינה של שבת־מלכתא משוך על פניהם, והם צועדים „פסיעה קטנה" בשובה ונחת. או למשל בערבי החג, בשעות הבוקר המוקדמות: חבורות של חסידים ופרחי־חסידים אצים רצים בבהלה של קדושה, מזרזים אחד את השני שלא לאחר חס ושלום להגיע בעוד מועד אל ה„רבי". מחזה זה הזכיר לך בלי משים את העליה לרגל בזמן המקדש.



ר׳ זלמן יענקלביץ (בן־יעקב)

גם על יד ה„מעיין" („קוואל־גורטן") שמול בית הכנסת יכולת לפגוש את כל ה„מי ומי" שבוילון הדתית. ה„מעיין" הפך למקום מיפגש (במיוחד בימות הקיץ) ליהודים תלמידי חכמים. כאן יכולת לשמוע את ההתנצחות שבין אברהמ׳ל סקשיניה לבין ה„קדלובר" על „ש"ך׳ מוקשה, כשאחר מבטל כעפרא את סברתו של השני; או כשיענקל השירדזאי — מאברכי חסידי אלכסנדר ה„שרופים" — מתווכח בקולניות בנושא של חסידות עם אביגדור „השחור" (דער שווארצער וויגדור אברמסון) — תוך כדי לגימת כוס „מים־חיים".

אולם הסימן המובהק ביותר שאיפיין את דמותה „וילון של מעלה" היה המחזה הבלתי נשכח, כשיצאת השכם בבוקר, כשהרחובות עדיין שרויים בחושך, ובפרט בחורף כשהכפור והשלג משתוללים בחוץ, וזאטוטי ישראל צועדים המוניות המוניות אל ה„חדר", רגליהם הקטנות בוססות בבוץ ובשלג, הם נאבקים עם קורי השינה הנסוכים על עיניהם, אבל אל ה„חדר" יש ללכת. לפעמים לא היה בבית לחם לאכול, אבל שכר לימוד עבור הילד היה יותר מאשר הכרח. נזכיר כאן לדוגמה את ר׳ דוד גרומן שהביא במיוחד מלמד עבור ילדיו מיאדובה הרחוקה שבמחוז מלקין — את ר׳ זכריה ליטוואק (בהמלצת הרב ר׳ מנדל גרינברג).

אכן חלוצה היתה וילון בשטח החינוך המאורגן בפולין החרדית. עוד בשנת תרע"ז (1917) נוסד בוילון חדר „יסודי התורה", ביזמתו של העסקן החרדי — אחר כך מנהל הבנק — ר׳ אברהם בסר. עסקן צעיר ונמרץ זה, אשר פעל רבות בכל שטחי החיים הציבוריים בעירנו, השקיע אז את כל מרצו בארגון מוסד חינוכי זה, וגם זכה להישגים נכבדים.

בשנת תרע"ט (1919) הוזמן לנהל את ה„חדר" המחנך הצעיר ר׳ זלמן יענקלביץ (אשר התפרסם כאן בארץ כמנהל הכללי של ה„חינוך העצמאי" ואחר כך כחבר הכנסת זלמן בן־יעקב). נציין כאן פרט פיקנטי: שיטותיו הפדגוגיות המודרניות של ר׳ זלמן יענקלביץ עוררו בהתחלה חשדנות בוילון, ובין האברכים התחילו אפילו לרנן שהוא מחזיק בספרות „פסולה". בשבת אחת בבוקר, בזמן ה„הפסקה" (בין שחרית למוסף), ערכו חיפוש בחדרו. בראש המחפשים עמד רבי משה ירוחם מורגנשטרן (בן בנו של הרבי מקוצק). ואכן מצאו וגם החרימו „שלל" ספרות חשודה, אשר התברר אחר כך שהיא ספרות פדגוגית כשרה למהדרין, אבל בינתיים הספיק ר׳ זלמן לספוג „משכנתא" כדבעי.

ר׳ זלמן ניחן בחוש טבעי להבנת נפש הילד והנהיג „חידושים" רבים. כך למשל הכניס את לימוד התנ"ך לתוכנית הלימודים ואכן, יש לציין שהמחזורים שלמדו אצלו מצטיינים בידיעת התנ"ך (דבר שלא היה עד אז). כן הנהיג לימוד „דברי ימי ישראל" ע"י סיפור קורות עמנו. זאת לא עשה על חשבון לימודי הקודש; אחרי גמר הלימודים, בערב, התישב עם הילדים והיה מספר להם, והילדים ישבו פעורי פה ודרשו עוד ועוד, כי אכן ידע זלמן מה ואיך לספר. כחמש שנים עמד ר׳ זלמן בראש „יסודי התורה" בוילון, ועם עזבו השאיר בית ספר מסודר ומאורגן כהלכה.

מילא את מקומו ר׳ דוד בומאץ, עסקן צעיר ומוכשר (ממיסדי ומנהיגי פועלי אגודת ישראל בפולין). גם הוא כקודמו הקדיש את כל זמנו לשיפור רמת הילדים.

אחריו בא ר׳ חיים־דוד רוזאניס, מחנך צעיר, שקט ופיקח. גם הוא הכניס הרבה חידושים ותמריצים בניהול החדר. זכורני כמה „קינאת סופרים״ עוררה בנו העובדה שפייביש כץ ואליהו אהרונוביץ קיבלו פרס עבור שקידתם את הספר „מצות השם״. הדגש הושם על השקידה ולא על הכשרון. בימיו התחילו לערוך טיולים. גם העונשים נעשו יותר חינוכיים ומובנים לנפשו של הילד.

במסורת קודמיו המשיך ר׳ יעקב ויספלנר.

עדות להצלחת החדר היו מאות בחורי ישיבה מיוצאי וילון בכל רחבי פולין. כמעט לא היתה ישיבה בה לא השתתף בחור וילונאי.

## אירגונים

וילון נחשבה בשעתו למבצר של אגודת ישראל. עד כמה שגדולי ישראל ייחסו חשיבות לביסוסו של אירגון זה בוילון, יוכיח מכתבו של האדמו״ר זצ״ל מגור אל החסיד הישיש ר׳ משה׳לה גליקסמן. וזו לשונו:

ב״ה ידידי הנגיד והחסיד מ׳ משה גליקסמאן בוילון ה׳י ויזרח אחדשה״ט

כאשר הנני מן המחזיקים חברת שלומי אמוני ישראל ומכיר בנחיצות המוסד ואשר החוב להחזיק בה לתמכה ולסעדה בגוף ובממון והיא לחיזוק תוה״ק נגד המת־פרצים להרוס הדת, ומאוד אתפלא על בניך שיחי׳ שיעמדו עוד מרחוק כי אותך אני מלמד זכות כי בדור שלפנינו לא ידעו מכל זה אבל הצעירים היודעים אשר האורב מחפש בחדר ללכוד כל הולכי תום עליהם מוטל החוב להתאחד ולאזור חיל ולהציל אשר נוכל להציל.

א״ד ידידך דו״ש וש׳ בניך שי׳ ומבקש בכל הנ״ל מכם

אברהם מרדכי אלתר מגור.

(אוסף מכתבים של האדמו״ר מגור, מכתב כ״ג ע׳ 30).

ואכן בניו של ר׳ משה׳לה גליקסמן, ככל יתר חסידי גור בוילון, היו מסורים בלב ובנפש לביסוס מעמדם של „אירגוני אגודת ישראל״ בוילון, אשר התבטא הן בדאגה לכל המוסדות החינוכיים כגון ה„חדר״ ו„בית יעקב״ — עליהם שמרו כעל בבת עינם — והן בהשפעה על המוסדות המוניציפאליים (הקהילה והעיריה אשר נציגי ארגוני אגודת ישראל היו מיוצגים בהם בכבוד).

„פועלי אגודת ישראל״. נוסד בוילון בשנת תרע״ט (1919) בשם „פועלי אמוני ישראל״ על ידי ר׳ זלמן יענקלביץ, דוד בומאץ, אברהם מרדכי רוגובי ואחרים. היה זה ארגון חי ותוסס, מורכב רובו ככולו מצעירים, פועלים ופקידים, ביניהם אחוז גדול של תלמידי חכמים וחובשי בית המדרש. בשנת תרפ״ב (1922) חכרו חלקת אדמה אצל מאיר בוברובסקי ואירגנו חוה חקלאית בה הכשירו עצמם לעליה לארץ ישראל. התוכן העשיר ורב ההיקף וצורת האירגון עוררו יחס של כבוד ואהדה גם אצל אירגוני הפועלים הלא־דתיים.

התקיימו שעורי ערב ובוקר בתלמוד וכו׳, בשבת התקיימו הרצאות (מלבד הרצאות אורחים באמצע השבוע), מנין קבוע התקיים בסניף האירגון, מסיבות רבות תוכן נערכו במסגרת הפעילות החברתית. במסגרת זו נכללה גם קופת גמ״ח שעזרה רבות לחברים (ושאינם חברים) במצוקה. החברים גם אירגנו והתנדבו למגביות שונות. כך למשל תרמו



**הועד של „פועלי אגודת ישראל״**

**דער קאָמיטעט פון „פועלי אגודת ישראל״**

**עומדים — שטייען: י. יעקובוביץ, מ.א. טזבירוביץ, מ. דרוזדזיק, ש. יוסקוביץ.**

**יושבים — זיצן: ח. יעקובוביץ, ש.י. לשציק, ד. שייקביץ.**

חברי „פועלי אגודת ישראל" למען „קמחא דפסחא" בצורה מקורית, כלומר כל החברים גוייסו — מדי שנה — לאפיית מצות ושכר עבודתם נתרם לטובת המגבית הנ"ל.

ספריה עשירה — שהוקמה מתרומות חברים — עמדה לרשות הסניף. נערכו גם טיולים ופגישות עם חברים מסניפים אחרים. יש לציין שבין החברים היו בעלי יכולת וכושר ביטוי אשר חיברו מחזות וכתבו תסכיתים וסיפורים. במיוחד יש לציין את הלהקה הדראמטית שעל יד מחלקת התרבות של הסניף, שעמדה על רמה גבוהה ביותר. בין היתר הוצגו בהצלחה על ידי להקה זו המחזות „המפוטר" בבימויו של מר קאלכשטיין (מפרי עטו של חברנו ר' שלמה גרינפלד), „שואב המים", „די ארעמע ארבעטער שטוב" ועוד.

בראש הסניף עמדו החברים: הרצל גולדברג, דוד בומאץ, שמואל יוסף לשציק, דוד שייקביץ, מאיר דרוז'דזיק, חיים יעקובוביץ, שלמה יוסקוביץ, שלמה גרינפלד ואחרים.

בעיקר הצטיינו החברים בפעילותם למען ארץ ישראל. עשרות חברים יצאו לנקודות הכשרה וחלק מהם אף זכה לעלות ארצה והם נמצאים אתנו היום.

„צעירי אגודת ישראל". סביב אירגון זה התלכדו בעיקר בחורים חובשי בית המדרש אשר תורתם — אמונתם. גם אירגון זה רשם דף מזהיר בתולדות הנוער הדתי בוילון. עם התגברות הכמיהה לארץ ישראל יצאו עשרות חברי האירגון לנקודות הכשרה בהתכוננם לעלות ארצה. פעילות אינטנסיבית בשטח לימוד התורה נעשתה על ידי האירגון. חברי „צעירי אגודת ישראל" גם החדירו את הרעיון ההתישבות בארץ ישראל בין בחורי הישיבה.

בראש הסניף עמדו החברים: משה בריש אייבשיץ, ישראל וולצקי, יעקב וחנוך קרימלובסקי, שמואל וזאב גרין, ברילאנט ואחרים.

„בנות אגודת ישראל". כמו יתר אירגוני „אגודת ישראל" כן ה„בנות" הצטיינו בפעילות מגוונת ותוכן עשיר. נערכו הרצאות ושיעורים בשטח הרעיוני וההכרה הדתית. פעילות חברתית נרחבת בשטח החברתי והסוציאלי. ה„בנות" הצטיינו מאד בפעילותן למען ישוב ארץ ישראל והמגביות לטובת מטרה זו.

בראש הסניף עמדו החברות הגב' זנדברג, המורה הגב' אונגר, פ. הורוביץ, ארנדרציק ואחרות.

מן הראוי היה לייחד את הדיבור בנפרד על כל אישיות שפעלה בעירנו, שהרי כל אחד בנפרד היה בבחינת „עולם מלא", אולם מאחר שדבר זה אינו אפשרי, נסתפק בכמה ציונים היכולים לשקף במידת־מה את האישים ואת הנוף החברתי שבו פעלו.



חברי „צעירי אגודת ישראל"

אַ גרופּע חברים פון „צעירי אגודת ישראל"



קבוצת „בנות אגודת ישראל"
מלמעלה למטה — מימין לשמאל

שורה א': יעקובוביץ רבקה, בלאו גולדה, יוסטמן הנדל, באומץ הילדה, גלברט בילה, צינמן פסה, פרפורט, גראומן מרים, טוביאשביץ רבקה, גניסלאב פרימט.

שורה ב': גרין מאשה, פריידנרייך חנה, שילסקי, יעקובוביץ ח., גרין אסתר, אלקאן גיטל, בראם מאשה, ברילנט א. ח., ברום חדוה (אייבשיץ), אהרונוביץ טויבה, אורנבך.

שורה ג': בסר ליבה, סרברניק זיסל, המדריכה פייגה זנדברג, המורה מ. אונגר, הורוביץ מאשה, קליידרמן, פריידנרייך שרה, זנדל אסתר.

שורה ד': ומספלנר גיטל, סטוביצקי אלקה, רוזנבלט אסתר, הורוביץ אסתר, אהרונוביץ פרידה (ליכטנבוים), כתריאל ליבה, ליפשיץ חוה.



בנות „אגודת ישראל" עם המורה ה. מ. אונגר



„פועלי אגודת ישראל״ בשנת 1932



קבוצת חברים של „צעירי אגודת ישראל״ לקראת עלייתם לא״י של י. בוברובסקי, י. ברום, מ. מ. לבקוביץ

אַ גרופּע חברים פון „צעירי אגודת ישראל״ אין יאָר 1939

**אליהו כץ (באָסטאָן, אַמעריקע)**

# דאס לומדישע און קולטורעלע שטעטל וויעלון

דער רוב דאָרטיקע יידן זענען געווען תלמידי־חכמים און אנשי השכלה, אייניקע אויך מחברים פון ספרים תורניים; אויך זשורנאַליסטן, צייטונגס־רעפּאָרטערן און ליטעראַטן. די רבנים האָבן זיך דאָרט אויסגעצייכנט ווי לומדים פון יידנטום, ווי דער בעל „הפלאת נדרים" — הרב יוסף הלוי קאַמיאַנער זצ"ל, הרב שלמה סרעברניק, הרב ר' מענדל גרינבערג און הרב ר' חנוך יוסטמאַן זצ"ל; לומדים, גאונים, ווי ר' אברהם נפתלי גאָלדבערג, דער מחבר פון ספר „מעשה זית", ר' הע־נעך באַרנשטיין (וואָליער), מחבר פון ספר „סימני מלתא" און נאָך פיל גרויסע לומדים במשך אַלע דורות. אין בית־מדרש האָט מען געטראָפן אין אַ פשוטן וואָכן־טאָג האָרעפּאַשנע יידן פאַרטיפט אין אַ בלאַט גמרא, אָדער לערנען אַ שווערע סוגיא. וויעלון האָט געהאַט תלמידי־חכמים און משכילים, אַ יידישע באַוווסטזיניקע יוגנט פון רעכטס ביז לינקס האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין יידישן קולטורעלן לעבן.

דאָס שטעטל וויעלון האָט געקענט זיין אַ מוסטער מיט אירע חדרים און דערציונגס־אַנשטאַלטן — די אָרטאָדאָק־סישע בית יעקב־שול, ביז דער מאָדערנער מיידל־שול ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פון די שטרענגע לומדישע בחורים אין בית־מדרש און אין די חסידים־שטיבלעך, ביז צום חדר מתוקן פון משה אלחנן דאַנקעוויטש. דאָס חדר „יסודי התורה" מיט עטלעכע הונדערט תלמידים, אַ „יבנה"־שול אונטער דער השפעה פון „מזרחי", ווו די קינדער האָבן געלערנט למודי קודש, עברית און וועלטלעכע בילדונג.

וויעלונער יידן האָבן געשפּאָרט דעם ביסן פון מויל צו קענען צאָלן דעם שכר־לימוד, בכדי זייערע קינדער זאָלן באַ־קומען די געהעריקע דערציונג. פאַר די גאַנץ אָרעמע קינדער האָט די חברה „תלמוד תורה" געצאָלט דעם שכר־לימוד און אויך געזאָרגט פאַר זייער באַשפּייזונג, און די חברה „מלביש ערומים" — פאַר זייער באַקליידונג.

## צדקה און הילפס־אַנשטאַלטן אין וויעלון

דאָס שטעטל האָט געמעגט זיין שטאָלץ מיט דער פילאַנ־טראָפּישער הילף אויף יעדן געביט: דער מוסטערהאַפטער „הכנסת אורחים"־ אַנשטאַלט האָט געשמט מיט זיינע שיינע מעשים. יעדער וואַנדערנדיקער „אורח" האָט באַקומען אַ ציכ־טיק געלעגער, צו עסן צו דער זאַט און נאָך דערצו אַ שיינע נדבה. ער האָט נישט געדאַרפט זוכן קיין נאַכטלעגער אין בית־מדרש אויף אַ באַנק, אָדער אויפן מקוה־קעסל, ווי אין די אַמאָליקע צייטן.

די „לינת הצדק"־אינסטיטוציע האָט באַזאָרגט אומזיסט מעדיצינישע הילף, אַ דאָקטאָר, רפואות אד"גל פאַר אַלע נישט פאַרמעגלעכע מענטשן. מער פאַרמעגלעכע מענטשן האָבן אויך דאָרט געקענט באַקומען רפואות צו ביליקע פרייזן.




פרחי „אגודת ישראל"

די יוגנט־גרופּע ביי „אגודת ישראל"

די חברה „ביקור חולים" האָט געשיקט אירע מענטשן צו נעכטיקן ביי קראַנקע, צו העלפן און דערמוטיקן די קראַנקע און זייערע פאַמיליעס; די חברה „מנחם אבלים" האָט גע־טרייסט מיט האַרציקע ווערטער, און אויך מיט מעשים די טרויערנדיקע משפחות, נאָך אַן אומגליק; די „חברה קדישא" האָט געטון דעם חסד־של־אמת מיט איבערגעגעבנקייט און פאַרזאָרגט נפטרים פון נישט־פאַרמעגלעכע מיט אַלע צרכי קבורה; ס'האָט אויך עקזיסטירט אַ חברה „נותן לחם", וואָס האָט פאַרזאָרגט און געשיקט אין שטוב שפּייז־פּראָדוקטן, באַזונדער לכבוד שבת; די חברה „האַלץ" האָט פאַרטיילט האָלץ און קוילן פאַר אָרעמע משפחות אין די ווינטער־חדשים; די חברות „סומך נופלים" און „גמילת חסדים" און נאָך פאַר־שידענע געהילפס־קאַסעס, האָבן געגעבן קליינע, אָנפּראַצענ־טיקע הלוואות, בכדי צו העלפן אַ געפאַלענעם צוריק אויפ־צובויען זיין עקזיסטענץ.

עס לאָזט זיך נישט גלייבן, אַז דאָס אַלץ איז מיט אַ מאָל חרוב געוואָרן און עקזיסטירט שוין נישט מער אין דער וועלט.



בתו של הרב יוסטמאן זצ"ל עולה לארץ ישראל, בשנת 1938. נפרדים ממנה הרבנית דבורה מאטל, המשפחה, קרובים וידידות.

הרב יוסמאַנס טאָכטער איז עולה קיין א"י אין יאר 1938 ס'גע־זעגנען זיך די רביצין דבורה מאטל, די משפחה און זייערע קרובים און פריינדינס.




קבוצת נשים דתיות נפרדות מידידה, בעת עלייתה לארץ ישראל, בשנת 1938.

אַ גרופּע רעליגיעזע פרויען געזעגנען אַ פריינדין ביים עולה זיין קיין א"י, אין יאָר 1936.

מ. מענדלעוויטש

# רעוואלוציאנערע באוועגונגען אין ווילעון

אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט בעת דער רעוואָלוציע אין די יאָרן 1905־1906 האָבן זיך אויך אין ווילעון אָרגאַניזירט קאָנספּיראַטיווע קרייזלעך פון יידישע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם הערשנדיקן צאַרישן רעזשים. אין דער יידישער גאַס האָט מען זיי גערופן „אחדות". זייערע אָנהענגער זענען געווען יוגנטלעכע, זין און טעכטער פון בעלי־מלאכות, קרעמער און פון נישט פאַרמעגלעכע עלטערן. ס׳זענען אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אַ גרופּע בית־המדרש בחורים, זין פון חסידישע היימען, אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט צו זיך צוגעצויגן דער בית־המדרש־בחור הערשל, דער זון פון נח זעלקאָוויטש. ער האָט גע׳שמט אין שטאָט אַלס למדן. הערשל איז געוואָרן אַ טיכטיקער אָרגאַניזאַטאָר, דער מנהיג פון דער גרופּע, ער האָט געהאַט אָראַטאָרישע פעאיקייטן און געהאַלטן פלאַמפייערדיקע רעוואָלוציאָנערע רעדעס אויף פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס פון מאַסן אַרבעטס - און פאָלקס־מענטשן — פּאָלאַקן און יידן — וועלכע זענען פאַרגעקומען אויפן נייעם־מאַרק און אויך אויפן פּלאַץ „שובעניצע", ווו ס׳האָבן זיך געפונען די קברים און דער דענקמאָל פון די געפאַלענע אויפשטאַנד־קעמפער אין יאָר 1963.

די רוסישע פּאָליציי, וועלכע האָט לכתחילה נישט געשטערט די דעמאָנסטראַציעס און פאַרזאַמלונגען, האָט גאַנץ אומדערוואַרטעט אָנגעהויבן שטאַרק צו רודפן די פאַרדעכטיקע און פּאָליטישער טעטיקייט, אַרעסטירט צענדליקער פערזאָנען (פּאָליאַקן און יידן), אָנהענגער פון: פּ.פּ.ס., „בונד" און ס.ד. און זיי איינגעזעצט אין דער שעראַדזער תפיסה. צווישן די אַרעסטירטע האָט זיך געפונען הערשל זעלקאָוויטש.

די גרעסטע שטראָף האָט באַקומען אברהם לעווקאָוויטש, דער זון פון צדוק טיטנמאַכער, נאָכן אָפּזיצן מער פון אַ יאָר צייט אין דער שעראַדזער טורמע, איז ער פאַרשיקט געוואָרן אין דעם ווייטן און קאַלטן סיביר. אברהם צדוק׳ס האָט נישט געהאַט קיין געלט־מיטלען, אָדער ווער ס׳זאָל אים אויסלייזן פון דער רוסישער פּאָליציי וועלכע האָט זייער ליב געהאַט שוחד.

ערשט אַ קורצע צייט פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער



עסקני ה„בונד" — בונדישע טוער

מימין — רעכטס: פעלטא, נחום קלינאָווסקי, שלמה איצקאָוויטש, יהושע איצקאָוויטש, מרדכי ליפּקאָוויטש.



„פאַמיליע צבי" מאת פינסקי, הוצג ע"י החוג הדרמטי של ה„יוגנט-פאַראיין"

„פאַמיליע צבי" פון דוד פינסקי — אויפגעפירט דורכן דראַמאַטישן קרייז ביים „יוגנט פאַראיין" (1916)
שורה עליונה (מימין) — ערשטע רייע (רעכטס): דניאל ווייסקאל, בליצבלוי, נחום קלינאָווסקי;
יושבים — זיצן: יענקל לעווקאָוויטש, פערל הערשבערג, מאַנעלע בערמאַן, בליצבלוי, פייטל כמוראַ.

וועלט-מלחמה, איז אברהם געוואָרן באַפרייט און צוריק-געקומען קיין וויעלון פיזיש צעבראָכן און פאַרביטערט.

דורך די רדיפות פון דער מאַכט — איז פון טאָג צו טאָג שוואַכער געוואָרן די רעוואָלוציאָנערישע באַוועגונג. די געוועזענע טוער, וועמען די פּאָליציי האָט גוט געקענט, זענען זיך צעפאָרן אין די גרעסערע שטעט און אַ טייל אויך עמיגרירט קיין אַמעריקע און אַנדערע לענדער. אַנדערע האָבן בכלל פאַרלאָזט די באַוועגונג און צוריקגעקערט זיך צום אַלטן לעבנס-שטייגער, זענען אָבער נאָך געבליבן געטרייע אָנהענגער און געבילדעט דעם אַוואַנגאַרד פון „בונד" און אַנדערע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען אין די שפּעטערע יאָרן ביי אונדז אין שטאָט.

## „בונד"

די בונדיסטן ביי אונדז אין שטאָט זענען געווען צווישן די ערשטע אַקטיוויסטן אויפן פּראָפעסיאָנאַלן געביט אין יענער צייט, זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין קאַמף פאַר אַ העכערן אַרבעטס-לוין און אַן 8 שעה'דיקן אַרבעטס-טאָג פאַר אַרבעטער פון דער נאָדל-בראַנדזע (שניידער פון אַלע קאַטעגאָריעס), קאַמאַשן-שטעפער און אויך אַנדערע פאַכן. די פאָדערונג פון 8 שעה'דיקן אַרבעטס-טאָג אין יענע צייטן איז אויסגעקומען ווי אַן אילוזיע, ווייל דער מינימאַלסטער און „נאָרמאַלער" אַרבעטס-טאָג איז דעמאָלס געווען אין דער נאָדל-בראַנזשע פון 12 ביז 14 שעה, און אָפט — נאָך מער. צוליב די אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען זענען אָפט אויסגעבראָכן שטרייקן און ערנסטע קאָנפליקן צווישן די קעמפנדיקע צדדים.

שוין דער אָנהויב איז געווען שווער. מיט דער צייט זענען די אויסגעקעמפטע פאָדערונגען פון די אַרבעטער געוואָרן אַ נאָרמאַלע דערשיינונג.

*

פון יאָר 1915, און אין די שפּעטערע יאָרן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָט די בונדישע גרופּע צובאַקומען אייניקע נייע אָנהענגער און טוער פון לאָדזש און אַנדערע שטעט. זיי זענען געווען טעטיק בעיקר אויפן געזעלשאַפטלעכן און און קולטורעלן געביט. אַ קורצע צייט האָבן זיי געהאַט אַן השפעה אין דער פאַרוואַלטונג פון „יידישן יוגנט-פאַראיין" און אויסגעפירט פאַרשידענע אימפּרעזעס; טעאַטער-פאָרשטעלונגען אונטער דער רעזשי פון מאַנעלע בערמאַן, און בשותפות'דיקע פאָרשטעלונגען פון דער דראַמאַטישער סעקציע פון טשענסטאָכאָוו; פאַרשפּרייט די בונדישע פּרעסע „לעבנס-פראַגן" (שפּעטער די „פאָלקס-צייטונג") און אויך איינגעאָרדנט פאַרלעזונגען א.א.וו.

סוכות צייט 1916 האָבן די בונדיסטן פאַרלאָזט דעם

„יוגנט פאַראיין" און אַנגעפירט זייער טעטיקייט צוערשט אין פריוואַטע וווינונגען, שפּעטער אין אייגענעם לאָקאַל. זיי האָבן זיך אויך באַמיט צו שאַפן אַ ביבליאָטעק.

די אַקטיווע בונדישע טוער זענען געווען: נחום קלינאָוו־סקי, מאַנעלע בערמאַן, מרדכי ליפּקאָוויטש, פּערל הערש־בערג, אהרון פּילצער, שלמה איצקאָוויטש, יהושע איצקאָ־וויטש, דוד יאַקובאָוויטש און אַנדערע.

אברהם אַראָנאָוויטש און אפרים ראָזענבערג זענען אויך געווען טעטיק און פיל געלייסטעט פאַרן „בונד" אין וויעלון אין פאַרשידענע צייטן, און יעדער פון זיי — אויף זיין געביט.

אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן איז זייער טעטיקייט שוואַכער געוואָרן. אַ געוויסע צאָל חשובע חברים און סימפּאַטיקער האָבן פאַרלאָזט וויעלון און עמיגרירט אין אַנדערע לענדער. נייע חברים, איבערהויפּט יוגנט, זענען נישט צוגעקומען, די איבערגעבליבענע חברים, אַרבעטער, זענען געוואָרן זעלבסטשטענדיקע האַנטווערקער. ס'איז כדאי צו באַצייכענען, אז אין זייערע האַנטווערקער וואַרשטאַטן איז נישט פאָרגעקומען קיין סיכסוכים מיט די אַרבעטער, להיפּך — די באַציונגען זענען געווען אנשטענדיקע, קאָרעקטע און אפילו חבריש־פריינטלעכע.

## קאָמוניסטן

די קאָמוניסטן אין וויעלון זענען געווען טעטיק אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן. זייער הויפּט־אויפגאַבע איז געווען צו פאַרשפּרייטן קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, מיטן ציל, צו דערווערבן וואָס מער אַנהענגער, חברים און סימפּאַטיקער.

זיי האָבן געשאַפן קאָנספּיראַטיווע קרייזן פון קלענערע גרופּן, פון יוגנטלעכע אַרבעטער. טיילמאָל איז זיי געלונגען צו ווערבירן איינצעלנע מיטגלידער פון אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און אויך פון דער שטודירענדער יוגנט, סטודענטן און גימנאַזיסטן, דער גרעסטער טייל פון זיי — זין און טעכטער פון פאַרמעגלעכע עלטערן.

די קאָמוניסטישע טעטיקייט איז געוואָרן פאַרפאָלגט דורך דער פּוילישער מאַכט, זייער אָפט זענען פאָרגעקומען רעווי־זיעס, אַרעסטן און משפּטים, וואָס האָבן זיך געענדיקט מיט שווערע תפיסה־שטראָפן.

אַ באַזונדערן שטאַרקער רושם אין יענער צייט האָט געמאַכט דער פאַקט, וואָס איינצעלנע אַנהענגער פון קאָמוניזם האָבן פאַרלאָזט וויעלון און עמיגרירט קיין סאָוויעט־רוסלאַנד.



חוג דרמטי מוילון וצ'נסטוכוב בהצגות משותפות בוילון בשנת 1916

וויעלונער און טשענסטאָכאָווער דראַמאַטישער־קרייז אויף בשותפות'דיקע טעאַטער־פאַרשטעלונגען אין וויעלון (1916)

יעדער איינער פון זיי — באַזונדער און דורך פאַרשידענע וועגן, אָבער דער ציל און דער ווונטש איז געווען ביי זיי — דערזעלבער: צו לעבן אין אַ נייע וועלט, אין אַ לאַנד פון אמת און פרייהייט.

איינער פון זיי, הערשל עלקאַן, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ חסידישע משפחה, ער האָט באַקומען אַן עקסטרעם רעליגיעזע דערציונג, דערנאָך איז ער אַריבער צו השכלה און צום סוף געפונען זיין אָרט אין די קאָמוניסטישע רייען.

אַ קורצע צייט שפּעטער, זענען אַרומגעגאַנגען אין שטאָט פאַרשידענע קלאַנגען וועגן זייער גורל. דערנאָך זענען שוין אָנגעקומען ידיעות, וועלכע האָבן גורם געווען צער און פאַרצווייפלונג. קיין שום לעבנס־צייכן איז פון זיי שוין מער נישט געווען...

זייערע אַמאָליקע חברים, פריינט און משפחות האָבן מיט גרויס צער באַדויערט זייער טראַגישן סוף.

*

סאַמעק קורלאַנד, געוועזענער חבר פון „השומר הצעיר“, שפּעטער טעטיק ביי די קאָמוניסטן, איז געפאַלן אין קאַמף קעגן די דייטשע נאַציס. די פוילישע רעגירונג, נאָך היטלערס מפּלה, האָט אים באַשאַנקען מיט אויסצייכנונגען פאַר זיין העלדישקייט און אויך באַערט מיטן אויפשטעלן אַ דענקמאָל אויף זיין נאָמען אין וואַרשע.


№60
Bilet Członkowski
„Stowarzyszenia Młodzieży Żydowskiej"
w Wieluniu
W.P. B. Federman
Wieluń, d. 1915
Prezes:
Sekretarz:

№60
מיטגליעדס בילעט
פונ'ם
„יודישען יוגענד פעראיין"
אין ווייעלון
1915 דעם וויעלון
פארזיצענדער:
סעקרעטאר:

כרטיס חבר משנת 1915

מיטגליד־קאַרטע פון יאָר 1915


№138
Bilet Członkowski
„Stowarzyszenia MŁODZIEŻY ŻYDOWSKIE
w Wieluniu
W.P.
Wieluń, d. 1918
Prezes:
Sekretarz:

№138
מיטגליעדס בילעט
פונ'ם
„יודישען יוגענד פעראיין"
אין ווילון.
ה׳
1918 דעם ווילון
פארזיצענדער:
סעקרעטאר:

כרטיס חבר משנת 1918

מיטגליד־קאַרטע פון יאָר 1918

# מיצירותיו של שמעון הורונטשיק

# פון שמעון האראנטשיקס שאפונגען

חלק שביעי

זיבנטער טייל

חלק שביעי — זיבנטער טייל

# תוכן / אינהאלט



אין דער „אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער פּראָזע אין פּוילן צווישןביידע וועלט-מלחמות״ — אַרויסגעגעבן פון י. י. טרונק און אהרן צייטלין (ניו-יאָרק 1946) געפינען זיך די בעסטע ליטעראַרישע שאַפונגען פון דער דערמאָנטער תקופה.

אין דער זאַמלונג געפינט זיך אויך שמעון האָראָנטשיקס גרעסערע דערציילונג „גאָטס משפּט״, וואָס איז באַזירט אויף אויטענטישע זכרונות וועגן געשטאַלטן און טיפּן פון זיין היימ-שטאָט וויעלון.

האָראָנטשיקס שפּראַך איז רייך אין פּסיכאָלאָגישע און מאָלערישע עלעמענטן און דאַבײ ביז גאָר פאָלקסטימלעך — דאָס איז די קונסט פון פּשטות.

מ. ג.

**שמעון האָראָנטשיק**

# גאָטס משפּט

אַלס קראַנץ אויף די קברים פון מיין פאָטער ברוך, דער זון פון אברהם־ישראל, געלעבט און געשטאָרבן אין דער שטאָט וולוין (וויע־לון), און מיין מוטער ראַצע־רבקה, די טאָכטער פון אברהם־אליהו וואָלקאָוויטש פון קאַליש, פוילן, — אומגעקומען אין קיעוו, אין די צייטן פון פּעטלורע.

ש מ ע ו ן

ס׳איז אויפגעשווומען אין מיין זכרון אַ מעשה, וואָס ליגט שוין ווייט, ווייט הינטער מיר. אַ געשעעניש אין מיין משפּחה, אין מיין געבוירן־שטאָט וויעלון, וואָס אַ טייל דערפון האָב איך געהערט דערציילן און אַ גרויסן טייל אַליין מיטגעלעבט.

*

## א. אברהם־ישראל דעם וואַלד־שרייבערס קומען אין שטאָט

ווען דער וואַלד־שרייבער אברהם־ישראל האָט זיך גע־ברענגט צו ציען פון וואַלד אין שטאָט אַריין, האָט ער געהאַט זיין אייגנס אַ ווייב מיט דריי טעכטער, צוויי זין, אַ ביסל אָפּ־געשפּאָרט געלט, נאָר האָט נישט געוווּסט צו וואָס זיך צו נעמען.

אין די יונגע יאָרן, באַלד נאָך דער חתונה, האָט עס אברהם־ישראלן שטאַרק געצויגן צו דער שטאָט, צו דער עדה יידן, אוועק צעלאָזן זיך צום רבין קיין קאָצק, נישט איינער אַליין פון וואַלד ווי אַן אַרענדאַר, נאָר מיט נאָך יידן, „ברוב עם״. אַ פאַריתומטער, אַ פאַרצערטער, אַן איינזאַמער, האָט ער געלעבט אין זיין הילצערן שטיבל אין וואַלד. אָבער פּרנסה איז געווען בריווח און אָן קנאה. דאָס יינגע ווייבל זיינס איז געווען צופרידן פון דעם לעבן, זיך גאָר בעסערס נישט גע־וווּנטשן. מיט איר גאָר צו־קליינעם וווּקס, טאָפּלט הויקערל פון פאָרנט און פון הינטן און נישט שיין פּנים, האָט זי די שטאָט נישט נויטיק־געהאַט, און אַז דער מאַן האָט אַ פאַרבענקטער אַרויסגעקוקט דורכן שייבל ווייט נאָכן וואַלד צום טראַקט, וואָס פירט אין דער שטאָט, האָט זי פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט און עס אים פאַראיבלדיק אויסגערעדט:

— וואָס געפעלט דיר דאָ נישט? דו פאַרגעסט, אַז דו ביסט שוין, קאַנאַהאָרע, אַ טאַטע, מ׳דאַרף פּרנסה, און אָן קמח איז נישטאָ קיין קלויסקעס!

אָט דאָס פאַרגרייזטע ווערטל, עם־האַרציש איבערגעמאַכט פון „אם אין קמח — אין תורה״, וואָס דאָס ווייבל זיינס האָט שוין איבערגענומען פון דער פאַכטערין, וואָס וווינט אין דאָרף, האָט אים אויפסנייע באַוויזן, ווי ער זינקט דאָ, און אַז זיין אשה, דעם יחסנדיקן ליטאָמאַרסקער וויין־שענקערס טאָכ־טער, איז שוין אויך דאָ פאַרגראָבט געוואָרן. און דאָס געמיט אין אים האָט זיך געקאָרטשעט פון צער און ס׳האָט אים ביז ווייטיק געצויגן צו דער שטאָט, צו יידן.

איצט — אַכצן יאָר שפּעטער — ווען דער וואַלד האָט זיך אויסגעלאָזט און אברהם־ישראל האָט זיך געמוזט איבער־ציען אין שטאָט, האָט דער דאָזיקער מקוים־געוואָרענער טרוים מער נישט געלאָקט. עס איז געגליכן געווען, ווי איי־נער, וואָס לעבט־אָפּ אַ לעבן לאַנג אין אָרימקייט און אויף דער עלטער ווערט ער רייך, ווען ער קאָן שוין פון צוגעפאַלענעם עשירות קיין הנאה נישט האָבן, אָדער ווי אַ פרוי, אַן עקרה, וואָס ווערט אויפגעריכט אויף דער שוועל פון איר עלטער, ווען די בריסטן וועלקן שוין.

אברהם־ישראלס אַמאָליקער חלום איז שוין איצט געווען אַן אויסגעוועפּטער. אין קאָצק דער רבי האָט שוין נישט געלעבט; נאָכן פאַרלאָזטן וואַלד האָט זיך געבענקט, ווי נאָך אַ לעבעדיקן נאָענטן. דאָס ענגע דירהלע אין שטאָט איז שטענדיק פול געווען מיט קינדערשע געוויינען און קללות פון דער מוטער. אברהם־ישראל איז איצט געווען אַ מטופּל, גע־האַט יינגלעך און מיידלעך און... אַ ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט. נאָך מיט אַ ברוינער באָרד, קוים דורכגעוואָרפן מיט אַ זילבער־הערעלע, האָט ער זיך צווישן די שטאָט־לייט געפילט איינזאַמער, ווי צווישן די ביימער אין וואַלד.

דאָס איבערציען זיך איז אויסגעפאַלן אַרום חודש אלול. דאָס יידישע שטעטל וולוין האָט זיך געגרייט צו די אָנקו־מענדיקע ימים נוראים, אַפילו אין דער לופט האָט זיך דאָס געפילט. די זון איז מיט יעדן טאָג געוואָרן בלאַסער. אין מאַרק האָבן, אין די פרימאָרגנס, טויבן געהיפּט אויף די רויטלעכע פיסלעך און, וואָרקענדיק זייער תפילה שחרית, געקליבן ברעקלעך פון צווישן די נאָך פון נאַכט־ראָסע פייכטע ברוק־שטיינער.

אין די טונקעלע אלול־אָוונטן האָבן גרויסע קלאָרע שטערן גאָטספאַרכטיק געוווּנקען פון הימל, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ טונקל־סאַמעטן דעקטוך מיט פליטערלעך:

געוווּנקען צו די אײנגאַנצן אין פּרנסה־פּאַרטוענע, פּאַריאַגטע יידן צו גײן פאַרענדיקן דעם טאָג אין שטאַרק באַלויכטענעם בית־מדרש ביי אַ ספר. און פאַרטאָגס האָט דער זעלבער שטערן באַגלייט די פון שלאָף־איבערגעוועקטע יידן ביים גײן אין בית־מדרש צו „ותיקין". און שטערן מיט שטערן האָט זיך איבערגעוווּנקען, נאָך יעדן רוף פון איינגעבויגענעם דניאל שמש מיטן הויכן רוקן און קרומער געשטאַלט, אָנגעטון אין אַ וואַטאָווען דורכגעשטעפּט קורטקעלע מיט אַ קרייקעלע אַרום בויך, גייענדיק אין דער פאַר־באַגינעם טונקלקייט פון גאַס־צו־גאַס מיט אַ לאַמטער אין האַנט און אַ געבינט גרויסע שליסלען פון שול אין דער צווייטער האַנט, בעת ער האָט אויסגעזונגען מיט אַ קול, אַלט ווי דער יידישער גלות און אויך אַזוי טרויעריק ווי דער גלות.

— שטייט־אויף, יידן, צו עבודת־הבורא! שטייט־אויף...

אַנדערש אָבער האָט זי, רייזל, די אשה זיינע, אויפגענומען דאָס איבערציִען זיך אין שטאָט. די אַכצן יאָר זיצן אין דאָרף האָבן זיך איר אין איין טאָג אויסגעוועפּט פון זכרון. זי האָט זיך באַלד דערפילט ווי אַ שטאָטישע, גלייך ווי זי וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געווען אין וואַלד, נאָר וואָלט דאָ געזעסן פון שטענדיק אָן. זי האָט זיך באַלד איינגעקויפט אַ פאַק ווייסע וואָל און זיך אַוועקגעזעצט אין מיטן רעדל שכנטעס מיטן באַלעם וואָל שטריקן שקאַרפּעטקעס פאַר „אירן" אויף יום כפור; אַ סך פאַר זאָקן, עס זאָל געניג זיין אויף אַ גאַנץ יאָר אַרויס... אין די ווייבערישע שמועסן האָט זי זיך גלייך אַריינגעפּאַסט, ווי זי וואָלט אין זיי אָנטייל גענומען פון נעכטן־אייערנעכטן. און אַז פון אַן אָפן פענצטער פון אַ חדר, האָבן אַרויסגעשאַלט הייליקע ווערטער פון יידישע קינדער, האָט איר קול, ווי אַלטגעזונס, זיך אַריינגעפּאַסט אין ווייבערישן כאָר:

— ברוך הוא וברוך שמו, אָמן! — און אַ פּרעפּל־צו:

— אין זכות פון די קליינע קינדער, דערבאַרעמדיקער פאָטער!...

יאָ, אָבער אין זיך, טיף אין איר, האָט נישט אויפגעהערט צו טאָטשען דער וואָרעם דער גיפטיקער, אַז זי האָט דריי טעכטער, איז די עלטסטע, מאַשע, שוין זיבעצן יאָר אַלט. זי האָט אַ הויקערל, אַ פּנים מיט אַ רויט נעזל, וואָס איז שטענדיק פייכט און זי רעדט פאַנפעוואַט; די צווייטע, ראָנע, איז אַ נאַשער, פרעסט אַרויס פון די טעפּ, איז פויל צו טון, זיצט אַ גאַנצן טאָג ווי אַ „ליאַלע", טוט נישט די האַנט אין קאַלטן וואַסער אַרייַן. נאָר קריגט זיך מיט די שוועסטערן און זאָגט רק ליגנס, קיין וואָר וואָרט גייט איר נישט פון מויל אַרויס, האָט זי טאַקע אַ צונאָמען „נאַשער־ליגנער". און די דריטע, חנה — די ייִנגסטע — וואָס איז אַלט פערצן יאָר, איז זי אָבער משוגע־מטורף, איין האַנט ווייסט נישט וואָס די צווייטע טוט, דאָס מויל ווייסט נישט וואָס עס רעדט, אַבי עס קלאַפּט... די צוויי יינגלעך, מילא... אָבער צו אַזעלכע מיידן מוז מען האָבן געלט. אָן געלט וועט מען מיט זיי קיין לייטישן שידוך נישט טון און ער, אברהם־ישראל — עס זאָל אים דאָס אָנהייבן צו אַרן! מיט יעדן טאָג ווערט ווייניקער געלט, און ער — גאַרנישט!

— געוואַלט, אברהם־ישראל! געוואַלט געשריגן, פאַרוואָס נעמסטו זיך צו גאַרנישט? מ'עסט דאָך לעבעדיק געלט, מ'וועט דאָך קומען צום בעטל, צו קצבה, מיינע שונאים — גיט זי זיך אַ שטעל פאַר אים אין אַן אָוונט. אַז ער קומט אַהיים פון „שטיבל" און זעצט זיך אַריינקוקן אין אַ ספר ביי אַן אָנגעצונדן ליכט, און זי שטייט פאַר אים מיט די הענט אויפן פעסט אַרומגעבונדענעם בויך מיטן פאַרטוך־בענדל, און פון אומגעדולד נעמט זי זיך קראַצן מיט דער האַנט די קאָפּקופּקע; נערוועז קראַצן און שרייען — מענטשן, גילדענע! אַ מענטש איז אַ מערדער צו אַן אייגן ווייב און קינדער!...

— וואָס ווילסטו זאָל איך טון? צו וואָס זאָל איך מיך נעמען?

— געוועלב מאַכן! — זאָגט זי ווידער דאָס נעכטיקע און אייערנעכטיקע. — נאָך אין וואַלד האָב איך דיר געזאָגט: אין אַ געוועלב איז אַ שטענדיקער גראָשן און די מיידן וועלן זיך אויסלערנען מסחרן.

— טאָ מאַך דיר אַ געוועלב! ווער לאָזט דיך נישט? — זאָגט דער מאַן מיט כעס, פּיפּקעט בייז דעם ליולקע־ציבעך און לאָזט אַרויס וואָלקנס רויך, ווייל ער, אַלס אַמאָליקער „יושב" אין קאָצק, האָט פיינט האַנדל־וואַנדל.

— אַן דיר זאָל איך מאַכן?! — טריפט זי מיטן קאַלטן גיפט — אַן דיר? און דו וועסט זיצן אין שטיבל מיט די „ליידיקגייערס", כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד!...

דער מאַן ווענדעט זיך אָפּ געלאַסן:

— אין שטיבל זיצן מיט חסידים שאַדט אַפילו אויך נישט... איך וויל דיר אָבער העלפן אין פרנסה, נאָר נישט אין קיין ווייבעריש קרעמל צו שטיין. אַ האַק האָב איך אַ גוטע, וועל זי אָנשאַרפן און גיין האַלץ האַקן, ס'גייט צום ווינטער, יידן קויפן האַלץ...

זי לאָזט אים אָבער נישט ענדיקן, שטייענדיק קעגנאיבער אים מיט ביידע הענט אויף די באַקעס און מיטן טאַפּלטן הויקערל זעט זי אויס ווי אַ געצווערק.

— ביי מיין לעבן נישט! מיין טאַטע עליו־השלומס איידעם, ר' שמעון ווין־שענקערס אײדעם, וועט נישט ווערן קיין האַלץ־העקער, ווי איטשקע פּאַטשינע! און נישט קיין וואַסער־טרעגער ווי איציק גאַזדע! מיינע טעכטער דאַרפן נאָך לייטי־

שע שידוכים צו טון און... און... — און זי נעמט העשען אין פאַרטוך אַריין.

דאָ קומט עס שוין צום העכסטן פּונקט... אברהם־ישראל קאָן נישט הערן נישט דאָס לאַכן פון אַן אשה און נאָך, כּפל כפליים, נישט דאָס היסטערישע וויינען פון אַ יידענע...

ער לויפט אַרויס פון שטוב אין בלויזן קאַפּל און לויפט אין דער נאַכט אַריין.

ערשט דרויסן די איינגעוויגט־שטילע אלול־נאַכט און קיל ווינטל נעמען אים באַרואיקן... ער גיט אַ דערהויב די אויגן צו די שאַרף־בלינצנדיקע שטערן אַרום דער לבנה... שטיל... שטיל... און אין דער שטילקייט דאַכט זיך צו דערהערן אַ טאָן, אַ געזאַנג וואָס נישט מיטן אויער צו דער־כאַפּן, נאָר גיכער מיטן אויג... אַ שימערדיק געזאַנג צווישן די שטערן אין אין־סוף... עס קומט אים אויפן זכרון דער פּסוק:

„ברן יחד כוכבי בוקר"...

דאָס באַרואיקט אים נאָך מער. און שוין מיט אַ ניגונדל אויף די ליפּן, לאָזט ער זיך זאָרגלאָז גיין נעכטיקן אין „שטיבל" צוזאַמען מיט די אַנגעפּאַרענע אורחים, וואָס שלאָפן צעלייגט אויף די בענק מיט אַ פּויסט אונטערן קאָפּ.

### ב. ער קאָן זיך נישט צופּאַסן

בויג־צו דיין אויער, בן־אָדם, און הער: אין אַן אַלט קליין ספר שטייט געשריבן, אַז טעג, אָט די טעג פון דער וואָך, פון חודש, פון יאָר, זענען אין תוך ענלעך צו מענטשן. און דאָס איז ריכטיק: אַזוי ווי מענטשן איז איינער נישט גלייך צום צווייטן מיט כאַראַקטער, פּנים און הלבשה, אַזוי זענען זיך טעג אויך נישט ענלעך; פאַראַנען טעג, וואָס מאַכן פריי־לעך דאָס געמיט און פאַראַנען טעג טרויעריקע, מרה־שחורה־דיקע, ווי אבלים אויפן שבעה־בענקל. אָבער ענלעך זענען זיי זיך צוממייסטן דערמיט, וואָס אַזוי ווי עס איז נישט פאַראַנען אַ מענטש, וואָס זאָל זיין כסלו מרה־שחורה, אָן אַ רגע פרייד, אַזוי אויך איז נישטאָ אַ טאָג, אין וועלכן דיין געמיט זאָל נישט אויף איין רגע כאָטש אויפפלאַמען מיט דער וואַרעמ־קייט פון אייביקן ליכט... און פון אָט דעם סוד ווייסט אברהם־ישראל און דאָס איז דער אייל, וואָס מאַכט העל לייכטן זיין נשמה און קוקט אים פון די אויגן אַרויס, ווי אַ נר־תמיד.

ס'איז אלול. אַפילו דאָ, אין דער פאַרבויטער שטאָט, שיינט די זון מיט איר עצבות פון ערב שטאַרבן און דאָס מאַכט אָפּט ציטערן אין דיין געמיט דעם שטראַל חדוה, עצבותדיקע חדוה. עס ציען זיך און פלאַטערן אין גאַס ווייסע שפּינ־וועבס־פעדעם, דאַכט זיך, וואָס אַזוינס איז שפּינוועבס, — סוף־זומערדיקע שפּינוועבס־פעדעם, וואָס די פּויערים אין דאָרף רופן „באַביע ליאַטאָ"? אין וואַלד כאָטש האָבן זיי זיך געוויקלט אַרום די ביימער און געפלאַטערט דאָרט, ווי רחמים געבעטן — דאָ אין שטאָט, וויקלען זיי זיך אַרום די רעדער פון געלן דודס וועגעלע — דעמדאָזיקן געלן דוד, וואָס זיינע מלבושים זענען שטענדיק ווייס פון אַרומפירן זעק מעל פון דער וואַסער־מיל איבער די שטעטלדיקע קראָ־מען, — פאַרמאָגן אָבער די סוף־זומערדיקע פעדעם אין זייער פלאַטערן אַזעלכעס, אַז דיין אויג טוט פון זיך אַליין אַ קוק צום הימל.

דער הימל איז מאַט־בלוי און טיף, און די זון זעט זיך אָן ווי אַ גאָלדענער טעלער. און לעבן אָט דעם זון־טעלער, אין דער זייט, אונטער דער מאַטער בלויקייט, קוים צו דער־בליקן, פליט אַ שנירל פייגעלעך, מאַכט קוים צו דערבליקן, מאַכט קוים מיט די פּיצעלעך פליגל, פליט־אַוועק און דער־ווייטערט זיך, געזעגנט זיך מיט אונדזערע מקומות. און דאָס אַלץ צוזאַמען גיט ווידער אַ טרעף־אַריין אין דיין געמיט און די מחשבה גיט אַ זינג אין דיר:

„מה רבו מעשיך ד'..."

אָדער דיין אויער באַנעמט אַ שאַל פון אַ פענצטער, אַ קול. תורה פון יינגלעך אין חדר, אַ זינגען און רוישן ביים לערנען, און אָט דאָס קול תורה פון די תינוקות של בית רבן איז ווידער בכוח דיין באַטריבטע מחשבה אַ קערעווע צו טון צום אוצר של שמחה.

...דער שבת־טאָג איז אַוועק טרויעריק. יאָ, זיכער נישט פריילעך. די אשה איז שוין גאָר בבחינת זרש, וויל נישט געבן איבערצוטון אַ העמד לכבוד שבת.

— גיי האַנדלען, טוען! — טרייבט זי.

מילא, אברהם־ישראל וועט זיך דערפון אַ סך נישט מאַכן. אויף דערויף איז ער דאָך אויסגעשמידט געוואָרן אין דער קאָצקער „קוזשניע"... איז נישט קיין קלאָר העמד, שלאָפט ער אין „שטיבל" אויף דער באַנק אין וואָכעדיקן העמד, אָבער פריילעך קאָן דאָס נישט מאַכן. ניין, בשום אופן נישט. דאָס עסן שבת ביי אַ פרעמדן טיש, ווי אַן אורח, אַרט נישט אַזוי, ווי דאָס טראָגן אויפן גוף אַ ברודיק העמד. דער טאָג טאָר אָבער דאָך נישט אַוועק אָן אַ שטיקל חדווה... פאַרנאַכט, אין „שטיבל", ווען אַרום טיש זיצט דער עולם אויסגעוועפּט, ווי מרה־שחורהדיקע פערד אַרום אַ ליידיקער קאָריטע — טרעפט זיך אין דער פינצטער צוזאַמען די „אַלטע גוואַרדיע"... עס פלאַמט־אויף דער צער פון די לעצטע דרייצן יאָר, וואָס דער רבי איז געזעסן פאַרשלאָסן... צוזאַמען מיט דער פרייד, אַז היינט איז „ער" שוין פריי פון די קייטן פון גוף, פון חומר, און אַז סוף כל סוף, פאַר יחידי סגולה, איז דאָך דער טויט די אמתע שמחה שבשמחה... דער צוריקקער צום אין־סוף... אָבער אונדז, די איבערגעלאָזטע, איז וויי... ווי

שאַף אַן פאַסטעך בלאַנדזשען מיר, די נשמה וויינט אין אונדז, רייסט זיך, בענקט...

און שלמה גאַרבער כאַפּט אַ האַנט ביי דודן, דוד ביי הערשקען, הערשקע ביי אברהם־ישראל וואַלד־שרייבער און אַזוי ווייטער... ס׳גייט אַ ריקוד אין נאָך נישט באַלויכטענעם חסידים־שטיבל און מ׳זינגט דאָס טרויער־ליד:

— אומאַר, אומאַר סטאַרי קאָוואַל, צאַ נאַם בוטי קאָוואַל!...

דאָס איז דאָס ליד, וואָס עמעץ האָט געמאַכט נאָכן רבינס פּטירה און מ׳זינגט עס מיט פּוילישע ווערטער, וועגן דעם, וואָס דער אַלטער „קאָוואַל״ איז געשטאָרבן, און ווי לאַנג דער אַלטער האָט געלעבט, האָט ער אונדז די שטיוול געקאָוועט, אָבער זינט דער נייער האָט זיין אָרט פאַרנומען — רינט אונדז אַריין אין די שטיוול, עס לויפט־אַריין וואַסער און כליאַשטשעט...

דאָס רעדל טענצער פאַרגעסט זיך, דרייט זיך אַלץ לעבעדיקער, אַלץ רווישיקער, די פיס קלאַפּן־צו צום טאַקט, די הענט פאַרפלאַכטן און די פנימער מיט די אין עקסטאַז האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, דערהויבן אַרויף צום באַלקן.

— אומאַר, אומאַר, סטאַרי קאָוואַל...

די ווערטער דרינגען שוין אַרויס פון האַלב־פאַרחלשטע ליפּן, ציען זיך מיט מתיקות און מיט ברען... יינגלעך הענגען זיך אָן ביי די טענצערס ביי די גאַרטלען און הילכן־מיט:

— צאַ נאַם בוטי קאָוואַל...

נאָר אָט די פאַרטריקנטע חלה־מיט־הערינג־יידן ביים טיש, אָט די, וואָס מוזן זיך נישט אַנדערש נאָכשלעפּן נאָך עמעצנס גאַרטל, מעג זיין אַפילו אַ גאַרטל פון אַ געבינט שטרוי — און זענען זיך שוין צעלאָפן צו פאַרשידענע עבודה־זרות — נייע רבילעך, ווי די ליליפּוטלעך, מיט מופתים, מיט פּוקד זיין עקרות — איינער פון זיי, פון די ביים־טיש־זיצערס, קענטיק נאָך אַ כניאַקל, אַ צוציק, מיט אַ קוויטשיק קולעכל, גיט אַ שפּרינג־אויף מיט אַ קוויטש:

— אַנשי שלומנו, וואָס שווייגט עץ! אין שטיבל, צו „בני היכלא״ זינגען אַ גוייש ליד!

און נאָכאַמאָל:

— וואָס שווייגט עץ!

די חלה־מיט־הערינג־יידן כאַפּן זיך אָפּער פון טיש, פון אַלטן בלעקעצן, אָבער הערשקע רייסט זיך אָפּ פון ריקודל, ער איז שוין אויפן טיש, טרעט אויף קעפּ און אויף שטריימלעך, דאָס קול זיינס שאַלט ווי אַ שופר:

— הע, דאָס ליד אין גויישן לבוש געפעלט אייך נישט, קוגל־יידן? דאָס הספד־ליד איז גוייש, נאָר אייער תפילה־זכאי איז יידיש? באַלד וועט זיין ערב יום־כפּור, וועט איר בעבען די עזותקייטן, דאָס ניבל־פּה, אין טלית־און־קיטל וועט איר...

הערשקע ענדיקט נישט, עמעץ וואַרפט אים הינטערוויילעכץ אַראָפּ פון טיש, ער פאַלט אַריין אין רעדל פון זיינע שונאים, קומען אים די זייניקע צו הילף... אין מיטן דעם טומל צינדט עמעצער אָן ליכט, דאָס פינצטערע חסידים־שטיבל ווערט באַלויכטן, רויט באַלויכטן, שאָטנס קריכן אויף די ווענט, אַנטלויפן, עמעץ קרעכצט אַרויס אַ וואָכעדיקן „והוא רחום״ — אברהם־ישראלן נעמט אַרום אַ גרויער אומעט, ער טראַכט מיט בענקעניש: ווי גוט איז געווען צווישן די ביימער אין וואַלד!...

*

די שטאָט האָט דעם וואַלד־מענטש אברהם־ישראל כסדר אַנטוישט. ער האָט לסוף אַ מאַך־געטון אויף אַלעם מיט דער האַנט. די מפּלות האָבן אים אויפגעהערט צו קרענקען און די ברעקלעך נצחונות — צו פרייען.

אין קאַצק אין אַ ליידיקער שטול, און זיי, זיינע, אברהם־ישראלס חברים, ווי ווייט זענען זיי אַוועק פון דעם אייגנטלעכן קאָצקער דרך — שלמה גאַרבער איז אַ לעדער־סוחר, חיים וואָלף האָט אַ וויין־שענק, הערשקע איז אַ שדכן און מעקלער. דוד דודס וויל ווערן גבאי אין שטיבל, און זיי אַלע לשם דעם פאַסקודנעם שטיקל פּרנסה, חנפענען און לעקן זיך צו די, פון וועמען זיי זענען אָפּהענגיק מיט פאַרדינסט, אָדער מיט כאַפּן אַמאָל אַ גמילת־חסד...

און וואָס איז שוין צו רעדן פון די חלה־מיט־הערינג־יידן וואָס קומען אין „שטיבל״ אַריין נאָר כדי צו קאָנען גיין אָנגעטון אין אַן אַטלאַסענער קאַפּאָטע; אָט יענע, וואָס ציטערן חלילה נישט עובר קריאת־שמע צו זיין, ווי אויבן, אין הימל, וואָלט געזעסן אַ שטרענגער פּריץ מיט בייזע וואָנסעס.

דאָס זענען דאָך יענע יידעלעך, וואָס „ער״ ז״ל האָט אַזוי פיינט געהאַט, וואָס דאָס דאַווענען זייערס איז נישט פון חדוה נאָר פון הינטישער מורא, יענע באַלעבעסלעך, וואָס גיסן תחנונים און האָפן אין זיי אויסצובעטן אַ ווייך־געבעטע געלעגער און אַ גערעכטן טשאָלנט אויף שבת — זייער עולם־הזה...

חזירים, ווערים! אויף אים, אברהם־ישראלן, קוקן זיי ווי אויף אַ משוגענעם, מיידן אים אויס, רופן אים מיט אַ צונאָמען „מטורף״, און יענעם יאָלד, דעם שוויצער, מיטן ווייסן געפּרעסטן קראַגנדל און פראַנטיש־צוגעשוירענעם בערדל, וואָס צו זיין נאָמען לייגט מען אים צו, מעשה פּריץ, דעם ביינאָמען: ראַפּאַלאָוויטש. און אָט, למשל, ווי מען דער־

ציילט: גענעראַל סקאָבעליעווס זאָגן וועגן פּלעווּנע... אַזוי אויך וועגן דעם שוויצער:

— מאיר ראַפּאַלאָוויטש האַלט, אַז...

— מאיר ראַפּאַלאָוויטש מיינט...

— מאיר ראַפּאַלאָוויטש גלייבט נישט, אַז... — און שיעור די סלינע רינט דעם דערציילער פון מויל ביים דער־מאָנען דעם „מאיר ראַפּאַלאָוויטש".

און אַז אברהם־ישראל האָט אָט דעם מאיר ראַפּאַלאָ־וויטש אַנומלטן אין „שטיבל" אַ פּאָר־געטון מיט אַן איינ־געסאַדזעטער שמאַטע איבערן ווייסן קראַגנדל, האָבן די חלה־מיט־הערינג־יידן אים געוואָלט קורע־כדג־זיין, אים גערופן „מטורף". זיי האָבן זיך אויף אים אַ וואָרף־געטון ווי די הינט. אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער איז עובר קריאת־שמע, און אַז אברהם־ישראל האָט זיי אין די פּנימער געלאַכט — אַז ער דאַוונט אין גאַנצן נישט, האָט איינער פון זיי — מיט אַ גראָבן שפּיציקן בויך, אָנגעטון אין אַטלעסן קאַפּאָטקעלע מיט סאַמעט געפּוצט ביים האַלדז און אַרבל — אים פּשוט גע־זידלט:

— דו שיכור! — האָט ער אברהם־ישראלן מיטן קלע־צלדיקן פינגער אין פּנים געשטאָכן. — דו, אָרימער שיכור! גלייך דיך נישט צו מאיר ראַפּאַלאָוויטשן! דו ליגסט אין „שטיבל" הינטערן אויוון און מאיר האָט צו טון מיט שררים, מיט אָפיצירן!

— פּשששש!... מיט שררים! מיט אָפיצירן! — האָט מען זיך אַרום געשושקעט.

אברהם־ישראל האָט זיך דעמאָלט געפונען צווישן זיי, ווי אַ געיאָגטער האָז צווישן אַ סך יאַגד־הינט, און זיינע נאָענ־טע האָבן זיך פאַרשטעקט אין די ווינקעלעך, באַהאַלטן זיך הינטער די אויפגעהאָנגענע אויבער־מלבושים, מען זאָל זיי נישט אַרויסזען. און אַפילו ווען ס'האָט שוין געהאַלטן מ'זאָל אים, פאַר נישט אונטערוואַרפן זיך דעם דעת־הרבים, אַרויס־וואַרפן פון שטיבל, זענען זיי אים נישט צו־ הילף־געקומען. און ער האָט אַ חשד, אַז אויך הערשקע און שלמה האָבן נאָכן דאַוונען מיטגעטרונקען דעם בראָנפן, וואָס ראַפּאַלאָוויטש האָט מיט אַ ברייטקייט געטיילט זיינע פאַרטיידיקער.

נישט ווילנדיק גיט ער שטיל אַ קרעכץ וועגן זיינע חברים.

— נו, יאָ, — טוט ער שוין מרה־שחורהדיק אַ שמייכל — זיי זענען גאָרנישט צו־ווייט אַוועק: אין קאָצק האָט מען געלערנט, אַז מ'דאַרף לעבן פון „יגיע כפיו", לעבן זיי פון „יגיע כאַפּע"... ווו נאָר עס לאָזט זיך אַ כאַפּ־טון...

און אַזויערנאָך, טראַפּן־נאָך־טראַפּן, האָט זיך אין אברהם־ישראלס וואָרעם, פריידיק האַרץ אָנגעזאַמלט ביטערניש און אים געמאַכט צערייצט און להכעיסדיק.

## ג. דער ערשטער יום־טוב אין שטאָט

ערב סוכות, ווען אינדרויסן זענען יידן פאַרנומען געווען מיט בויען סוכות, אין די שטובן ביי די אונטערגעפּייערטע פּליטעס זענען די ווייבער פאַרנומען געווען מיטן אָנגרייטן לכבוד יום־טוב, און אַפילו קינדער זענען געווען באַשעפטיקט מיט מאַכן לאַמטערן פון דיניעס און פון קאָלירטע פּאַפּירן צו באַפּוצן די סוכה, און די גאַנצע שטאָט מענער, ווייבער און קינדער, קליין און גרויס, האָבן געלעבט און געטון אין און אַרום דעם לאַנגן און פריילעכן סוכות־יום־טוב — איז מען געקומען זאָגן ריזל דער וואַלד־שרייבערקע, אַז איר מאַן אברהם־ישראל שטייט ביי משה דרעקסלער אין פּאַדוועזש (הויף) און האַקט האָלץ...

— גילדענע ריזל! — איז די האַלב־טויבע קיילע קראַץ אַריינגעלאָפן מיט אַ געפילדער. — כ'בין דאָרט דורכגעגאַנ־גען איז מיר דאָך פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. צי פּאַסט דאָס פאַר אַ ייד אַ למדן, אַ חסיד? און טאַקע נישט קיין נויטבאַדערפטיקן? שטייט אין כאַלאַטל ווי, להבדיל, אַ פּויער און האַקט ליפּע נאָך ליפּע ברעזשענע שייטלעך, ווי אַ געבוי־רענער האָלצהעקער?

ריזל האָט זיך פון בושה און טרויעריקער איבעררא־שונג אַזש אַ זעץ־געטון אויף דער ערד, אויף דער הוילער דיל אַ זעץ־געטון זיך מיט די פיס הינטער זיך, ווי אַ מידע הון, וואָס ווערט שוין פאַרמאַטערט פון די נאָכיאָגער. און די דריי מיידן, אָנקוקנדיק דער מוטערס בראָך, האָבן דערהויבן אַ יללה, ווי ביי אַ גרויס אומגליק, אַז ס'איז געוואָרן אַ גרויס אָנגעלויף הינטערן פענצטער. ווייבער און מיידלעך מיט איינ־געמעלטע הענט, מיט פינגער ערשט־אַרויסגעגאָסענע און נאָכנישט־אָפּגעוואַשענע פון געגנזענע אָפּענע בייכער, פון פיש־מאַכן און צוקנעטן טייג, אין קורצע האַלקעס, פאַר־פּעדערטע קעפּ און צעפּאָרענע קאַפּטשעס אויף די פיס; און צעיאַכמערטע חדר־יינגלעך זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן הינ־טער דער וואַלד־שרייבערקעס פענצטער און די ווייבער און מיידלעך האָבן שוין פאַרצויגן וויין־פּיסקעס אויף יעדן פאַל, גלויבנדיק, אַז דערינען איז עפּעס אַן אומגליק געשען, וואָס מ'דאַרף עס באַוויינען.

— וויי, דער נייער ונתנה־תקף שוין, ווינד־און־וויי! — קלאָגט איינע.

— אַ פאַרשטערטער יום־טוב, כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד! — ווישט זיך די קליינע טעמערל, די טשאָלנט־זע־צערין, דאָס שמוציק־רויטע נעזל.

נאָר ביילע־מירל די פּעדערן־שלייסערין, נאָך אין דער ברודיקער שלאָף־הויב, טוט זיך אַ קראַץ מיט דער פולער האַנט אין מיטן קאָפּ, אַזש די הויב גיט אַ פלי אַהין־און־צוריק און זי רוימט יעדן איין אַ סוד מיט אַ ווונק אויף די פאַר־האַנגענע פענצטער:

— דערינען, דער מאַן, זאָגט מען, איז לא־עלינו מבוסם־געוואָרן...

און גלייך טראָגט זיך איבער אַ צווייטער מורמל ווי אַ ווינט:

— וויל כופר זיין, די צונג, מיינע שונאים, בעסער זיך אָפּבייסן...

איינע אַליין, נישט לאָזנדיק די טעכטער אירע נאָכ־קריכן, איז רייזל אַהין צו משה דרעקסלער אויפן פּאַדוועזש.

און טאַקע, ס׳איז איר אַזש פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן: אָפּגעלייגט דאָס כאַלאַטל אַן אַ זייט, איז ער געשטאַנען, איר מאַן, אין די בלויזע העמד־אַרבל מיט די פיר לאַנגע ציצות פון הינטער דעם וועסטל אַפער, אין שפּענצער, אויפן קאָפּ, אום נישט צו גיין אָן היטל — דאָס שניפּטיכל, פאַר־בונדן אין אַלע פיר עקן און מיט כוח און התמדה געשפּאָלטן טשיפּעס האָלץ און דערלעבן האָט דער גראָבער אַלטער משה דרעקסלער געקליבן די געשפּאָלטענע טשיפּעס און אָרעם נאָך אָרעם אַריינגעטראָגן אין שטוב אַריין, לעבן דער אָפענער טיר איז געשטאַנען זיין יידענע, הינדע די שרייער־קע, מיט אַ טיכל אַרום קאָפּ און געזונקט אַן אָפּגעפליקט עוף אויף אַן אָנגעצונדענעם וויעכעטש שטרוי, פאַרנדיק מיט די אָפּגעפליקטע קאַטשקע איבערן פלאַם, ווי זי וואָלט זיך גע־שפּילט.

רייזל האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר האַסטיק זיך אַ זעץ־געטון אויף דער קופּע האָלץ לעבן מאַן און גענומען שאָק־לען זיך, גאָרנישט גערעדט, נאָר גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ און מיטן גאַנצן מאָגערן הויקערדיקן גופל, ווי אויף אַ גרויס, גאָרנישט מיטן מויל אַרויסצוברענגען אומגליק און פון מאָל־צו־מאָל אַרויסגעלאָזט אַ שטומען קרעכץ:

— אַ דערלעבעניש!... אַ דערלעבעניש!.. מיין טאַטע עליו־השלומס אייִדעם, דער גוטער לערנער, מיינע קינדערס טאַטע... — און זי האָט זיך צעוויינט.

— וואָס איז, — האָט ער אַ קוק געטון אין איר זייט, נישט אָפּשטייענדיק פון דער אַרבעט, — ס׳איז ביי דיר אַ נייעס? אין וואַלד האָב איך דאָס נישט געטאָן?

— יאָ, אין וואַלד, — האָט זי ווייטער געקרעכצט און זיך אַרומגעקוקט איבערן הויף, — אָבער דאָ איז דאָך נישט קיין וואַלד.

— אַ, מענטשן זעען, מיינסטו? — האָט ער אויף אַ רגע אַראָפּגעלאָזט די האַק און זיך מיטן העמד־אַרבל, רונדיק, אָן אָן עפּענונג, ווי פון אַ קיטל — דעם שטערן געווישט. — די דאָזיקע בושה נעם איך אויף מיר, — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, — געשייטער אַזויערנאָך צו פאַרדינען, ווי פון שטיין אין אַ קרעמל.

נו, וואָס, אָן אייזערן האַרץ האָט זי, רייזל? זיך אַני־דערצושטעלן טענהן מיט אים? אפילו וואָס ער מיינט מיט זיינע רייד איז איר שווער צו באַנעמען. אויף איר איין וואָרט האָט ער אַ גאַנצן שפּרוך און ער איז אַזוי רואיק, ער זעט גאָרנישט, ווי ער מאַכט זיך בזוי־ומבוזה און וואָס ער טוט דערמיט די קינדער — האָט זי זיך באַזינען, גאָר נישט אים געענטפערט, נאָר אַריינגעגאַנגען מיט אַ געוויין צום רב, ער זאָל מיט אים רעדן.

ביים רב, אין דער בית־דין־שטוב, איז געווען פול מיט יידן, — אַנגעזעענע בעלי־בתים. זיי האָבן באַקוקט אתרוגים און לולבים, אַרויסגענומען פון אין פּאַקעלעס פּאַרפּאַקטע געלע און גרינלעכע אתרוגים, זיי באַקוקט ביים פענצטער און געטשמאַטשקעט מיט התפעלות:

— איי, אַ הדר, איי, איי, אַ הדרל!

רייזל, אַ קוק טוענדיק, וואָס אַנדערע מאַנען טוען איצט און וואָס אירער — זענען איר אויפסניי געקומען די טרערן אין די אויגן און אַז זי איז צום רב צוגעגאַנגען, איז זי שוין געווען איין שטיק געוויין.

דער רב, שטייענדיק צווישן די יידן מיט זיין בלאַס פּנים, גרויסער נאָז, שווערער ווייסער באָרד, אָנגעטון אין אַן אויסגעריבן ברוין סאַמעטן כאַלאַטל, אויסגעלאַטעט מיט אַנ־דערש־קאָליריקע שטיקלעך סאַמעט — האָט זי אויסגע־הערט, ער האָט אַ שפּאַרע וויילע זיך מישב־געווען, געפּרוווט זי מדחה צו זיין: „מילא, איצט איז נאָך אינדערוואָכן, ס׳איז דאָך נאָך נישט יום־טוב!” אָבער לסוף, אַז זי האָט נאָכאַנאַנד געוויינט און געבעטן, האָט דער רב גענומען די אויבער־קאַפּאָטע און אַרויסגעגאַנגען אין צווייטן הויף צו משה דרעקסלער. רייזל איז נישט מיטגעגאַנגען. זי האָט אַהין אַריינגעקוקט דורך אַ שפּאַרע אין פּלויט.

רייזל האָט עס דערנאָך איבערדערציילט די קינדער:

— שופר של משיח זאָל איך אַזוי הערן, ווי דער רב האָט אים געזאָגט נישט „דו”, נאָר „איר” און נישט בלויז „איר”, נאָר אויך „רב”.

— יאָ, קינדער, ענקער טאַטע איז נישט ווי אַלע אַנדע־רע טאַטעס, אָבער עפּעס איז ער פאַרט, נישט אַזאַ געוויינלעך יידל, ווי אשר וואַסערטרעגער אָדער איטשקע פּאַטשינע.

— גוט מאָרגן, רב אברהם־ישראל, — האָט דער רב

זיך צו אים אָנגערופן, — איר זענט עובר אויף אַ מאמר חז״ל — אַ תלמיד־חכם, אַז מ׳געפינט אַ פלעק אויף זיין מלבוש...

— און ענקער טאַטע, קינדערלעך, נישט אויפהערנדיק צו אַרבעטן מיט דער האַק אין האַלץ, טוט אַזוי אַ זאָג:

— זאָרגט איר, הייסט עס, נאָר וועגן אַ פלעק אויפן בגד?

— און אַן אַכטל פון אַן אַכטל גאוה דאַרף אַ תלמיד־חכם פאַרמאָגן, — האָט דער רב ווייטער געזאָגט.

— יאָ, — האָט ענקער טאַטע געשמייכלט, דאָס האָבן שוין אויך אַנדערע צוגענומען און זיי פאַרגרעסערן עס, אַ שרעק... — און ער האַקט זיך ווייטער דאָס האַלץ.

— איך קאָן נישט, קינדער, ענק אַלץ נאָכזאָגן. איך בין דאָך נאָר אַ נאַרישע, פאַרגרעבטע אשה, מ׳שטיינס געזאָגט, אָבער אַ ציטערניש האָט מיך אָנגענומען צו הערן זיינע גע־לאַסענע ענטפערס. און אַז דער רב איז אַוועקגעגאַנגען האָט ער געזאָגט: „אַ גוטן טאָג אייך!“ און אַז רייזל האָט עס נאָכ־דערציילט, איז איר פנים, מוז זיין, נאָך אַלץ געווען אונטער יענעם איינדרוק און זי האָט אַזוי ערפּאַרכטיק צו אירע גע־דאַנקען מיטן קאָפּ זיך קוים צוגעשאָקלט און אַ פרומע מינע האָט אויף איר פנים גערוט.

יאָ, אמת, דער רב האָט ביי אברהם־ישראלן נישט גע־פועלט, ער זאָל אַוועקלייגן דאָס האַלץ־האַקן ווי אַן עם־הארץ פאַר דעם בעל־גוף משה דרעקסלער, און די צוויי מיידלעך, מאַשע און חנה, וואָס זענען געקומען צו לויפן מיט אַ געוויין „טאַטע! טאַטע!“ האָבן אויך גאָרנישט געפועלט.

ער האָט זיי וויַיך, אָבער ערנסט געענטפערט:

— אַ היים גייטס, מיידלעך! אַז אַ טאַטע טוט, דאַרף מען אים נישט שטערן.

רייזל איז געהאָלפן געוואָרן גאָר פון אַן אַנדערער זייט: נאָכמיטאָג זענען געקומען צופאָרן פון דער ישיבה אַהיים אויף יום־טוב די צוויי יינגלעך: שמחה־בינעם און ברוך. און אַז די מוטער האָט זיי געזאָגט, ווו דער פאָטער איז, זענען זיי ביידע אַהינגעגאַנגען.

דער יינגערער, ברוך, מיט אַ קליין פיל מויל און שטי־פערישע ברוינע אויגן — דערזעענדיק דעם טאַטן שטיין אַזוי און האַקן האַלץ, האָט ער זיך צעוויינט. דאָס הענטל, וואָס ער האָט דעם פאָטער אַריינגעשטעקט צו שלום־עליכם האָט גע־ציטערט, — אַזוי באַנומען איז דאָס צוועלף־יאָריקע יינגל געווען, זעענדיק ווי זיין איידעלער טאַטע האַקט האָלץ פאַר דעם גראָבן ייד, וואָס אין ברודיקן רויטן שפּענצער. נאָר דער פון אים דריי יאָר עלטערער ברודער שמחה־בינעם מיטן בלאַסן פנים, געדרייטע פאות, האָט זיך אַזוי אָנגערופן:

— אבי מורי! איך ווייס, אַז וואָס דו טוסט, ווי ווילד עס זאָל נישט אויסזען, וויסטו וואָס דו טוסט. און דו טוסט עס נישט חלילה פון צו להכעיס, אָבער די מאַמע אינדערהיים האָט דערפון גרויס צער און די שוועסטערן זיצן אַרום איר און וויינען, ווי תשעה־באב. און אַז מיר וועלן איצט אַהיימ־קומען אַן דיר, אבי מורי, וועט דער צער נאָך גרעסער זיין.

און אָט די טעלעכע ווערטער פון בלאַסן בחורל האָבן אַזאַ רושם געמאַכט, אַז דער פאָטער האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס האַקן האַלץ, אַהיימגעגאַנגען מיט די קינדער, גענומען וועש, אַוועק אין מרחץ און ס׳איז געווען אַ יום־טוב, ווי ביי אַלע יידן.

אָט דעם יום־טוב סוכות האָט אברהם־ישראל דאָס ער־שטע מאָל דערפילט דעם זיסן טעם פון זיצן געמיטלעך צווישן אַ שטאָט יידן, מיט וויַיב און קינדער, קלויבן נחת פון דעם, וואָס באַקאַנטע חסידים טראָגן אים צו:

— אייער עלטער בחורל האָט אַ גאָר נישקשהדיק קעפּל.

— אַ שאַרפן מוח, אייער קליינער!

אָדער גאָר חיים־וואָלף — מן הצד:

— אברהם־ישראל, האַלטסט אפשר מיט אים ביי אַ שידוך?

און אויף צו לעצט נאָך דער רב, וואָס האָט אים צופע־ליק, צי מיט אַ כיוון, באַגעגנט אין גאַס אין איינעם פון די יום־טוב־טעג און, ווי קיינמאָל גאָרנישט, ווי אברהם־ישראל וואָלט אים ערב סוכות גאָרנישט געגעבן אָנצוגעהערן שאַרפע ווערטער — אַ זאָג געטון:

— ר׳ אברהם־ישראל, קומט אַריין מיט אייער בחורל צו מיר שמיני־עצרת.

אמת, אברהם־ישראל איז אַהין נישט געגאַנגען; אַז דער רב האָט זיך מטריח געווען און אַריינגעשיקט דעם שמש, האָט ער אַהינגעשיקט דאָס בחורל אַליין. שמחה־בינעם איז אַהין אַוועק, ווייל די מוטער האָט עס דווקא געוואָלט, שמיני־עצרת האָט אברהם־ישראל געהוליעט מיט זיינע עט־לעכע נאָענטע ביי חיים־וואָלפן אין שענק און, אַז זיי זענען געקומען אין התלהבות האָבן זיי אויסגעגאָסן אַ גרויס פאַס בראָנפן און אַרומגעפּליעסקעט, אַרומגעטאַנצט אין דער בראָנ־פן־בלאָטע, זינגענדיק מיט אַ שמחת־תורה־ניגון:

— אומאַר, אומאַר, סטאַרי קאָוואַל...

און אַזוי צוויי טעג כסדר.

אָבער אָט דער ערשטער יום טוב סוכות אין שטאָט, דאָס זיצן אין דער היים בהרחבה, מיט וויַיב און קינדער, איז געווען די התחלה פון אברהם־ישראלס ירידה, דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן זיין צופאַסן זיך צו דער סביבה, ווערן אַ מענטש מיט לייטן גלייך, ווי זיינע אַלע חברים וואָס האָבן פאַרבויגן דעם תוך פון קאָצקער דרך און זענען געוואָרן ווי

די, וואָס אברהם־ישראל האָט אַ נאָמען געגעבן: „חלה־מיט־הערינג־יידן", ווי די איבעריקע לעבלעכע חסידים אין די אַטלעסענע קאַפּאָטעס.

### ד. די אשה האָט גובר געווען

אַנגענעם פאַרן געמיט איז די מיט גרינעם סכך באַ־דעקטע סוכה אין די זוניק־שיינע חול־המועד־טעג, דעמאָלט ווען עס קומט אַ מלמד אַ ביסל פאַרהערן דאָס ייִנגערע ייִנגל און מ'פּאַרבעט אים אין סוכה אַריין; עס קומט אַ שדכן מיט אַ שידוך פאַר דער זיבעצן־יאָריקער בתולה און מ'טרינקט דערווייל אַ גלעזל משקה, אָדער עס נעמען זיך צוזאַמען עט־לעכע חסידים, מ'ברענגט אַ פלאַש ווייַן פון חיים־וואָלפן און מ'לופּטערט אַדורך די אַלטע ניגונים.

טרויעריק און פאַרוואָרלאָזט זעט די זעלבע סוכה אויס אין די גרויע נאָך־סוכות־טעג מיט די שבת־בראשית־בלאָ־טעס...

עס טריפט אַ רעגן טאָג־און־נאַכט. טראָפּן־נאָך־טראָפּן, אַ טאָג און אַ נאַכט און מאָרגן און איבערמאָרגן און אַזוי, אין דער גרויער נישט־טאָג און נישט־נאַכט־טונקלקייט רוקן זיך די טעג, ווי קראַנקע עופּעלעך, וואָס האָבן אַפילו צו ווייַ־נען קיין כוח נישט, נאָר גוסן אַזוי... אין „שטיבל" איז קאַלט און גרוי. אַ לעצטע פליג גוססט אויף דער געשפּאָל־טענער שויב; יידן, ווייבער און קינדער שלעפּן זיך מיט הויך געפּאַקטע פורן אויף די יאַרמערק, זיצן איינגעקורטשעט, דער רעגן טריפט זיי אין האַלדז אַריין, בלאָנדזשען אין ווייטן פאַרנעפּלטן חלל, דאָס פערדל הייבט קוים אַ פוס, און מיט אַ לעכצעניש טראַכט מען פון אַ וואַרעמען טרינק.

— רבונו של עולם! שווער ווי קריעת ים־סוף קומט דיין פאָלק אָן דאָס שטיקל פרנסה!

נישטאָ מער די יום־טובדיקע פריילעכקייט, אַוועק, פאַרשוווּנדן, ווי קיינמאָל נישט; דער טאָפּ פון באַטעמטן געפילטן קרויט איז שוין אויסגעשייערט, אַוועקגעשטעלט און פונקט ווי דער מענטש וואַרט ער, אַ קאַלטער, אַ פּוס־טער, אויף יום־טוב־טעג, וואָס וועלן אַמאָל דאָך קומען.

— קומען, קומען, ווי דען? געוויס קומען! אַזוי ווי אַלץ, וואָס מוז אַמאָל ווידער קומען.

נאָר ווען? גלייכער גאָרנישט צו טראַכטן נאָך דערפון, און די שפּין נעמט זיך דערווייל פּאַרוועבן זיין ליידיקן חלל מיט איר געוועב אויף אַ גאַנץ יאָר אַרויס, אויף נאָך אַ סך טעג, גרויע האַרבסט־ און בייזע ווינטער־טעג.

אויך די מענטשן זענען איצט אַנדערע...

די מאַמע איז קאַרג און אויסגערעכנט, באַרעכנט זיבן מאָל אײדער זי גיט דעם גראָשן אויסגעבן, איז פאַרביטערט אויך צום קינדס חכמות, קאָן נישט פאַרטראָגן, אַז מען איבער־פרעגט זי עפּעס, בייזערט זיך כסדר מיט אַ וויינענדיק קול:

— וואָס וויל דער יונג פון מיין קאָפּ! וואָס לעכערט ער מיר דעם מוח?

אברהם־ישראל קומט אין „שטיבל", איז דאָרט קאַלט און ליידיק, בלויז עטלעכע אורחים זיצן הינטערן אויוון, ציילן זיך איבער בגנבה די „קניפּלעך" און שמועסן פון גוטע וועטשערעס און צוגעלאָזענע באַלעבאַטים...

אין דרויסן איז אַ ברודיק וועטער, אַז עס נעמט דורך די ביינער. אין דער היים איז ענג און די מיידלעך טומלען, קריגן זיך כסדר אַרום.

אברהם־ישראל האָט זיך דערפילט אָפּגעריסן און אַי־בעריק אויף דער וועלט, אַלע אַנדערע טוען עפּעס, זענען מ'יט עפּעס פאַרנומען און ער — וואָס? אין דער היים, פון דעם אָפּגעשפּאַרטן געלט פון וואַלד, ווערט אַלץ ווינציקער. די אשה גיט עס אים איידל אָנצוגעהערן... (פון ערב־סוכות־אָן האָט זי מורא מיט בייזן) און אַפילו — זאָגט זי אים — דו זאָלסט אויסהאַקן דאָס גאַנצע האָלץ פון אַלע שטאָטישע באַלעבאַטים און אָנברענגען אַלע וואַסער, וועסטו דען דערפון קאָנען לעבן און חתונה־מאַכן די קינדער? סיידן זאָלסט אַזאַ לעבן פירן ווי איטשע פּאַטשינע, ווי איציק גאַזדע, וואָס ליגן מער אויף דער שטאָט ווי אויף זיך און וווינען ווי זיי אין מקוה־געסל, צי אין הקדש.

אברהם־ישראל איז שוין אויך נישט דער, וואָס אין וואַלד. אַליין נישט־פילנדיק איז ער פאַרשפּינען געוואָרן אין שטאָ־טישן שפּינוועבס און אַלץ פעסטער, נישט דורכצורייסן, זיין ווידערשטאַנדסקראַפט ווערט אַלץ שוואַכער, אַפילו אין שייכות צו זיך אַליין, צום אייגענעם געוויסן, רייזל, דאָס ווייב, שטערט אים איצט גאָרנישט, מאָנט גאָרנישט און האַלט גאָרנישט פאַר. אָבער — וואָס ווייניקער זי מאָנט און פאָ־דערט, אַלץ מער מאָנט און פאָדערט פון אים זיין אייגן גע־וויסן.

„מענטש, האָסט געברענגט קינדער אויף דער וועלט — זע, זיי זאָלן נישט פאַרוואָרלאָזט ווערן!"

„האָסט דערצויגן קינדער — האָסטו דאָס אַחריות פאַר זיי!"

און דאָס ליכט אין קאָצק איז פאַרלאָשן, עס לייכט מער נישט. קאָנסט מער נישט אַ כאַפּ־טון דעם טלית און תפילין, שבתדיקע קאַפּאָטע און אַ צוויי העמדער, פאַרפּאַקט אין אַ זעקל, און אַוועקלאָזן זיך אַהין צופוס, און פון דאָרט כוח און אמונה צו שעפּן. קאָצק איז איצט אַ געוויינלעכע שטאָט, ווי אַלע שטעט, מיט יידן, וואָס זוכן פרנסה, ווי די היגע,

און מיט גויים, וואָס אַז זיי שיכורן זיך אָן, נעמען זיי שלאָגן יידן, אָט אַזוי זיך, גלאַט, פון הײמלעכקייט ווענן אַ ביסל שלאָגן, ווי אין אַלע אַנדערע יידישע שטעטלעך.

יאָ, אַפילו דעם הייליקן זמר: „אומאר, אומאַר סטאַרי קאָוואַל" זינגט מען אַלץ זעלטענער, ווייל די „שטיבל"־יידן ווילן אים נישט הערן, איבער די ווערטער אין גויישן לבוש. רבונו־של־עולם, מרא דעלמא כולו, ברן יחד כוכבי בוקר... אָבער אויך קיין שטערן זעט זיך איצט נישט, דער הימל איז פאַרחושכט, אָנגעזאַמלט מיט שווערע שוואַרצע וואָלקנס, שוואַרץ ווי פּעך, ווי טינט, אַפילו די לבנה און שטערן גלוסט זיך איצט נישט צו באַווייזן. ס'איז קאַלט און ס'איז ברודיק און טרויעריק, אַז דו מוזט שטאַרק וואַרעמען דאָס האַרץ מיט דיין אייגענעם הויך, ווי אַ קליין הינדל אונטער דער קוואָקעס פליגל אין אַ קאַלטער נאַכט... עס זאָל אויך נישט פאַרשטאַרט ווערן אין דיר אַלץ פון קאָצק אויסגעאַרבעטע און דו זאָלסט נישט נאָך נידעריקער פאַלן, ווי אָט די חלה־מיט־הערינג־יידן.

און, אין דער צייט, אין איינעם פון יענע טעג, אין אַ זונטיק, ווען דער גלאָק פון דער גוישער „טומאה" האָט נאָכאַנאַנד געקלונגען און אָנגעיאָגט אַ מרה־שחורה, נאָכמיטאָג, ווען אברהם־ישראל איז אַוועקגעגאַנגען פון דער היים אין „שטיבל" אַריין, האָט אים דאָס ווייב ווייך, אָבער פעסט, אַ בעט־געטון, אַהיימקומען אין אָוונט אַ ביסל פריער, ווייל איינער אַ ייד זאָל אַריינקומען שמועסן וועגן אַ געשעפט־מאַכן און זי וויל נישט, עס פּאַסט איר נישט, דאָס אָפּצושליסן אָן דעם מאַן.

— איך וויל נישט מער, נאָר לפנים זאָלסטו זיין דערביי, מ'זאָל נישט זאָגן אין וולוין, אַז מיינע קינדערס טאַטע איז אַ בטלן.

אָט די אשה, דאַכט זיך אַ יידענע, מיט אַ יידענעס שכל — זייער שכל אַ שמעק טאַבאַק די ווערט!... — און דאָך פאַרשטייט זי, אַזוי גרינג, ווי אַזוי אים, וואָס שמט פאַר אַ שאַרפן קאָפּ, צו נעמען, צו איבעררעדן, ווי דלילה שמשונען.

און אין אָוונט איז אברהם־ישראל טאַקע פריער אַהיימגעקומען.

אַז ער איז אַריינגעקומען אין שטוב און דערזען דעם בעל־דבר, וואָס פאַר זיין כבוד־וועגן האָט ער, אברהם־ישראל, זיך מקדים געווען צוקומען, האָט אים שוין באַנג געטון. סך־הכל איז דאָס געווען דער געפוצטער מאיר ראַפּאַלאָוויטש, וואָס איבער אים האָט אברהם־ישראל געהאַט דעמאָלט די מחלוקה אין „שטיבל".

אָבער סתם אַ מענטש פאַרשעמען גייט דאָך אויך נישט, האָט זיך אברהם־ישראל צוגעזעצט צום טיש און מיט אומגעדולד און אנערלעכן ביטול געוואַרט דער שמועס דאָ זאָל אַ סוף־נעמען און ער זאָל צוריקגיין אין „שטיבל" זיך זעצן איבער אַ ספר.

— אברהם־ישראל, — רופט זיך צום סוף אָן די יידענע און ווייזט מיטן בליק אויף דעם ביים־טיש־זיצנדיקן מיטן צוגעפוצטן בלאָנדן בערדל. — דאָס איז ר' מאיר ראַפּאַלאָוויטש, זיי ווילן דיך צונעמען אַלס שותף צו אַ געשעפט, — און זי ווינקט דעם מאַן, ער זאָל נישט זיצן ווי אַ שטומער, נאָר זיך אויך אָנרופן מיט אַ וואָרט.

— יאָ, מיר קענען זיך שוין אַ ביסל פון „שטיבל" — מאַכט רואיק ראַפּאַלאָוויטש און פאַררויכערט אַ ציגאַר און איז מיט אַ צווייטן מכבד דעם באַלעבאָס דאָ.

אברהם־ישראל האָט אָבער פאָרט נישט געהאַט וואָס צו רעדן. ער האָט נאָך קיינמאָל קיין געשעפטן נישט געמאַכט. די גאַנצע צייט פון נאָך דער חתונה איז ער אָפּגעזעסן אין וואַלד אַלס שרייבער. אויך האָט ער געהאַט אַן איינגעבוירענעם ווידערווילן צום האַנדל־וואַנדל, און אין קאָצק האָט מען אים עס אויך אָפּגעעקלט. און ווי ער האָט נישט געוואָלט דאָס ווייב קרענקען, האָט ער פאָרט נישט געוווסט וואָס צו רעדן, ווייל נישט ער, נאָר זי איז דאָ געווען די אמתע געשעפט־מאַכערין.

אַרויסגעבראַכט פון דער פאַרלעגנהייט האָט אים דאָס אַריינקומען פון דעם מעקלער הערשקע. ער, הערשקע, דער קליינוווּקסיקער, דיקלעכער, מיטן שוואַרצן זיידענעם בערדל, קוים דורכגעוואָרפן מיט אַ גרוי הערל און שוואַרצע לויפיקע אייגעלעך; ער, דער ווערטלזאָגער, דער אייגנטלעכער צוזאַמענברענגער פון די דאָזיקע, אין פלוג אַזוי נישט צוגעפּאַסטע שותפים, איז איצט אַריינגעקומען מסתמא אַ קוק־געבן, צי דער מטורפדיקער וואַלד־מענטש האָט נישט שוין באַוויזן זיין, דעם מעקלערס, שוין עטלעכע־וואָכענדיקע מעקלער־אַרבעט אינגאַנצן צו צעקלאַפּן, צי ער האָט נאָך כאָטש נישט דעם „פּראַנט" ראַפּאַלאָוויטשן שוין אַרויסגעוואָרפן הינטער דער טיר, אָדער אים ווידער אַ פאַר־געטון מיט אַ פאַרריסטער שמאַטע איבערן ווייסן קראַגן, ווי אַנומלטן אין „שטיבל" — אָבער אַריינגעקומען איז הערשקע, ווי זיין שטייגער, מיטן הויכן און פריילעכן „גוטן־אָוונט, יידן", הויך און מיט קוראַזש.

דערזעענדיק אַריינקומען נאָך אַ מאַנסביל, האָט די יידענע געפונען פאַר פּאַסיק אַרויסצוגיין פון שטוב (זי איז די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ ווינקל, כלומרשט ווי נישט זי, נאָר דער מאַן איז דאָ דער עיקר) און הערשקע איז שוין אַרויס מיט אַ פריילכך געבייזער:

— געוואַלט אַ וועלט, אַ וועלט! יידן זאָלן זיצן ווי די

געצן! פה להם — אַ מויל האָבן זיי און רעדן נישט קיין דברי־תורה און אַפּילו קיין לחיים צו טרינקען איז נישטאָ.

און אַריינגעשריגן אין קיך הינטער דער ציצענער פאַרהאַנג:

— אברהם־ישראלס אשה! שיקט נאָך אַ ביסל בראָנפן!

אָט אַזוי קלוג האָט ער פאַרשטאַנען, הערשקע. ער האָט געוווּסט, אַז ביי אַ ביסל משקה ווילן זיך די צוויי צוקונפטי־קע שותפים דערנענטערן, און זיין, דעם מעקלערס, מי וועט נישט אַוועק לאיבוד.

רייזל, די אישה, האָט נישט נאָר געשיקט נאָך אַ ביסל משקה, נאָר אויך געשיקט נאָך הערינג און צוביים און זי האָט אַ באַפעל־געגעבן די מיידן, צוצושטעלן אַ קנאָבל־באָרשט מיט קאַרטאָפל. די יידן האָבן צוזאַמען פאַרברענגט ביז שפּעט אין דער נאַכט. דרויסן, אין דער נאַכט־פינצטער־ניש, האָט געזיפּט אַ קאַלט, שטעכיק שפּעט־האַרבסט־רעגנ־דל. דאָ, אין דער ליכטיקער וואַרעמער שטוב, הינטער די שווערע פאַרמאַכטע לעדן, אַרום טיש, אויף וועלכן עס האָט געברענט אַ לאָמפּ מיט אַ מילך־גלאָז, אויף אַ הויכן פוס — זענען געזעסן די ניי־געבאַקענע שותפים, זיך דאָס האַרץ אונטערגעלענט און געשמועסט... הערשקע האָט נאָר איינ־געפעדעמט, דערנאָך איז ער אומבאַמערקט געבליבן אין שאָטן, געטון אין דער אכילה און געטרונקען בראָנפן, גע־רעדט האָט ער ווייניק, געהאַלטן אין איין צושרייען: „לחיים!" ער האָט געלאָזט די צוויי רעדן, זיי נאָר פון צייט צו צייט אונטערגעוואַרעמט און, הגם זיי האָבן נישט גערעדט דווקא וועגן געשעפט, וואָס זיי האָבן בדעה צו מאַכן, האָבן אָבער די שמועסן איצט זיי צוזאַמענדער דערנענטערט...

צומאָרגנס איז הערשקע מער נישט געקומען, מער נישט נויטיק־געהאַט צו קומען. ער האָט אָנגעשפּינען, און זיי האָבן עס שוין אַליין צווישן זיך פאַרוועבט. און אַזויערנאָך האָט אברהם־ישראל אַריינגעלייגט זיין אָפּגעשפּאָרטן קאַפּיטאַל פון די אַלע יאָרן וואַלד־שרייבעריי און קויפן קליינע „פּאַ־ר'עמבעס" אין מאיר ראַפּאַלאָוויטשעס האַנט אַריין און גע־וואָרן שותף צו שאָסיי־פּאַדריאַדן, וואָס ראַפּאַלאָוויטש האָט אָנגענומען אויף ליציטאַציעס.

— ר' אברהם־ישראלס ווייב! — האָט איר ראַפּאַלאָ־וויטש געזאָגט ביים מאַכן דאָס כתב, — פונקט אַזוי וויל איך האָבן ר' אברהם־ישראלן פאַר אַ שותף...

דער דאָזיקער זאָג דעם שותפס האָט ביי רייזלען זייער אויסגענומען. זי איז געוואָרן אויס פאַרביטערט, רואיקער, געלאַסענער, איר ווינען אין שטאָט האָט באַקומען אונטער זיך אַ פונדאַמענט און זי האָט שוין אָן שרעק געקוקט אויף אירע אונטערגעוואַקסענע מיידלעך.

**ה. רואיקע צייט**

טעג, וואָכן, חדשים, אַ יאָר. ס'גייט שוין אין צווייטן יאָר. ס'איז געווען אַ רואיקע צייט.

דאָס מיטגעברענגטע געלט פון וואַלד, וואָס רייזל אברהם־ישראלס האָט די ערשטע וואָכן אין שטאָט נישט פאַרגינען זיך דערויף צו קוקן, באַוויינט יעדן גראָשן, וואָס מ'האָט דערפון אַראָפּגענומען אויף חיונה — דער דאָזיקער קאַפּיטאַל האָט זיך שוין דאָס צווייטע יאָר געפונען אין מאיר ראַפּאַלאָוויטשעס הענט און דאָס געלט איז דאָרט נישט געשלאָפן, נישט געלעגן פאַרשלאָסן, נאָר באַוועגט זיך, גע־לאָפן, געגאַנגען פון האַנט־צו־האַנט, אַוועק אין דער וועלט אַריין און צוריקגעקערט זיך מיט ריווח.

פונקט ווי אַ ליבהאָבער פון טויבן לאָזט זיינע טויבן אַרויס פון טויבנשלאַק, פאַכעט מיט די אָרעמס, צעיאָגט זיי אין אַלע זייטן, זיי זאָלן זיך אַ לאָז־טון פליען ווייט און ברייט אונטערן הימל, כדי אַהערצוגענאַרן פרעמדע טויבן, זיי זאָלן אַהער צוריקקומען מער אין צאָל ווי עס זענען אַרויסגע־פלויגן — אַזוי אויך האָט אברהם־ישראס קאַפּיטאַל, אין מאיר ראַפּאַלאָוויטשעס הענט, צוזאַמען מיט זיין אייגענעם און מיט נאָך צוזאַמענגעבאָרגטע געלטער, זיך געמערט, געטאָפּלט, זיך עטלעכע מאָל געטאָפּלט, און נאָך געהאַלטן אין איין וואַקסן.

ווייט און צעוואָרפן איבער דער מדינה, אין פאַרשידענע שטעטלעך און דערפער, האָבן זיך געמויערט קאַזאַרמעס, רעגירונגס־בנינים — אין פאַרשידענע גרענעץ־פונקטן — קאָרדאָנען, אויף ווייטע אומבאַקאַנטע פעלד־וועגן זענען געלעגן אָנגעשיט שטיינער, פויערים האָבן געהאַקט די שטיי־נער אויף קליין, אַנדערע האָבן אָפּגעשטאָכן הויכקייטן, גע־פלאַנעוועט וועגן, געזיפּט און גערייניקט די צעהאַקטע שטיי־נער... אויף די וועגן ווייט, ברייט און לאַנג: די זאַמדיקע וועגן, וואָס זענען לאַנגע צענדליקער יאָרן געשלאָפן פאַר־וואָרפענע צווישן וועלדער און דערפער מיט שטרוי־גע־דעקטע כאַטע־דעכלעך און פאַרשלאָפענע קירך־טורעמלעך, און אַז אַ וואָגן האָט זיך איבער אַזאַ וועג געשלעפּט, איז ער געזונקען ביז איבער די רעדער אין בלאָטע, און די פערד האָבן געקרעכצט, געסאָפּעט, געאַרבעט מיט די זייטן, מיט די לעצטע כוחות, וועקנדיק די פאַרדרימלטע געגנט מיט זייער הויך אָטעמען און אָנרירנדיק אַזש מיטן בויך די ערד, און די אָרעמע איינזאַמע ביימלעך ביים וועג, האָבן פאַר־שוויגן, פאַרחלשט פון עלנט, זיך איבערגעקוקט מיט אַנאַנד

איבער די געשניטענע קאָליעס אין זאַמד — איצט האָבן די וועגן געלעבט, ווי אַ שווער־קראַנקער נאָך אַן אָפּעראַציע, אַז די כוחות הייבן זיך אָן צו אים צוריקצוקערן און עס שפּרודלט אין אים די אויפגעוואַכטע ענערגיע... באַבעס פון די דערפער און שיקסלעך האָבן געאײַלט מיט קערב עסן פאַר די טאַטעס און ברידער; וועגענער מיט שטיינער זענען נאָכאַנאַנד צוגעפאָרן, בריטשקעס מיט אויפזעער און אויבעראויפזעער זענען געפאָרן הין און צוריק, די ביימלעך און קושאַקעס ביים וועג פון די אַרבעטנדיקע; גענאַנגען האָבן געשאַלט, קולות, זידלערייען און געשמועסן... אַ וועלט האָט געלעבט און געאַרבעט, דער שותפותדיקער קאַפּיטאַל און ראַפּאַלאָוויטשעס הענט איז כסדר געפלאָסן און צוריקגעפלאָסן; אַוועקגעפלאָסן אין דינע שטראָמען און צוריקגעקומען אין ברייטע — מיט ריווח.

יעדע וואָך, שבת־צו־נאַכטס, קומט פאַר אַ קליינע אָפּרעכענונג, פון איבער דער וואָך. די דאָזיקע קליינע אָפּרעכענונגען קומען פאָר ס׳רוב ביי אברהם־ישראלן אין שטוב. זומער און ווינטער, נאָך הבדלה, ווען אין שטוב פילט זיך נאָך דער ריח פון דעם געפלאָכטענעם קאָלירטן הבדלה־ליכט, פאַרלאָשן אינעם ביסל עקסטרע דערצו אויסגעגאָסענעם ווייַן; אברהם־ישראל, נאָך אין דער אַטלעסענער קאַפּאָטע גייט אַרויף און אַראָפּ איבער דער שטוב, צולייגנדיק דעם טלית, וואָס איז ביז אַהער געלעגן צעוואָרפן, מחמת שבת טאָר מען נישט צולייגן — ער פאַררויכערט דעם ערשטן נאָכשבתדיקן ליולקע־ציבעך מיטן לאַנגן פאָרצעלייענעם קעפּל, וואָס דערויף איז אויסגעמאָלט עפּעס אַ לאַנדשאַפט פון ריינלאַנד — און זעצט זיך ביים טיש וואַרטן אויפן שותף.

דער טיש איז שוין אָן שבתדיקן טישטעך, דער מוצאי־שבת מיט זיין האַלב־וואָכעדיקייט, פילט אָן מיט עצבות און כדי דאָס פון זיך אָפּצוטרייבן, פרעגט ער מיט אַ קאַפּ תרעומות:

— פאַרוואָס גיט מען נישט אַריין דעם סאַמאָוואַר?

— פאַרוואָס?! — ווייזט זיך רייזל די אשה אין דער טיר. אויפן פנים ליגט איר דער ערשטער עגמת־נפש נאָכן שבת, — איך האַלט מיך נאָר איין פון שעלטן צו דער פולער וואָך, — זאָגט זי מיט האַרץ, אַזש די קופּקע אויפן קאָפּ הייבט זיך איר, — דאָס משוגעת, חנה, כאָליעט נאָך ערגעץ ביי אַ חברטאָרין; נאָך נישט צייט אַהיימצוקומען, ראַנע־נאַשער האָט קלעמעניש אין לייב — איבערגעפרעסן זיך מיטן איבערבלייבעכץ פון טשאָלנט, און מאַשע — רבונו־של־עולם, — שיפּעט זי קוים מיט די דינע בלוילעכע ליפּן, — איך טאָר דאָך נישט רעדן, מ׳שטייט דאָך מיט איר אין שידוכים, נאָר וועט דאָ עמעץ באַגאַבט ווערן! — קוקט זי אין אַלע זייטן, צי עמעץ אַ פרעמדער הערט זיך נישט צו; כאָטש זי רעדט גענוג שטיל. — בלאָזט שוין אַ שעה צייט אויף די קוילן: פּפו און פּפו!... און מיט די טראָפּעלעך, וואָס פאַלן איר פון דער נאָז, לעשן זיך די קוילן.

נאָר אברהם־ישראל, נישט אויסהערנדיק גאָר איר „לידל״, איז שוין דערינען אין קיך, שטייט שוין אַליין ביים סאַמאָוואַר און מיט אַ גוטמוטיקער פאַרטועניקייט פאָרעט ער זיך אַרום די קוילן אין סאַמאָוואַר, יאָגט אַריין לופט מיט אַ כאָלעווע פון אַ שטיוול, ווי עס פלעגן עס מאַכן די חסידים אין קאָצק, אין דער אַכסניא, און ברומט זיך דערביי צו אַ שבת־בו־נאַכטסדיק זמרל, סתם אַזוי אַ ניגונדל אָן ווערטער...

שפּעטער זיצן ביים טיש ביידע שותפים, מ׳רעדט וועגן קלאַפּטערס, שטיינער, שאַבער און זאַמד. אין די רייד וואַרפן זיך אַדורך דערפער, פּויערים, גויעס... מאיר ראַפּאַלאָוויטש רעדט ווי כלאחר־יד:

— פון זלאָטשעוו ביז שעראַדז האָט מען גענומען אַלע פּויערים פון די דערפער, וואָס ליגן ביים ברעג.

— ס׳הייסט נאָר בלויז די פּויערים־דערוואַקסענע — פרעגט אברהם־ישראל. — מאַכט עס נישט צו־טייער אויס?

זיי זיצן איינער קעגנאיבער דעם צווייטן, אברהם־ישראל אין דער אַטלעסענער אַ ביסל אויסגעריבענער, אויף די אַרבל אויסגעדריוולטער קאַפּאָטע, מיט דער רויטער געבלימלטער פאַטשיילע, וואָס קריכט אים אין דער העלפט אַרויס הינטן פון דער קעשענע, אין שיך און זאָקן, האַלבע שיך, לאַטשן אַזעלכע, וואָס אַז ער דערהויבט אַ ביסל דעם פוס, פאַלט אים דער לאַטש אין דער העלפט אַראָפּ און קלאַפּט זיך אָפּ אין דער ברעטערנער דיל; דאָס פנים קעגנאיבער אים — מאיר ראַפּאַלאָוויטשעס — איז ייִנגער, מיט אַ בלאָנדער באָרד; די באָרד איז אַ ביסל צוגעשוירן און פאַרקעמט, די גרויע אויגן קוקן קאַלט, גיריק און אַ ביסל שטעכיק, ער גייט אָנגעטון אין אַ גלאַנציק שערזשען קאַפּאָטקעלע, געמאַכט כלומרשט ווי אַלע אַנדערע חסידישע קאַפּאָטעס, אָבער געפּאַסטער און עלעגאַנטער, ווי אַ מיטן־וועג צווישן קאַפּאָטע און פראַק, נישט אַזוי לאַנג ווי אַ קאַפּאָטע דאַרף צו זיין, און די סחורה איז אויך בעסער — אַ גוטער שערזש, און אויף די פיס האָט ער נישט קיין האַלבע שיך און זאָקן, נאָר — קאַמאַשן, הויכע, גאַנצע קאַמאַשן, גוט־אויסגעפּוצטע שטיבלעטן מיט גומע פון ביידע זייטן געפּוצט אויף גלאַנץ, און קיין זאָקן זעט מען אים אינגאַנצן נישט אַרויס.

— ניין, — מאַכט ראַפּאַלאָוויטש און פּוצט זיך אָפּ מיטן ווייסן אויף פיר צוגעלייגטן טיכעלע די באָרד און, אין איין וועג, גלעט ער זיך צו מיטן טיכעלע דאָס פנים, באַקן און נאָז, — עס אַרבעטן דאָרט נישט בלויז דערוואַקסענע, נאָר

די פויערים קריגן אַ גרעסערן לוין, פויערטעס קריגן אַ האַלבן און שיקסעס נאָר אַ דריטל, אָבער דער חשבון, אום ער זאָל ווייניקער אָרט פאַרנעמען, רעכנט זיך לויט די פויערים: צוויי פויערטעס, דריי שיקסעס.

אברהם־ישראלן אינטערעסירט איצט איין זאַך, וואָס האָט אייגנטלעך מיט געשעפט נישט צו טון, ער האַלט זיך נישט איין און פרעגט כלאחר־יד:

— קאָנען דען נישט־דערוואַקסענע, למשל, ווי איר זאָגט — שיקסעס — האַקן שטיינער?

— פאַרוואָס קומט איר נישט אַמאָל, וואָלט איר געזען, — זאָגט ראַפּאַלאָוויטש און שטעלט אויף דעם שותף אָן די גרויע קאַלטע אויגן און עפּעס אַ גרינגשעצנדיקער שמייכל לויפט אים אַרום אַדורך איבערן פּנים, גלייך אָבער נעמט ער ערנסט אויפקלערן, ווי דעם שפּאַטישן שמייכל וואָלט ער זיך איבער־געלאָזט אויף אָן אַנדערט מאָל, — שיקסעס האַקן נישט, פויערטעס — יאָ, פויערטעס אַרבעטן טיילמאָל נישט ערגער ווי די פויערים, שיקסעס טוען צומיסטן זיפּן דעם שאָבער, אָדער גלייכמאַכן די קופּעס, אויפשיטן... מ׳זאָל זיי קענען מעסטן.

דער וועכנטלעכער חשבון געדויערט נישט לאַנג. דער־נאָך רעדן די שותפים אַרום נייע פּראָיעקטן, וועגן קויפן אָדער אָפּדינגען הינטער ויערושעווו אַ פּאָר אַקער ליימיק לאַנד אויף צו שטעלן אַ ציגל־ברענעריי, אויף צו מויערן דאָרט אין דער געגנט די גרענעץ־געביידעס, וואָס זיי האָבן אַנגענומען אין פּאַדריאַד מיט עטלעכע חדשים צוריק.

— איצט וועגן די „זוזלעס״, — טוט ראַפּאַלאָוויטש צו וויסן און אַלץ מיט דעם נישט־ערנסטן טאָן, נישט ווי ער וואָלט גערעדט מיט אַ שותף, נאָר מיט זיינעם אַן אונטערגע־אָרדנטן מענטש, פאַר וועלכן ער דערציילט אין קאַטאָוועס פון זיינע געשעפטן, נאָר דערציילט זיי ווי עס לוינט זיך אים.

אברהם־ישראל ווייסט, אַז „זוזלעס״ זענען דער מאַ־טעריאַל, פון וועלכן מ׳גיסט אייזן, דאָס האָט ער זיך דער־ווּסט צופעליק נאָך אין וואַלד. דער פּריץ דאָרט האָט גע־לאָזט גראָבן... דאָס קומט אים איצט צונוץ. ער דאַרף נישט איבערפרעגן און זען דאָס נישט־אַנגענעמע שמייכעלע אויפן שותפס פּנים. אברהם־ישראל איז שוין געוואָרן אויף אַזוי פיל אַנדערש, אַז ער וויל נישט אַנגיין אַלס „פּריץ״ אין שותפס אויגן, אדרבא!...

— איידער מ׳וועט אָנהייבן צו רעדן וועגן פּאַכטן אָדער קויפן דעם גרונט, דאַרף מען דערגיין, צי די „זוזלעס״ זענען פון אַ גוטן סאָרט, — זאָגט ער זיין מיינונג.

— מ׳האָט שוין געפּרוווט, — מאַכט אים ראַפּאַלאָוויטש קלאָר אַלץ מיט דער זעלביקער מינע, נישט ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכן. — בעסערע פון אַלע אַנדערע פון דער געגנט דאָ, נאָר איך בעט אייך, געדענקט, קיינער, אַחוץ דאָ, טאָר דערוויל נישט וויסן דערפון.

— אויב עס וועט האַלטן דערביי, וואָלט איך געוואָלט אָנקוקן דעם מאַטעריאַל, — טוט אברהם־ישראל צו וויסן מיט אַ טיף־באַהאַלטענער קרענקונג.

— אַוודאי וועט איר דערביי זיין, פאַרוואָס דען נישט? — שטימט ראַפּאַלאָוויטש גיך צו, און קיין שום מוסקול רירט זיך נישט אויף זיין קאַלט גלבלבלעך פּנים.

שפּעטער קומען אַריין נאָך עטלעכע חסידים. אברהם־ישראלס באַקאַנטע, וואָס קומען אַריין דאָ מיטהאַלטן מלווה־מלכה.

פון דער מינוט אָן ווערט ראַפּאַלאָוויטש אַנדערש, אין איין רגע ווערט ער ווייניקער ווי אברהם־ישראל. זיין גאַנ־צער מהות דריקט אויס דרך־ארץ און אונטערטעניקייט צום שותף, דעם אַנגעזעענעם חסיד און למדן. די שטייפע קאַלטקייט פאַרשווינדט פון אים. ער ווערט אַן אויפגערוימטער חסיד.

— אברהם־ישראלס ווייב, — גיט שוין מאיר ראַפּאַ־לאָוויטש אַ רוף, ווען אַרום טיש זיצן שוין עטלעכע חסידים אין די אַרומגעגאַרטלטע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס און סאַמעט־היטלעך אויף די קעפּ מיט אַפּערקריכנדיקע קאַפּלעך. און אַז פון דערינען קומט אַריינצושאַרן מיט צוויי צו־גרויסע לאַטשן די איינגעהויקערטע, פעסט מיט אַ פאַרטעך־אַרויפ־געשנורעוועטע רייזל, טוט ער צו וויסן:

— זענען מיר, פאַרשטייט איר, שוין פאַרטיק מיט אונ־דזערע עסקים, ווייל אָבער די עדה דאָ וויסן, ווי האַלט דער ענין מיטן גוטן קנאַבל־באָרשט?

— נישקשה, מ׳עט אויך פאַרטיק ווערן, — זאָגט זי אַ ביסל נישט־ניחאדיק און באַקוקט מיט אַ קאַרג אויג הערשקען, חיים־וואָלפן און שלמה גאַרבער, וואָס האָבן זיך געמאַכט אַ מאָדע נישט אַנדערש נאָר וואָך־ביי־וואָך דאָ צ׳יטצוהאַלטן די מלווה־מלכה־סעודה.

דערינען אין קיך, באַלויכטן פון אַ קייניצל, מיטן גרויסן פּיעקעליק, וועלכער פאַרנעמט דרייפערטל שטוב, שטייען דערוויל אַלע דריי מיידן; מאַשע קאַכט, חנה שיילט קאַר־טאָפל אין אַ שאַף אַריין און ראָנע מיט גלאַנציקע ליפּן און איינגעשמאַלציקטע הענט פאַרעט זיך מיט דער שאַרף פון אַ צינענעם לעפל אויפן דנאָ פון קוגלטאָפּ, סקראָבעט, סקראָ־בעט, רייסט, און אַז עס געלונגט איר פון דאָרט עפּעס אַרויס־צוסקראָבען, כאַפּט זי דעם לעפל צום מויל און נעמט אים אַרומלעקן און בייסן מיט דער צונג און ציין, נאָר אַז זי איבערצייגט זיך שוין, אַז דער דאָזיקער „זעטער״ איז שוין

מער די מי נישט ווערט — עס לאָזט זיך שוין גאַרנישט אַרויסקראַבען, נעמט זי זיך געאייליק אַרומצופּן דאָס פון מיטאָג־איבערגעלאָזענע פליש, וואָס דאַרף איצט דערלאַנגט ווערן צום טיש:

— רע, ראַנע־נאַשער! — איז חנה מפסיק אין מיטן קאַרטאָפל־שיילן, זי האַלט דאָס מעסער מיטן הילצערנעם שטיל אין איין האַנט, און אַן אָפּגעשיילטע קאַרטאָפליע אין דער צווייטער האַנט און זי שאָקלט מיטן קאָפּ, ווי די מוטער, אַז זי מוסרט אַ טאָכטער. — נאַ, זעטס, מענטשן, מיט ביידע באַקן פרעסט זי, ס'וועט נישט בלייבן אויפצוגעבן.

ראַנע, מיט אַ פול־פרעסעדיק מויל צאַלט צוריק, — אַלץ קייענדיק:

— משוגע! נו, זי האָט מיך שוין געזען אַ ברעזעלע אָפּ־לעקן, ווייסט זי שוין פון אַ „פול מויל"...

נאָר אַז מאַשע הייסט זי שטיל־זיין, ווייל ס'איז אַ בושה דערינען, די מענטשן הערן, וואַרפן זיך ביידע אויף איר:

— זי זעט דען עפּעס? דער הויקער פאַרשטעלט איר דאָך די אויגן! און הערן הערט זיך אויך נישט, ווייל די אויערן...

און חנה שאָקלט שוין ווידער מיטן קאָפּ, ווי ביי אַן אומגליק:

— מאַמעלע קרוין, עס טראַפּט דאָך איר פון דער נאָז אין טאָפּ אַריין, דער באַרשט וועט זיין מיט „אויגן"...

— זאָלסט אַזוי לעבן!

— לעב דו נישט!

— הויקער!

— שליאַך!

— נאַשער!

ס'ווערט אַ טומל אין דער קופּע אַריין, קומט אַריין די מוטער, טיילט ראַנען אַ קניפּ מיט אַ צולאָג און חנהן אַ קניפּ מיט נאָך איינעם, אַזש די אויגן איבערגייען איר. מאַשען קנייפּט זי נישט, זי בייגט זיך בלויז צו איר אַריבער מיט אַ באַקלאַג־זמרל.

— כלה־מויד! געראָטן מענטש!... דער שדכן זיצט דערינען, מ'כאַפּט דאָך דיר אַזוי לייכט אויף, ברויכסט זיך נאָך צו לאָזן הערן אויך...

לאָזט מאַשע איבער דעם באַרשט אויף דער קיך און לויפט אַריין אין פינצטערן אַלקער — אין דער שפּיזשאַרניע מיט דערשטיקטן כליפּ.

ווען זי קומט שפּעטער צוריק פון דאָרטן אַרויס שוין אַן אויסגעוויינטע, איז אין דער שטוב שוין גאָר פריילעך. די יידן ביים טיש עסן, טרינקען און זינגען. ס'פליען פּראָפּנס פון פלעשלעך ביר, אַלע רעדן אין דער קופּע אַריין, מ'טרינקט לחיים. די מוטער שטייט אין דער טיר, קלויבט נחת און הערשקעס רייסעדיק קול שרייט אין מיטן זינגען:

— דוד מלך ישראל חי וקיים!

ס'האַלט שוין ביי כאַפּן אַ חסידיש טענצל און ראַנע און חנה זענען שוין אויך אָנגעשטעקט מיט דער דרינענדיקער שמחה.

— קום, חנה, — שלעפּט זי ראַנע פון הינטן ביים פאַר־טעך, — מ'עט צומאַכן די טיר און דאָ טאַנצן.

נאָר איין מאַשע, נאָך אַלץ אונטערן איינדרוק פון די פריערדיקע באַליידיקונגען, טראַכט מיט ביטערניש און ווי:

— פאָטער דערבאַרעמדיקער אין הימל! צו וואָס האָסטו מיך באַשאַפן אַן עלנט פאַרזעעניש, אַ קאַליקע?

### ו. עס גייט שווערלעך צו

אברהם־ישראל האָט נישט ליב צו גיין צו מאיר ראַפּאַ־לאָוויטשן אין שטוב, אַז עס קומט אויס אַהינצוגיין אַמאָל אויף די חודש־אָפּרעכענונגען, ווייל ראַפּאַלאָוויטשן איז שווער אַהינצוברענגען דאָס גרויסע בוך (זיי רופן עס „הויפּט־בוך") איז אים שוין דער גאַנצער שבת־טאָג צופריער ווי פאַר־שטערט. ער טראָגט אויף זיך אַ נישט־ניחאדיקן עול — נישט אַזויפיל שווערן, ווי אַ נישט־ניחאדיקן — און ווייל אים וואָס גיכער פּטור ווערן און דערפאַר איז אים שוין דער גאַנצער שבת אַ ביסל פאַרשטערט. און נאָך דער הבדלה מאַכט ער נישט קיין שהיות, נאָר גייט גלייך אַהין, אום וואָס גיכער זיך דאָרט אָפּצופּאַרטיקן.

ביי ראַפּאַלאָוויטשן זענען שטובן מיט געוויקסטע פּאָד־לאָגעס, ס'איז אַזוי גליטשיק, ממש ווי צו גיין ווינטער איבערן אייז. ראַפּאַלאָוויטשעס ווייב האָט זיך טאַקע אַמאָל געהאַט אויסגעגליטשט אויף איר אייגענער פּאָדלאָגע און האָט אַ פוס צעבראָכן. זינט דעמאָלט זעט מען זי נישט גיין, נאָר זיצן אין אַ שטול, וואָס מ'האָט עקסטרע פאַר אירעטוועגן געלאָזט ברענגען. אַ געבעטן שטול מיט צוויי „ביעגונעס" פון אונטן, ווי אין אַ וויג פאַר אַ קינד. זיצט זי דאָרט כסדר, שאָקלט זיך, שאָקלט זיך און וויגט זיך אַהער־און־אַהין, ווי אַ קינ־דעלע.

אברהם־ישראל קאָן דאָרט נישט פאַרטראָגן די גרויסע שפּיגלען, די טעכטער, וואָס רעדן פויליש און זיצן כסדר איבער גויישע ביכער, די זין מיט אַהינטערגעקעמטע פּיאות, אין ווייסע האַרטע קראַגנדלעך מיט שליפסלעך. זיי, די קינדער, רופן דעם פאָטער נישט „טאַטע, נאָר „פאַטער" און די מוטער — „מוטער", נאָר דער עיקר קאָן אברהם־ישראל נישט סובל זיין די געמעלן, וואָס הענגען דאָרט אויף די ווענט. וואָס הייסט: צי מיינט זיך אַזאַ מאירל, אַז מ'קאָן

עובר־זיין אויף אַ לאַוו אין דער תורה און דערביי נאָך הייסן חסיד, „שטיבל"־גייער? פשוט הפקר־וועלט!

באַזונדערס ליידט דאָרט אברהם־ישראל דערפון, וואָס מ׳בעט אים צום טיש מיטצוהאַלטן מלווה־מלכה און ער וויל נישט, נישט ער וויל נישט, נאָר ער קאָן נישט, ער טאָר נישט — ער וויל נישט עסן טריפות. הע, טריפות גאָר? — דערשרעקט ער זיך פאַר דעם בלויזן חשד. ער באַשליסט אין זיך, אַז דאָס איז צו־האַרב געטראַכט. אָבער עסן דאָרט וויל ער נישט. ער פּאַסט זיך שוין געגנוג צו, וואָס ער איז זיך מַתיר צו טרינקען טיי. דאָס טוט ער שוין משום דרכי־שלום־וועגן — צוליבן שותפות.

— פאַרוואָס, ר׳ אברהם־ישראל, — איז זיך ראַפּאַלאָ־וויטש משתדל נאָכן פאַרמאַכן די ביכער מיט דעם דרך־ארץ־מינעלע, שוין גאַרנישט ווי ביים מאַכן דעם חשבון, — פאַר־וואָס איילט איר זיך אַזוי, איר ווילט נישט מיט אונדז צום טיש גיין?

— ניין, באמת, נישט קיין צייט, — קרעקט זיך אברהם־ישראל מיט דעם צוגעטראַכטן תירוץ אין האַלדז, — כ׳דאַרף זיין אויף אַן אָרט.

ראַפּאַלאָוויטשעס ווייב מיט קוים אַ ברעקל שייטל אויפן קאָפּ, און מיטן ווייזן דער דינסט ווי צו גרייטן דעם טיש, בלייבט געפּלעפּט.

— היינט אויך נישט? מיר האָבן זיך געריכט, אַז דער שותף וועט היינט יאָ...

פון איר ווענדונג בלייבט אברהם־ישראל שטיין צע־מישט. ווער ווייסט פאַרוואָס — אברהם־ישראל האָט אין דער שטיל וועגן איר אַ בעסערע מיינונג ווי וועגן איר מאַן. כאָטש ער האָט זי נאָך קיינמאָל נישט אָנגעקוקט אין פּנים און ווייסט נישט ווי זי זעט אויס. ער קען זי בלויז פון קול, וואָס קומט, ווי פון אַ פאַרפייניקט האַרץ, פון אַ האַרץ, וואָס ליידט אין דער שטיל, אַלצאיינס פון וואָס זי זאָל נישט ליידן; איר געמיט זעט זיך אַרויס דורך איר קול, אין קול פילט זיך צער און נישט קיין פוסטקייט און איר ווענדן זיך צו אים איבערראַשט אים, ער שטייט אַ ווייל צעטומלט.

דער מאַן אירער נוצט דאָס אויס. ער וואַרעמט זי אונטער:

— מוטער, אדרבא, פועל דו...

ביי זיין זאָג דערהויבט אברהם־ישראל די אויגן. ראַפּאַ־לאָוויטשעס קול גיסט אים אָפּ ווי מיט קאַלט וואַסער. ער באַגעגנט דעם כמעט ביטול־שמייכל אויף יענעמס ליפּן און דאָס גלאַנצל פון זיינע גרויע, קאַלטע אויגן. צו אברהם־ישראלן קערט מיטאַמאָל צוריק זיין גאַנצע שטאַרקייט און כאַראַקטונג צו דעם דאָזיקן „שוויצער", דעם מכלומרשטן חסיד; עס קערט צו אים צוריק אָט יענע נישט־בויגעוודיקע שטאַרקייט, מיט וועלכער ער האָט אַמאָל דעם זעלבן מאיר ראַפּאַלאָוויטש איינגעריסט מיט אַ שמאַטע דאָס ווייסע קראַ־גנדל און געשאָפּט זיך דאָס גאַנצע „שטיבל" פאַר שונאים: די זעלבע הייסע צולהכעיסדיקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך אַמאָל ערב סוכות געשטעלט האַקן האָלץ ביי משה דרעקסלער אויפן הויף... איר שטיל קול לעשט זיך אין אברהם־ישראל און ווען ראַפּאַלאָוויטש גיט נאָך אונטער דעם ווייב קוראַזש מיט אַ:

— אַוודאי האָסטו רעכט, מוטער...

— הער, יונגערמאַן, אַז דיין ווייב איז ביי דיר מותר (מוטער) איז דיין טאָכטער מותר, איז ביי דיר בשר וחלב אויך מותר... און, נישט אומקוקנדיק זיך, גייט ער אַרויס פון שטוב.

דרויסן פילט זיך אברהם־ישראל מיטאַמאָל לייכט, ווי איינער, וואָס האָט פון זיך אַ גרויסע משא אָפּגעלאָדנט. ער קוקט זיך אַרום אין דער נאַכט. דער הימל איז אויסגע־שטערנט, די לבנה איילט ערגעץ דורך קליינע וואָלקנדלעך, ווי דורך באַרג און טאָל. די וואָלקנס יאָגן זיך נאָך און זי לויפט, איילט, איילט. אַ קיל ווינטל ווייעט. ס׳איז שטיל. ערגעץ אין אַ הויף בילט אַ הונט, דעם הונטס קול הילכט אָפּ איינזאַם און פאַרבענקט; שטיקער לבנה, ווי ווייסע ליי־לעכער, ליגן אויסגעשפּרייט אויף פּלויטן, ווענט און דעכער, טייל צעריסן, טייל גאַנץ, אָן פּגימה; דעם הונטס צערדיק בילן דערמאָנט עפּעס ענלעכס... פון איינעם צום צווייטן — ביז עס דערמאָנט זיך אים דאָס פאַרצערטע קול פון דאָרט אויבן, די אשה מאירס און, אום דאָס אין זיך צו פאַרטויבן, נעמט ער ווי אַן זיין וויסן, אונטערברומען:

— „אומאַר, אומאַר סטאַרי קאָוואַל"...

*

אין דער היים האָט געוואַרט הערשקע.

— גוט־וואָך, גוט־וואָך! — פאַלט אברהם־ישראל אַריין אויפגערוימט, פריילעך ווי שוין לאַנג נישט, ווי אַמאָל אין יענער צייט, ווען ער האָט זיך געברענגט צו ציען פון וואַלד — אַזש הערשקע פאַרבויגט פון חידוש די שוואַרץ־גרוילעכע באָרד אין מויל איבער אַ פינגער און קוקט אים אָן מיט אויסגעשטעלטע פאַרקנייטשטע אויגן און זי, רייזל, קוקט אַזוי אויף איר מאַן ווי אויף זיין אורח מיט נישט־ניחאדיקן פאַריבל.

— זע נאָר, זע, וואָסי וואָס? — ברומט זי מיטן פּנים אַוועק, געבויגן אין אַ ווינקל, ווי אַז מ׳בייגט זיך אַוועק אויסצושפּייען.

— מאַשע, ראָנע, גרייט צום טיש! מלווה־מלכה! — באַפעלט אברהם־ישראל אַריין צו די טעכטער.

— נישטאָ נאָך וואָס, — מורמלט די יידענע אַהער אַריין שוין דורך דער אָפענער טיר פון דרינען מיט אַן אומצופרידן בייטאָנדל און מיט אַ מין להכעיסדיקייט, — פלייש איז נישט געבליבן, די פיש האָט די קאַץ באַלעקט און די חלה האָב איך אַוועקגעלייגט צו שיקן מיטן באַלעגאָלע די קינדער אין דער ישיבה אַריין, — דערביי קוקט זי כסדר קרום אין הערשקעס זייט, ווי זי וואָלט געמיינט צו זאָגן: "וואָס קומסטו עפּעס נאָכאַנאַנד דאָ אַריין אומגעבעטן".

נאָר אַז אברהם־ישראל און זיין גאַסט וואַשן זיך צו אַ שטיקל חלה — גיט רייזל אַריין אַ הערינג, שוין געמאַכט און צעשניטן מיט ציבעלע און מיט אַ מילכערל. דאָס מאַכט אברהם־ישראלן גאָר הייטער.

— אשה! שרייט ער שוין אַריין אין קיך, און אַז זי באַ־וויזט זיך, נישט געאיילט און האַלטנדיק אַן עק טונקעלן פאַרטעך, ווי זי וואָלט זיך דערמיט די נאָז געשנייצט, שרייט ער שוין פון חדווה, ווי ער וואָלט געזונגען:

— איי, איי, וואָס זינדיקסטו! האָסט נישט וואָס אַריינ־צוגעבן? און דאָס וואָס איז, הע? איך פרעג: דאָס איז גאָרנישט? חלה מיט הערינג איז דברים של מה בכך? איי, אשה, אשה!

דערנאָך אַ ביסל, אַז הערשקע נעמט אברהם־ישראלן פאַרשטעלן אַ שידוך פאַר מאַשען, ווערט דערינען אין קיך שאַ־שטיל, מ'הערט ווי די מיידן שושקען זיך אין די אויערן, אַלע ווייל שטעקט אַן אַנדערע צו דעם קאָפּ מיט אַן אויפ־געשטעלט אויער צו דער אַ ביסל אָפּגעלענטער טיר און רייזל, מוז זיין, פון צופרידנקייט פון שדכן, נעמט כסדר אַריינשיקן איין געריכט נאָכן אַנדערן און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז פלייש פון מיטאָג איז יאָ איבערגעבליבן און די פיש האָט די קאַץ נישט באַלעקט.

און אַפּנים הערשקעס איצטיקע קומען איז טאַקע געווען מזלדיק: עטלעכע טעג שפּעטער איז אברהם־ישראל געפאָרן פאַרהערן דעם בחור. דער בחור האָט נושא־חן געווען. מ'האָט תנאים געשריבן. אברהם־ישראל האָט זיך מתחייב געווען אַ היפּשן נדן און לאַנגע יאָרן קעסט. דער חתן איז געווען אַ קיילעכדיקער יתום, אָן אַ היים, האָט אים דער מחותן אָנגעדונגען ביים ראש הישיבה, ער זאָל נישט דאַרפן צו עסן "טעג", נאָר זיצן און לערנען און עסן ביים ראש־הישיבה אין שטוב, ווי דער שטייגער פון נגידישע בחורים.

איז שוין, הייסט עס, די עלצטע טאָכטער, דאָס גרעס־טע "באָוול" — מאַשע מיטן הויקערל און רויט, פייכט שפּיץ־נעזל, אַ כלה געוואָרן. און רייזל, די מוטער, האָט זיך שוין פאַרגינען לייכטער אָפּצוּעטעמען.

## ז. מאיר ראַפּאַלאָוויטש

מאיר ראַפּאַלאָוויטשן איז דאָס ווייב געשטאָרבן.

זי איז שוין אייגנטלעך לאַנג שלאַף געווען. שוין עטלעכע יאָר, זינט זי האָט דעם פוס צעבראָכן, האָט זי כסדר גע־קרענקט. אַרומגעגאַנגען קראַנקערהייט, ביז זי האָט זיך איינמאָל אַ לייג־געטון אין בעט אויף אַ רעכטן אמת, אָפּגע־לעגן עטלעכע וואָכן און געשטאָרבן. און מאיר ראַפּאַלאָוויטש איז געוואָרן אַן אַלמן.

מאיר ראַפּאַלאָוויטש איז געווען קוים אָנהייב מיטעלע יאָרן. ערשט איין זון געהאַט חתונה צו מאַכן — געווען אַ חתן מיט אַ מיידל אַ יתומה, דעם פּאַטערס אַ ברודערן־טאָכטער — אין זיין, מאיר ראַפּאַלאָוויטשעס בלאָנדער, געפוצטער באָרד, האָט זיך נאָך קיין איין גרוי הערל נישט דורכגעוואָרפן. ער איז געווען רייך און אָנגעזען.

ס'איז געווען אַ היפּשלעכע לוויה. די גאַנצע שטאָט וואָלוי־נער יידן איז מיטגעגאַנגען. אַזוי ווי ס'איז געווען יום־טוב שבועות האָט מען נישט געטאָרט מספּיד זיין. אָבער דער רב איז מיטגעגאַנגען ביז אַרויס. ער איז דער ערשטער צוגעגאַנגען צו ראַפּאַלאָוויטשן מיט אַ טרייסט־וואָרט. דער עולם איז זיך צעגאַנגען, ראַפּאַלאָוויטש מיטן הויזגעזינט — אויך. מ'האָט דערנאָך ביי אים אין דער היים אַ צייט אַוועק געדאַווענט. ער האָט געלאָזט אַהינברענגען אַ ספר־תורה, אָפּגעגעבן פון זיינע פיל שטובן אַ שטוב אויף צו דאַווענען — און שוין. דאָס איז געווען אַלץ וואָס האָט דערמאָנט, אַז ער איז געוואָרן אַן אַלמן. ווייטער האָט זיך אין שטוב אַלץ געפירט אַזוי ווי די קראַנקע באַלעבאָסטע וואָלט געלעבט. די דינסטן האָבן וויי־טער אויפגעפּאַסט אויף דער ווירטשאַפט און אַלץ געפירט אין אָרדענונג.

דאָס שותפות מיט אברהם־ישראלן האָט זיך לפנים ווייטער געפירט, ווי ביז אַהער, אָבער טאַקע נאָר בלויז לפנים. לעצטנס איז מאיר ראַפּאַלאָוויטש שוין מער נישט געקומען, ווי פריער יעדן שבת־צו־נאַכטס, מאַכן אַ חשבון. ער האָט זיך איצט אַזוי געפירט: ער האָט רעגולער יעדע וואָך מיט אַ "מענטש" אַהינגעשיקט אברהם־ישראלן די פּאָר רובל, וואָס עס איז געווען פאַר אים באַשטימט אַרויסצונע־מען פון געשעפט, נאָר מאַכן אַ חשבון איז ער נישט געקו־מען. אַז אברהם־ישראל האָט געוואָלט שמועסן וועגן גע־שעפט, אָדער זען אַ חשבון, האָט ער געמוזט זיך מטריח־זיין און אַהינגיין צו ראַפּאַלאָוויטשן. אָבער אַהינגיין האָט אברהם־ישראל גאָרנישט קיין חשק געהאַט, און אַזוי זענען אַדורך חדשים אָן די שותפים זאָלן צווישן זיך רעדן.

ער האָט זיך נישט געלאַנגווייליקט, אברהם־ישראל, אָדער ער איז איינער אַליין, אין דער שוין גרינלעכער שיינער

יופיצע, אין די שיך און זאָקן און ליולקע־ציבעך אין מויל, אַרומגעקראָכן אויף דער לאָנקע אַרום קהלס גאָרטן, געגאַנגען מיט זיין נאָכלעסיקן גאַנג אויפן ברעג פון שמאָלן טייכל, גע־פיפקעט דעם ליולקע־ציבעך, געקוקט אַרום ווייט איבער די פעלדער, וואָס מיט יונגע גרינע זאַנגען,ביימער מיט גרינ־באַקרוינטע קעפּ; צומאָל אַ קנייטש געטון דעם שטערן, אַ פּאָר געטון מיט דער קורצער, דיקלעכער און אַ ביסל באַהאָרטער האַנט אויף פון קנייטשן צעאַקערטן שטערן ביז איבער דער באָרד; צומאָל אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און — געשוויגן פאַרטיפט אין זיך, פאַרזונקען אין די אייגענע פאַרשידנאַר־טיקע, נאָר אין גרונט פון איין מקור קומענדיקע מחשבות...

— אברהם־ישראל, דו זינדיקסט קעגן דיין אייגן ווייב און קינדער! פאַרוואָס גייסטו נישט אַמאָל אַרויף?

— ווּו אַרויף? — פרעגט אברהם־ישראל, אַ געשטערטער אין שווייגן און טראַכטן.

— מענטשן קרוין, — צעזינגט זיך שוין די יידענע מיט אַ וויינענדיקן טאָן, — מיין ווײ־בראָך איז דאָך אַזוי גרויס ווי דער ים! — זי זיפצט עטלעכע מאָל הויך אָפּ און הייבט אויפסניי אָן:

— ווּו, פרעגט ער מיך? — און איר מענה־לשון שטייגט אַלץ, — „ווּו", פרעגט ער? — און פלוצלינג אויף קולי־קולות:

— געוואַלד געשריגן! האָסט אַ שותף, צי נישט? ווּו האָסטו דיין געלט שטעקן? ער שיקט דיר טאַקע נאָך די פּאָר רובל אַ וואָך, אָבער מיט דיין נישט גיין מאַכסטו אים דאָך אַליין פאַר אַ גנב, כ'זאָל מיין מויל נישט צו בייז עפענען.

די יידענע קומט אַריין אין וויין־קוראַזש און וויינט וואָס אַמאָל מיט מער חשק. ער, אברהם־ישראל, שווייגט. וואָס זאָל ער איר זאָגן? האַ? אפשר זאָל ער איר דערציילן, אַז ער איז שטענדיק אַהין אַרויפגעגאַנגען מיט אַן אומווילן, ווי אַז אַ שד וואָלט אים דערצו גענייט און איצט, זינט יענער איז אַן אלמן, איז אים נאָך אַ סך נישט־ניחאדיקער אַהין אַרויפצו־גיין. אויב ביז אַהער האָט דער מאיר נאָך געהאַט אפשר אַ ניצוץ פון חסידות, איצט ווערט שוין דאָס אויך אויס ביי אים. די שטוב פירט זיך, שמועסט מען, שוין גאָר נישט בחזקת כשרות און ער, דער אלמן מאיר, מיטן ביינאָמען ראַפּאַלאָוויטש — ס'איז צו דערקענען, אַז ער דערהייבט אַ שער אויף דער באָרד, פּוצט זי און שערט די באָרד וואָס אַמאָל קורצער. לעצטנס האָט ער אויסגעטון דאָס יידישע היטל און אָנגעטון אַ הויך אַכט־קאַנטיק היטעלע, אַפילו די קאַפּאָטע פאַרקירצט ער צו ביסלעך. זי האַלט אים שוין באַלד ביי די קני. און אין דער שטיל מורמלט מען אויף אים נאָך האַרבערע זאַכן...

נאָר צי זאָל ער, אברהם־ישראל, דאָס דערציילן דער אשה? מיט איר דאָס דורכצורעדן האָט אברהם־ישראל גאָר קיין חשק נישט, און אַז יאָ רעדן, וועט אויך נישט העלפן. זי וועט, ווי איר שטייגער, באַלד אָנהייבן:

— וואָס דאַרף דאָס דיך אָנגיין! דו גייסט דיך דען מיט אים משדך זיין? און אַז מ'האַנדלט נאָך מיט אַ גוי? און באַלד וועט זי, ווי איר נוסח איז לעצטנס, אָנהייבן צו דערמאָנען, אַז מאַשע, די עלטסטע טאָכטער איז שוין אַ כלה, מ'דאַרפט באַלד סילוקן דעם נדן, זיך גרייטן צו דער חתונה און אַריינ־נעמען אַן איידעם אויף קעסט — און בלויז נאָר אירע ניין מאָס רייד נישט צו הערן, איז ער איינמאָל נאָך מעריב, גלייך פון שטיבל, אָן אַ סך צו טראַכטן, אַרויפגעגאַנגען צום שותף מאיר ראַפּאַלאָוויטש.

פאַרשטייט זיך, אַז מיט קיין גרויס חשק גייט ער נישט, אברהם־ישראל, ער פילט זיך זייער נישט־ניחאדיק, אָבער ער גייט, ער טראַכט נישט, נאָר ער גייט; ווי איינער, וואָס דאַרף צוליב עפּעס גיין אין מאַגיסטראַט און דאָרט אַראָפּ־נעמען דאָס היטל פאַרן גוי דעם באַאַמטן און רעדן מיט אים אויף זייער פרעמד לשון.

שוין אויף די שטיגן גיט ער זיך אַ שטעל־אָפּ, אָטעמט טיף אָפּ און עס גיט זיך אין אים אַ שטאַרקן וועק־אויף אַ נישט־היימלעכקייט אויסגעמישט מיט אַן אומווילן, ווי זיין אייגן געפיל וואָלט אים געוואָרנט: „גיי נישט איצט". אָבער צו דער אייגענער אינערלעכער שטים הערן זיך זעלטן מענ־טשן צו — אויבן אין הויז, אום אויסצומיידן דאָס פאַרבייגיין די דינסטן אין קיך, מיט זייער נאָכפרעגן זיך, צו וועמען ער דאַרפט — מיידט ער אויס. און ווי ער האָט נישט ליב זיך צו רייסן דורך פּאַראַדנע טירן, ווי ער האָט נישט ליב די דאָזיקע פּאַראַדנע איינגענג. נאָר נאָכאַמאָל — כדי אויסצו־מיידן די דאָזיקע דינסטן — לאָזט ער פאַרביי די ברייטע קיך־טיר און גייט אַריין אין צווייטן עק פּאָדערהויז אין דער שמאָלער טאָפּלט־טיר.

ווי זיין עניוותדיקער שטייגער, מאַכט ער זיך פריער גלייך דאָס קאַפּל אויפן קאָפּ, ריכטיק ווי אַז מ'גייט וועגן אַן ענין אין מאַגיסטראַט — גלעט זיך די פּיאות, עפנט שטיל די טיר און בלייבט שטיין אין אַ נישט־באַלויכטענער פינצ־טערער שטוב.

אַ ווײַלע שטייט ער אַ ביסל צעמישט, ער דערבליקט אַ ברייטן ליכט־שטראַל, נאָר ווען ער נעמט זיך אַהין דערנענ־טערן, ווי שוין אויפמאַכן די טיר און אַריינגיין, בלייבט ער שטיין הינטער דער טיר ווי אַ גולם. ער טרעפט פּונקט ווי ראַפּאַלאָוויטש, זיין שותף, אָט דער שטיבל־דאַוונער מאיר ראַפּאַלאָוויטש, דער אלמן, וואָס פלעגט אַמאָל צו אים קומען

עסן מיט די חסידים מלווה־מלכה — זיצט ביז איבער די קני אַרויסגעשאַרצטע „נאַגעוויצעס", האַלט די פיס איבער אַ בעקן וואַסער און אַ שיקסע מיט אַרויפגעשאַרצטע ביזן עלנ־בויגן אַרבל — פּאַרעט זיך מיט אירע שיקסע־הענט אַרום זיינע נאַקעטע פיס...

אַט דאָס דערבליקט אברהם־ישראל און ער דערפילט דערביי אויף זיין אייגענער הויט אַן אומגעהויערע בושה און גיהנום־ליידן.

וואָס דאָרט איז דערנאָך געווען, ווי אַזוי מ'האָט אים דאָרט אויפגענומען און ווי אַזוי ער איז פון דאָרט אַראָפּגעקומען, האָט אברהם־ישראל נישט געדענקט. ער האָט בלויז ווי פון חלום געדענקט, ווי מ'האָט פון דערינען געפרעגט, ווער עס איז אַריינגעקומען און ער האָט נישט געענטפערט, נישט געענטפערט פון צעטומלטקייט, פון נישט וויסן וואָס מיט זיך צו טון. — ער איז ערשט געקומען צו זיך ווען ער איז שוין צוריק געווען אויף דער גאַס. און דאָס ערשטע מאָל אין לעבן — געפילט אַן אמתדיק שטאַרקע שנאה צו זיין אייגן ווייב, וואָס נאָר איבער איר נוקען אים, איז ער איצט דאָרט אַרויפגעגאַנגען.

## ח. צוריק אין דער נידער

דאָס ניי־יאָר נאָך ערב־ראש־השנה האָט זיך אברהם־ישראלן אַזויערנאָך אָנגעהויבן:

מאַשעס חתן האָט זיך איינגעעקשנט דווקא, אַז ער מוז זען די כלה, דער מחותן אברהם־ישראל האָט זיך נישט צופיל קעגנגעשטעלט. „מילא — האָט ער געזאָגט — די גמרא זאָגט דאָך, אַ „מ'טאָר נישט מקדש־זיין אַן אשה ביז מ'זעט זי". ער האָט דעם חתן פאַרבעטן אויף סוכות. אַזוי ווי עס האָט נישט געפּאַסט צו ברענגען דעם חתן צו זיך אַהיים, האָט ער אים אָנגעדונגען צו וווינען ביי אַ מקורב אַ חסיד, אים, דעם חתן, אויסגעקליידעט ווי עס פּאַסט פאַר אַ נגיד און צו די יום־טוב־מאָלצייטן האָט ער אים אַהיימגעברענגט צו זיך אין סוכה.

דורך די עטלעכע טעג האָט דער חתן געהאַט די געלעגנ־הייט, פון דערווייטן אָנצוקוקן די כלה. אָבער אַז דער חתן איז דערנאָך אַוועקגעפאָרן, האָט ער געוואָלט אָפּלאָזן דעם שידוך.

די כלה געפעלט אים נישט.

מאַשעס מיטן רויטן, פייכטן נעזל און הויקערל געפעלט אים נישט.

— הע, וואָס אַ ישיבה־בחור קאָן איינפאַלן, — האָט אברהם־ישראל אַזש אַ שמייכל־געטון אין מיטן עגמת־נפש, ווייל אין תוך איז אים געפעלן געוואָרן יענעמס נישט־וועלן אַזאַ כלה.

די אשה האָט שוין געזידט.

— אָך און ווי איז צו מיינע קינדער, — האָט זי זיך די באַקן געקנייפּט, — אַז דער טאַטע קוועלט גאָר, גיט נאָך יע־נעם גערעכט.

מאַשע איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ אויף דער מיט שוואַרצער צעראַטע באַצויגענער קאַנאַפּע און געוויינט. רייזל האָט פאַרלאַנגט נישט אַנדערש, אברהם־ישראל זאָל שוין אַהינפאָרן אין דער ישיבה, דאָרט פאָדערן דעם בחור צום רב און אים דרך־ארץ לערנען, אים נייטן, אַז ער מוז האַלטן דעם שידוך — זיי צאָלן דאָרט פאַר אים קעסט, לאָזן אים נישט עסן „טעג", האָבן אים אויסגעקליידט... ער מוז האַלטן דעם שידוך.

אברהם־ישראל איז טאַקע געפאָרן, אָבער גערופן צום רב האָט ער נישט, אַ פשיטא שוין אַז נישט געסטראַשעט. ער האָט נאָר דעם בחור אויפגעוויזן, אַז אַזוי ווי איצט איז אַ מלחמה אין לאַנד (רוסיש־טערקישע), איז אין פאַל, ער וועט האַלטן דעם שידוך, וועט ער נישט גיין אין דער מלחמה. ער, אברהם־ישראל וועט אים אויסקויפן פון מיליטער־דינסט.

דער בחור האָט דאָס אויך נישט געוואָלט.

— מילא, — האָט ער נאָכדענקלעך גערעדט, און די שוואַרצע אויגן זענען אים ווי פייכטלעך געוואָרן און דאָס בלאַסע פּנים, וואָס פון ביידע זייטן האָט ער געהאַט געקריי־זלטע פּיאות, ווי צוויי גרייצערס לעבן די אויערן, איז נאָך בלאַסער געוואָרן, — אַז מיר איז נישט באַשערט, וועל איך סייווי נישט גיין. אלא — יאָ — וועט איר מיר אויך נישט קאָנען העלפן.

אמת, אברהם־ישראל האָט זיך באַמיט ביים רעדן מיטן בחור צו האַלטן אַ שטרענגע מינע, אָבער וואָס וואָלט דאָס ווייב געזאָגט ווען זי וואָלט דערגאַנגען, אַז מיט דעם האָט דער בחור נאָכמער זיך איינגעקויפט ביי אברהם־ישראלן, „אָט, אַן עומד על דעתו" — האָט ער מיט אָנערקענונג גע־טראַכט און דערביי איז אים אַ פלי־געטון דורכן מוח, אַז ער אַליין האָט מיט יאָרן צוריק אַנדערש געטון, ער האָט יאָ געגומען דעם ליטעמאַרסקער ווײַנשענקערס טאָכטער, וואָס אָט די מאַשע גראָט איר נאָך אַפילו מיטן הויקערל און כאַטש דעמאָלט האָט אים נישט געדראָט, צו מוזן דאַדורך גיין אין מלחמה.

און איידער נאָך עס איז געקומען חנוכה איז שוין מאַשע געווען אויס כלה. זי איז כסדר אַרומגעגאַנגען מיט פאַר־וויינטע אויגן, פון שפּיציק־רויטן נעזל זענען איר נאָכאַנאַנד געפאַלן אַראָפּ טראָפּנס. די מוטער האָט זי דערפאַר געזידלט:

„דו, פלעיטוך, בייז־יעריקע ראַצערין" — און אַז די שוועס־טערן ראַנע און חנה האָבן זיך אַמאָל איבער עפּעס צעווערטלט מיט מאַשען, האָבן זיי זיך מיט איר געריצט:

— אויס כלה, ווייטער מויד, — און אין שטוב זענען נאָכאַנאַנד געווען מחלוקות.

*

מיט אַמאָל האָט די שטאָט אָנגעהויבן צו קאָכן מיט מאיר ראַפּאַלאָוויטשן.

דער אויפריר אין שטאָט איז געווען גרויס. מאיר ראַפּאַ־לאָוויטשעס אָנזען האָט גענומען פאַלן, פאַלן. ס'האָט געהאַלטן דערביי, מזאָל אים מיט „כבוד" אַרויסוואַרפן פון „שטיבל", נאָר ער האָט זיך מקדים געווען און אַליין אויפגעהערט צו קומען.

נישט איין טאָג און נישט צוויי — אַ צייט, אַ לאַנגע צייט האָט געקאָכט מיט דער מעשה נבלה, וואָס ראַפּאַלאָוויטש האָט אָפּגעטון. און נישט בלויז אין דער שטאָט דאָ, נאָר אויך אין די אַרומיקע שטעט האָט מען גערעדט דערפון.

— אַ מעשה, אַ מעשה אַן עלטערער ייד, באַלד אַ פער־ציקער...

— וואָס ווילטאָג קאָן אַלץ!

— אָבער געלאַסן, וואָס איז דאָס געשען מיט אים? — וויל אַ פרעמדער צוגעפּאַרענער ייד וויסן.

און הערשקע, דער מעקלער און שדכן, וואָס פילט זיך דאָ אין זיין עלעמענט, מחמת דער ענין דאָ געהער זיך אַ ביסל אָן זיין אומנות — גיט יענעם צו פאַרשטיין, קייענדיק דערביי אַ שפּיץ בערדל:

— שוטה, וו'הייסט אַ דבר של מה בכך?! דערמאָן דיך נאָר: זיין זון איז געווען אַ חתן מיט איר, האָט אים דער פאָטער געצווונגען אָפּצולאָזן דעם שידוך, און ער אַליין איז מיט איר אַ חתן געוואָרן.

— און דער פאָטער אירער איז באַשטאַנען? — איז שוין יענער טשעקאַווע געוואָרן און לאָזט אַראָפּ אַ שמייכל אין דער באָרד אַריין.

הערשקע האָט נישט ליב אַ סך צו רעדן וועגן אַן אָפּגע־טוענעם ענין. ער האָט אָפּדערציילט און מער גייט אים דאָס נישט אָן, נאָר אַ זייטיקער ייד אין אַן איינגעמעלט כאַלאַטל, קענטיק אַ מעל־סוחר מיט אַ בעלעמדיק אויג — שטילט דעם פרעמדנס נייגעריקייט:

— סך־הכל האָט זי שוין נישט קיין פאָטער. די מוטער האַלט אַ שענק, זי איז מאירס אַ שוועגערין. איר מאַן איז געווען זיין ברודער און זי דאַרפט אָפּט צו אים אָנקומען וועגן גמילת־חסדימלעך.

— הייסט עס, אַ ברודערן־טאָכטער, — שמייכלט שוין יענער נאָך פעטער, — אַזאַ בעל־תאווהניק.

נאָר אַ ייד אַ מטופל גיט אין פאַרבייגיין אַ שטעק־צו דעם קאָפּ און וואַרפט צו אַ וואָרט: — מה יעשה הבן ולא יחטא, אַז דאָס באָדט זיך אין געלט.

ביי אברהם־ישראלן אין דער היים, רייזל, די אשה, נאָכן אויסשעלטן ראַפּאַלאָוויטשן יעדעס ביינדל, ווייל אַ ייד טאָר נישט זיין אַזאַ מיאוסער בעל־תאווה, נאָך אויסשעלטן אים אַלע רמ"ח אברים — גיט זי נאָך אַ ווייל איבערטראַכטן, אַ שאָקל מיטן באַקופקעטן קאָפּ און זאָגט:

— אין שול שבת ביי די ווייבער, האָט עלקע דווקא געוואָלט אויפווייזן, אַז ר'איז משוגע געוואָרן, ראַפּאַלאָוויטש. איך גלויב דאָס נישט. אַז ער וואָלט געווען משוגע, וואָלט ער זיך נישט אויסגעקליבן דווקא די מויד. זי איז דאָך שיין ווי גאָלד. כ'זאָג דיר — אַ שאַנקייט! זי איז דאָך בערל עליו־השלומס טאָכטער. די קענסט זי דען נישט? — נאָר באַזי־נענדיק זיך, אַז איר וועגדונג דאָ איז נישט אויפן אָרט, אַז איר מאַן אברהם־ישראל קאָן נישט קענען דאָרט עמעצנס טאָכטער — גיט זי אַ שפּיי־אויס און אַ פּרעפּל:

— דעם זונס כלה... מ'האָט זיי אַמאָל געזען גיין צוזאַמען שפּאַצירן. עמעץ האָט דערציילט, אַז זיי האָבן זיך שוין אַפילו געקושט. איצט קושט זי זיך מיטן פאָטער. טפו! צו זייערע קעפּ, צו זייערע הענט־און־פיס! טפו, טפו!

ווייטער־אַריין איז דער טומל פון ראַפּאַלאָוויטשעס אָפּ־געטוענער נבלה אַ ביסל רואיקער געוואָרן, אָבער אינגאַנצן שטיל איז קיינמאָל נישט געוואָרן. דאָס יידישע ווילון האָט עס ראַפּאַלאָוויטשן בשום אופן נישט געקאָנט מוחל זיין. פונקט אַזוי האָט מען עס אויך נישט געקאָנט מוחל זיי דעם מיידל, איר מוטער אויך נישט ראַפּאַלאָוויטשעס זון — יודל — דעם געוועזענעם חתן, וואָס האָט זיין כלה אָפּגעטרעטן דעם פאָטער און איצט שוין תנאים־געשריבן מיט אַן אַנדער מיידל — ווי נאָר עמעץ פון זיי האָט זיך באַוויזן אין גאַס, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף שפּאָטישע שנאה־בליקן און אויף בייזע געמורמלען...

איצט האָט זיך מאיר ראַפּאַלאָוויטש אינגאַנצן נישט גע־וויזן אין „שטיבל". ער האָט זיך אַראָפּגענומען דאָס בלאָנדע בערדל, פאַרקירצט די מלבושים, אָנגעטון אַ קאַפּעליוש מיט געפּרעסטע לאַנגע הויזן איבער די קאַמאַשן, זיך גענומען חברן מיט באַאַמטע און רייכע קריסטן. יידישע ענינים ווי אויך כלל־זאַכן זענען אים מער נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט איצט געלעבט בלויז נאָך פאַר זיך אַליין, פאַר די אייגענע געשעפטן און פאַר עולם־הזה־וועגן.

כדי דאָס שטעטל צו קרענקען איז ער זומער־צייט געפאָרן שפּאַצירן מיט דער פון אים מיט פינפאונצוואַנציק יאָר ייִנגע־רער כלה, די ברודערן־טאָכטער, דעם זונס געוועזענע, און איצט — זיין באַשערטע, — זי איז מיט דעם זון געווען צוויי יאָר פאַרקנסט — געפאָרן מיט איר אויף אַן אַרויספּאַדערנ־דיקן שטייגער אין אַן אָפענער קאַרעטע, ער און זי אויפן געבעטן געזעס, ער — אין קאַפּעליוש און טיילמאָל אינגאַנצן אָן קאַפּעליוש, אָן באָרד, האַלטנדיק דעם קאַפּעליוש אויף די קני און ווישנדיק זיך כלומרשט דעם שטערן מיטן טיכעלע, און זי, אין לייכטע שפּאַציר־קליידער מיט אַ זון־שירעמל אין דער האַנט, ווו דער אַרבל איז איר קוים ביז צום עלנבויגן צוגעגאַנגען.

דער יידישער עולם האָט געזאָטן פון כעס, מ׳האָט דער קאָטש נאָכגעשפּיגן און נאָכגעשאָלטן, געשאָלטן אַ ביסל הע־כער ווי שטיל; דערינען דאָס פאַרקנסטע פּאָרל איז זיך גע־זעסן ווי נישט זיי מיינט מען, דער שמייסער מיט דער לאַנ־גער געפּוצטער בייטש און הויכע ווייסע הענטשקעס, האָט כסדר געקנאַלט, ווי שאַסן האָט עס געהילכט. די פערד האָבן זיך געריסן פאַרויס מיט דערהויבענע קעפּ און צוווייטע גזשיוועס און די דרינען־זיצנדיקע האָבן זיך געוויגט אויפן ווייכן געבעטן געזעס ווי אַלעמען אויף צו להכעיס.

...דער זומער איז ביסלעכווייז אַוועק, פאַרשווינדן אַהין, פונוואַנען ער איז געקומען. ס׳איז שוין געווען אין מיטן ווינטער. אברהם־ישראלן איז איצט שוין אינגאַנצן נישט אויסגעקומען זיך צו זען מיט ראַפּאַלאָוויטשן, שוין פון דעמאָלט, מער ווי מיט אַ יאָר צוריק, ווען ער האָט אָנגעטראָפן ווי די דינסט־שיקסע האָט אים די פיס געוואַשן — איז ער נישט דאָרט געווען. ראַפּאַלאָוויטש האָט אים געגוני יעדע וואָך צוגעשיקט אַהיים די באַשטימטע סומע אויף צו לעבן: יעדן דאָנערשטיק האָט מען עס אברהם־ישראלן אַהיימגעברענגט. פון געשעפט האָט ער איצט גאָרנישט געוווסט און נישט אַריינגעקוקט און קיין חשבון נישט געזען. און פון דער לעצטער מעשה־רע ראַפּאַלאָוויטשעס, האָט מער רייזל די אשה אויך נישט דערמאָנט אים, אַז מ׳דאַרף אַהינגיין אַ קוק טון וואָס עס הערט זיך, יענער זאָל נישט מיינען, אַז דאָס געשעפט איז אינגאַנצן זיינס אַליין — ווי זי פלעגט פריער צו דערמאָנען. גאָרנישט. רייזל האָט נישט דערמאָנט, אברהם־ישראל האָט קיין סך נישט געטראַכט דערפון, געזעסן אין שטוב, אַריינגעקוקט אין אַ ספר, געגאַנגען אין „שטיבל" און ווייטער אַריינגעקוקט אין אַ ספר. וועגן חיונה האָט מען נישט געדאַרפט טראַכטן.

יעדע וואָך האָט ראַפּאַלאָוויטש אַריינגעשיקט געלט און אין אַ יום־טוב־וואָך — טאָפּלט, לויטן אָפּגעמאַכטן כתב. און דאָס לעבן איז זיך געפלאָסן רואיק, נישט געאײַלט און אויך נישט צו הינטערשטעליק, ווי אַ שטיל פליסנדיק טייכל.

אָבער פּלוצלינג האָט זיך געמאַכט אַן ענדערונג, פּונקט ווי אַ גוט־רעגולירטער זייגער, וואָס מ׳איז געוווינט צו הערן אים שטענדיק צו דער מינוט אויסקלאַפּן די פערטל שעהן — גיט זיך מיטאַמאָל אַ שטעל־אָפּ.

איינמאָל, דאָנערשטיק, האָט ראַפּאַלאָוויטש נישט אַריינ־געשיקט דאָס וואָכנגעלט. מ׳איז שוין אַזוי געוווינט געווען, אַז מ׳האָט עס בייטאָג אַפילו נישט באַמערקט, ערשט אין אָוונט האָט זיך רייזל דערמאָנט, אַז מ׳האָט עפּעס היינט נישט געברענגט דאָס וואָכנגעלט פון ראַפּאַלאָוויטשן. צומאָרגנס, פרייטיק, האָט מען עס אויך נישט געברענגט. ביי אברהם־ישראלן אין שטוב האָט מען זיך רואיק צוגעקוקט ביז די צווייטע וואָך דאָנערשטיק, און אַז אויך דעמאָלט האָט מען דאָס געלט נישט געברענגט, האָט רייזל אַריינגעשיקט די ייִנגסטע טאָכטער — חנהן, פרעגן.

— נאָר נישט מיטן שייגעץ, נאָר געלאָזן זאָלסטו דער־מאָנען, און איידער דו גייסט אַריין, זאָלסטו דיר אָפּווישן די פיס פון בלאָטע און זאָלסט אָנקלאַפּן פריער, — האָט די מוטער אָנגעזאָגט דער טאָכטער, ווי זי פלעגט זי לערנען, אַז איר איז אויסגעקומען צו גיין אין אַן אָנגעזעענער שטוב.

חנה איז צוריקגעקומען מיט גאָרנישט, זי האָט ראַפּאַ־לאָוויטשן נישט אין דער היים געטראָפן.

דערנאָך איז חנה נאָך עטלעכע מאָל געגאַנגען און יעדעס מאָל צוריקגעקומען מיט גאָרנישט.

— ר׳איז נישט אין דער היים.

וואָס אַ טאָג לענגער איז חנה אַלץ אָפטער געגאַנגען, זי האָט עס געטון אָן חשק. די מוטער האָט זי געטריבן.

— אַ סוף מוידטשיסקע, גיי שוין!

חנה — מיט די מאָגערע פּלייצעס און שאַרף־פאַרענ־דיקט דין און אַ ביסל אַרויפגעשאַרצט נעזל — האָט זיך געקרימט:

— פאַרוואָס זאָל מאַשע נישט גיין, פאַרוואָס נישט ראַנע, נאָר איך, אַלע מינוט איך?

די מוטער איז שוין אָבער געווען אומגעדולדיק, זי איז שוין געווען אומרואיק, געפּילט, אַז דאָס איז נישט פּשוט, די מויד ביים איינעקשנען זיך, פלעגט קריגן אַ שטילן קניפּ, האָט זי געטון אַ ווײַן־אַרויס, איז די מוטער נאָך מער אַרויס־געקומען פון די כלים:

— שליאָך! מיט אַזאַ פּנים ווילסטו גיין צו מענטשן! — און אַלס צוגאָב איר דערלאַנגט אַ פּאָר באַקניצעס.

— ביז... ביז איינמאָל האָט חנה דערציילט, אַז ראַפּאַלאָ־

וויטש איז יאָ אין דער היים, זי האָט אים געהערט פון דרינען רעדן, נאָר איר האָט ער אַרויסבאַפוילן, אַז ער איז נישטאָ.

דעמאָלט האָט רייזל אויף זיך אַרויפגעכאַפּט אַ וואַרעם טוך און אַליין זיך געלאָזט גיין.

ס'איז געווען אַ טריבער ווינטער־טאָג, אַ שניי־וועטער.

אַרויסקומענדיק אין דרויסן האָט רייזל אַ ביסל איינגע־האַלטן דעם אימפּעט, ס'האַרץ איז איר שווער און דערשראָקן געווען. זי איז געוואָרן אַלץ טרויעריקער. אויף אַ נידעריק דעכל איז געשטאַנען אַ שוואַרצע קראָ און געקראַקעט. אין רייזלס געמיט האָט דער קראָס קראַקען אָפּגעשלאָגן ווי אַ בייזע נביאות, ווי אַ שלעכט פאַרזאָגן. אַליין נישט וויסנדיק, גאָר אָן כוונה, האָט זי אַ טראַכט געטון, ווי ביטער עס איז צו בלייבן אָן פּרנסה. „אָט דער ייד דאָרט, אָשר דער וואַסער־טרעגער, כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, ער איז אויך אַ טאַטנס אַ קינד, אַז ס'איז נישט דאָ פון ווו צו נעמען, מוז אַ ייד אַפילו ווערן אַ וואַסערטרעגער". זי האָט געטראַכט טריבע טראַכטונגען וועגן זיך און וועגן די קינדער, וואָס איז גאָר־נישט איר שטייגער אין די לעצטע פּאָר יאָר. זי איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין די אומבאַשטימטע מרה־שחורהדיקע מחשבות, אַז זי האָט אַליין נישט באַמערקט, ווי דער וועג איז איר אַהינגעקומען. זי האָט אַ טיפן זיפץ געטון און זיך דער־שראָקן אומגעקוקט, צי ס'האָט נישט עמעץ געהערט דעם זיפץ, אַריינגעגאַנגען אין הויז און גענומען גיין אויף די טרעפּ צו ראַפּאַלאָוויטשעס וווינונג.

צוריק אַראָפּגעגאַנגען פון ראַפּאַלאָוויטשעס שטוב, איז רייזל ווי אַ שיכורע, מיט אויפגעריסענע אויגן און רויטע שפּיץ־באַקן. זי איז אויף אַ רגע געבליבן שטיין און זיך אַרומגעקוקט, ווי זוכנדיק פון ערגעץ הילף. און נאָך אַ ווייל קלערן האָט זי זיך געלאָזט גיין צום „שטיבל", פון דאָרט אַרויסגערופן אברהם־ישראלן און אים אין קורצע ווערטער צו וויסן־געטון פון דעם בראָך, פון דעם אומגליק, וואָס עס האָט זיך אויף זיי אַראָפּגעלאָזט: ראַפּאַלאָוויטש וויל מער נישט צאָלן.

— וואָס הייסט? — האָט אברהם־ישראל נישט פאַר־שטאַנען.

— „וואָס הייסט?" — האָט זי אים נאָכגעקרימט מיט האַרץ־צאַפּלעניש און זיך צעשריגן אויף אים אין מיטן דער גאַס. — שוטה, גולם! ער האָט די גאַנצע צייט געהאַט די געשעפטן אין דער האַנט, דו האָסט נישט געוואָלט אַריינקוקן. איצט טענהט ער, אַז דו האָסט מער גאָרנישט שטעקן, אַז דו האָסט שוין דאָס דייניקע אַלץ אַרויסגענומען.

זי האָט זיך ביטער צעוויינט.

— אָבער אַז איך האָב די גאַנצע צייט געשריגן, — האָט זי געהעשעט.

אברהם־ישראל האָט זי געלאָזט שטיין און אַריינגעגאַנגען צוריק אין „שטיבל" מעריב־דאַווענען.

די ווייטערדיקע וואָכן זענען אַוועק מיט דין־תורהס און בורותן. די שטאָט איז ווידער אויפגערודערט געוואָרן.

— ס'טייטש, אַזאַ גאַזלעוואַי, — האָט מען אומעטום גערעדט, — אָפּשעכטן אַ משפּחה אַזוי מיר־נישט־דיר־נישט!

אָבער דער איצטיקער אויפריר איז שוין יעדנפאַלס גע־ווען קלענער ווי דער פריערדיקער — ראַפּאַלאָוויטשעס שידוך... היפּשלעך קלענער... ראַפּאַלאָוויטש האָט נאָך מיט דעם איצטיקן אויפרודער אַ ביסל ווי אויפגעריכט זיין אָנזען... „מילא, סיכסוכים צווישן שותפים איז דאָך אַ געוויינלעכע זאַך... אַ יידישלעכער ענין..."

ראַפּאַלאָוויטש איז באַשטאַנען אַלעמאָל אויף נייע דין־תורהס, ער האָט געהאַט איין טענה: ער האָט געאַרבעט, פאַרשוואַרצט געוואָרן, געפאָרן. דער שותף — גאָרנישט, איז זיך געזעסן אין דער היים, גאָרנישט געטון און באַקומען יעדע וואָך זיין געלט און אין אַ פּאַר־יום־טוב־וואָך — טאָפּלט... דער חשבון דערפון איז אַזוי... ער האָט שוין אַפילו גענומען מער ווי מען דאַרף, ווי אים קומט.

ביז פּסח און נאָך לענגער האָבן זיך געצויגן די דין־תורהס און בורותן. אַלע זענען שוין מיד־און־מאַט געווען פון כסדרדיקן לאַדענען זיך. ראַפּאַלאָוויטש אָבער איז גאָר־נישט אומגעדולדיק געוואָרן, ער איז צו אַלע דין־תורהס געגאַנגען. אַז ער איז נישט היי־געווען, האָט מען געמוזט וואַרטן ביז ער איז געקומען צופאָרן און האָט באַוויזן צו באַ־שטימען אַ טערמין, ווען ער וועט צייט־האָבן. רייזל האָט געוויינט: „די דין־תורהס וועלן מיך שוין צום איבעריקן אויסמאַרכן, אין דר'ערד טרייבן". אברהם־ישראל, וואָס האָט קיינמאָל נישט געוווּסט פון קיין דין־תורהס און האָט זיך נישט געטויגט דערצו, איז געוואָרן שוואַרץ ווי די ערד, גרוי ווי אַ טויב איז ער געוואָרן. און נאָך יעדער דין־תורה איז אים דאָס פּנים געלער געוואָרן און די אויגן — טרויעריקער. און סוף־כל־סוף האָבן זיך מענטשן אַריינגעלייגט. ראַפּאַלאָוויטש האָט דאָ געוויזן זיין ברייטע האַנט — ער האָט אַליין זיך מתחייב געווען דעם שותף אַרויסצוצאָלן אַ געוויסע, נישט־גרויסע סומע — אַ פּאָר רובל, ער זאָל זיך קאָנען נעמען צו עפּעס אַ פּרנסה.

מיט דער דאָזיקער ברייטקייט האָט ראַפּאַלאָוויטש אַ סך געוווּנען, ביי די מענטשן האָט ער דערמיט אויסגענומען:

פאָרט נאָך נישט דער ערגסטער, — האָבן מענטשן גע־זאָגט, — אַליין זיך מתחייב געווען... ער האָט מיטאַמאָל

צוריק געוווּנען אַ היפּשע טייל פון זיין אָנגעווירענעם אָנזען.

אָבער ווען די סומע האָט שוין געזאָלט אויסגעצאָלט ווערן איז רייזל דאָ געווען...

— ניין! — האָט זי געשריגן. — ניין! איך וועל מיך נישט לאָזן איבערבעטן מיט אַ שטופּ־גראָשן. אַז שעכטן — זאָל זיין געשאָכטן! זאָל ער זיך נישט קאָנען פּאַרדעקן מיט מיין עוולה, אַז אָפּגעשאָכטן אַ הויזגעזינט, אַז שטאַרבן פּאַר הונגער — זאָל ער נישט האָבן קיין פּאַרענטפערניש, צי כ׳האָב דאָס יאָ, צי נישט...

און זי האָט פּאַרענדיקט וויינענדיק:

— מיין מאַן האָט נישט אַריינגעקוקט אין געשעפט, ווייל ער האָט נישט צוגעלאָזט. און זאָל גאָט משפטן... איך וואַרט אויף גאָטס משפט!

אין שטוב איז נישט געווען קיין גראָשן אויף ברויט. די דערוואַקסענע קינדער זענען אַרומגעגאַנגען צעריסן און אָן שיך, האָבן זיך געשעמט פּאַר אַ טיר אַרויסצוּווייזן. עס איז געקומען דער רב מיט אָנגעזעענע באַלעבאַטים, צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן פּועלן, ער זאָל עפּעס נאָך דערלייגן. רייזל האָט זיי פּראָסט פון שטוב אַרויסגעטריבן:

— איך האָב אַ בעסערן אָנגעמער, איך דאַרף נישט אייך!

זי איז פון צרות, צער און קרענקעניש קראַנק געוואָרן, זי איז נעכט נישט געשלאָפן, נישט געהאַט קיין לובינג. אין די שלאָפלאָזע נעכט האָבן אירע פּאַרטריקנטע ליפּן געמורמלט: „לעבן, לעבן! לאָז מיך, טאַטע אין הימל, לעבן! גיב מיר כוח אויסצוהאַלטן!...

*

איז די שטוב ווידער געבליבן אָן פּרנסה. מאַשע איז געווען אויס כלה, ס׳זענען אין שטוב געווען דריי כלה־מיידלעך, נישט שיינע און נישט געראָטענע, אַחוץ צוויי זין — יינגלעך, אין אַ ישיבה ערגעץ. זיי האָבן איצט ווידער געמוזט אָנהייבן צו עסן „טעג״ און זאָרגן פּאַר זיך, ווייל פון דער היים האָט מען זיי נישט געקאָנט מער גאָרנישט שיקן. אַלץ האָט געברויכט עסן און קליידונג. און אברהם־ישראל איז שוין געווען מיט זעקס יאָר עלטער און מידער, ווי דעמאָלט בעתן קומען פון וואַלד, און אָן געלט, אָן מיטלען די שטוב צו דערנערן.

## ט. רייזלס לעבנס־ציל

אַ שווער לעבן האָט זיך אָנגעהויבן פּאַר אברהם־ישראלס הויזגעזינט. אין ענגן האַלב־פינצטערן קרעמל, לעבן מאַרק, אין שלמה יוקעס הויז, איז געווען דושנע פון די איילן און שמירעכצן. די מיידן האָבן זיך רק געשלאָגן מיט די עלנבויגנסביים באַדינען אַ קונה און זענען זיך כסדר געפּאָרן איינס ס׳אַנדערע אין די האָר, זיך געשאָלטן און געזידלט. אין קרעמל איז געווען ענג און אָנגעשטעלט, ביי אַ נישט־פּאָרזיכטיקן ריר, האָט זיך אויסגעגאָסן אַ באַנקע פּאָקאָסט, אומגעקערט אַ קענדל טראָן, און דעמאָלט איז געווען הימל עפּן דיך! געוואַלדן און געשרייען... אַלע האָבן געאַרבעט אין קרעמל, געזעסן פון אַ שפּראָץ אויף טאָג ביז שפּעט ביינאַכט, און — אויף שבת־מאַכן האָט מען סייווי געמוזט נעמען אין געוועלבל אויף באָרג, דירה־געלט צו באַצאָלן איז נישט געווען, און דער באַלעבאָס פון הויז — אַ רייך־געוואָרענער טאַנדייטער, אַ נידעריקער, ברייטער, מיט אַ פאַרשוירן שוואַרץ־גרוי בערדל, אין אַ היטל מיט אַ גלאַנציק שטאַרעם־בענדל און לאַקירענעם דאַשיק, וואָס צייט ער איז רייך געוואָרן און זיך געקויפט דאָס הויז — איז ער געגאַנגען מיט אַזעלכע טריטעלעך, ווי ער וואָלט געטרעטן אויף ווייכע אייער — איז כסדר געקומען אין אָוונט, ווען אברהם־ישראל איז אין דער היים געווען, אומגעבעטן זיך געזעצט ברייטלעך אויף אַ שטול לעבן טיש און זיך אַ וועגד־געטון מיט אַ פּיפּיק עם־הארציש שמייכעלע:

— ר׳ אברהם־ישראל חסיד, איר ווייסט דאָך יאָ, וואָס די כשרע תורה, זאָל לעבן, זאָגט, אַז מ׳צאָלט נישט קאַ דירה־געלט צו דער צייט? — און אָפּרוענדיק זיך אַ ווייל, צוליב דער אַסטמע, וואָס האָט אים געשטיקט, האָט ער דערזאָגט:

— דאָס מיין איך, אין וואָס אַזאַ שלעכטער דירה־געלט־צאָלער ווערט מגולגל נאָכן טויט, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר.

און אַלץ צוריק איבערגעחזרט:

— ניין, כ׳מיין נאָר אַזוי, ווי געשיקט עס זיך, אַז אַזאַ וואַזשנער תורה־לערנער, אַזאַ עכטער דאַוונער, ווי איר, ר׳ אברהם־ישראל חסיד זאָל דאָס פאַרגעסן?

לאַנג האָט ער פונדעסטוועגן מורא געהאַט צו נוקען, דער טאַנדייטער, אַז רייזל איז אומגעדולדיק געוואָרן, פלעגט זי גאָרנישט צווידייטיק אים אַרויסטרייבן פון שטוב:

— גייט, גייט, שניידערוק! ברעכטס די קרענגעס, לאָדנטס אונדז צום סאַנע־טויקעף, ס׳יאַר איז נאָך נישט אַריבער און אַ זכיה אויף אייער פאַרד־קאָפּ, אַז אונדז ווינט מען אין אייער כאַלופּע...

זי, רייזל, האָט איצט אויסגעזען געל ווי אַ לימענע און דאַר און פּאַרטריקנט ווי אַ פּאַר־דריי־יעריק אתרוגל. זי איז שוין איצט געווען בלויז הויקער. פון פּאָרנט און פון הינטן זענען איר די צוויי הויקערס נאָכאַנאַנד געוואַקסן, העכער געוואָרן און אין דער זעלבער מאָס איז זי אַליין איינגעבויגענער און קלענער געוואָרן. דאָס איינציקע, וואָס האָט זי איצט אויפגעהאַלטן ביים לעבן, איז געווען — נישט אַזוי די זאָרג

פאַרן מאַן און קינדער און נישט עפּעס אַנדערש; דערהאַלטן זי איצט ביים לעבן, געגעבן איר כוח און קראַפט און גע־שפייזט זי, ווי נאַפט שפייזט פייער, איז געווען נישט עפּעס אַנדערש, ווי... שנאה, שנאה צו מאיר ראַפּאַלאָוויטשעס שטוב און די טיפע האָפענונג צו דערלעבן אין אים אַ נקמה.

דערלעבן מאיר ראַפּאַלאָוויטשעס מפּלה, — דאָס איז געווען דער איינציקער פּלאַם, וואָס האָט איצט געברענט אין איר, זי געמאַכט פעיק דורכצוקומען אַלע נויטן און צרות, ווי אַ מענטש שפּרינגט איבער קאַלוזשעס, אַמאָל לייכטער, אַמאָל שווערער, אָבער שטענדיק מיט האָפענונג און ווילן צו דערלעבן ראַפּאַלאָוויטשעס מפּלה.

ווי מאָל, גאָר פּאַרצייטנס, האָט דריוש (דאַריאָוועש), דער מלך פון פּרס, געהאַט אַן עקסטרע שקלאַף, וואָס זיין איינציקע פליכט איז געווען, ביי יעדער מאָלצייט צו דערמאָנען דעם קעניג זיין מפּלה ביי די גריכן און ס׳איז געווען דעם שקלאַפס איינציקע עובדה זיך צו ווענדן צום קעניג שטענדיק מיט די זעלבע ווערטער:

— האַר, געדענק אָן די אַטענער!...

ביי רייזל אברהם־ישראלס האָט די עובדה געהאַט די יינגסטע טאָכטער — חנה. ביי יעדער מאָלצייט, ווען אברהם־ישראל האָט זיך געהייסן אַריינברענגען „מים אחרונים״ צום בענטשן, אַלצייגס אין דערוואָכן, שבת, צי יום־טוב, אַז מ׳האָט אַריינגעגעבן „מים אחרונים״, האָט זיך חנה אויפגעשטעלט און אַ זאָג געטון, ווי אַ תפילה:

— מאיר רשע האָט אונדז געטון, נעבעך...

אויף דערויף האָט רייזל, יעדעס מאָל נאָך אַ ווייל שווייגן און שאָקלען מיטן קאָפּ, אַ פּרעפּל געטון מיט האָרץ און קיינמאָל ניט שוואַכער:

— נעם דיך אָן, אל נקמות, פאַר די אוממאַכטיקע!...

אברהם־ישראל פלעגט עס נישט קאָנען ליידן:

— צי ווייסטו כאָטש, אַז אַ טיש איז אַ מזבח, צי מעג מען ביי אַ מזבח שעלטן?

— און אָפּשעכטן אַ הויזגעזינט מעג מען יאָ? — פרעגט זי צוריק מיט אימפּעט און די שוין האַלב־פאַרלאָשענע אויגן צינדן זיך איר אָן.

נאָר איינמאָל — ס׳איז געווען ערב יום־כּפור — ביי דער סעודה מפסקת, האָט אברהם־ישראל בשום אופן נישט געלאָזט זאָגן חנהן איר שפּרוך.

— איך וועל נישט דערלויבן אין מיין שטוב צו שעלטן היינט!

דעמאָלט האָט זיך רייזל אַ שטעל־אויף געגעבן, נאָכאַמאָל אַזוי הויך און נאָכאַמאָל אַזוי גרויס. די אויגן אויפגעריסן און בליציק, די בלוי־שוואַרצלעכע ליפּן פאַרקרימט, איר אָנבליק איז געווען אַזעלכער, אַז אַלע האָבן זיך דערשראָקן. זי האָט אַ פאַרכלינעטע, ווי איינער, וואָס שטיקט זיך, אַרויסגעהע־שעט, וויזנדיק מיטן פינגער אויפן יום־כּפור־ליכט, וואָס איז געשטאַנען אין אַ מערזשל מיט זאַמד, גרייט אָנצוצינדן.

— זעסט, — האָט זי מיטן ציטערדיקן פינגער געטייטלט אויפן ליכט און פון מויל האָט איר געיאָגט ווי אַ הייסער ווינט פון אַן אויוון — ווען דאָס ליכט אָנגעצונדן וועט מיר שטיין צוקאָפּנס, וועל איך אויך נאָך פאַרשעלטן דאָס געביין נאָך אים מיט די פאַרשטאַרבענע ליפּן... — אָפּגעזאָגט דאָס מיט אַ מאָדנע מויל און גרויליקע אויגן, האָט זיך איר דער קאָפּ אַ וואַקל־געטון און זי איז געפאַלן אין חלשות.

פון דעמאָלט אָן האָט אברהם־ישראל אויפגעהערט שטערן איר צו דערמאָנען דעם שפּרוך.

יאָרן זענען געגאַנגען, פון דעם קרעמל איז געוואָרן אַ קראָם פון קורץ־אייזן, איילן און פאַרבן. און די צייט איז אַלץ געגאַנגען. פון מענטשן אין די מיטל־יאָרן איז געוואָרן אַלטע, אַלטע זענען געשטאָרבן, פאַרשידענע נייעסן זענען פאָרגעקומען אין דער וועלט און אין שטעטל, נאָר די שנאה צו ראַפּאַלאָוויטשן און דאָס לעכצן נאָך נקמה איז מיט אַ האָרעלע נישט שוואַכער געוואָרן. חנה האָט ווייטער ביי יעדער מאָלצייט אָפּגעזאָגט איר שפּרוך, ווי דער שקלאַף ביי דריושן און די מוטער האָט דערויף געענטפערט מיט אַ פרו־מען קללה־שעפּטש, ווי אַ תפילה בלחש...

מאַשע איז אַ כלה־געוואָרן, מ׳האָט אַ שידוך געטון מיט איר נישט לויט דער משפחהס כבוד. רייזל האָט גוט געדענקט, אַ מינוט נישט פאַרגעסן, אַז איבער ראַפּאַלאָוויטשן, דעמאָלט, איז די שטוב צעבראָכן געוואָרן און מ׳האָט נישט געקאָנט טון דעמאָלט דעם חשובן שידוך. די שנאה האָט אויפגעפלאַ־קערט מיט יעדן קוק אויף דעם חתנס טויבקייט, שטאַמלדי־קייט און אויף זיין נישט קאָנען אַריינרעדן אין אַ תורה־שמועס. די יינגסטע טאָכטער — חנה — האָט געמוזט חתונה־האָבן מיט אַן אַלמן; זי האָט נישט געוואָלט, געוויינט און איינמאָל אָפּילו געהאַקט אַ בענקל אָן דער ערד — אַזויערנאָך איר פּראָטעסט אויסגעדריקט — אָבער חתונה געהאַט מיט דעם אַלמן האָט זי פאַרט, און צו דעם פייער־באַרג פון שנאה צו ראַפּאַלאָוויטשן איז צוגעקומען נאָך אַ פלאַם.

אַז אברהם־ישראל איז געשטאָרבן, ביים קבר, ווען מ׳האָט שוין געגומען אים לייגן שאַרבנס אויף די טויטע אויגן, האָט רייזל זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַ געשריי־אַריין געטון אין קבר:

— געדענק, אברהם־ישראל, טראָג פאַר מיין עוולה צום בית דין של מעלה!...

און שטאָט האָט געוווּסט, פאַרשטייט זיך, פון רייזלס קללות און מ׳האָט געזאָגט, אַז דאָס וואָס ראַפּאַלאָוויטש ווערט אַלץ רייכער און גליקלעכער, דאָס איז אַלץ איבער רייזל דער אברהם־ישראלטשעס קללות.

— פון איר יעדער קללה ווערט אים אַ ברכה.

רייזל האָט אָבער ווייטער געהאָפט, ווי דעם ערשטן טאָג. זי האָט געהאָפט, געווען זיכער און זיכער, אַז זי וועט, אַז זי מוז נאָך דערלעבן ראַפּאַלאָוויטשעס מפּלה.

## י. שטאַרקער ווי דער טויט

איך, דער דערציילער פון דער דאָזיקער פּאַסירונג, בין דער זון פון ברוך, דאָס אייניקל פון אברהם־ישראל און זיין ווייב רייזל. אַז איך דערמאָן מיך פון מיין פריסטער קינדהייט, האָט דער זיידע אברהם־ישראל שוין נישט געלעבט און די באָבע האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי דער מומע חנה און איר מאַן יצחק איז שטוב.

און אָט וואָס איך געדענק נאָך פון יענער צייט: *

אָנהויב שטאָט, נעבן דעם שטאָטישן פּאַרק קעגנאיבער, אויסגעזעצט פאָרנט מיט אַקאַציע, און ברייט־צעצווייגטע קאַשטאַן־ביימער, איז געשטאַנען אַ צוויי־שטאָקיק הויז מיט גרויסע באַגאַרדינטע פענצטער און די איינגאַנג־טיר — אַ געשניצטע פון דעמבענעם האָלץ, די קליאַמקע איז געווען גלאַנציק און בלישטשענדיק און אויך דאָס קורצע מעשענע שילדל איז געווען בלאַנק געפּוצט און גלאַנציק ווי אַ שפּיגל, און דערויף איז געווען נישט מער ווי אַן אויפשריפט אויף פּויליש: „מאַריאַן ראַפּאַלאָוויטש״.

גאָרנישט געדענק איך אַזוי קלאָר פון יענע קינדער־יאָרן מיינע, ווי אָט דאָס רייכע שטילע הויז.

אַרומקריכנדיק, ווי אַ ייִנגל, איבער די גאַסן, האָב איך מיך אָפטמאָל אָפּגעשטעלט פאַר דעם הויז. אַלץ האָט מיר דאָ אויסגעזען שיין, ריין און אַנדערש ווי אַלע אַנדערע הייזער פון שטאָט און איך פלעג לאַנג שטיין און גלאָצן דערויף, ווי אויף עפּעס אומדערגרייכלעך־דערהויבנס.

ס׳האָט געטראָפן, אַז איך בין דאָרט פאַרבייגעגאַנגען, גע־שטאַנען און געקוקט אויף די רייך־באַגאַרדינטע און מיט זעלטענע בלומען־טעפּ באַפּוצטע פענצטער און געפּרוּווט זיך פאַרשטעלן, וואָס פאַר אַ מין אויסטערליש שיין און רייך לעבן עס קומט פאַר דאָרט הינטער די פיין־געפּוצטע בלאַנקע שויבן און געקוקט מיט לעכצעניש עפּעס פון דאָרט צו דערבליקן — איז איינמאָל אָנגעקומען צופאָרן אַ קאַטש און זיך אָפּגעשטעלט פאַרן הויז דאָרט. פון דער קאַטש איז אַרויס איינער מיליטעריש אָנגעטון. עס מוז זיין געווען אַ הויכער מיליטער־מאַן, ווייל פון געזעס ביים קוטשער איז אַראָפּגעשפּרונגען אַ קאָזאַק מיט אַ רינגעלע אין איין אויער, מיט געאיילטקייט אויפגע־עפנט דאָס טירל און געבליבן שטיין אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע. אין גאַס די יידן האָבן זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט, פאַרשאַרנדיק זיך די פּיאות אונטער די אויערן. אָבער ווען דער דאָזיקער אין רויטן געפּוצטן מיליטער־מאַן האָט זיך געלאָזט גיין דאָרט צום הויז און די טיר געעפנט, איז אים אַקעגנגעקומען פון דרינען איינער אָנגעטון ציוויל מיט אַ ווייסער נישט־לאַנגער באָרד, אָן היטל. ער האָט יענעם געגעבן די האַנט און זיי האָבן אָנגעהויבן צו רעדן, געוויינלעך, ווי צוויי מענטשן רעדן.

און אָט אַפילו אין מיין יונג, קינדיש מוחל, איז קלאָר געוואָרן, אַז דער אין ציווילן האַלט זיך אויך פאַר נישט ווייניקער חשוב ווי דער שטאָלצער גענעראַל.

אין חדר, ווו איך האָב געלערנט, בין איך געוויר גע־וואָרן פון די ייִנגלעך, אַז דער דאָזיקער אָן היטל מיט דער ווייסער באָרד הייסט: מאיר ראַפּאַלאָוויטש. ער איז זייער רייך — אַ מיליאָנטשיק... נאָר דער עיקר — ער איז אַ ייד!

דאָס האָט אונדז אַלע שטאָלץ געמאַכט. דער רייכער מאַר־יאַן אָדער מאיר ראַפּאַלאָוויטש וואָס רעדט מיט גענעראַלן און שררים ווי מיט זיינסגלייכן, איז אַ ייד!

— זיי ציטערן פאַר אים, ווי די הינט פאַרן שטעקן! — האָט יאַנקל נחס, מיין חדר־חבר, וואָס זיין פאָטער איז בעל־קורא אין „שטיבל״ — אונדז אויפגעקלערט. — אַז מאיר ראַפּאַלאָוויטש וויל, גיט ער אַ שרייב־אַוועק אַ בריוול צום קייסער און אין איין מינוט קריגט דער גרעסטער גענעראַל דימיסיע...

אויך דער רבי אונדזערער, משה־אהרן „בילעמאַן״, מיט אַ רויטער בילע, ווי אַן עפּל די גרייס, אויפן אויער און אַ פּנים וואָס איז געווען בלויז באָרד, האָט אין אַ פרייער מינוט אונדז צו פאַרשטיין געגעבן וועגן ראַפּאַלאָוויטשעס גרויסקייט — די גרעסטע שררים זענען ביי אים נחשב כקליפּת השום — ווי קנאָבל־שאָלעכץ.

אַלע דערוואַקסענע האָבן נישט אַנדערש גערעדט:

— אַז ראַפּאַלאָוויטש ענטפערט איינעם אויף אַ „גוט מאָרגן״ האָט יענער שוין אַן אָפענעם קרעדיט אומעטום און ער איז אויף די פיס, — האָט מען אין שטאָט געזאָגט.

— בעסער אַ גוט־ברודערישן פּאַטש אין פּלייצע פון

---

* פון מיין היימשטאָט וויעלון.

(באַמערקונג פון רעד.־קאָלעגיע)

מאיר ראַפּאַלאָוויטשן, איידער צו געווינען אויף דער לאָטעריע אַ פּינפּאָנצוואָנציקער.

און אַז מען האָלט איינעם אין שטעלן איראָניש אין גרויסן זאָגט מען :

— קוקטס'ן נאָר אָן, בלאָזט פון זיך ווי להבדיל אַ ראַ־פּאַלאָוויטש !...

און נישט נאָר אין אונדזער שטאָט אַליין — אין דער גאַנצער געגנט האָט געשמט זיין נאָמען :

„ווילינער יידן דערציילן נאָך פון ראַפּאַלאָוויטשן, אַז די יאַפּאַנער וועלן זיכער פאַרשפּילן די מלחמה" — דאָס איז געווען אַ גענוגנדיקע ראיה, אַז די בית־המדרש־ און מאַרק־סטראַטעגן" זאָלן זיך אויפהערן האַמפּערן, אַז יאַפּאַן וועט מנצח זיין דעם רוס.

וואָרעם :

— אַז ראַפּאַלאָוויטש זאָגט — מן הסתם ווייסט ער !

אונדזער געוועזענעם באַלעבאָס — שמואל פּערלס זון, חיים שלמה, אַ ייד אַ מטופּל, וואָס איז געווען אַ שטיקל אַנגע־שטעלטער ביי ראַפּאַלאָוויטשן ביי די שאָסיי־אַרבעטן — האָט אַמאָל אין סוכה דערציילט, אַז ער איז אַנומלט געפאָרן צו־זאַמען אין איין קאַטש מיט ראַפּאַלאָוויטשן ביים קאָנטראָלירן די שאָסייען :

— אפשר צוויי־דריי שעה זענען מיר צוזאַמען געפאָרן, געזעסן איינער קעגן צווייטן און גערויכערט ציגאַרן — זיינע ציגאַרן ! — האָבן אַלע גענומען גאָר אַנדערש קוקן אויף חיים־שלמהן מיטן אויסגעקראָכענעם בערדל.

— ער רייבט זיך, חיים שלמה ! עס ווערט פון אים אַ לייט... — האָט מען פון דעמאָלט אָן גערעדט.

און אַ שכנטעס אַ זון פון צווייטן הויז, אַ בחור אַ שלימזל אַ באַנק־קוועטשער, מיט ציטערדיקע הענט — האָט מיט איינמאָל אָנגעהויבן צו קריגן אַ שטיקל אָנזען, ווייל מ'האָט געשמועסט, אַז מ'רעדט אים אַ שידוך מיט ראַפּאַלאָוויטשעס לאַנגיאָריקער קעכין און ראַפּאַלאָוויטש וועט אים באַפרייען פון מיליטער און געבן אַ שטיקל שטעלע.

אַ האַלבע שטאָט יידן איז געווען אָנגעשטעלט ביי ראַפּאַ־לאָוויטשן. זיי זענען גרייט געווען פאַר אים אין פייער צו שפּרינגען און זיי האָבן זיין נאָמען אַרומגערינגלט מיט שטראַלן פון גרויסקייט.

ראַפּאַלאָוויטשעס שונאים ? מסתמא האָט ער געהאַט שונאים, קיין שום מענטש פעלט נישט דאָס מין און ראַפּאַלאָ־וויטש, ביי זיינע גרויסע געשעפטן, אַוודאי און אַוודאי נישט. אָבער קיין אָפענע שונאים האָט ער נישט געהאַט. לפנים האָבן אים אַלע געחנפט. איינער אַזוי, דער צווייטער — אַזוי. יעדער האָט געדאַרפט צו אים. יעדער איז געווען אָפּהענגיק פון אים און אַלע האָבן פאַר אים מורא געהאַט.

נאָר —

אין מאַרק, אין אַ קראָם ווו שטענדיק האָט מען דאָרט אין דער האַלב־טונקלקייט געשפּירט ריחות פון פאַרבן און איילן־דזשעגעכץ און פאַרזשאַווערט אייזן — האָט זיך אַרומ־געדרייט אַן אַלטע טיף־טיף איינגעהויקערטע יידענע מיט צעקאַרבטע באַקן און פון עלטער שטאַר־שטייענדיקע ברעמען און אַן ווייס אויגן ; אַן אַלטיטשקע, וואָס האָט שטענדיק געטראָגן אין דער פאַרטעך־קעשענע אַ קאַרענע טאַבאַק־טיזל און פון ווייל־צו־ווייל זיך די אָפּגעשוואַכטע ראיה (אַזוי פלעגט זי זאָגן) דערקוויקט מיט אַ שמעק טאַבאַק — און אָט די דאָזיקע אַלטע, האַלב־חרובע, איז געווען ראַפּאַלאָוויטשעס אָפענער דם־שונא ; איר גאַנץ איצטיק לעבן האָט זיך גענערט מיט דער שנאה צו ראַפּאַלאָוויטשן.

איינמאָל האָב איך געזען אין מאַרק פאַרבייפאָרן אַ קאַ־רעטע געשפּאַנט אין דריי פערד און דרינען זענען געזעסן אָפּיצירן און איין ציווילער — מאיר ראַפּאַלאָוויטש.

מיר האָט עס הנאה־געטון : אַ ייד פאָרט אַזוי גרויסאַרטיק מיטן פּולקאָווניק אין איין קאַטש ! אַהיימקומענדיק, קוים די טיר געעפנט, האָב איך דאָס גלייך אויסגעפּאַקט :

— מאַמע, כ'האָב געזען מאיר ראַפּאַלאָוויטשן !...

אָבער די באָבע, וואָס איז פונקט געווען ביי אונדז און וואָס געווייגלעך איז זי אַ ביסל טויבלעך און קריכט אַרום נאָכשלעפּנדיק קוים די פיס — איצט אָבער ביים דערהערן דעם נאָמען ראַפּאַלאָוויטש, איז זי צו מיר אַ שפּרינג־צו געטון מיט אַ באַפעל און מיט דער געביילטער פויסט ביי איר אייגן מויל :

— שאַ ! שווייג !

און אַ ווענד זיך צו דער מאַמען :

— לאָז אים נישט דערמאָנען דעם נאָמען, וואָרעם איך גיי אַרויס פון שטוב !

וואָס עלטער איך בין געוואָרן, וואָס מער איך האָב מיך אָנגעהויבן צוצוקוקן צו מענטשן און צו באַנעמען זייערע טאָג־טעגלעכע מעשים — אַלץ אויסטערלישער און פרעמ־דער האָט דער באָבעס פירונג אויסגעזען אין מיינע און אויך אין די איבעריקע אייניקלעכס אויגן. און ווייל מיר האָבן עס נישט געקאָנט פאַרשטיין, עס איז אונדז פרעמד געווען — האָט עס אונדזער סימפּאַטיע נישט דערוועקט און מיר האָבן די באָבע נישט ליב געהאַט.

זומער, פאַרנאַכט־צייט. איך מיט מיין ברודערל און די מומע חנהס קינדער שפּילן זיך אויפן הויף אין זאַמד, פּלוצלינג קומט אַרויס דאָס דינסטמיידל.

— קינדער, אַריין! די באָבע רופט!

פאַרשטייט זיך, אַז אונדז גלוסט זיך נישט אַוועקצוּוואַרפן דאָס שפּילן און אַריינגיין, באַלד אָבער קומט די באָבע אַליין אַרויס, האָבן מיר שוין נישט קיין ברירה, לאָזן איבער אין מיטן בויען דעם פּאַלאַץ פון בלאָטע און גייען אַריין.

דערינען הייבט זיך אָן אַן אויספרעגעניש, יעדער אייניקל באַזונדער.

— האָסט געדאַוונט?

— פאָלגסט טאַטע־מאַמע?

— לויפסט נישט אַרום?

נאָכדעם ערשט, אַז די ענטפערס זענען צופרידנשטעלנדיק באַקומען מיר אַ נאַש — אַ קיכל אָדער אויבס.

— מאַכטס אַ ברכה! — דערמאָנט די באָבע.

די באָבע איז נישט באַזונדערס צודרינגלעך, מיר זאָלן הערן וואָס זי רעדט צו אונדז. מיר שטויסן זיך אָן וואָס זי מיינט און אַז זי הייסט אונדז אַריינגיין צו איר אין אַלקער און זיך אויסזעצן אויפן קופערט, טוט מיך מיט מיין שוועסטערקינד אהרן־לייב, דער מומע חנהס — אומבאַמערקט אַ ציפּביים אַרבל, ס׳הייסט: „אָט הייבט זיך שוין אָן איר פּזמון”...

די באָבע עפנט טאַקע שוין דאָס מויל און רעדט:

— אַז ענקער זיידע, עליו השלום איז געקומען פון וואַלד אין שטאָט אַריין...

און אָפּרוען אַ ווייל טוט זי ערשט, אַז זי קומט צו אָנצוהייבן דעם עיקר פון איר דערציילן:

„...האָט דער גזלן — דער רשע־מרושע ראַפּאַלאָוויטש, גענומען זיך אַריינגנבענען אין אונדזער האַרץ און ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט, ווי אַ גנב, אַן איינברעכער גנבעט זיך אַריין אין דער פינצטערער נאַכט אין אַ באַוווינטער שטוב...”

דער פּזמון איז אונדז שוין גוט באַקאַנט, און אַזוי ווי די באָבע האָט שוין נישט קיין גרויס כבוד ביי אונדז קינדער און די מעשה איז אונדז שוין רעכט לאַנגווייליק און צוגעגעסן — ווערן מיר אויס לייטיש, מיר שטופּן זיך הינטן־אַרום און לאַכן צוביסלעך. די באָבע, וואָס אירע שטאַרע אויגן זענען אויף אונדז אָנגעשטעלט, דערקענט לסוף, אַז איר דערציילן נעמט ביי אונדז נישט אויס, פאַרדריסט עס איר און זי נעמט זיך צו אונדז טשעפּען.

אַזוי ווי איך בין דער צומייסטן אויסגעוואַקסענער פון אַלע קינדער, מיינט זי געוויס, אַז דאָס שטער איך די איבעריקע צו הערן, פאַלט זי אָן אויף מיר:

...אַלץ דער שטאַמפּער, — אַזוי רופט זי מיך, ווייל איך רעד נישט קלאָר. — דאָס האָט גאָר נישט קיין יידישע צורה, רויטע באַקן ווי אַ יון פון געיעג. געוואַלד! די מאַמע וועט דאָך נישט קענען מיט דיר קיין שידוך טון...

דאָ ווערט שוין גאָר פון דער גאַנצער מעשה אַ קאָמעדיע. אַלע קינדער לויפן־אַרויס מיט אַ געלעכטער. דורך דער באָבעס אַלעמאָל דערמאָנען, אַז איך האָב אַ פּנים ווי אַ געזונטער יון און דאָס וועט אַמאָל שטערן ביים טון מיט מיר אַ שידוך — האָבן מיר די קינדער אַ צו־נאָמען געגעבן „יונישער חתן”. איך האָב דערפון קרענקעניש, דערצייל עס אין דערהיים דער מאַמען. ווערט צווישן טאַטע־מאַמע אַ גערייד וועגן דער באָבעס שוואַכקייט, איינצופלאַנצן אין די אייניקלעך אַ שנאה צו ראַפּאַלאָוויטשן און וועגן דער זאַך אַליין דעמאָלט... אזויערנאָך איז עס מיר אַביסל קלאָר געוואָרן, פאַרשטייט זיך אויף אַזוי פיל, וואָס אַ ייִנגל קאָן פאַרשטיין.

איין מאָל, ס׳איז געווען דאָנערשטיק פאַרנאַכט, די באָבע האָט זיך ערשט געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט מיטן באַקן אויף שבת, אין שטוב איז נאָך געווען היפּש הייס פון אויוון. די באָבע, אַ מידע פון הייסן זומערטאָג און אָפּגעאַרבעטע פון באַקן און אָנגרייטן לכבוד שבת, איז געזעסן, ווי איר שטייגער, אויפן קאַסטן, ווי זי האָט געהאַלטן אירע זאַכן און געדרימלט, אָפּן־האַלטנדיק פונדעסטוועגן אַן אויג אויפן דינסטמיידל, צי זי זיצט נישט ליידיק — איך בין געזעסן אין דער צווייטער שטוב, וואָס האָט נישט קיין טיר, לעבן בעט, ווו עס איז געלעגן מיין געשוועסטערקינד און חבר — אַהרן־לייב, ער איז געווען עפּעס נישט געזונט און געשלאָפן.

אין דעם קומט אַריין דער מומע מאַשעס מאַן — לייביש. דער פעטער לייביש שלעפּט אַביסל נאָך אַ קרומלעכן פוס, האָט אַ בעלמעדיק אויג, ווי פאַרצויגן מיט אַ ווייסל פון אַן איי, רעדט נישט קלאָר — טשאַפּטשעט אַביסל מיט דער צונג, פאַרמאָגט אַ קאָלטענדיק טונקעלע באָרד, נאָר דער עיקר איז ער אַ גרויסער אָרעמאַן.

ער איז אַריינגעקומען דורכן פראָנטיקן אַרויפגאַנג, גלייך צו אונדז דאָ אַריין. אַריינגעקומען איז ער, ווי זיין שטייגער, מיט אַ טומל, מיטן שווערן שטעקן און קרומען פוס. דורך זיין אומגעשיקטן גאַנג איז אַ שטול אומגעפאַלן מיט אַ טראַסק, מורא־האָבנדיק, אַז ער זאָל נישט איבערוועקן דרינען דאָס קראַנקע ייִנגל, איז די באָבע אַריינגעקומען, אים אַ וויַיז־געטון מיט דער האַנט, ער זאָל שטיין־בלייבן און שטרענג אַ זאָג־געטון:

— ששש!... קאָנסט נישט אַריינקומען אַביסל שטילער? זעסט אַ קינד איז קראַנק!

איז דאָך אָבער דער פעטער לייביש צו אַלע זיינע מעלות נאָך אַ ביסל טויב אויך, האָט ער נישט דערהערט, וואָס די שוויגער רעדט, נאָר אַז זי האָט בכלל עפּעס גערעדט האָט ער יאָ געוווסט. דאַכט זיך אים, אַז מסתמא ווייסט זי שוין און האָט איצט גערעדט וועגן דעם מיטאָג, וואָס זיין ווייב האָט

היינט געלאָזט צוברעגען און ס׳קינד האָט זיך געקרעקט מיט אַ צו־גרויסער קלוסקע, וואָס איז אים געבליבן שטעקן אין האַלדז, נישט אַריין און נישט אַרויס; ווייל דאָס איז היינט זיין גרעסטע עגמת־נפש. דאַכט זיך אים, אַז טאָקע דערפון רעדט זי דאָ איצט, פון וואָס דען וועט זי רעדן? ענטפערט ער צו דער זאַך:

— ס׳קינד? אַוודאי האָט ס׳קינד נישט געקאָנט עסן...

איז דאָך אָבער די באָבע פון עלטער אויך אַביסל טויב — האָט זי אויך נישט דערהערט. נאָר דאָ דאָס וואָרט „קינד״ האָט זי יאָ דערהערט, דערשרעקט זי זיך:

— וואָס סאַרע קינד? ביי דיר איז אויך עפּעס מיט אַ קינד?

— אַוודאי! — איבערחזרט ער. — אַז זי קאָכט אָפּ אַן עסן פאַר די חזירים אַרויסצוגיסן — קאָן עס ס׳קינד נישט עסן.

די באָבע אָבער, ווייל זי איז אויפגערעגט, הערט זי נאָך ערגער. מיינט זי ס׳קינד האָט זיך אָפּגעבריט מיטן עסן. פרעגט זי איבער:

„רעד קלאָר, וואָס איז מיטן קינד?!

איצט נעמט דער פעטער לייביש ברייט און באריכות רעדן, דערציילן, וואָס סאַרע שלעכטע באַלעבאָסטע עס איז זיין ווייב. קאָכט אָן טעם און אָן ריח, קלויסקעס גרויסע ווי אַ געגדזן־איי ,אַז ס׳קינד „דאַוויעט״ זיך דערמיט...

נאָר די באָבע, הערנדיק דאָס שטומלעכע בעבען פון דעם נישט־געראָטענעם איידעם און דאָס אויסרעדן אויף איר טאָכ־טער, באַקומט זי אַ פּאָר אויפגעריסענע אויגן ווי גאָלעס און צעשרייט זיך:

— טויבער גלוך! שטומער בעבליאַק! אַרויס גיי! נעם דיר ס׳פּעקל, מאַרש!

זי סאָפּעט הויך און נאָך דעם איידעמס אַוועקגיין, שטייט די באָבע קעגנאיבער מיר און רעדט, נישט ווי צו מיר, אַ צען־יעריק ייִנגל, נאָר סתם, ווי פאַר זיך:

— צו קאַליקעס, אַלמנס און גאָרנישטן, האָב איך מיינע קינדער פאַרשטויסן, פון מאיר גזלנס עוולה ליידן מיינע קינדער און קינדס קינדער, — און ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַ שלוכץ רייסט זיך איר פון האַלדז.

אָט אַזוי־ערנאָך האָב איך איינציקווייז אָנגעהויבן צו פאַר־שטיין דער באָבעס צער. איך האָב שוין געוווּסט, אַז דאָס שעלטן דעם שטיינרייכן און גליקלעכן ראַפּאַלאָוויטשן און האָפן צו דערלעבן אין אים אַ נקמה, איז נישט ביי דער באָבען סתם אַן איינרעדעניש. איך האָב שוין פאַרשטאַנען דעם מקור דער־פון. און אַז די באָבע איז אַמאָל געשטאַנען פאַרן געוועלב און געזען דעם פעטער זאַנוול — דער מומע ראַנעס מאַן — זיך אַרומבלאָנקען צווישן די רעדלעך סוחרים, ווי אַן איבעריקער, אָדער לויפן אין אַ שליחות עמעצן, אַ פּאָר גראָשן צו פאַרדינען, צי אַז זיינע קינדער פלעגן אַרויפקומען אָפּגעריסענע און הונ־געריקע מיט זשעדנע אויגן נאָך אַ ביסן, אָדער אַז דער פעטער יצחק פלעגט שלעכט באַהאַנדלען זיין ווייב חנה און אַז די באָבע פלעגט דערביי אַ זיפץ — און אַ שטילן פרעפל־טון פון האַרץ מיט גיפט און גאַל — פלעג איך פאַרשטיין איר מיין און דעם פרעפל אויף וועמענס חשבון ער איז און איך האָב דער באָבען מיטגעפילט.

*

...טעג האָבן זיך גערוקט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וואָכן, חדשים און יאָרן. פון צען בין איך געוואָרן עלף, צוועלף און דרייצן יאָר, בין געוואָרן אַ פאַלנע יידל מיט אַ תפילין־זעקל און אַ פולן קאָפּ גמרא און פוסקים... און וואָס עלטער איך בין געוואָרן, אַלץ מער איז דער רום און גרויסקייט פון די ראַפּאַ־לאָוויטשעס אין מיר אַריינגעדרונגען... עס איז שוין נישט געווען אייך ראַפּאַלאָוויטש, נאָר עטלעכע, אַ גאַנצע משפחה, די אָנגעזעענסטע משפחה, נישט נאָר אין אונדזער שטעטל, נאָר אין דער גאַנצער גובערניע. דעם אַלטן ראַפּאַלאָוויטש האָב איך זעלטן געזען, אים האָט מען נישט געקאָנט אַזוי לייכט זען, איך האָב בלויז געקענט די זין זיינע: יודל און בער — איי־נער אַ הויכער, אַ פולער מיט אַ בלאָנד געפוצט בערדל, אָנגע־טון שיין, רייך און דער צווייטער — אַ ברונעטער, אַ ייִנגע־רער, שוין קורץ געקליידעט, אָן באָרד אינגאַנצן. אין חדר, ווּ איך האָב געלערנט, איז אין צווייטן הויז געווען אַ קאַנצעלאַריע פון מיליטער, וואָס איז געשטאַנען ביי אונדז אין שטאָט. אַהין פלעגן מיר חדר־ייִנגלעך אָפט זען אַרויפגיין יודל ראַפּאַלאָ־וויטש. ער איז געגאַנגען שטאָלץ, שטייף. פון זיין דורכגיין פלעגט אונדז בלייבן אין נאָז אַ שמעקעדיקער ריח. מיר האָבן זיך געשפּאַרט צווישן זיך, צי דער ריח איז פון פאַרפום צי פון שמעקעדיקער זייף, אָבער וועגן אַראָפּנעמען עפּעס פון זיין כבוד, האָבן מיר זיך קיינמאָל נישט געשטריטן. אַז ער איז פאַרבייגעגאַנגען האָבן מיר מיט דרך־ארץ אים געמאַכט אַ וועג און מיר זענען שטאָלץ געווען, וואָס אונדזערס איינער, אַ ייִדד, גייט זיך אַזוי פראַנק־און־פריי אַרויף אין דער מיליטערי־שער, — און נישט פּראָסט מיליטערישער, נאָר טאָקע — קאָ־זאַצקער קאַנצעלאַריע — בעת מיר חדר־ייִנגלעך לויפן־אַראָפּ פון טראָטואַר, אַז מיר דערזען אַ קאָזאַק פון דאָרט גיין.

...הינטער דער שטאָט האָט זיך געצויגן אויף אַ קילאָ־מעטער ווייט אַ באַבויטער פלאַץ. דאָס איז געווען דער קאַר־דאָן, דאָרט האָבן געוווינט זעלנער פון דער גרענעץ־וואַך פון דער גאַנצער געגנט, מיט אַן עלטסטן, וועלכן מ׳פלעגט טי־

טולירן „בריגאַדנער״ און אַרויסדרינגען, אַז ער איז העכער נאָך פון אַ גענעראַל. מיר האָבן געוווּסט, אַז דער דאָזיקער גרויסער פלאַץ מיט אַלע געביידעס געהער צו ראַפּאַלאָוויטשן, פונקט ווי מיר האָבן געוווּסט, אַז אַלע קאַרדאָנס פון דער סביבה געהערן אים, און די נייע גרויסע זייף־פאַבריק מיט דעם גאַנצן פלאַץ און גאָרטן, איז אויך ראַפּאַלאָוויטשעס... באַזונדערס, אין שטאָט, האָט ראַפּאַלאָוויטש געהאַט עטלעכע הייזער, איינס ביים אַ־דערן, די הייזער האָבן זיך געצויגן איבער עטלעכע גאַסן און די רוקנס פון אָט די הייזער זענען זיך הינטן־אַרום צוזאַמענגעקומען און געשלאָסן אַ פיר־קאַנטיקן חלל. דעם דאָזיקן חלל האָבן מיר גערופן „דער פלאַץ״. און אַזוי ווי דאָרטן איז געווען גערוים, ליידיק און פריי — האָבן די שטעטלדיקע ייִנגלעך דאָרט געהאַט אַ באַקוועם אָרט. דאָרט פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען אין די פון חדר פרייע טעג און זיך שפּילן. דאָרט איז נישט געווען, ווער ס'זאָל אונדז נאָכקוקן און דערנאָך קומען מסרן פאַר די עלטערן צי אין חדר, ווייל געוווינט אין די הייזער האָבן באַמטע און אָפיצירן. די עטלעכע יידן, וואָס האָבן דאָרט געוווינט, זענען געווען די ראַפּאַלאָוויטשעס און פאַר זיי האָבן מיר זיך נישט געהיטן. די ראַפּאַלאָוויטשעס זענען אין אונדזערע אויגן אויך געווען אַ מין באַמטע, אָפיצירן, אַזעלכע שררות וועלן זיך אויף אונדז נישט אומקוקן און אַ פשיטא, אַז זיי וועלן נישט גיין מסרן פאַרן רבין, האָבן מיר די פרייע צייט טאַקע דאָרט פאַרבראַכט...

איז עס געווען איינמאָל אין אַ זוניקן חול־המועד־טאָג, דער פלאַץ איז געווען פול מיט ייִנגלעך אין קאַפּאָטקעלעך און פאַטלעך, טייל האָבן געשאַרט ניס אין גריבלעך, אַנדערע האָבן געשפּילט „דראדן־דרום״ — (גראָד און אום) — און נאָך אַנדערע האָבן זיך גלאַט מיט אָנזען געפּאַטשט איבער דער, ווי אַ בערגל־געשוואָלענער, קעשענע ניס. און נאָכאַמאָל אַזוי פיל, דריי מאָל, צען מאָל אַזוי פיל — האָבן צוגעקוקט...

ס'איז געווען ייִנגלעך אין קאַפּאָטקעלעך מיט ציצית, וואָס האָבן זיי אַרויסגעקוקט פון צווישן די שפּאַלטן ביי די פּאָלעס אין סאַמעטענע און אין טוכענע היטלעך, מיט אַביסל אַ הינטער געשאַרטע און נאָך מער מיט אַפּערגעמאַכטע פּיאות, געדרייטע ווי די גרייצערס און גלייך, ווי נישט געפלאָכטענע צעפּלעך ביי קליינע מיידלעך; מיט לאַטשן אויף די פּיס און אין שטיוועלעך אָפּגעפּוצטע און נאָכמער נישט אָפּגעפּוצטע. אויך די סאַמעטענע היטלעך זענען געווען איינגעפּעדערטע, ווייל חול־המועד איז נישט גלייך צו פּוצן מיט אַ באַרשט — און אַלץ, די אַלע ייִנגלעך דאָ אויפן פלאַץ, האָבן עפּעס געטון, זענען נישט ליידיק געשטאַנען, גערעדט, געקוויטשעט, צוגעקוקט ווי מ'שפּילט און אַריינגערעדט, געגעבן עצות און געפּילדערס, געטומלט, אַז עס איז געגאַנגען אַ יאַריד...

אין מיטן בעסטן ברען פון שפּילן, רעדן, קריגן זיך און צוריק גוט־ווערן; שווערן זיך ביי אַ ציצה און אויך פּרווון פאַרפירן אַ געשלעג... אין מיטן בעסטן, האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ לאָז־געטאָן אויף אונדז גויים מיט בייטשן... אַזוי ווי אין כמעט אַלע הייזער מיט די אָפענע טויערן דאָרט זענען געווען קאָטשן, בריטשקעס און פערד — זענען דאָרט שטענדיק געווען פויערים און שקצים שמייסערס. פּלוצלינג איז געוואָרן אַ בהלה צווישן די ייִנגלעך. בייטשן האָבן געקנאַלט אין די הענט פון די שמייסערס, אַלע זענען געלאָפן מיט געשרייען און געוויין. מ'האָט איבערגעלאָזט ניס און היטלעך און געלאָפן, געשטופּט זיך צום אַרויסגאַנג. און אַן עפּענונג אַנטרינען צו ווערן איז נאָר געווען איינע — אין דער זייט ביים הויפּט־הויז.

בעת מיר זענען דאָרט געלאָפן, פאַרהאַלטנדיק זיך די קעפּ מיט די הענט אונטער די ברענענדיקע שמיץ פון די בייטשן — האָב איך, אין לויפן, מיטן בליק דערכאַפּט שטיין ביי אַן אָפן פענצטער, צווישן די צענומענע גאַרדינען, איינעם אַ הויכן, פולן מיט אַ בלאַס־געלבלעך פּנים און ווייסער באָרד, מיט גרויסע ברילן אויף די אויגן און רונדיק־זיידן קאַפּעלע אויפן קאָפּ, וואָס צו אים האָבן די שמייסערס אַרויפגעקוקט ביים טרייבן אונדז ייִנגלעך; געקוקט האָבן זיי צו אים מיט אונטערטעניקייט, ווי אַ הונט אויפן באַלעבאָס — דאָס איז געווען מאיר ראַפּאַלאָוויטש, ער האָט זיך מיט אַ קאַלטער, בייזער גלייכגילטיקייט אַרויסגעקוקט אויף אונדז געיאָגטע, געשלאָגענע ייִנגלעך. און ער, אַפּנים, האָט זיי דאָס באַפוילן, כדי אונדז אַזויערנאָך פּטור צו ווערן פון זיין פלאַץ.

מיר זענען דעמאָלט בייז געווען און מיר האָבן אים נישט געבענטשט דערפאַר. אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט מען אין שטאָט שטאַרק גערעדט, אַז ראַפּאַלאָוויטש האָט באַקומען פון קייזער אַ מעדאַל, און שפּעטער אַריין, איינמאָל אין אַ „גאַלוווקע־טאָג״, ווען אין מאַרק איז געשטאַנען מיליטער — קאָזאַקן און „אָביעזשטשיקעס״ אויף דער פּאַראַדע, האָבן מיר פּלוצלינג באַמערקט אָנקומען צו פאָרן אַן אָפענע קאַרעטע און דערינען איז געזעסן אַ ווייס־האָריקער ייִד אין אַ צילינדער מיט אַ גרויסן גאָלדענעם מעדאַל אויפן האַלדז, אָנגעהאָנגען אויף אַן עטלעכע־קאָלירטע בענדל. די סטראַזשניקעס האָבן זיך שטייף אויסגעצויגן און אים סאַלוטירט — האָט אונדז אַ שטאָלץ אַרומגענומען. מיר האָבן אים שוין מוחל־געווען דאָס הייסן אונדז שלאָגן דעמאָלט אויפן „פלאַץ״... כאָטש איך האָב געוווּסט, ווי נישט גערן מ'רעדט ביי אונדז אין דערהיים וועגן

ראַפּאַלאָוויטשן — האָב איך מיך פונדעסטוועגן נישט געקאָנט איינהאַלטן און עס אין דערהיים דערציילט:

— ראַפּאַלאָוויטש איז היינט געפאָרן אין דער קאַטש מיטן מעדאַל און די סטראַזשניקעס האָבן פאַר אים אויפגעהויבן די האַנט, ווי פאַרן נאַטשאַלניק.

דאָס האָט געהערט דער טאַטע און די מאַמע און זיי האָבן גאָרנישט געזאָגט. מיר האָט זיך נאָר געדאַכט, אַז דער טאַטע האָט קוים אַ שמייכל־געטון.

ערשט אַ וויילע שפּעטער האָט ער געפרעגט, מיט אַ קאַפּ איראָניע:

— אַזוי? האָסט געזען, האָסט עס אַליין געזען, אָדער דער רבי דיינער האָט דערציילט? — און זיך געאײַלט צוצוגעבן:

— דערצייל עס נאָר נישט אַמאָל דער באָבען.

נאָך איך האָב שוין אַליין געוווּסט, אַז מ׳טאָר אַזעלכעס דער באָבען נישט דערציילן.

## יא. אין דער טיף

אַזוי ווי אַ ברייט־צעצווייגטער, באַבלעטערטער בוים, וואָס רייסט זיך מיט זיין שפּיץ צו די וואָלקנס, אין זיין שאָטן רוען אָפּ וואַנדערער, און צווישן זיינע בלעטער געפינען פייגל נעסט, און זייער שפּייז — און פאָרט איז פאַראַנען אַ קליין, שמאָל ווערימל, קלענער אַפילו פון קלענסטן בלעטל, וואָס דער בוים פאַרמאָגט ערגעץ אויף אַ זייטיק צווייגל, און אָט דאָס קליינע נישטיקע ווערימל קריגט זיך אַריין, עגבערט, בייסט זיך איין און גרייט שוין פאַר דעם שטאָלצן בוימס גסיסה און טויט. — כאָטש דער משל איז נישט אינגאַנצן צוגעפּאַסט, אָבער ביז אַ געוויסער מאָס איז ער עס יאָ. לעבט זיך אַ שטאָלצער, אַ רייכער און אָנגעזעענער מאיר ראַפּאַלאָ־וויטש, אַ דריטל שטאָט יידן לעבט פון זיין האַנט, דאָס צווייטע דריטל — דרייט זיך אַרום זיינע געשעפטן, כאַפּט פון צייט־צו־צייט אַ פאַרדינסטל, און דאָס דריטע דריטל — לעבט פון זיינע „מענטשן" — געוועלבער, באַלמעלאַכעס... מ׳האָט מורא צו רעדן אַ שלעכט וואָרט אויף ראַפּאַלאָוויטשן, מ׳האָט מורא אויף אים צו רעדן, — שוין באַלד, למשל, ווי אויפן קייסער, ווייל „ווענט האָבן אויערן" און מ׳קאָן אַמאָל דערפאַר באַצאָלן מיט דער פּרנסה. און אָט אַזוי ווי דער שטאַרקער, רייך באַבלעטערטער בוים ווייסט נישט, אַז ערגעץ אונטן, אין זיינע וואָרצלען, בויערט אַ וואָרעם אַזוי קאָן דער רייכער און גליק־לעכער ראַפּאַלאָוויטש נישט וויסן, אַז דאָרט אין ווינקל מאַרק, אין דער ענגער פינצטערלעכער קראָם, באַשטעלט אין פול מיט קורץ־אייזן, פאַרבן און איילן, איז פאַראַנען אַן אַלטע, איינגעשרומפּענע און איינגעבויגענע יידענע, וואָס כאָטש זי איז שוין אָפּגעלעבט און די הויט פון איר פּנים זעט־אויס ווי פאַרטריקנטע און איינגעבויגן איז זי שוין ממש אין דער גאַנצער העלפט — טראַכט זי אָבער נאָך גאָרנישט צו שטאַר־בן. זי האָט נאָך אַ ציל אין לעבן, זי וויל פריער נישט אַוועק פון דער וועלט ביז זי וועט האָבן איר ציל דערגרייכט און דער דאָזיקער ציל אירער איז נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר צו דערלעבן ראַפּאַלאָוויטשן ירידה, צו זען אים אין זיין הויזגעזינט אין דער לאַגע, ווי זי איז געווען מיט פינפאון־צוואַנציק יאָר צוריק, נאָכדעם ווי ער האָט איר מאַן בדלות־געשטעלט.

יאָ, דאָס איז איר ציל און זי איז זיכער, אַז זי וועט עס נאָך דערלעבן.

זי האָט בטחון צו גאָט, צום רבונו של עולם, און זי איז ווי ער — איר גאָט — אַ נוקם ונוטר. זי טראַכט גאָרנישט, אַז מ׳טאָר דאָס נישט, אַדרבא! אַליין ווייסט זי איז זי צו שוואַך, מיט גאָטס הילף וויל זי דאָס דערלעבן. זי האָפט און וואַרט.

...אַן אַלטע, אַ האַלב־טויבע, זיצט זי גאַנצע טעג אין שטוב, קומט אין ערגעץ נישט, דאָך ווייסט זי אַלץ, וואָס קומט פאָר אין און אַרום ראַפּאַלאָוויטשן. קיינער ווייסט נישט פון ווו, אָבער זי ווייסט.

ראַפּאַלאָוויטש האָט באַקומען פון פעטערבורג אַ מעדאַל, פאַר גוט אויספאַרטיקן די געביידעס פאַרן מיליטער. מ׳האָט עס דער אַלטער נישט דערציילט. מ׳האָט אָנגעזאָגט די איי־ניקלעך: „איר זאָלט עס דער באָבען נישט דערציילן". און זיי האָבן נישט דערציילט. ווי פאַרוווּנדערט זענען אַלע געוואָרן, אַז די אַלטע האָט זיך ביים טיש אָנגערופן:

— אַן אָרדער האָט ער געקריגן, דער רשע, דער גזלן, יאָ, פאַרן בראָך קומט אַ גרויסקייט, ווי די הייליקע תורה שרייבט... ס׳קריגל גייט אַזוי לאַנג צום וואַסער... און דאָס אַלטע צע־קאָרטשעטע פּנים האָט זיך אויף אַ וויילע ווי אַ לייטער־אויס געטון.

*

...אַלטקייט איז פאָרט נישט יוגנט. איין טאָג ביי אַן אַלטן איז מער ווי אַ גאַנץ יאָר ביי אַ יונגן מענטש. די באָבע האָט אָנגעהויבן אָפּט אין חלשות צו פאַלן, אַוועקצופאַלן און אַ פּאָר טעג דערנאָך צו שוועבן צווישן טויט און לעבן. איינמאָל שבת איז מען געקומען אַהיימרופן דעם טאַטן פון מיטן דאַוונען אין „שטיבל". איך בין מיטגעגאַנגען. ביי דער מומע חנה, אין דער באָבעס חדרל, זענען געווען פיל מענטשן. די באָבע איז גע־לעגן ווי טויט, מיט אַ געל־בלוי פּנים און פאַרגליווטע אויגן. דער טאַטע איז שוין צום דאַוונען מער נישט צוריקגעגאַנ־גען. אַלע קינדער און איינקלעך זענען געווען פאַרזאַמלט אַרום בעט. אָבער מ׳האָט זי סוף־כל־סוף אָפּגעמונטערט. און אַז זי

האָט די אויגן געעפנט, צוריקגעקריגן דעם שכל, האָט זי דערציילט, אַז זי איז שוין געווען אויף „יענער זייט“, נאָר „ער“ עליו השלום — דער מאַן, און נאָך איינער מיט אַ ווייסן פערד און ליכטיק פנים, האָבן זי אָנגענומען ביי דער האַנט און אַהער צוריקגעפירט — ווייל זי מוז נאָך דאָ זיין. זי האָט נאָך דאָ אויף דער וועלט עפעס צו דערלעבן...

— הם! — האָט די מומע הויך און שווער אַ ציִ־אָפּ געטון דעם אָטעם און געמאַכט אַ מינע. — און איך האָב נישט פאַרשטאַנען, צי דאָס איז ווייל זי גלויבט נישט אין דער מוטערס חלום און האַלט אים פאַר אַן אויסגעטראַכטער נאַרישקייט.

אין עטלעכע טעג שפעטער, אַז די באָבע איז נאָר פון בעט אַראָפּ, אַביסל אַרומגעקראָכן אין שטוב, איז זי פון די טרעפּ אַראָפּ, אַריינגעגאַנגען אין געוועלב און, ווי זיך איבערצוציִיגן, אַז זי האָט טאַקע באַנייטע כוחות, איז זי צו צום שענקל, וווּ עס שטייען די באַנקעס מיט אייל און שמירעכצן און געגומען אָנגיסן פאַר די פויערים טראָן און דזשעגעכץ.

די פויערים, דער באָבעס לאַנג־באַקאַנטע, אויך אַלטע, ווי זי, — דעמבעס מיט איינגעשרומפּענע פנימער, ווי קאָרע — ווּיסנדיק, אַז די באָבע איז קראַנק, האָבן זי, אַפּנים, געהאַלטן שוין פאַר אַ נישט־דאָ־וועלטיקע — זענען זיי פאַרוווּנדערט געוואָרן, זעענדיק זי סוחרן ביים טראָן, טייל — פון צופרידנקייט — האָבן זי מכבד געווען מיט אַ גוטן שמעקטאַבאַק און טייל האָבן צום צייכן פון גוט־פריינטשאַפט פון איר געבעטן אַ שמעק־טאַבאַק. נאָר איינער אַ פויער, אַ נישט קלוגער, האָט זיין פאַרוווּנדערונג אויסגעדריקט אויף אַ קול — ס׳איז געווען אין מיטן טאַרג, אין מיטן בעסטן לייזונג, אַז אַ פויער — אַ דיקער, אַ גאָל־קעפּיקער, גיט זיך אַ ווענד צו דער איינגעהויקערטער, איינגעשרומפּענער באָבע אין דער קופּקע מיט בענדער — „אַלטע, איר לעבט נאָך ?“

אויף דערויף גיט אים די באָבע מיט כעס אַ שמיר איבערן פנים מיט דער האַנט איינגעשמירט אין טראָן, נאַפּט און דזשעגעכץ :

— נאַ, כאַם, פרעג נישט !

...איך, איר אייניקל, בין אָבער געווען עדות אויך פון יאושדיקע טעג, פון טעג ווען איר האָט זיך געדאַכט, אַז די האָפענונג צו דערלעבן דאָס, וואָס זי שטרעבט צו דערלעבן, גליטשט זיך פון איר אַוועק און אַזוי פיל מיט גלויבן און שטאַרקייט, ווי זי איז געווען אין איר פאַרצווייפלונג, אַזוי האַרט און נישט פשרהדיק איז זי אויך געווען אין די מינוטן פון איר פאַרצווייפלונג. איינמאָל איז אַזאַ טאָג, ווען די באָבע איז אַרומגעקראָכן ווי אַ בייזער וואָלקן און זיך נאָכאַנאַנד געטשעפּעט צו דער דינסט און צו די אייניקלעך, רק די דינסט געזידלט פאַר אַלצדינג, צו וואָס זי האָט זיך נאָר גענומען טון, און די אייניקלעך זענען איר אומעטום אין וועג געווען — איז מיטאַמאָל געקומען איינער מיט אַ פידל און אָנגעהויבן אויפן הויף צו שפּילן.

דער שפּילער איז געווען פראַנעק — אַ האַלב־נאַקעטער משוגענער שייגעץ מיט רויטע נאַסע אויגן און אַרויפגעשאַרצטע הויזן ביז איבער די קניען. און אַז פראַנעק שפּילט אויפן פידל, זאַמלען זיך אָן שיקסעס און טאַנצן. פראַנעק העלפט זיי צו מיט אונטערשפּרינגען און נאַריש לאַכן און דער טומל אַרום איז גרויס.

דער באָבען אָבער, ביי איר היינטיק געמיט, איז דאָס שפּילן נישט צום האַרץ. עס שטערט איר אין די מרה־שחורהדיקע רעיונות. אין דערמיט אַ סוף צו מאַכן, עס זאָל אונטן צוריק רואיק ווערן, שלעפּט זי צו צום פענצטער דאָס פולע פאַמעשאַף מיט פאָמיעס. זי שלעפּט דאָס שאַף מיט אַלע כוחות און קוים, מיט פראָכן און סאַפּען, דערשלעפּט זי עס און שטעלט עס אַנידער לעבן פענצטער אויף אַ בענקל, בייגט זיך אַראָפּ פון פענצטער און רופט :

— פראַנעק, פראַנעק, כאַדזש אינאַ טו — קום נאַ אַהער, דאָ.

פראַנעק, מיינט, אַז דאָס רופט מען אים, כדי אַראָפּצוואַרפן אַ שטיק ברויט אָדער אַ גראָשן, טענצלט ער צו און בלייבט שטיין אונטערן פענצטער מיט אַ נאַריש געלעכטער אי־ן אויבן־אַרויף אויסגעשטעלטע אויגן, ווי אַ לעכצנדיקער הונט, אָבער גאָר נישט ריכטנדיק זיך, גאָר אומפאַרהאָפט, ווען ער ריכט זיך אויף אַ כשרע מציאה — גיט זי אים אַ כליאַפּ־אַראָפּ אויפן קאָפּ אַ שאַף אָפּגיס־וואַסער.

פון פראַנעקן נעמט גיסן, טריפן און טראָפּן, ווי פון אַ רינע פון קאָפּ, אַרבל און נאַגעוויצעס. ער לויפט אַוועק ווי אַן אָפּגעבריטער און די באָבע ברומט־צו אויף פויליש :

— מאַש אי אידזש — שפּיל מיר נישט דעם קאָפּ אָן.

יאָ, אַזוי איז זי געווען, די באָבע, אַזוי אין איר האָפענונג ווי אין איר פאַרצווייפלונג.

אָבער די דאָזיקע טעג פון צווייפל און פייניקן זיך און אַנדערע זענען ביי דער באָבען געווען זייער, זייער זעלטן, — עטלעכע אין יאָר. דאָס רוב האָט זי געהאָפט, געהאָפט, אַז זי וועט ענדלעך דערזען דעם ציל, וועלכן זי האָט זיך געשטעלט אין לעבן — דערלעבן איר שונאס מפלה. און ווי נאָר אין איר הויז איז עפעס געשען : די טאָכטער מאַשע האָט נישט געהאָט קיין ברויט ביי איר מאַן, דעם נישט געראָטענעם, חנה האָט געהאַט אַ נישט גוט לעבן ביי איר מאַן יצחק דעם מרוק, ראַנעס מאַן האָט זיך אַריינגעלאָזט אין שמוגל־ענינים און איז געפאַלן אין תפיסה אַריין — דאָס אַלץ האָט זי געקרענקט

ווי אַ מאַמע און נאָך שטאַרקער געשמידט אין איר די לעכצע־ניש נאָך נקמה:

— אַז נישט דער גזלן, וואָלטן מיינע טעכטער בעסערע שידוכים געטון.

*

האָט זי אַזוי געלעבט, די אַלטע, זי האָט שוין געהאַט מיטן לעבן אַלע חשבונות אָפּגעוויקלט, שוין גאָר נישט פאַר־לאַנגט פאַר זיך פון לעבן און שוין גאָרנישט געפּאָדערט, גע־לעבט ווי איינע, וואָס לעבט שוין נישט, נאָר האָט נאָך דאָ איין אָפּרעכענונג צו מאַכן און זיך אָפּצוטראָגן אַהין צו אירע אַלע, וואָס זענען שוין אויפן קברות — און דאָרט אָפּרוען. און דערפאַר, וואָס זי האָט שוין מער צום לעבן נישט געהערט און נישט גערעכנט זיך דערמיט, נאָר געלעבט, ווי אַ פאַרגעסע־נער שומר, וואָס איז איבערגעבליבן היטן איין־איינציקע זאַך, כדי באַלד דערנאָך אַוועקצוגיין אַהין, ווו ער געהערט שוין פון לאַנג — דערפאַר האָט איר גאָר נישט געאַרט אין לעבן, נישט פרייד און נישט אַפילו טרויער האָבן שוין נישט אויף איר קיין שום רושם געמאַכט, צו קוים פערציק יאָר איז איר דער עלטערער זון שמחה־בינעס געשטאָרבן. זי איז אַריבערגעפאָרן אין שכנותדיקן שטעטל, מיטגעגאַנגען אויף דער לוויה, זיך געלאָזט קריעה־זיין, שבעה געזעסן און ווייטער געלעבט, אַרומגעקראָכן, ווי ביז איצט.

פיר יאָר שפּעטער איז איר דער צווייטער און לעצטער זון — ברוך געשטאָרבן. און אויך איבערגעלאָזט אַ יונגע אַלמנה מיט פּיצלעך קינדער, איז די אַלטע מאַמע אויך ווי שטום געשטאַנען ביים קבר, ווידער געלאָזט זיך קריעה־זיין, נאָר ערשט ווען דער קברן האָט דאָס לעצטע ברעט איבערן ארון פאַרמאַכט, האָט זי מיט אַ הייזעריק, אַלט, ווי געשפּאָלטן קול, אַ געשריי־געטאָן:

— מיין זון, מי דיך, איך זאָל שוין וואָס גיכער האָבן דאָ מיין חשבון אָפּגעוויקלט און כ'זאָל אויך אַהינקומען.

*

ראַפּאַלאָוויטש האָט פונקט אין יענער צייט זיך געברענגט אַ קאַטש אויף גומענע רעדער צום אייגענעם באַנוץ. די ער־שטע קאַטש מיט גומענע רעדער אין שטעטל. און אַז ער איז דערויף אַרויסגעפאָרן איבער דער שטאָט, זענען די גאַסן גע־ווען פול מענטשן, וואָס זענען געקומען אָנקוקן דעם חידוש, דעם עולם־הזה, וואָס אַ ייד פאַרגינט זיך אין גלות.

## יב. אָפּגעוויקלט דעם חשבון

עפּעס אַזוי ווייט און פרעמד און נישט צום גלויבן, פונקט ווי אַז מ'דערציילט אַ נייעס, אַז ערגעץ אין וויטן אַפריקע אָדער אויסטראַליע איז געווען אַן ערד־ציטערניש, אָדער אויסגעבראָכן אַ מאָדנע מגפה און דאָ, ווו דאָס ווערט דער־ציילט, איז זיך שלום ושלוה און מ'לעבט זיך ווייטער ווי גע־וויינלעך — אַזוי האָבן זיך איינציקווייז גענומען אַרומטראָגן קלאַנגען, אַז ראַפּאַלאָוויטש, אָט דער שטיין־רייכער געוואַלדיק אַנגעזעענער ייד, שיער דער שטאָלץ פון די שטעטלדיקע יידן, שטייט שלעכט, אַז זיינע געשעפטן גייען אַלץ ערגער און אַז ער קייקלט זיך צום באַנקראָט.

ס'גאַנצע דערציילן איז תחילת געווען אַזעלכעס, וואָס מען האָט זיך אַפילו נישט געשפּאַרט דערוועגן. ס'האָט זיך נישט געלוינט אַפילו אַ מויל צו עפענען עס אָפּצושפּאַרן, מ'האָט בלויז אַ שמייכל געטון. און טייל צוהערער האָבן נאָר צוגע־געבן קאַטאָוועסדיק:

— זיכער, ער האָלט זייער שמאָל, דער „אָרעמער" ראַ־פּאַלאָוויטש. מ'וועט אים נעבעך גיין צוזאַמענעמען אויף שבת...

אָדער — צום ברענגער פון דעם נייעס:

— וואָלסט אים אפשר געבאָרגט — מאיר ראַפּאַלאָ־וויטשן — אַ פּאָר רובל, כ'מיין מיט אַ גוט־זאָגער...

אָבער, אַזוי אַ צייט אַוועק, די קלאַנגען פון ראַפּאַלאָ־וויטשעס מצב האָבן זיך כסדר געטראָגן אָן אויפהער, פונקט ווי אַ יונגערמאַן מיט בליענדיקע באַקן און אויסערלעך־גע־זונט אויסזעען, וואָס האָט שווינדזוכט, ער גייט־אַרום יונג, גע־זונט און די קרענק טאַטשעט אים — טראָגט אין געהיים דעם טויט אין זיך.

צו יענער צייט איז שוין ראַפּאַלאָוויטש געווען אַן אַלטער מאַן, אָבער נאָך פעסט און ענערגיש. דאָ אין שטאָט, זענען שוין נישט אַזויפיל מענטשן געווען ביי אים אַנגעשטעלט אין די געשעפטן. אַרום אין דער גאַנצער אומגעגנט, זענען שוין גע־שטאַנען קאַרדאָנען און קאַזאַרמעס, שאָסייען זענען שוין אויך אומעטום געווען. ראַפּאַלאָוויטשעס געשעפטן זענען איצט פאַר־געקומען ווייט פון דער היים־שטאָט, ערגעץ אין דער ליטע, ווייס־רוסלאַנד... מ'האָט געשמועסט, אַז ערגעץ האָט אים די מלוכה־קאָמיסיע געבראַקירט אַן אַ סך קילאָמעטערדיקן שאָ־סיי, אַז צו קאַזאַרמעס ערגעץ האָט ער צוגעלייגט אַ מטמון געלט. און די קלאַנגען, אַז ראַפּאַלאָוויטש איז שוין נישט דער אַמאָליקער ראַפּאַלאָוויטש האָבן זיך אַלץ ווייטער געטראָגן, נישט געטראָגן זיך מיט אַ רעש, ווי אַ ביינאַכטיקער אַלאַרם־גלאָק צו אַ שריפה — נאָר ווי אַ קליין שטיל גלעקל קלינגט נאָכאַנאַנד שטיל, געלאָסן אָבער צודרינגלעך, קלינגט טאָג־און־נאַכט, אַז עס מאַכט שוין קיין רושם נישט, אָבער גלייבן גלייבט עס זיך יאָ שוין:

— ראַפּאַלאָוויטש, ראַפּאַלאָוויטש שטייט נישט גוט, נישט גוט...

אָבער ראַפּאַלאָוויטשעס פירונג האָט בשום אופן נישט געקאָנט וועקן קיין חשד פון ירידה. ער האָט זיך זעלטן גע־וויזן צופוס, נאָר אַלץ געפאָרן אויף זיין קאַטש מיט גומענע רעדער. און אַז ער איז שוין אַמאָל געגאַנגען ערגעץ צו פוס, איז ער קיינמאָל נישט געגאַנגען אַליין. נאָר מיט אַ גאַנצער סוויטע אַרומגערינגלט. מיט זין, איניקלעך און זיינע „מענ־טשן". דאָס הויז זיינס איז ווייטער געווען דאָס רייכסטע און ברייטסטע אין דער גאַנצער אומגעגנט. אויף געבן נדבות, איז ראַפּאַלאָוויטש קיינמאָל נישט געווען צו־ברייט, אָבער געבן פלעגט ער אַנדערש: פודן זייף פון זיין פאַבריק פאַרן „הכנסת אורחים", אַ היפשע מטבע אויף צו פאַרענדיקן אַ קהלשן בנין און אויך פאַר ריין־קריסטלעכע אַנשטאַלטן.

און דאָס האָט ער אויך ווייטער געגעבן. פונדעסטוועגן האָבן די קלאַנגען זיך אַלץ ווייטער געטראָגן, עקשנותדיקע קלאַנגען:

— ראַפּאַלאָוויטשעס געשעפטן גייען נישט גוט, גייען גאָר נישט גוט...

*

אין שטאָט האָט מען געדאַרפט אויפנעמען אַ נייעם רב. ראַפּאַלאָוויטש, וואָס האָט זיך נאָך לפנים גערעכנט אַלס חסיד, איז דאָס מאָל געגאַנגען קעגן די חסידים. ס'זענען אַ צייט פאָרגעגאַנגען גרויסע מחלוקת און דער סוף איז געווען, אַז אָנגעקומען איז טאַקע דער רב נישט פון די חסידים און אויך נישט דער פון די באַלעבאַטים און באַלמעלאָכעס, נאָר — ראַ־פּאַלאָוויטשעס קאַנדידאַט, ווייל ראַפּאַלאָוויטש האָט געהאַט אויף זיין צד אַ גרעסטן כוח, ווי די דעה פון די שטאָט־לייט — די פּאָליציי און ציוויל־מאַכט...

דער סוף איז געווען: דער רב איז טאַקע אָנגעקומען, קיינער איז פון אים נישט צופרידן געווען און ראַפּאַלאָוויטש האָט אויפגעהערט צו קומען אין „שטיבל". ער האָט ביי זיך אין הויז איינגעאָרדנט אַ דאַוון־שטוב פאַר זיך מיט די זייניקע און פאַר וועמען נאָר עס האָט געוואָלט אַריינקומען.

אַביסל נאָך דעם זענען פאָרגעקומען דאָזאָר־וואַלן, און דאָ האָבן די חסידים אָפּגעצאָלט ראַפּאַלאָוויטשעס און אים מער נישט אויסגעקליבן אַלס זייער דאָזאָר, וואָס ער איז עס גע־ווען אָן איבעררייס כמעט פערציק יאָר.

צי ראַפּאַלאָוויטש וואָלט אָן די „רב־מעשה" יאָ ווייטער געווען דאָזאָר — איז אויך נישט זיכער. אין „שטיבל" איז אַראָפּגעקומען אַ נייער כוח: דער יינגערער דור, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן פון „שאַרפע" קעסט־איידעמלעך און יונגע סו־חרימלעך, וועלכע האָבן שוין בלויז געקענט דעם ראַפּאַלאָ־וויטש פון היינט — זיי האָבן שטענדיק געקוקט מיט פאַריבל אויף דעם גאוהדיקן ראַפּאַלאָוויטש מיט זיין משפחה, וואָס טראָגן געפרעסטע קראַגנס און זענען נאָר אויף אַזויפיל חסי־דים, וואָס זיי קומען אַמאָל אין אַ שבת אויף אַ שעה אין „שטיבל". און די יונגע חסידים וואָלטן מיטן אייגענעם כוח מסתמא גאָרנישט אויפגעטאָן אַליין, איצטער אָבער, האָבן זיי אויף זייער זייט געהאַט אויך אַ גרויסע טייל פון די עלטערע — ראַפּאַלאָוויטש איז דורכגעפאַלן און אויף זיין אָרט איז אַריין, אַלס דאָזאָר, יאָ — פאַרפאַלן, ווי עס זאָל נישט אויסזען מע־שהדיק, אַזוי אָבער איז עס — דער אברהם־ישראלטעס איי־דעם — יצחק — דער מומע חנהס מאַן, וואָס איז פון זיין פאַרבן און איילן געוועלב שוין געווען היפש פאַרמעגלעך — דער שווייגנדיקער מרוק, וואָס האָט פונדעסטוועגן שכל גע־האָט זיך איינצוקויפן אין „לאַסקע" ביי זיינע חסידים מיט קליינע גמילת־חסד־הלוואות און ווי ער איז נישט געווען אין דער היים קאַלט און האַרט — זיי אָבער, די חסידים, האָט ער יאָ געטון אַמאָל אַ טובהלע.

יצחק דער אברהם־ישראלטעס — דאָזאָר אויף ראַפּאַלאָ־וויטשעס אָרט! — אין שטאָט און אומגעגנט האָט אָט דאָס נייעס־איבער־אַלע נייעסן אַ צייט אַוועק דעם אויבנאָן פאַר־נומען אין אַלע אַנדערע נייעסן פון דער „הצפירה" און סתם מויל־נייעסן אַוועקגעשטופּט.

דעם פעטער יצחקס אויסגעצויגענער גאַנג איז איצט גע־וואָרן נאָך שטייפער און דינער, אַזש צום איבערברעכן זיך. ער האָט זיך כלומרשט אין אָנהייב געבראָקט מיט דעם אים צוגעפאַלענעם כבוד: „איך בין נישט ראוי דערצו, פאַראַנען אָנגעזעענערע, רייכערע, גרעסערע לומדים און דער עיקר עלטערע, הדרת־פנימדיקע..." אָבער ער האָט זיך געלאָזט איבעררעדן, יצחק דער אברהם־ישראלטעס, און לפנים נישט־ניהאדיק, ווי אַן עול, אָנגענומען דעם בכבודיקן דאָזאָר־אַמט און באַלד אָנגעהויבן צו ווייזן וואָס ער קאָן, צו זיין טעטיק מיט אויפטועכצן — ווייזן זיין ענערגיע ביי קהילה־ענינים...

ווי אַזוי ראַפּאַלאָוויטש האָט דאָס אויפגענומען איז אין שטאָט נישט באַקאַנט געווען. אפנים אַז ראַפּאַלאָוויטש האָט דעמאָלט געהאַט גרעסערע דאגות, ווי דאָס וואָס מ'האָט אים געמאַכט פאַר אויס דאָזאָר — ביים פעטער יצחק אין געוועלב, האָט מען נאָכדערציילט פון יאַנקל העכט — ראַפּאַלאָוויטשעס אַ „מענטש", אַז ראַפּאַלאָוויטש זאָל האָבן זיך אָנגערופן:

— האָבן גענומען עפּעס איינעם אַ קרעמער מיט פאַר־סמאָליעטע הענט (ווייל יצחק האָט געהאַנדלט מיט אַזעלכע אַרטיקלען) און געמאַכט אים זיך פאַר אַ דאָזאָר אויף מיין אָרט.

די באָבע אָבער, די אברהם־ישראלטע, זי האָט קודם־כל נישט געוואָלט גלייבן די גאַנצע מעשה, געמיינט אַז דאָס מאַכט מען פון איר ס'גענאַר — אַז איר איידעם יצחק דער

„זאַלעשינער קאַשע־פּרעסער" דער „נורעק" דער „אויער־וואַ־רעם"... (אַלץ צונעמען, וואָס זי פלעגט אים רופן) איז געוואָרן דאַזאַר אויף מאיר ראַפּאַלאָוויטשעס אָרט — אַן אייניקל, וואָס האָט איר דאָס דערציילט, האָט זי, צוליב דעם טעם, אַזש אַ שעלט־געגעבן — נאָר אַז זי האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז נישט קיין ליצנות נאָר טאַקע דער אמת — איר איידעם, יצחק, איז טאַקע געוואָרן דאַזאַר אויף ראַפּאַלאָוויטשעס אָרט — האָט זי זיך אין איין אינדערפרי אָנגעטון דאָס בע־סערע אויבערקלייד, אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ די שבתדיקע קופּקע מיט די סך שליפלעך פון ברוינע און שוואַרצע בענ־דער און נישט זאָגנדיק קיינעם ווו, איז זי אַוועקגעגאַנגען אויף כמעט אַ גאַנצן זומער־טאָג, צו פאַרנאַכט־צו, אַז זי איז צוריקגעקומען, איז זי געווען מיד און די שיך זענען איר גע־ווען פאַרשטויבט פון גיין אויפן טראַקט און אין זאַמד, אין שטוב איז פונקט געזעסן דער פעטער יצחק, געטרונקען טיי און אַריינגעקוקט אין אַ ספר נאָך אין וועג־אַנגעטועכץ איז די באָבע צוגעגאַנגען, זיך אַ בויג־צו־געטון אין דרך־ארצ־דיק, פּייערלעך און פריינטלעך אים צוגעשעפּטשעט:

— יצחק, האָסט אַ גרויסע זכיה, אַ טאָפּלטע זכיה... איך בין היינט דרויסן געווען און עס צו וויסן געטון אים זכרונו לברכה אין קבר...

נישט לאַנג נאָך דעם איז איינמאָל די באָבע, ווי געוויינ־לעך די לעצטע יאָרן, אַוועקגעפאַלן אין חלשות, אַז מ'האָט געמיינט, אַז אָט קומט דער סוף, נאָכמיטאָג, האָט מיך די מאַמע געבעטן גיין צו דער מומע חנה זען, וואָס די באָבע מאַכט. אַז איך בין אַהינגעקומען, האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז עס איז שוין אַוודאי נאָך אַלעם... אַזאַ געפיל האָב איך געהאַט...

אין הויז איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ מיידל, מיינע אַ געשוועסטער־קינד — מירל דער מומע ראַנעס.

— וואָס הערט זיך? — האָב איך געפרעגט — וואָס מאַכט די באָבע?

— די באָבע? — האָט זי איבערגעפרעגט — נישקשה, ס'איז איר בעסער. — און לאַכנדיק האָט זי פאַרענדיקט:

— ווי שטענדיק, איינער אַן אַלטער איז איר געקומען צו חלום און געזאָגט, אַז זי דאַרף נאָך לעבן, אָבער דער טאָג איז שוין נאָענט... — געגעבן איר צו שמעקן פון אַ פלעשל, איז זי אויפגעקומען און פילט זיך מונטער.

— זי האָט שוין אַוודאי נישט קיין שכל, — האָב איך געזאָגט.

— גיי שוין, נאַרעלע, — האָט מיין געשוועסטער־קינד, דאָס מיידל, דערווידערט — אַזוי ווי שטענדיק, זי וואַרט דאָך אויף ראַפּאַלאָוויטשעס מפּלה. איצט נאָכן פעטער יצחקס ווערן דאַזאַר, איז זי שוין טאַקע באַלד... כ'זאָג דיר...

ראַפּאַלאָוויטש האָט אָבער נאָך קנאַפּ געטראַכט זיינע שונ־אים צוליב־צו־טון אַפילו דער אַלטער אברהם־ישאַרלטע — אויך נישט. כאָטש די זייפן־זידעריי אין שטאָט איז שוין אויך מער געשטאַנען ווי געגאַנגען, אָבער ראַפּאַלאָוויטש איז נאָך געווען ראַפּאַלאָוויטש, דאָס נעמען אים אַלס סימבאָל פון רייכ־קייט און גליק, איז אויך ווייטער געווען ווי ביז איצט... אַז מאירל קאַרטאָפּליאַזש מיט די פיס ווי קלעצער, הענט ווי „קלאָניצעס" און פּנים ווי אַ צעוואַקסענער „קילעריב" — איז געפאָרן, ווי זיין טאָג־טעגלעכער שטייגער, מיט אַ געדעקטן וואָגן אָנגעפּיקעוועט מיט פאַרשוינען קיין וויערישעוו צו דער גרענעץ — אַז אים פלעגט ווי געוויינלעך איבעריאָגן אָדער אַנטקעגנקומען ראַפּאַלאָוויטשעס לייכט קעטשל אויף גומענע רעדער — פלעגט ער אויך ווייטער, ווי ביז אַהער, זינגען זיין אייגן פאַרפאַסט לידל, וואָס פון אַלע געגראַמעכצער איז גע־ווען דער זין, אַז מאיר ראַפּאַלאָוויטש פאָרט זיך אויפן קעטשל פון ווילטאָג און — מאירל קאַרטאָפּליאַזש אויף דער „כע־ליע" — פון ווייטאָג; מאיר ראַפּאַלאָוויטש האָט אַ סך קינדער און אַ גרויס פאַרמעגן און ער — מאירל קאַרטאָפּליאַזש — האָט אַ סך קינדער און אַ גרויסן... דלות און כסדר אַזוי.

און ראַפּאַלאָוויטש איז נאָך אַלץ ווייטער געווען ראַפּאַ־לאָוויטש און די באָבע איז ביסלעכווייז צוריק איינגעשרומפּן געוואָרן, ווי זי וואָלט מורא געהאַט דער מלאך־המות זאָל איר נישט אָפּטאָן אַ שפּיצל...

*

מיטאַמאָל האָט מען אָנגעהויבן צו רעדן, אַז דאָס מילי־טער גייט אַוועק פון אונדזער שטאָט און איידער נאָך די „אַלץ־וויסער" זענען צווישן זיך פאַרטיק געוואָרן, צי דאָס מיליטער גייט טאַקע אַוועק און צו נאָר בלויז די גרענעץ־וואַך־זעלנער און די איבעריקע בלייבן, צי פאַרקערט — איז איידער נאָך די שמועסער זענען צווישן זיך דורכגעקומען — איז טאַקע דאָס מיליטער אַוועק, בלויז נאָר אַ קליינע אָפּטיילונג זעלנער איז געבליבן.

פאַר אונדזער שטאָט איז דאָס געווען אַ גרויסער קלאַפּ. די גאַסן זענען ליידיקער געוואָרן, קרעמער האָבן זיך גענו־מען שטאַרק באַקלאָגן, פאַדרייטשיקעס און אַנדערע צושטע־לער, האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט ווי פאַרלוירענע...

ראַפּאַלאָוויטשעס הייזער זענען פוסט געוואָרן. די קאַ־זאַרמעס — פאַרשוויגן און פאַרשלאָסן; אַרום ראַפּאַלאָוויטשן איז געוואָרן ליידיק און לער אין די הייזער, ווו ערשט איז געווען אַזוי פול מיט לעבן און באַוועגלעכקייט, איז מיטאַמאָל געוואָרן טויט־שטיל. די מיליטער־לייט און באַאַמטע האָבן זיך אַוועקגעצויגן, אומעט האָט זיך איצט דאָרט געשפּירט, און דער דאַזיקער אומעט האָט אויך גענומען אַרומשפּינען ראַפּאַ־

לאַוויטשעס נאָמען און זיין הויזגעזינט. איצט איז שוין אַלץ געגאַנגען ראַש, ווי איינער קייקלט זיך באַרג־אַראָפּ. ראַפּאַלאָוויטשן האָט מען שוין נישט געזען פאָרן אויף דער קאָטש מיט גומענע רעדער. ער האָט זיך איבערהויפּט נישט געוויזן. מען האָט אים אין ערגעץ נישט געזען. נישט אים און נישט זיינע זין...

יאַנקל העכט, ראַפּאַלאָוויטשעס געוועזענער „מענטש״, וואָס איז עפּעס פּלוצלינג אַרויסגעשפּרונגען אַ שטיקל עושר מיט אַ ביסל געלט און אַ סך חוצפּה, האָט זיך גענומען עפּעס לאָדענען מיט ראַפּאַלאָוויטשן, וועגן אַ סומע וואָס אים קומט אַנטשעדיקונג, צי עפּעס אַנדערש.

ער איז אַרומגעלאָפן, יאַנקל העכט, דאָס קליינע היטעלע פאַרשטאַרצט אַרויף און מיטן קאָלירטן שניפּס אַרום גומענעם קראַגן, געדרייט ווילעריש מיטן שטעקעלע און זיך באַרימט, אַז ער, העכט, וועט דעם „גרויסן פּריץ״ אַנידערזעצן. און — אין אַ שיינעם פרימאָרגן, איז טאַקע געקומען אַ קאָמיסיע און פאַרחתמעט די זייף־פאַבריק. און דאָס, האָט מען געשמועסט, איז יאַנקל העכטס אַרבעט. ער האָט אַן אויג געוואָרפן אויף דער זייפן־זידעריי און ער וועט זי טאַקע אָנקריגן אויך, ווייל ביי ראַפּאַלאָוויטשן פייפט שוין דער דלות און ער האָט איבער זיך אַזאַ קופּע בעל־חובות — האָט מען אַ ווייז געטון ביי זיך איבערן קאָפּ.

אַביסל האָט עס זיך נישט געגלויבט און אַביסל האָט עס פאַרדראָסן.

— וואָס אַ הולטיי קאָן! — האָט מען גערעדט וועגן העכטן, — ראַפּאַלאָוויטש האָט אים ברויט געגעבן, אים געטרויט און איצט צאָלט ער אים אָפּ...

ס'האָט זיך ווידער פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אַ גרויסע פירמע, פון ריגע צי פון ווו אַנדערש, וואָס ראַפּאַלאָוויטש האָט ביי איר לאַנגע יאָרן געקויפט פעט - מאַטעריאַלן, האָט זיך אונטערגענומען אים צוריק אויף די פיס צו שטעלן, אָבער — דער קלאַנג האָט זיך נישט באַשטעטיקט. קיינער איז נישט געקומען אים אַרויסהעלפן, די זייף־פאַבריק איז ווייטער געווען פאַרשלאָסן.

אָפּגעלאָפן אַ פּאָר וואָכן און די נייעסן זענען אַלט געוואָרן. מ'האָט אויפגעהערט דערפון צו רעדן און שוויגנדיק האָט מען ווי מסכים געווען, אַז ראַפּאַלאָוויטש איז שוין טאַקע אויס ראַפּאַלאָוויטש און ס'לוינט מער נישט צו רעדן דערפון, קיין שום נייעס וועט מען דערמיט שוין נישט מחדש־זיין.

איינמאָל, אין אַ זייער הייסן טאָג, איז מיין יינגערער ברודער, אברהם־ישראל, אַהיימגעקומען און דערציילט, אַז ער האָט געטראָפן אויפן בוגאַי ראַפּאַלאָוויטשן, האָט ער געטרונקען דאָרט, אין לייזער פּופּיקס געוועלבל, פאַר צוויי גראָשן אַ גלאָז סאָדע־וואַסער.

מיין ברודערל האָט נישט געקאָנט שאַרף אַרויסרעדן אַ „ר״. ער האָט עס אַרויסגערעדט ווי אַ „וו״. האָט ער אַזוי געזאָגט:

— עוו איז געווען איינגעשטויבט, איך האָב געמיינט, אַז ס'איז אַן אָוועמאַן, קום איך נענטעוו צו, זע איך, אַז ס'איז וואַפּאַלאָוויטש, וואָס איז שטענדיק געפאָוון אויפן קעטשל מיט גומענע וועדעוו.

— דו ווייסט אַ סך, וואָס דו האָסט געזען! — האָב איך נישט געוואָלט גלייבן.

איך זאָל אַזוי געזונט זיין! האָט מיין ברודערל געשוווירן — פּונקט ווי אַ מדינה־גייעוו האָט עוו אויסגעזען, אַלע יינגלעך האָבן אים געזען.

די מאַמע האָט עס אויך געהערט, נאָר פאַרטועען אין אירע אייגענע טריבע אלמנה־דאַגות האָט זי זיך גאָרנישט אָנגערופן.

אַז איך בין דערנאָך, אויפן וועג אין חדר, פאַרבייגעגאַנגען די מומע חנהס געוועלב און אַהין אַביסל אַריינגעגאַנגען, ווי געוויינלעך — זענען דאָרט געווען עטלעכע מענטשן. זי איז געזעסן ווי באַרוישט פון עפּעס, אַלע איבעריקע האָבן שווייגנדיק אָנגעקוקט יאַנקל העכטן אין קאָלירטן שניפּס און יענער אָנגעלענט מיט נחת אויפן ווילערישן שטעקעלע, האָט זיך, ווי זיין שטייגער, גאָר רוישיק און נאָכאַנאַנדיק געשוווירן:

— ר' אברהם־ישראלס אלמנה, כ'זאָל אַזוי זיין אַ טאַטע צו מיינע קינדער — היינט איז „ער״ געקומען צו פאָרן מיט מאירל קאָרטאָפּליאַזש פון וויערישעוו פאַר פערציק גראָשן, נאָר האָט זיך געשעמט און אַראָפּגעגאַנגען אויפן בוגאַי... — און די באָבע איז געזעסן, טרערן זענען איר גערונען פון די אויגן און אירע פון עלטער ציטערדיקע ליפּן, האָבן זיך באַוועגט אין אַ שטיל פּרעפּלען:

— גאָטס משפּט... גאָטס משפּט...

*

קורץ נאָך דעם איז די באָבע געשטאָרבן, אַ זעלטן שטאַרבן איז דאָס געווען, איינגעשלאָפן שבת ביים טיש, אַזוי רואיק און פרידלעך איינגעשלאָפן, ווי אַ הינדל.

**שמעון האָראָנטשיק**

# א קאַרפּל אין בוזעם

די אָרימע שוועסטער הייסט מאַשע. זי איז קליין געוואַקסן, מיט אַ קערפּער, וואָס איז פאָרנט איינגעפאַלן, ווי אַ טאָל אינמיטן פעלד. דערפאַר האָט איר גוף פון הינטן אַן איבערפלוס. דאָס, וואָס עס פעלט איר פאָרנט, געפינט זיך פון הינטן נאָך מיט אַן עודף און עס סטאַרטשעט אַרויס... אַן אמתער הויקער.

אַ חוץ דעם האָט זי איר אייגנס אַ רויט נעזל, וואָס זעט אויס, ווי עס וואָלט געוועזן פייכט. איר פּנים האָט שטענדיק אַ פאַרצאַגט אויסזען.

דער מאַן מאַשעס הייסט לייביש. ער ציט פּרנסה פון אַרומגיין מיט אַ בוך איינקאַסירן וועכנטלעכן אָפּצאָל פאַר אַ צדקה חברה. ער, מאַשעס מאַן, איז אויך נישט אינגאַנצן אַן אַ פעלער. ער האָט אַ בעלמע אויף אַן אויג, וואָס זעט אויס, ווי איבערגעשמירט מיט אַ שיטער־געקאָכט ווייסל פון אַ הינעריש איי. אַ לשון האָט ער אויך נישט קיין קלאָרס. ביים רעדן קלאַפּט זיך אים די צונג אָן גומען און עס קומט אַרויס אַ רעדן, ווי אַ קאַטשקע קוואַקעט. אַ חוץ זיינע פעלערן, דעם ווייבס פעלערן, די צוויי קינדער, וואָס זיי האָבן, און זיין מ'שטיינס־געזאָגט פּרנסה, פייפט אין זייער שטוב דער דלות, ווי אַ שטורמווינט אין אַ נאָך־סוכותדיקן פאַרנאַכט ביי אַ קבצן אין קוימען, און מאַשע מוז זיך דאָס פּנים שוואַרצן ביי לייטן, ביי דער רייכער שוועסטער.

די רייכע שוועסטער הייסט חנה. איר מאַן הייסט יצחק. זיי האָבן אין מאַרק אַ געוועלב פון פאַרבן, אייזן און „סמאַרעס" (אַלערליי שמירעכצער). כאָטש חנה איז נישט קיין סך ייִנגער פון מאַשען, זעט זי אָבער אויס, ווי אירס אַ טאָכטער. האָט אַ יונג קלאָר פּנימל מיט ליכטיקע אויגן. חנה טראָגט אויפן קאָפּ אַ קופּקעלע, ווי אַ רביצין און זעט טאַקע אויס, ווי אַ יונגע רביצין, זי האָט אַ מיילעכל, וואָס קרעכצט מיט יעדן מיט. און האָט עס גראָד נישט אויף וועמען צו קרעכצן, קרעכצט עס סתם אויף יידישע צרות פון דער שכינה, וואָס איז נעבעך אין גלות צוזאַמען מיטן ליכטיקן פאָלק ישראל. אָבער אויפן פּנים זעט מען דאָס חנהן גאָרנישט אָן... אַזוי זי, ווי איר מאַן, זענען ברוך־השם געזונט און די קינדער זענען געזונט און די פּרנסה איז אויך נישט צו פאַרזינדיקן, אַ חוץ דעם געוועלב, זענען זיי נאָך באַשוועריט מיט אַן אייגן געמויערט הויז, אין אַ צווייט הויז האָבן זיי אַ שותפות און צו אַ וואַלד — אויך עפּעס אַן אָנגעהער...

ער, דער מאַן חנהס, איז אַ וויניק־רעדער, גייט שטייף, ווי אַ דראָט; ביי אַלע זיינע געשעפטן האָט ער נאָך צייט אַריינצושטעקן די נאָז אין כלל־זאַכן, האָט שטאַרק חשק מ'זאָל אים ווילן פאַר חברה־קדושה־גבאי, אָדער דאָזאָר, נאָר טאָמער לייגט מען אים דאָס פאַר, שאָקלט ער זיך דערפון אָפּ, ווי פון גרעסטן אומגליק, פונדעסטוועגן האַלט ער אין איין זוכן חסרונות אין דער קהלה־פירונג און וואַרפט אַריין אַ ווערטל, ווי אַזוי מ'דאַרף יאָ פירן...

דאָנערשטיק און פרייטיק — די טעג, ווען ער קלערט, אַז דעם ווייבס אָרימע שוועסטער וועט אַריינקומען, כדי מיט זיך שטום צו דערמאָנען, אַז עס גייט צו שבת און זי האָט גאָרנישט אין שטוב — זיצט ער בכיוון אין געוועלב. ווי נייטיק ער דאַרף אַוועקצוגיין, זיצט ער, ווי אַ וועכטער, רירט זיך נישט אַרויס און איז כלומרשט פאַרטון, וואַרפט ער אַלץ אויגן אַהין, צום ווייב מיט דער שוועסטער...

— יצחק, וואָס גייסטו נישט וועגן אָננעמען ס'באַשטעלונג?

— כ'וועל מאָרגן גיין

— וואָס הייסט מאָרגן גיין? היינט איז דאָך דער לעצטער טערמין?

ער אָבער רירט זיך נישט, רירט זיך דווקא נישט, ווייל זי וויל. ער זאָל אַפילו וויסן אָנצוווערן דאָרט ס'לייזונג, מוז ער דאָ זיצן און אַכטונג געבן, צי ס'ווייב שטעקט נישט אָפּ דער שוועסטער זיין פּראָצע.

אָט אַזעלכער איז דער מאַן

דאָס ווייב ווידער היט דעם מאַן. אַז מ'קומט אַריין וועגן אַ נדבה, קוקט זי ווידער אים אויף די הענט און מויל, ער זאָל נישט איר פּראָצע צעטיילן.

די צוויי קינדער זייערע, שמועסט מען, שטופּט מען נאַשאַוורג נישט דורך איין מויל... און די אָרימע שוועסטער מאַשע, אַז זי קומט אַריין אין געוועלב און דערזעט דעם שוואָגער, דעם „נורעק", דעם „אויער־וואָרעם", טוט זי שטיל אַ קרעכץ, פּשוט, ווייל עס ווילט זיך איר קרעכצן, ווען זי זעט אים...

ס'איז פרייטיק אינדערפרי. זומער־צייט, שיין, ליכטיק און וואַרעם. מאַשע איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. זי טראָגט סיי זומער, סיי ווינטער אַ טוך איבער די פּלייצעס, דער

הויקער סטאַרטשעט איר אַרויס פונקט אינמיטן רוקן, נאָר זייטיק אַ ביסל, צו לינקס־צו, קומט אויס, אַז דאָס טוך איז קירצער אויף איין זייט, ווי אויף דער צווייטער.

אויפן פיש־מאַרק, וואָס איז נישט ווייט, האָט מאַשע גע־קויפט אַ קאַרפּל. מאַשע האָט זיך פריער גוט אַרומגעקוקט, צי עס געפינט זיך נישט ווער פון באַקאַנטע — זי האָט די האַנט פון האַרץ אַוועקגענומען און געקויפט, ווייל ס'איז ביליק, ס'קאַרפּל איז צאַפּלדיק־לעבעדיק און דער פישער האָט זיך נישט געשטעלט אויפן קווינט, אויפן לויט, נאָר געגעבן מיט אַן איבערוואָג. מילא, געקויפט איז געקויפט, מושווה געוואָרן, אַרויסגענומען פון זאַק אַ קליין, גאָר אַ קניפּל געלט, איינגעפּאַקט אין אַ שמאַטקעלע, באַצאָלט, גע־קריגן נאָך אַ רעשט אַ קליינע מטבע. איצט איז דאָס פישל אירס, אַן דער זון בלישטשעט עס, ווי עס וואָלט געווען פון גאָלד, ווי אַ גאָלד־פיש, איז אָבער די צרה, וואָס מאַשעס זוגע פירט איצט צו דער שוועסטער חנה אין קראָם. יענע טאָר נישט זען דאָס פישל, דאַרף אַפילו נישט וויסן, צי זי, מאַשע, האָט גאָר געלט אויף אַזעלכע זאַכן. לייקענען, אַז זי איז נישט געווען אויפן פיש מאַרק, קאָן זי שוין נישט, ווייל פון דאַנען זעט זיך דער שוועסטערס געוועלב און ס'קאָן זיין, אַז מ'האָט שוין דאָ דערבליקט...

אַ גאַנצער קנויל געדאַנקען אין שייכות צום געקויפּ־טן פישל, און דער שוועסטער דאָרט, וואָס זי גייט איצט אַהין, דרייען זיך און וויקלען זיך אין איר קאָפּ... לסוף בליצט עפּעס אויף אין איר מוח. זי גייט אַריין אין טויער, עפנט זיך דאָס יאַקל און טוט אַ לאָז אַריין דאָס פישל צו זיך אין בוזעם. און אָט אַזוי — מיט איר קריכעדיקן גאַנג, מיט איין זייט טוך לענגער און ס'צווייטע קירצער, מיט דעם גאַנג, וואָס זעט אויס, ווי זי וואָלט אַ ביסל געהינקען פון איין פוס אויפן צווייטן און מיט אַ פּנים — שוואַרץ ווי לעדער, האַרט, ווי פּאַרמעט, און אַ רויט נעזל, וואָס זעט תמיד אויס פייכט ביים שפּיץ, מיט אַ נעבעך־מינע, מ'זאָל פון איר פּנים גלייך אַראָפּלייענען צוואָס זי קומט און זי באַלד אָפּפּאַרטיקן, רוקט זי זיך צו דער שוועסטער אין קראָם אַריין, ווי אַ שטיק טריבער האַרבסט אין איצטיקן זוניקן און ליכטיקן פרייטיק אינדערפרי.

*

— גוט מאָרגן, — קומט מאַשע אַריין אין געוועלב און זעצט זיך, ווי איר שטייגער, צו זיין וואָס ווייניקער אָנזעענ־דיק, אויף אַ קעסטל, נישט ווייט פון דער טיר.

חנה איז אַ טויגערקע, זי האָט ליב אומעטום צו זיין די ערשטע און אַלץ צו באַזאָרגן. זי האָט געעפנט ס'געוועלב, האָט עס שוין צוגעקליבן און אויסגעקערט, איידער די דינסט קומט נאָך און איידער ס'נעמען זיך וויזן קונים.

איצט האָט זי אַוועקגעשטעלט צוריק דעם בעזעם און שטייט מיטן יונגן פּנים און באַקופעקטן קאָפּ, פאַרלייגט די הענט אויפן האַרץ און קוקן אין מאַרק אַריין מיט אַ מינע, ווי — געלויבט דער אויבערשטער, כ'האָב שוין היינט עפּעס אַוועקגעטון.

— גוט מאָרגן, גוט־יאָר, מאַשע, — דערבליקט זי חנה זיך אַריינשלייכן נישט דרייסט. — קומסט פון פיש־מאַרק, מ'האָט נעכטן געזאָגט, אַז ס'וועט היינט זיין בחצי־חינם, האָסט עפּעס געקויפט פיש?

מאַשע טוט אַ זיפץ:

— שוועסטערל קרוין, צי ס'איז ביליק, צי טייער, מיר, מ'שטיינס־געזאָגט, איז אַלצאיינס: אַז ס'איז נישטאָ אויף קיין ברויט, איז אויף קיין פלאָדן אוודאי נישטאָ! — און זי טוט ווייטער אַ זיפץ.

חנה ענטפערט איר צוריק מיט אַ זיפץ:

— אַ־אַ גוט יאָר אויף מיר, ווי דו ביסט גערעכט —



ממכר דגים בשוק הישן

פיש־פאַרקויפער אויפן אַלטן מאַרק

רעדט חנה און שאָקלט צו מיטן קאָפּ — קיינעם לויפט עס איצט נישט איבער, כ'מיין, מיין יצחק ווערט פאַרשוואַרצט און וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, האָט מען...

„ אַ פּאָר הייזער מיט אַ וואַלד און אונדזער טאַטנס ירושה געוועלב" — רעדט מאַשע אין זיך מיט שטומע ליפּן. זי טראַכט, אַז מיט דער שוועסטער וועט זי היינט האָבן אַ שווער לייענען. זי פילט, ווי אין בוזעם, אונטער דע יאַקע, שפּרינגט איר דאָס פּישל, ברויעט דאָרט וועלטן, ווי אַ שי־כורער פויער... ס'טוט איר באַנג, וואָס זי איז יעצט דאָ אַריינ־געקומען, אָבער פאַרפאַלן, זי לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און שווייגט.

— און אַזוי, אויף שבת, האָסטו שוין עפּעס? — פרעגט חנה.

מאַשע כאַפּט זיך דערין אָן, ווי אַ טרינקנדער אָן אַ ביימל:

— ווי איז מיר, שוועסטערל, וואָס פרעגסטו, וואָס, אַז אינגאַנצן האָט „מיינער" נעכטן געמאַכט פאַר דער חברה אַ פאַר־גילדן, טאָ וויפיל, מ'שטיינס געזאָגט, איז שוין געבליבן פאַר אים? אַ פּאָר גראָשן... — האָט ער עס אויך נאָך נישט באַקומען.

— די וועלט איז געדריקט, מענטשן האָבן נישט — טוט חנה צו וויסן.

„זי וועט מיר שוין היינט די נשמה אויסציען..." טראַכט מאַשע וועגן דער שוועסטער.

חנה ווידער דערקענט ביי דער שוועסטער היינט עפּעס נישט די נאָכלעסיקייט, וואָס שטענדיק; זי איז עפּעס צע־טראָגן און ווי אין פאַרלעגנהייט, קאָן עפּעס נישט איינזיצן, דרייט מיט די פּלייצעס און קוקט זיך נאָכאַנאַנדער אויפן בוזעם. חנהן קומט דאָס אויס פאַרדעכטיק, באַטראַכט זי די שוועסטער, לאָזט פון איר נישט אַראָפּ די אויגן.

— עפּעס נישט געזונט, מאַשע?

— ווי איך, שוועסטערל — קאָרטשעט זיך מאַשע אונ־טער יענערס בליק — ווייסט דאָך, ווי איך.. כ'הוסט און שפּיי... דער פעלדשער האָט אָנומלט געזאָגט: לוביגג, כ'זאָל מיך פּלעגן; אַז נישט, איז אַ קלאָג צו מיין קאָפּ.

— אוודאי אַ קלאָג — לאָזט אַלץ חנה פון איר קיין אויג נישט אַראָפּ — עס וווּנדערט זי, וואָס די שוועסטער רויטלט זיך עפּעס.

— באַלעבאָסטע, וואָס לאָזן שעכטן? די אינדיטשקע בלויז, אָדער אַ קאַטשקע אויך? — באַווייזט זיך דאָס דינסט־מיידל אין דער טיר פון געוועלב.

חנה וואַרפט גיך אַ בליק אויף דער שוועסטער, יענע מאַכט זיך גאַפּוואָטע, ווי זי הערט גאָרנישט און זעט גאָר־נישט.

חנה ענטפערט דעם דינסטמיידל מיט אַ וויי־טאָן, ווי דאָס וואָלט אויך געווען אַ סימן פון איר שלעכטער צייט איצט:

— נאַרישע מויד, וואָס קומסטו מיך ערשט פרעגן, שיק און פאַרטיק. קום מיר נישט דעם קאָפּ פאַרדרייען!

נאָך דעם מיידלס אַוועקגיין קריגט מאַשע מער קוראַזש:

— די קינדער וועלן מיר אויפשטיין, — גיט זי אָנצו־הערן — ס'וועט זיי הונגערן, און איך זיץ דאָ!

חנה גיט זיך אַ בייג אַריבער, טוט אַ ביסל אָן עפּן ס'־שופלאָד פון קראַם־טיש, טוט עס שטיל און פאַרזיכטיק צוריק פאַררוקן.

נאָך אַ גראָשן היינט נישט געלייזט, נישט געווען נאָך קיין קונה.

„זי וועט מיך שוין היינט דאָ אויפהאַלטן, און דערוויל וועט ער, דער נורעק קומען!" — טראַכט מאַשע נערוועז און ציט שטאַרק איין דאָס לייב, מען זאָל נישט דערקענען, אַז פון פּישלס צאַפּלען רירט זיך, ווי אַ פאַרהענגל אין ווינט.

— ס'איז אָך און ווי צום אָרימאַן — רייסט זיך אַרויס פ'ן איר מיט ביטערניש.

— אמת, אמת שוועסטער — זיפצט חנה צו.

ס'קומט אַריין חנהס מאַן, יצחק. ער טראָגט אַ געפּאַסט מעלאַנזשן רעקל, אַ זיידן טיכל אויפן האַלדז און אַ זיידן היטל אויפן קאָפּ. ער איז דין און גייט שטייף, ווי אַ כלה־מיידל, פאַרמאָגט אַ דינע נאָז, אַ שפּיציק קאָזע־בערדל און שטעכע־דיקע שטילע אויגן, וואָס זענען שטענדיק באַהאַלטן הינטער אַראָפּגעלאָזטע וויעס. ער קומט איצט אַריין אין געוועלב מיטן טלית־זאַק אונטערן אָרעם, אפּנים, ער איילט זיך צום דאַווענען. נאָר אַזוי, ווי ער טרעפט דאָ דעם ווייבס אָרימע שוועסטער, פאַרשטייט ער, אַז צוקומען פון איר זיין דאָ וועט אים נישט... לייגט ער אַוועק דעם טלית־זאַק, מאַכט זיך דאָרט עפּעס חשבונען און קוקט מיט באַהאַלטענע בליקן אַ יפן ווייב און אויף דער שוועסטער.

מאַשע, ביים דערבליקן אים אַריינקומען, ווערט אַ ביסל צעמישט. זי זיצט איינגעקורטשעט, האַלט די הענט לויז פון זיך אַוועקגענומען — דאָס פּישל זאָל אין בוזעם האָבן מער רוים און זי אַ ביסל מנוחה לאָזן.

— האָסט עפּעס געלייזט? — פרעגט ער ס'ווייב.

— ניין, נאָך דערוויל גאָרנישט.

— פאַרשטייט זיך — מאַכט ער שיער מיט פריידי און קוקט אויף דעם ווייבס שוועסטער מיט נצחון — ס'איז היינט פעליקער זומער, פאַרן שניט, ביי וועמען זאָל מען לייזן?

נאָך אַ ווײַלע טוט ער זיך אַ ווענד צום ווײַב:

— ווּעסט אפשר איצט אַ גיי טון קויפן, וועל איך דאָ צוּוואַרטן.

— וואָס עפּעס איצט? — פרעגט זי צוריק מיט פאַר־איבל. — שפּעטער איז אויך צייט; ס'וועט היינט זײַן הייס, וועט זײַן ביליק פיש...

— פיש זאָלסטו אינגאַנצן נישט קויפן — זאָגט ער מיט כעס, — מען דאַרף נישט די פישערס רײַך צו מאַכן.

— מאַשע זאָגט, אַז ס'איז ביליק.

— אפשר איז ביליק פאַר מאַשען — זאָגט ער מיט באַטאָנען דאָס וואָרט „מאַשע" — איך האָב נישט קיין געלט אָנצושטאָפּן די פישערס.

דאָס ווײַב קוקט אים אויסטערליש אָן, זי ווייסט, אַז שטענדיק יאָגט ער זי אײַנקויפן, אפילו ווען ס'איז טייער, — פאַרשטייט זי נישט, וואָס ס'איז היינט מיט אים געשען. זי קוקט אומרויִק: אפשר האָט ער ביי עפּעס געהאַט אַ גרויסן שאָדן, און איר נישט דערציילט.

מאַשע זיצט ווי אַ טרושיקל שטיל און אײַנגעהויקערט. חנה רופט זיך אָן:

— מאָרגן איז ראש־חודש, שבת ראש־חודש...

— אַלצאיינס, אַלצאיינס — פסקנט ער אָפּ — מ'מוז לעבן לויט די פאַרדינסטן; אַ סך האָסטו די וואָך פאַראי־בעריקט?

מאַשע טוט שטיל אַ זיפץ, דערהייבט זיך אַװעקצוגיין.

— וואָרט, מאַשע — זאָגט די שוועסטער — וועט מען גיין צוזאַמען וועגן פיש.

זי טוט איר אַ ווונק מיט אַ בליק אַרויס צום מאַרק, ווו מ'שטייט מיט באַליעס.

— נו, דיין מאַן הייסט דאָך נישט קויפן — רעדט מאַ־שע קוים אַרויס.

— וואָס, איך פרעג דען אים! ער האָט דאָך מיר אַ דעה צו זאָגן! — רעדט חנה הויך, אַרויספאָדערנדיק.

איצט נעמט יצחק רעדן איידל, מיט אַ שטילער גיטי־קייט.

— נאָר אפשר וויל דיר די שוועסטער צו־הילף קומען ביים...

— נו, אוודאי, פון איר מאָנס פרנסה, פון אײַנקאַסירן חברה־געלט וועט זי דיר קויפן פיש! וואָלסט דיך שוין גע־שעמט חוזק צו מאַכן! — שרייט זי שוין.

מאַשע דרייט זיך אויף דעם שטול. דאָס פישל אין איר בוזעם וואַרפט זיך, ווי איר האַרץ. זי האָט מורא זיך אויפ־צושטעלן, זי זיצט, הערט ווי מאַן־און־ווײַב האָבן זיך צערעדט וועגן פיש... דאָס געמיט וויינט אין איר. זי טראַכט:

„דאָס איז מיין שטראָף, כ'האָב נישט געדאַרפט קויפן דעם פיש".

יצחק ווידער זעט אויס, ווי ער וואָלט באַפאַלן געוואָרן פון אַ פיש־משוגעת. ער פאַרשטייט, אַז דאָס, וואָס ס'ווײַב זיינס הייסט די שוועסטער וואַרטן, מיינט, אַז זי וועט נישט נאָר זיך, נאָר אויך פאַר דער שוועסטער קויפן פיש, דאָס מאַכט אים בייזבלוטיק און גאַליק. ער האַלט אין איין רעדן און איבעררעדן: פיש, פיש, פיש....

מאַשע זיצט אין געהאַקטע צרות. ס'פישל טאַנצט איר אין בוזעם, אַזש אַ שווייס שלאָגט אויף איר אַרויס.

אין דעם קומט אַריין אַ ייד מיט אַ פאַרקאַלטנטער שוואַרצער באָרד. דאָס איז לייביש, מאַשעס מאַן. ער ווענדט זיך צו זיין ווײַב עפּעס אויף זיין לשון, וואָס איז פאַר אַ זייטיקן שווער צו פאַרשטיין, נאָר דאָס דאַרף הייסן:

— מאַש, גיב מיר דריי גראָשן, כ'דאַרף...

צוּוואָס ער דאַרף די דריי גראָשן, איז שווער צו פאַר־שטיין. מאַשע געפינט איצט אַ גוטע געלעגנהייט זיך אַרויס־צוקריגן שוין אַפילו אָן דער שוועסטערס שבת־גאָב. לייביש גייט צו צו יצחקן בעטן אַ פּאַפּיראָס. דעמאָלט נוצט מאַשע אויס, וואָס אַלע קוקן פונקט נישט אויף איר און זי טוט זיך אַ דערהייב. דער דערהייב אירער איז אָבער אַזאַ אומגעלומ־פּערטער, אַז דאָס טוך פאַלט איר אַראָפּ פון די אַקסלען. איצט איז נישטאָ קיין ברירה: זי וועט דאָך נישט הייסן חנהן איר דאָס טוך אַרויפגעבן — בייגט זי זיך אַראָפּ אויפצוהייבן דאָס טוך, און ווען זי טוט זיך אַזוי אַ בייג, טוט פונקט דער פיש אַ טאַנץ אין איר בוזעם און די יאַקע גיט זיך אַ טרייסל... דאָס באַמערקט חנה. זי זעט ווי ביי דער שוועסטער שפרינגט עפּעס אין בוזעם, שפרינגט אַרויף און אַראָפּ...

געוואַלט! — שרייט חנה אויס, וואָס איז דאָס?

איידער וואָס און ווען, טוט זי ראַפּטום אַ ריס די שוועס־טער ביי דער בלוזקע, ווייל זי מיינט, אַז דאָרט האָט זיך אַרייַנגעקריגן אַ מויז און שפרינגט אַרום... פון דער בלוזקע טוט עפּעס אַ פאַל און אויף דער ערד, נעמט זיך וואַרפן אַ לעבעדיקער קאַרפּ...

חלק שמיני — אַכטער טייל

## תוכן / אינהאלט

№45

רעדאקציע און אדמיניסטראציע:
א. מענדעלעוויטש, ווילון, נארוטאוויטשא 14.

אדרעס פון רעדאקציע און אדמיניסטראציע:
J. Mendlewicz, Wieluń, Narutowicza 14

פארן אינהאלט פון די אנאנסן איז די רעדאקציע נישט פאראנטווארטליך.

אנאנסן-פרייז פאר א מילימעטער-שורה:
פארן טעקסט: 40 גראשן. נאכן טעקסט: 20 גר.
אין טעקסט: 80 גראשן.

פרייזן און די לעצטע זייט האלבע 8 אנאנסן-פאלטן.

פרייז 15 גראשן

WIELUNER CAJTUNG

# ווילונער צייטונג

ערשיינט יעדע פרייטאג.

Piątek 11 listopada 1938 | ליכט-צינדן 3.34 | פרייטאג ו'ירא פ' י"ו מרחשון תרצ"ט

---

№ 19 (15)6 פירטער יארגאנג

פרייז 15 גראשן

Wieluner Leben
Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

ווילונער
אסטראנאמישער קאלענדאר
פ' בהר

פרייטאג, ל"ד לעומר: י"ט אייר, דעם 20־טן מאי:
זון אויפגאנג 3.49; זון אונטערגאנג 19.37; גרויס פון טאג 15.48; גרעסטער דער טאג (געגען פארגאנגענע וואך שבת 0.19; ליכט צינדן — 19.22

שבת, ל"ה לעומר: כ' אייר, דעם 21־טן מאי:
זון אויפגאנג 3.48; זון אינטערגאנג 19.37; גרויס פון טאג 15.49; גרעסטער דער טאג 0.1; ליכט צינדן 20.49
יסיפון

אדרעס פון רעדאקציע און אדמיניסט.:
„Wieluner Leben"
Wieluń ul. Śląska 11

געלד־איבערווייזונגען:
Ch. Bornsztejn Skrz. pocz. 60

אבאנאמענטס-פרייז:
חודש: — — 60 גר.
פערטל-יאהר — 1.60

אנאנסן צו צוגענגליכע פרייזן.
פארן אינהאלט פון די אנאנסן איז די רעדאקציע נישט פאראנטווארטליך.

די רעדאקציע איז טעטיג יעדן זונטאג, מאנטאג און דינסטאג פון 8—9 אוו. אין אייגענעם לאקאל אויף שלאנסקא 11.

# ווילונער לעבען

צ י ו נ י ס ט י ש ו ו א כ ע נ ב ל א ט

Wieluń, dn. 20 maja 1938 r. | ווילון, פרייטאג, י"ט אייר תרצ"ח

---

№ 21   7-טער יארגאנג

פרייז 15 גר.

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

„DI-CAJT"

אבאנאמענטס-פרייז:
אין לאנד: א חודש 60 גראשן,
אין אויסלאנד: א חודש 3 פר. פראנק.

פארן אינהאלט פון די אנאנסן איז די רעדאקציע נישט פאראנטווארטליך. — מאנוסקריפטן ווערן נישט צוריקגעשיקט.

אדרעס פון רעדאקציע און אדמיניסטראציע:
CZĘSTOCHOWA, ul. WARSZAWSKA 23.

Radomsko, M. Wołkowicz
Pl. 3-go Maja.
Przedbórz, Z. Tyberg.

אבטיילונגען:
Wieluń, J. Szaja,
Pl. Legionów 10, Tel. 607

# ווילונער צייט

אומפארטייאיש-ליטעראריש-געזעלשאפטליך-וואכענבלאט

---

UNZER WIELUNER CAJT

פרייז 15 גראשן

JEDNODNIÓWKA

## אכטונג חלוץ בעל-מלאכה!

שבת פינקטליך 11 פרי קומט פאר אין לאקאל פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, שלאנסקא 11 די

ווענעכטליכע שיחת חברים

אלע מיטגלידער און סימפאטיקער ווערן איבערגעבעטן פינקטליך צו קומען דער קאמיטעט.

אײלט אײך צום גליק! — די צייט איז קורץ!
ראשון אין א בעגרעניצטער צאהל צו בעקומען אין די איינציגע מזלדיגע און גליקליכע קאלעקטור, וואו עס פאלן די גרעסטע געווינסטן, פון
א. ארענדארטשיק ווילון, באריטש 11

בעמערקונג: ביי די פאריגע 5. געווינסטן אויף די נומערן 86009 — 2500 זל., 5440 — 1000, 86003—1000, 115257—1000, 156349—1000. די יעצטיגע לאטעריע בעקומט דער פערשפילטער פון אלע 4 קלאסן א 5 קלאס אומזיסט און צוגעווינען א סומע פון 370 טויזנט זל.

# אונזער ווילונער צייט

Wieluń, dn. 31 maja 1935 | ליכט-צינדן 7,30 | ווילון, פרייטאג פ' במדבר כ"ח אייר תרצ"ה

---

# ווילונער צייטונג

אנאנסן-פרייז פאר א מילימעטער-שורה:
פארן טעקסט: 40 גראשן. נאכן טעקסט: 20 גראשן.
אין טעקסט: 80 גראשן.
ערשטע און די לעצטע זייט האלב 8 אנאנסן-שפאלטן.

ערשיינט יעדע פרייטאג.
רעדאקציע און אדמיניסטראציע: טשענסטאכאוו, אלעע 6.
אדרעס פון ווילונער אבטיילונג:
א. מענדעלעוויטש, ווילון, נארוטאוויטשא 14

אדרעס פון רעדאקציע און אדמיניסט.
CZĘSTOCHOWA, ALEJA 6. — TEL. 22-01
פארן אינהאלט פון די אנאנסן איז די רעדאקציע נישט פאראנטווארטליך.

Piątek, dnia 27 lipca 1934 r. | ליכט-צינדן 7.17 | פרייטאג, פ' ואתחנן, ט"ו מנחם אב תרצ"ד.

ב. הערמאַנאָוויטש

# געדענק און פאַרגעס נישט!

ביי קיין איינער פון די זעקס זכירות, וואָס יידן זאָגן יעדן פרימאָרגן, נאָכן דאַוונען, אַחוץ ביי דער זכירה פון מחיית עמלק, געפינען מיר די טאָפּלטע אזהרה: זכור ואל תשכח — געדענק און פאַרגעס נישט! אַפּנים, אַז די דאָזיקע זכירה איז באַזונדערס וויכטיק, וויכטיקער אַפילו פון יציאת מצרים און קדושת שבת. ווען מ׳מוז דערוועגן טאָפּלט וואָרענען: געדענק און פאַרגעסט נישט! ביי די איבעריקע פינף זכירות איז גענוג בלויז איין וואָרענונג: „געדענק!” אָדער „פאַרגעס נישט!”. ביי מחיית עמלק אָבער זענען נייטיק ביידע.

אין דער זכירה וועגן מחיית עמלק ווערט צוו. אַנד. געזאָגט: געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטון, ווען דו ביסט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים!... אַז גאָט וועט דיר געבן מנוחה פון אַלע דיינע אַרומיקע שונאים: זאָלסטו אָפּמעקן עמלקס געדעכעניש — פאַרגעס נישט!

וואָס האָט עמלק געוואָלט פון יידישן פאָלק? ער האָט געוואָלט — אויסנוצנדיק די שוואַכקייט, באָדנלאָזיקייט און די האַלב־קנעכטשאַפט פון יידישן פאָלק — אומברענגען, פאַרטיליקן און פאַרניכטן דאָס דאָזיקע פאָלק. אָט דאָס איז פיל וויכטיקער צו געדענקען און נישט צו פאַרגעסן — ווי אַפילו די נסים פון יציאת מצרים, מעמד הר סיני (קבלת התורה) און די הייליקייט פון שבת, ווייל דאָרט ווו ס׳דראָט אַ סכנה דעם קיום העם, ווערן אַלע אַנדערע זאַכן ווי וויכטיק און ווי עיקר־דיק זיי זאָלן נישט זיין — אָפּגערוקט אָן אַ זייט.

*

פיל יאָרן חזרן מיר טאָג־טעגלעך איבער דעם „ימח שמו וזכרו” און עמלקס נאָמען, וואָס איז, ליידער, ביזן היינטיקן טאָג נאָך נישט אויסגעמעקט. עמלק, דער סימבאָל פון רשעות, געמיינקייט און אומגערעכטיקייט, לעבט און עקזיסטירט, און ווידעראַמאָל האָט זיך עמלק אויסגעקליבן יידן אַלס צילברעט און ווידעראַמאָל האַלט ער אשר קרך (לויט אַ טייל מפרשים: וואָס האָט דיך קאַלט געמאַכט אויפן וועג) און ביים ואתה עיף ויגע — ווידעראַמאָל האַלט עס דערביי אַז עמלק זאָל וועלן פאַרווירקלעכן זיין ציל: להשמיד, להרוג ולאבד...

געדענק און פאַרגעס נישט, ייד! דער עמלק פון 1939 איז נישט געוועזן אַנדערש פון יענעם עמלק מיט טויזנטער יאָרן צוריק. פאַרקערט: נאָך מוראדיקער, נאָך אַכזריותדיקער. ביידע האָבן געהאַט איין און דעם זעלבן ציל: אומצוברענגען און צו פאַרניכטן דאָס יידישע פאָלק. אנשים, נשים וטף. ביידע, דער היינטיקער, פונקט ווי יענער, קלויבן זיך עס צו טון, אָט דווקא אין מאָמענט ווען מיר האַלטן „בדרך” — אויפן וועג צו באַפרייאונג, אַ פאָלק צו ווערן.

געדענק און פאַרגעס נישט!

(„ווילנער לעבן”, 18 אויגוסט 1939)

חיים ברונשטיין

# לך ד׳ הצדקה

כשהצדיק מטריסק, רבי אברהם זי״ע, נתעכב פעם מלילך לבית המדרש לסליחות ונשאל על דבר זה ע״י נכדו, השיבו, שאינו מוכן עדיין, ההתחלה מיד של הסליחות אינה מחוורת לו: „לך ד׳ הצדקה״, במה? בנוהג שבעולם, אב שיש לו בן אף שאינו הגון חס ושלום, הריהו מיטיב עמו, כדי שלא יתקלקל יותר, קל וחומר בני ישראל שהם טובים וישרים — כך התאונן הצדיק מבריסק זי״ע.

— ואנן מה נענה אבתריה? איך נצדיק עלינו את הדין, איך נצדיק עלינו את הקרבנות שאנחנו מביאים והם מרוצים לפניו, כביכול, מפני „שבאים מן הנרדפים ולא מן הרודפים״, איך נצדיק זאת? קומץ סולת, אמרו חכמינו ז״ל, די לך לקרבן ופה נפשות אדם, נפשות רכות ועולי ימים, נשמות מפרפרות ומפרכסות עליך בכל הבמות ובכל המזבחות, בכל הר גבוה ובכל אי נדח ואינן עולות עדיין לרצון לפניך. האם זהו הצדק? האם קרבנות האדם אינם מריחים לפניך, למצער כמו קרבנות בהמה מלפנים והיום, אך ורק מפני שמבני ישראל המה?

„בראש השנה יכתבו: מי יחיה ומי ימות״. אדרבא אמרו נא אתם כולכם, השוכנים בשמי השמים ועומדים לדון עמים, אמרו, האם שנה שנה, זה אלפיים מחזורים, ראיתם את כל העמים, אלה הדורסים והחומסים, אלה המאנסים והמענים, אלה המדכאים והמשברים אותנו, — האם את אלה ראיתם בתור אנשי צדק, בתור כנים וישרים, ועל אלה פסקתם את פסוקכם: — „לחיים״. ולאלה הנדכאים והנסבלים, הנשחטים והנערפים: לאלה אשר יום יום, ובכל רגע פושטים את צואריהם לשחיטה — לאלה דנתם את דינכם: „מיתה״! הזאת היא צדקה?

„כי תראה חמור שונאך רובץ תחת משאו — עזוב תעזוב עמו״. נצטוינו לרחם אף על חמורו של השונא, ואתה ה„אל מלא רחמים״, הנך מחפש ביחד עם הפמליא שלך צל ובת־צל של חטא על עם שלם, על עם אשר רובץ תחת משאו לבלי נשוא, על ה„בן יקר״ שלך, הזהו משפט וצדקה?

„ולנו בושת הפנים״. זוהי אחת וחבל על המידה הזו שנטועה בנו. אנו מתביישים להגיד מה שיש בלבנו, ועי״ז אנחנו ממיתים בנו רגשות רבים אשר היו צריכים לשמש לנו עמודי אש, ושיתוו לנו את הדרך אשר בה נלך; תפילה אחת יש בין כל ה„אבינו מלכנו״ אשר תחובה שם בין עשרות התפילות והתביישנו להעמידה בראש — „נקום נקמת דם עבדיך השפוך״. כן, לנקמה אנחנו שואפים. „אשרי שיאחז ונפץ את עולליך אל הסלע״ יאמר בעל התהלים, אל נתבייש מזה.

„תמות נפשי עם הפלישתים״ הוא צד של יחיד או עם, אשר מתקלסים בו ומעמידים אותו לצחוק ולשימצה, ואם לתפילה הזו אתה, אלקי, תקשיב — אזי נסיק לרישא דקרא: „ולך ד׳ הצדקה״ — באמת...

(מאמר לראש־השנה ב„ווילנער לעבען״ (120) 35
מיום כ״ז אלול תרצ״ז — 3 באוגוסט 1937)

**יוסף שאַיא**

# ד״ר פייטל לעווין

מיטן טויט פון דענטיסט פ. לעווין איז אַוועק איינער פון די אָנגעזעענסטע, וויכטיקע און שענסטע פּערזענלעכ־קייטן אין אונדזער שטאָט.

דענטיסט פייטל לעווין איז געווען אַ יידישער אינטע־ליגענט און גלייכצייטיק אַן אייראָפּייער אין פולן זין פון וואָרט. דערביי אויך אַ תלמיד חכם, אַ תלמודיסט און קע־נער פון די אַלטע און נייע העברעיִשע ליטעראַטור. ער איז געווען אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע פון יידישן און אַלגע־מיינעם וויסן און געהאַט געזונטע און גראַדליניקע אָנשוי־אונגען און אויסגעהאַלטענע שיטה וועגן אַלע פראַגן — הן פילאָזאָפישע, הן פּאָליטישע און ליטעראַרישע.

זייענדיק אַ פרייַדענקער און נישט זעענדיק קיין אויס־וועג, קיין צוקונפט פאַרן יידישן פאָלק, איז ער געווען אַן אָנהענגער פון דער דעמאָלדיקער שיטה פון אַסימילאַציע, שפּע־טער לעווין אַן אנהענגער פון ציוניזם פון יודענשטאַט אין זין פון דר׳ מאַקס נאָרדוי.

לעווין גיט מיט באַגייסטערונג פאַר די ארץ־ישראל קרנות פאַרהעלטניסמעסיק די גרעסטע שפּענדן און איינ־ספּירירט אויך אַנדערע צו שפּענדן.

דענטיסט לעווין שטייט אין דער שפּיץ פון קרן היסוד־קאָמיטעט און באַטייליקט זיך אין אַלע ציוניסטישע אימ־פּרעזן און אין אַנשטאַלטן.

גרויס זאָרג און עגמת־נפש פאַרשאַפט לעווינען דער לאַנגזאַמער טעמפּאָ פון ארץ־ישראל אויפבוי. לעצטנס איז ער געוואָרן נוטה צו די שיטה פון שטאַרקער־האַנט פון זשאַבאָטינסקין.

אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכע לייסטונגען האָט לע־ווין פאַרנומען דעם אויבנאָן אין אונדזער שטאָט, זיין לעבן איז געווען אַ קייט פון התעסקות בצרכי ציבור, פון שתדל־נות און אינטערווענצן.

נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבנדיק אַ צו־טריט צו דער רוסישער געזעלשאַפט און טשינאָווניקעס, האָט ער פיל יידן געראַטעוועט פון גרויסע אומגליקן, איבערהויפּט ביים מלחמה־אויסברוך אין יאָר 1914.

בעת די מלחמה־יאָרן אָרגאַניזירט לעווין די יידישע האַנטווערקער און גרינדעט דעם פאַראיין און קאָאָפּעראַטיוו פון די האַנטווערקער, וווּ ער שטייט לאַנגע יאָרן אין שפּיץ. ער האָט זיך דערוואָרבן אַנערקענונג, רעספּעקט און ליבע.

מיט דער באַפרייִונג פון פּוילן, ווען ס׳איז אַדורך די כוואַליע פון פּאָגראָמען, נישט אויסמיידנדיק אויך ווילון, פאָרט לעווין קיין וואַרשע אין שליחות צו אינטערווענירן ביי דער מאַכט.

דענטיסט לעווין איז אויך געווען לאַנג־יאָריקער לאַווניק פון ווילנער מאַגיסטראַט. לאַנג־יאָריקער וויצע־פּרעזעס און שפּעטער פּרעזעס פון קהילה־ראַט, אויך פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער באַנק ספּולדזשעלטשי, זינט איר אַנטשטיי־אונג.

אין די אַלע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן האָט זיך לע־ווין אויסגעצייכנט מיט זיין ערליכקייט, מיט זיין ריינעם גע־וויסן, מיט זיין טוען אַלץ לשמה.

די לעצטע חדשים האָט לעווין געליטן פון האַרץ־קראַנקייט. זונטיק דעם 3טן יולי 1932, ביים פרישטיק, האָט ער באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט פון זיין פרוכטבאַר לעבן אין עלטער פון 59 יאָר.

זיין טויט האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער אין שטאָט. אין דער לויה האָט זיך באַטייליקט כמעט די גאַנצע שטאָט, און אויך אַ גרויסער טייל אַנגעזעענע קריסטן.

ביים אָפענעם קבר האָט אים מספּיד געווען דער פּרע־זעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע יעקב שאַיא, שיל־דערנדיק אין וואַרעמע ווערטער זיין אָפּפערוויליקייט פאַרן ארץ־ישראל אויפבוי, זיינע גרויסע פאַרדינסטן אויפן גע־זעלשאַפטלעכן געביט, זיין ערליכקייט און ריינער כאַראַק־טער.

עס האָט אויך מספּיד געווען דער וויצע־פּרעזעס פון האַנטווערקער־פאַראיין, מאכל לועל. ביי אַ געדריקטער און טרויעריקער שטימונג פאַרלאָזט דער עולם דאָס קבר.

כבוד זיין אָנדענק.

*

**ביאָגראַפישער נאָטיץ**

פייטל לעווין, געבוירן אין יאָר 1873 אין שטעטל קרעס־לאַווקע, דווינסקער גובערניע, (רוסלאַנד), ביי פרומע עלטערן פון רבנישער אָפּשטאַמונג. ער באַקומט אַ רעליגיעזע דער־ציונג. דער יונגער פייטל ווייזט אַרויס עילווישע פעיִקייטן, ער ווערט געשיקט אין דער וואָלאָזשינער ישיבה מיטן ציל צו ווערן אַ רב. אין דער זעלבער צייט לערנט ער געהיים אַל־געמיינע לימודים און באַלייגט אַן עקזאַמען פון זעקס קלאַסן גימנאַזיע. ער פאַרדינט גוט, ווערט אַ דערציער ביי אַ רייכן גוטבאַזיצער, מאַכט אַ רייזע קיין אַמעריקע, קומט צוריק קיין וואַרשע און שטודירט דענטיסטיק. ער האָט חתונה מיט אַ טאָכטער פון אַן אָנגעזעענער פאַמיליע. צו 29 יאָר באַזעצט ער זיך אין ווילון, פּראַקטיצירט אַלס דענטיסט און פירט גלייכצייטיק אַ פרוכטבאַרע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

„ווילונער צייט״ (וואָכנשריפט) נומ׳ 28, 8 יולי 1932.

# דער אָפּפאָר פון ח' משה מענדלעוויטש מיט זיין פאַמיליע קיין ארץ־ישראל

שבת, דעם 25סטן ד.ח. איז אין לאָקאַל פון „פּועלי־ציון (פאַר. מיט צ.ס.) פאַרגעקומען אַ גראַנדיעזע געזעגענונגס־פאַרזאַמלונג צום אָפּפאָר פון ח' משה מענדלעוויטש מיט זיין פאַמיליע קיין א"י.

צו דער באַשטימטער צייט איז דער לאָקאַל געווען געפּאַקט מיט אַ גרויסן עולם, חברים פון „פּועלי־ציון" „פריי־הייט", „ליגע", „החלוץ" און „העובד".

אין נאָמען פון פּאַרטיי־קאָמיטעט דערעפנט די פאַרזאַמלונג ח' יעקב הערשליקאָוויטש, וועלכער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיטן ח' משה אויפן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן געביט העכער 20 יאָר. ער געזעגנט אים אין נאָמען פון דער עלטערער פּלעיאַדע, וועמענס דערציער און פירער משה איז געווען.

אין נאָמען פון דער אָרג. רעדט ח' מאיר מייזלער, ער שילדערט משהן אַלס מוסטער וועלכער האָט אין דער שווערסטער צייט פון ציוניזם נישט רעזיגנירט, נאָך אויפגעמונטערט די יוגנט. אַליין לויט די יאָרן אַן עלטערער — אָבער אין גייסט גאָר יונג, כאָטש אַ בעל־משפחה, — האָט ער זיך איינגעלעבט מיט דער יוגנט. זיין שטוב איז אייביק געווען אַ בית־ועד פאַר דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער משפחה, ווו עס האָט געהערשט די בעסטע אַטמאָספער, וואָס עס האָט געשאַפן די חברה מענדלעוויטש, וועלכע איז אַן אידעאַלער טיפּ פון אַן איבערגעגעבענע פּרוי און חברה.

חבר פּנחס ברוים דערציילט ווי אַזוי די חברים משה און מירל מענדלעוויטש האָבן אַדורכגעלעבט אַלע אומוואַנדלונגען ביז עס איז געלונגען צו שאַפן אין ווילנע די „פּועלי־ציון" (צ.ס.), „פרייהייט" און ליגע, וועלכע זיי האָבן געהאָדעוועט און געצערטלט ווי אייגענע קינדער. ער ווייזט אָן אויף די גרויסע שוועריקייטן וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אויפן וועג פון פאַרווירקלעכן זייער לעבנס־ציל און ווינטשט זיי, אַנשטאָט די ביז איצטיקע דערנער, זאָל זייער וועג באַצירט זיין מיט רויזן. תחת הקוץ יעלה ברוש.

אין נאָמען פון „העובד" רעדט ח' פייוויש מאַשקאָוויטש. ער ווייזט אָן, אַז דער ח' משה איז געווען דאָס האַרץ און דער קאָפּ פון דער אָרגאַניזאַציע, און האָט קיינמאָל נישט געפּילט דעם אייגענעם „איך", דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן געווידמעט דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט נאָך פון דער פאַרמלחמהדיקער חובבי שפת עבר — איבער דער טייהאַלע פאַר אָרעמע אָנהייב מלחמה, „יוגנט־פאַראיין" „צעירי־ציון", „ליגע", „פּועלי־ציון", ביז „העובד" ביים היינטיקן טאָג, שטענדיק אין זיך פאַרגעסן, טייל מאָל דעם ביסן פון די קינדערס מויל אָפּגעשפּאָרט און געגעבן פאַר ציוניסטישער אַרבעט. דער מזג טוב, וואָס האָט געזאָרגט ווי אַ געטרייער פאָטער, נישט בלויז פאַר דער אָרגאַניזאַציע, נאָר אַפילו פאַר יעדן חבר באַזונדער און מיט ראָט און טאָט יעדן געהאָלפן. מען דאַרף אויספילן דעם בלויז, וואָס עס וועט ווערן מיטן אָפּפאָר פון ח' משה, דורך פאַרשטאַרקן די אַרבעט און שפּינען וויטער דעם פאָדים. דאָס וועט זיין די מתנה פאַרן חבר משה.

אין אַ גלענצעדיקער רעדע געזעגנט אין נאָמען פון „פרייהייט" ח' אברהם קשעפּיצקי, וועגן דער דערציאונג וואָס די חברים מענדלעוויטש האָבן געגעבן זייערע קינדער, וועלכע זיי האָבן דערצויגן אַלס פרייע מענטשן, אין גייסט פון פּועלי־ציוניזם, שטענדיק וואָרט אין טאָט פאַרוואַנדלט. די „פרייהייט" וועט גיין אין די אָנגעוויזענע דורך זיי וועגן.

אין נאָמען פון יינגסטן שיכט געזעגנט דער חבר ליטמאַנאָוויטש דעם יוגנטלעכן חיים יוסף מענדלעוויטש, וועלכער האָט אָנגעפירט מיטן סקויט.

דאָס וואָרט נעמט ח' משה מענדלעוויטש, וועלכער דאַנקט אַלע חברים פאַר דער אים אַרויסגעוויזענער האַרציקייט. אָבער עס זענען איבעריק די שבחים, וואָס מ'האָט אים דאָ אַרויסגעזאָגט, ווייל ער האָט קיין מאָל נישט געאַרבעט על מנת לקבל פּרס, אויב יאָ שכר זאָלן עס די חברים טוען אין דער פאָרם פון פאַרטאָפּלען די צאָל שקלים און פאַרטאָפּלען די צאָל שטימען פאַר דער ליסטע פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל צום 19טן ציוניסטישן קאָנגרעס.

מיטן געזאַנג פון דער פּועלי־ציון־שבועה איז די פאַרזאַמלונג געשלאָסן געוואָרן.

זונטיק, 8 פרי, האָבן זיך אויפן נייעם מאַרק ביים אויטאָ פאַרזאַמלט הונדערטער חברים און פריינד, וועלכע האָבן האַרציק געזעגנט און באַגלייט די עולים, ווינטשנדיק זיי אויף זייער נייעם לעבנס־וועג — צאתכם לשלום!

**פ. מ.**

(„אונזער ווילנער צייט", פרייטיק, 31 מאַי 1935)

# יערלעכע אלגעמיינע פארזאמלונג פון „לינת הצדק"

זונטיק דעם 28טן אַפּריל איז אין אייגענעם לאָקאַל פאַרגעקומען די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון „לינת־הצדק". שוין לאַנגע יאָרן ווי ס׳האָט זיך נישט פאַרזאַמלט אַזאַ גרויסער עולם צו אַ יערלעכער פאַרזאַמלונג. די סיבה איז געווען, וואָס ס׳האָט זיך געשאַפן אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע קעגן דער פאַרוואַלטונג, און ביידע צדדים האָבן זיך באַמיט צו זיין צאַלרייך פאַרטרעטן.

פאַרן עפענען די פאַרזאַמלונג ווערט באַערט מיט אויפשטיין דער אַנדענק פון פאַרשטאָרבענעם לאַנג־יעריקן פרעזעס פון „לינת־הצדק" — שמואל סיטנער ז"ל.

ס׳ווערט דאַן אָפּגעגעבן באַריכטן פון דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון דער אַזוי נוצלעכער אינסטיטוציע, די גרויסע אָנשטרענגונגען און לייסטונגען פון דער פאַרוואַלטונג. (אַ גענויעם באַריכט וועלן מיר, צוליב מאַנגל אין פּלאַץ, געבן אין נאָענסטן נומער).

צום סוף איז געוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגענדן אופן:

פאַרזיצער — יעקב הערשבערג; וויצע־פאַרז. — ה. ל. שימאַנאָוויטש.

קאַסירער — אברהם ראַגאָווסקי.

סעקרעטאַר — העניך קרימאַלאָווסקי.

ווירטשאַפט־קאָמיסיע — ש. שפּיגעל, ראובן הערשבערג, דוד מאַסלאַ, מלך וואַלעצקי און א. קרימאַלאָווסקי.

אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זענען געוויילט געוואָרן: שמואל שאַיאַ, עוזר אויבערבוים און ח. ב. ניימאַן.

(„ווילנער צייט", נומ. 20, 3 מאַי 1935)

# א גלח פארשרייבט אין זיין צוואה זיין טייערסטן אנדענק פאר א יידישן סוחר

ווילון. אין דער גאַנצער היגער סביבה האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם פאָלגענדער העכסט־כאַראַקטעריסטישער פאַל:

דער היגער אַלטער יידישער סוחר, ה. ז. כאַרלופסקי, איז זינט יאָרן געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די אַלע אַרומיקע פּריצישע הויפן ווי אויך גלחים. לעצטנס צוליב דער בויקאָטהעצע, האָבן פיל פּריצים אויפגעהערט מיט דעם ייד צו פירן געשעפטן. איצט איז פּלוצלונג געשטאָרבן דער גלח פון שכנותדיקן דאָרף. דער גלח האָט פאַר זיין טויט איבערגעלאָזט אַ צוואה, וועלכע ער האָט אָנגעזאָגט צו עפענען נאָך זיין טויט.

ווען מ׳האָט די צוואה אויפגעעפנט, האָט די פאַמיליע צו איר גרויס ערשטוינונג פעסטגעשטעלט, אַז דער פאַרשטאָרבענער גלח, האָט אָפּגעשריבן זיין טייערסטע פרזענדלעכע אַנדענקונג, אַ ירושה־שטעקן פון דורות געשמידט פון גאָלד און זילבער, וועלכער דער גלח האָט גערירשנט פון זיין אָדעלשטאַם דעם יידישן סוחר כאַרלופסקי.

אין דער צוואה שרייבט דער גלח, אַז ער האָט במשך פון די לאַנגע יאָרן, וואָס ער האָט געהאַנדלט מיט דעם ייד, זיך איבערצייגט אין דער אויסערגעוויינלעכער ערלעכקייט און טריישאַפט פון דעם ייד כאַרלופסקי, וואָס איז אַלע מאָל אין אַ עת־צרה געווען גרייט צו העלפן, און דעריבער קומט אים דעם שענסטן אַנדענק.

די צוואה פון דעם פאַרשטאָרבענעם גלח איז גלייך אויסגעפירט געוואָרן.

„ווילנער צייט" 1934

# צאתך לשלום, אחינו המפקד!

## (צום אָפּפאָר פון ח' חיים קשעפּיצקי)

ענדלעך ווערט דיין הייסער ווונטש מקוים. שוין מאָרגן פאָרסטו אָפּ אין לאַנד, וווהין עס באַגערן און ס'זענען געוואַנדן די אויגן פון דער גאַנצער יידישער נאַציאָנאַלער יוגנט אין גלות. פאָרסט אָפּ קיין ארץ־ישראל, דאָרט ווו ס'קומט פאָר די פאַרווירקלעכונג פון דעם לאַנגן טרוים פון פאַרוואָגלטן יידנטום; ווו ס'ווערט ווידער אויפגעבויט דאָס אַמאָליקע פרייע לאַנד פאַר זיינע אמתע בעלי־בתים, אין דעם לאַנד פון יידישן רענעסאַנס, פון יידישער ווידערגעבורט.

אונדזער מפקד האָט, זינט דעם מאָמענט פון באַקומען דעם ציוניסטישן באַוווסטזיין, זיך איבערגעגעבן מיטן גאַנצן ברען פון זיין יוגנטלעכע נשמה צו דער ציוניסטישער אידעע, און וואָס וויכטיקער, דער ציוניסטישער אַרבעט, טאָג־טעג־לעכער שווערער, אָפט נישט גאַנץ אנגענעמער אַרבעט. געווען איינער אַליין אין דער משפחה פון די „אַלטע ציונים", און דאַן זיך מיט זיי אַזוי גוט איינגעלעבט און איינגעאַרבעט.

און איז אין דעם ציוניזם אַ נייער שטראָם — דער רעווי־זיאָניזם — דורכגעגאַנגען. האָט ער זיך אין דער דאָזיקער אידעע אָנגעשלאָסן, געוואָרן געשטאַרקט און באַגייסטערט, ווייל פאַרשטייענדיק דעם מהות פון ציוניזם, האָט ער נישט אַנדערש, נאָר אין אויפבוי פון אַן אמתע יידישע מלוכה זיין פאַרווירקלעכונג געזעען. און דאַן וואַרפט ער זיך מיט דער גרעסטער התלהבות צו דער אָרגאַניזירונג פון דער יוגנט פאַר דער דאָזיקער אידעע. ער שאַפט דעם „ברית טרומפּלדור", וואָס אַנטוויקלט זיך כסדר, אין וועלכן ער לייסטעט די גאַנצע צייט, ער אַכטעט נישט אויף דעם בטול, און אָפּטמאָל שפּאָט פון „גוטע פריינט" און קעגנער און טוט זיין אַרבעט בשלימות. ער ווערט דער רוח החיים פון דער יוגנט, די פּערסאָניפיצירונג פון דער יוגנטלעכקייט און אַקטיוויטעט. און נישט בלויז די יוגנט האָט ער גערופן און געוועקט, אויך צווישן די עלטערע ציוניסטישע גענעראַציע האָט ער דעם יוגנט־גייסט געטראָגן און פאַרשפרייט. ס'איז אים צוגעפאַלן די ראָל אויך נישט לאָזן פאַרשלאָפן און רוען. און מיט זיין יוגנטלעכער עקשנות־דיקייט האָט ער זיי באַאיינפלוסט, צום לעבן גערופן צו מעשים באַוויגן.

ליבער אח מפקד! דיין אומבאַגרענעצטער גלויבן אין דער ריכטיקייט און דער יושרדיקייט פון ציוניזם האָט דיך אין זיינע רייען געברענגט און צו טעטיקייט באַוויגן, דיין אַנט־שלאָסענער און אומאונטערבראָכענער ווילן צו זעען דעם ציוניזם פאַרפולקאָמט, פירט דיך גלייך אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

דו ווייסט עס מסתמא, אַז אָפּפאָרנדיק קיין ארץ־ישראל, האָסטו דערמיט נאָכנישט דיין ציל דערגרייכט — ווערסט בלויז איבערגעפירט פון גלות אויפן פראָנט פון קאַמף פאַר אונדזער גערעכטער זאַך. אַ שווערע פיל מער פאַראַנטוואָרט־לעכע אַרבעט שטייט דיר דאָרט פאָר. מיט פיל מער ערנסט דאַרפסטו זיך צו איר צוגרייטן. געדענק עס און באַמי זיך ווירדיק דיין חוב לגבי דיין פאָלק צו דערפילן.

מיר ביתרים, וועלכע זענען דורך דיר צום לעבן גערופן געוואָרן, און דורך דיר באוואכט, געפירט און דערצויגן געוואָרן, באַגלייטן דיך צו דיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל מיט אונדזער טראַדיציאָנעלן יידישן —

צאתך לשלום! תל חי!

**קן ביתר ווילון**

„ווילונער צייט", יאַנואַר 1933

## געשאַפן דעם שקל־קאָמיטעט ביי אונדז אין שטאָט

שבת, דעם 7 מאי, איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון אַלג. ציוניסטישע אָרג. (שלאָנסקאַ 11) די ערשטע אָרגאַניזיר זיצונג פון שקל־קאָמיטעט אין אונדזער שטאָט. אין קאָמיטעט זענען אַריין פון „בלאָק פאַרן אַרב. א"י": קאפל לייזעראָוויטש, אברהם קשעפּיצקי, שמעון זיידמאַן, חיים לייב מאָשקאָוויטש, פייוויש יאַקובאָוויטש און ברוך קשעפּיצקי; ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע: זאב לעווקאָוויטש, שמואל ערליך און ברוך מאיר מילדמאַן; „מזרחי": יעקב הערשבערג און אברהם פאקולא; „וויצאָ": פרוי אסתר היידע; אלגעמיינע ציוניסטן ב': הער־שליק שאַיאַ.

צום אָנהויב פון דער אַקציע האָט דער קאָמיטעט באַשטעלט 1000 שקלים.

„ווילונער לעבן" נומער 18 (13 מאַי 1938)

# צום אפפאר פון ח' אברהם הענעך בעסער קיין ארץ־ישראל

מוצאי־שבת, פרשת ויק"פ האט „צעירי אגודת ישראל" איינגעאָרדנט אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע לכבוד דעם אַפּפאָר קיין ארץ־ישראל פון אברהם הענעך בעסער. ס'האָבן געהאַלטן געזעגענונגס־רעדעס ח' שמעון צוקער און אַנדערע פועלים און צעירים־פאַרשטייער. שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ מאַניפעס־טאַציע־צוג איבער די גאַסן, זינגענדיק פועלים־ און צעירים־לידער.

דעם זעלבן אָוונט איז אויך פאָרגעקומען אַ גראַנדיעזע פאָרשטעלונג פון „בית יעקב", וועלכע איז אַדורך זייער אימ־פּאָזאַנט.

*

לעצטנס איז ביי אונדז פאָרגעקומען אַ גרעסערע פרויען־פאַרזאַמלונג מיטן אַנטייל פון דער באַקאַנטער טאַלאַנטפולער אינסטרוקטאָרקע פרל. זנאַמיראָווסקאַ פון פּיעטריקאָוו. געשיקט פון דער בנות־צענטראַלע אין לאָדזש.

פרל. זנאַמיראָווסקאַ האָט געהאַלטן אַן אינהאַלטסרייכן רע־פעראַט, וואָס האָט באַגייסטערט אַלע אַנוועזנדיקע. דער באַזוך האָט אין שטאָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק.

נאָכן רעפעראַט פון פרל. ראַטענבערג, וועלכע האָט אָנ־געוויזן די אויפגאַבן און צילן פון „בית־יעקב", האָבן די שול־קינדער זייער געלונגען פאָרגעשטעלט „רות" (אין 5 אַקטן), ווי אויך אין פויליש „וואנדער" און אַנדערע דיאַלאָגן, דעקלאַ־מאַציעס און געזאַנג. אַלע אַנוועזנדיקע זענען געווען אַנטציקט.

**בן־צבי**

(„דאָס יידישע טאָגבלאַט", וואַרשע 9טן אַפּריל 1934)

*

וויעלון (קאָרעספּאָנדענץ)

לעצטנס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטיקל באַוועגונג צו רע־אָרגאַניזירן און צוריק אויפלעבן די „אגודה" פון אונדזער שטאָט, וועלכע האָט זיך שטענדיק גערעכנט צווישן די שטאַרק־סטע „אגודה"־פעסטונגען אין פוילן און איז היינט צו טאָג שטאַרק אָפּגעשוואַכט און פאַראַליזירט געוואָרן.



חברי „צעירי אגודת ישראל" לקראת עלייתו של אברהם העניך בסר (1934)

**חברים פון „צעירי אגודת ישראל", צום עולה זיין פון אברהם העניך בעסער קיין א"י אין יאָר 1934**

**שורה עליונה: ש. רינג, מ. ב. אייבשיץ, ו. הורוביץ, פ. כץ, ו. ברילנט; שורה שניה: א. ל. פולשינסקי, ש. מ. שיף, ש. גרין, פ. אורבך, ק. אהרונוביץ, מ.ל. רושצקי, ש.ד. קונופניצקי; יושבים: ה. קרימולובסקי, פ. הרשליקוביץ, מ.וו. גולדמן, א.ה. בסר, וו. גרין, א.ו. שמולביץ.**

עס איז לעצטנס געשאַפן געוואָרן אַ קרן־הישוב־קאָמיסיע פון די ה״ה מ. רובינשטיין, צ. אַרבאַך און מ. א. טאזביראָוויטש, וועלכע זענען צוגעטרעטן צו אַן ענערגישער און אינטענסיווער טעטיקייט.

גרויס סימפּאַטיע האָט זיך דערוואָרבן די בנות אגודת ישראל, וועלכע פירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט אויף אַלע געביטן און אָרדנט איין פון צייט צו צייט פאַרשידענע אינטערעסאַנטע פאַרזאַמלונגען, מיטן צוועק צו פאַרשפּרייטן דעם בנות־אידעאַל און צו פאַרגרעסערן די צאָל חברות.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמען אויך זייערע מיטינגען פאַר דער „בית־יעקב״־שולע, וועלכע געפינט זיך לעצטנס אין אַ זייער שווערן פינאַנציעלן מצב און וואָס נאָר אַ דאַנק זיי מיט נאָך אייניקע איבערגעגעבענע עסקנים, ווערט זי מיט גרויס מי דערהאַלטן.

(„דאָס יידישע טאָגבלאַט״, וואַרשע, 17 פעברואַר 1933)

# פון וויעלונער „אגודה״־לעבן

די היגע „בית יעקב״ שולע, וואָס עקזיסטירט שוין אַ רייע יאָרן, באַווייזנדיק דורך דער צייט צו דערציען אַ רעליגיעזע שטאָלץ פרויען־דור, איז ווידער אויפן שול־יאָר 1933־34 פריש רעאָרגאַניזירט געוואָרן, אַריינברענגענדיק פאַרשידענע אויסבעסערונגען, סיי אין לימודי חול, און סיי אין לימודי קודש.

לעצטנס זענען אויך פאַרגעקומען 2 עפנטלעכע פייערלעכע בחינות מיטן אָנטייל פון די נכבדי העיר, ווי הרב ר׳ העניך מו״ץ, דער אגודה פּרעזעס ר׳ זלמן האַראָוויץ א. א. די בחינות, וואָס זענען אָדורכגעפירט געוואָרן דורך די לערערין צעדערבוים האָט אַלעמען איבעראַשט און געמאַכט פשוט שטוינען, צוליב די קלאָסאַלע מאָס רעליגיעזן־באַוווסטזיין, און אָנגעהויערע מאָס אַלגעמיינע ידיעות, מיט וועלכע די קינדער זענען אָנגעזאַפּט.

ס׳זענען אויך דורך די שול־קינדער געהאַלטן געוואָרן אייניקע געלונגענע רעדעס אויף פאַרשידענע רעליגיעזע טעמעס. אַ רעפעראַט האָט אויך געהאַלטן דער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד ה׳ רובינשטיין, וועלכער האָט אין שטאַרקע ווערטער אָנגעוויזן אויף דער טרויעריקער דערשיינונג פון אַ באַדייטענדן טייל פון רעליגיעזע עלטערן, וועלכע זענען אַזוי גלייכגילטיק צו אַט דער אַזוי וויכטיקער דערציונגס־אינסטיטוציע.

די דאָזיקע צוויי בחינות האָבן אין שטאָט געמאַכט אַ גרויסן רושם, און ס׳איז דעריבער צו האָפן אַז די וויעלונער באַפעלקערונג וועט תיכף פאַרשרייבן די קינדער, כדי זיי צו דערציען אין אַן אמת׳ן רעליגיעזן־גייסט.

די גמילת־חסדים קאַסע, וואָס איז נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק מיט אַזוי פיל מי און שווייס געשאַפן געוואָרן, ווערנדיק איינע פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס אין אונדזער שטאָט, וואָס האָט שוין אין משך פון איר עקזיסטענץ געראַטעוועט צענטליקער פאַמיליעס פון אונטערגאַנג, לעבט לעצטנס איבער אַ שטאַרקן קריזיס, און דאָס צוליב דער אומדערהערטער גלייכגילטיקייט, וואָס עס הערשט ביי די עסקנים און באַצוג צו דער אַזוי וויכטיקער אינסטיטוציע.

מיר ווילן דעריבער דורך די שורות די וויעלונער באַפעלקערונג אויפמערקזאַם מאַכן, אַז אויב איר ווילט די אינסטיטוציע דערהאַלטן, טאָרט איר זיך, בשום אופן, נישט האַלטן פון די וואָס זוכה איז מלאכתן נעשה ע״י אחרים. ס׳מוזן זיך אָפּגעפינען עטלעכע עסקנים, וועלכע זאָלן תיכף די גמילת־חסדים קאַסע צוריקשטעלן אויף די געהעריקע הויך.

צוליב די לעצטנס פאַרגעקומענע סיכסוכים אין רייען פון צא״י איז פאַרגאַנגענעם זונטיק פאַרגעקומען די אַלגעמיינע יערליכע פאַרזאַמלונג, מיטן אָנטייל פון אַלע חברים. די פאַרזאַמלונג עפנט דער ה׳ אורבאַך. ער גיט איבער דעם פאָרזיץ דעם אנוועזענדן וויצע־פּרעזעס פון דער אגודה ה׳ מ. רובינשטיין, וועלכער האַלט אַ קורצע רעדע און ווייזט צו. אגב. אַן אַז אפילו קלענערע קאָנפליקטן דאַרפן בשום אופן נישט פאָרקומען צווישן אונדזערע חברים.

אין רעזולטאַט איז אין אַ פריינדליכע און גאַנץ רויקע אַטמאָספער געוויילט געוואָרן פאָלגנדיקע חברי־ועד: ק. אַראָנאָוויטש, וו. גרין, ה. אורבאַך, ש. גרין, מ. וואַלדמאַן, י. ד. סקשיניאַ, פ. ניעדזיעלע.

אונטער די קלאַנגען פון צעירים־הימן זענען זיך די חברים אין אַ געהויבענער און צופרידענער שטימונג פונאַנדערגעגאַנגען.

**מ. כ.**

„יידיש טאגעבלאט״

וואַרשע, י״ז תמוז תרצ״ג — 1934

(אָרטאָגראַפיע — געענדערט)

# געשאפן א הילפס־קאמיטעט פאר די יידישע פליטים פון דייטשלאנד

אין צוזאַמענהאַנג מיט די איוב־בשורות, וואָס דער־גרייכן צו אונדז וועגן דער מוראדיקער לאַגע פון די פליטים פון היטלער־דייטשלאַנד, וועלכע נויטיקן זיך אין באַלדיקע רעטונג, איז מאָנטיק דעם 1־טן נאָוועמבער 1938 פאָרגעקומען אין וויעלונער קהילה־לאָקאַל, די ערשטע זיצונג פון עסקנים פון פאַרשידענע שיכטן אין שטאָט.

די זיצונג עפנט דער קהילה־פּרעזעס אליעזר בערקאָ־וויטש, דערקלערנדיק דעם ציל פון דער פאַרזאַמלונג. ער לייענט פאָר אַ טעלעגראַמע, וואָס די וויעלונער קהילה האָט באַקומען פון דעם פּויזנער קהילה־פּרעזעס אַדוואָקאַט קאָהן, אין וועלכער די יידישע וויעלונער קהילה ווערט גערופן צו שיקן דרינגענדע און באַלדיקע הילף פאַר די אומגליקלעכע פליטים, וואָס געפינען זיך אין אַ מוראדיקער און קריטישער לאַגע אין זבאָנשין און פּויזן.

די אָנוועזנדע אויף דער באַראַטונג האָבן געזוכט וועגן און פּלענער פון אַדורכפירן אַ באַלדיקע רעטונגס־ און הילפס־אַקציע, פון מלבושים, שפּייז־פּראָדוקטן און געלט.

פון די באַטייליקטע אויף דער זיצונג האָבן וועגן דעם ענין רעפערירט: אַדוואָקאַט לעווקאָוויטש, יעקב שאַיאַ, ב. ליסאַק, ב. וו. מייראַנץ, משה קורלאַנד, יוסף שאַיאַ, אשר מענדלעוויטש, דענטיסט ד״ר א. באמס, לערער פּאָזנאַנסקי און אַנדערע.

צום סוף ווערט געוויילט אַ קאָמיטעט פון אַלע שיכטן און ריכטונגען אין שטאָט, אין באַשטאַנד פון 19 פּערזאָן.

ס׳ווערט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס ווערט רעדאַגירט דורך יוסף שאַיאַ און קהילה־סעקרעטאַר יעקב עדעליסט.

אויסצוגן פון „וויעלונער צייטונג״, נומער 45, פרייטיק, 11־טן נאָוועמבער 1938.

## אַ דאַנק־בריוו צום „הכנסת־אורחים״ אין וויעלון

איך דאַנק אייך האַרציק פאַר דער הילף און מעדיצינישע באַהאַנדלונג, וואָס איך האָב באַקומען אין שפּיטאָל „וושיסטקיך שוויענטיך״ — אַ דאַנק די באַמיונגען פון די ה״ה אשר שמור־לעוויטש, יאַנקל זאַנדשטיין און אברהם פּאַקולאַ, און אויך די אַנדערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, וואָס זייער נאָמען איז מיר נישט באַקאַנט.

איך פריי זיך, אַז איך האָב אָנגעטראָפן אויף אַזעלכע גוטע יידן, און מיט גאָטס הילף מיך געזונט געמאַכט.

נאָכאַמאָל אַ דאַנק דעם פאַראיין „הכנסת אורחים״.

**שלמה האַמבורג** אויס בערלין, איצט אין יעראָסלאַוו

„וויעלונער צייט״, 2 דעצעמבער 1938, נומער 48.

## יידישע קינדערלעך פאַר די פּליטים

אַ דעלעגאַציע פון יידישע שילערינס פון דער 7טער אָפּטיילונג פאָלקס־שול האָט איבערגעגעבן דעם הילפס־קאָ־מיטעט פאַר די דייטשע פּליטים אַ סומע פון 11.40 זל., וואָס זיי האָבן געזאַמלט צווישן די קינדער פון זייער שול־אָפּטיילונג.

די דאָזיקע טאָט פון די יידישע קינדערלעך באַווייזט, ווי ווייט עס גרייכט די סאָלידאַריטעט און אָפּפערוויליקייט פון די פוילישע יידן פאַר די שווער־געטראָפענע ברידער פון דייטשלאַנד.

„וויעלונער לעבן״, 2 דעצעמבער 1938, נומ׳ 45.

חלק תשיעי — נײַנטער טייל

# תוכן / אינהאלט

# אישים, דמויות ועסקנים

## ר׳ בנימין שיניצקי

מיין פאָטער איז געווען 45 יאָר שוחט אין וויעלון, און אויך די גאַנצע יאָרן בעל־תוקע אין דער שיל. זיין עקזאַל־טירטע שטימע ביים זאָגן די תפילה „מן המיצר קראתיך ה׳" און די ברכות פאַר די תקיעות, שאַלט נאָך אין אונדזערע אויערן ביז היינט.



ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ ייד אַ פיקח און איינער פון די געציילטע קאָצקער חסידים אין זיין צייט. אַליין אַ גרויסער עניו, האָט ער פיל געטון „מתן בסתר", מיט גרויס פאַרזיכטיקייט, נישט חלילה צו פאַרשעמען דעם נצרך. הגם זייענדיק שטרענג פרום, איז ער אויך געווען אַ פריילעכער מענטש און אַ האַרציקער מאַן און פאָטער.

זיינע נאָענטע חברים זענען געווען די פּאָפּולערע יידן אין וויעלון: זיין שוואָגער חיים וואָלף שלעזינגער, ר׳ אפרים לוי (די ליפשיצנס ברודער), ר׳ עוזר אובערבוים און דער גאון ר׳ אברהם נפתלי גאָלדבערג (דער קאַדלאָווער עילוי), אַלע — גרויסע חסידים און בעלי־מדות, תלמידי חכמים בנגלה ויודעי תורת חן.

מיין פאָטער ז״ל איז געזעסן און געלערנט יום ולילה. איינמאָל האָט אים אַ דייטשער נאַצי־צורר באַמערקט פון אַ קעגנאיבערדיקן פענצטער, ווי ער שאָקלט זיך ביים לערנען. דער צורר האָט אַריין געשאָסן אין פענצטער. די שויב איז צעשפּרינגען און די קויל איז אַריין אין הענגנדיקן זייגער.

נאָכדעם איז ער אַוועק וווינען צו זיין חבר אברהם נפתלי. דאָרט זענען זיך געהיים צוזאַמענגעקומען אויך אַנ־דערע יידן, בכדי צו דאַווענען בצבור, צו רעדן דברי תורה און אויך צו עסן אַמאָל אַ שטיקל כשר פלייש וכדומה.

מיט דער צייט האָבן די צוררים אַנטדעקט די אַלע



סופר סת״ם ור׳ לייבוש שיניצקי שו״ב

פאַרזאַמלטע יידן ביי ר׳ אברהם נפתלי און איבערגעפירט אַלע אין די אויגוסטיאַנער קירכע, ווו ס׳איז געווען דער זאַמל־פּונקט פאַר דעם פאַרניכטונגס־לאַגער כעלמנאָ, ווו מיין פאָטער ע״ה איז אומגעקומען צווישן אַלע יידן.

די גרויסע זכיה זיינע איז, וואָס זיינע קינדער בלע״ר זענען אַלע דאָ אין ישראל. זיין ליבער זון, אונדזער טייערער ברודער לייביש הי״ד, מיט זיין משפחה זענען אומגעקומען ביי די נאַציס ימ״ש.

זכרו לא ימוש מתוכנו לנצח.

**חנה יאַקובאָוויטש (שיניצקי)**

## דודי יהושע

דודי יהושע היקר ואהוב! כל ימיך בערה אש אהבת־ציון בלבך; כל חייך הקדשת לרעיון הציוני. בשיא חלומותיך וערגתך למולדת עברנו ועתידנו ראית חזון התגשמות שיבת בני הגלויות לגבולם כבר בהווה.

בשנת 1922 אזרת עוז ועלית. אתה היית אז המאושר בבני־אדם, אחרי שלא רק נאה דרשת, אלא גם נאה קיימת.

אחרי שגדלת בתנאים של אמידות ותפנוקים, הפשלת את שרווליך וסללת כבישים, היית לחלוץ בלהט השמש ובבוץ הגשמים.

אולם איתרע מזלך וחלית במחלת הטראחומה ונאלצת לחזור לגולה. אני לא ראיתיך בשובך, שזוף וכחוש וחולה עיניים, כי יצאתי לרעות בשדות ניכר. ישבתי בבירת שלזיה וחלמתי על קריירה של סופר הכותב גרמנית. (אף פירסמתי מחזה בוסר בשם „דער אוסט־יודה" ונובילה גרועה מאוד. המחזה הופיע בהוצאת קופמאן והנובילה הופיעה בהמשכים ב„קמניצער־פולקסשטימע"). אולם מפי חבריך היושבים בארץ שמעתי, כי בשובך היית האומלל באדם ושבועות רבים לא העזת לצאת החוצה מרוב בושה על שלא נקלטת בארץ חלומותיך.



יהושע גרינבערג

דודי יהושע, אתה עומד לנגד עיני: בחור תמיר ובעל פנים יפים אך גבריים, ומלאי מבע של עוז ועדנה, שהיו כרוכים בהארמוניה שלמה זה בזו.

כל ימיך היית איש הספר, וכל מאווייך היו ללמוד תורה וספרות לשמם, ולא כקרדום לחפור בו. כל אלה שזכו לבוא אתך במגע אהבוך והעריצוך. עיניך החומות מבריקות, אך לוטות לרוב בשמץ של עצבות מתוקה, שבו את לבן של כל הבחורות שראוך. אני מתרפק בכיסופים עמוקים מני ים על הזכרונות המפכים בלבי כנחל בלב חורשה מוריקה. טוהר מידותיך ונועם הליכותיך היו למופת.

כשנשאת את בחירת לבך לאשה ועברת לגור בזאווירצ'ה, נתרוקן בית הרב, ביתנו, ואף בני עירנו חשו היטב כי בעוזבך את וילון, פנה הודה, פנה זיווה.

לעולם לא אשכח שאהבתך אותי עזרה לי להתגבר על מיכשולים ופגעים רבים שנתקלתי בהם, בנסותי לפלס לי דרך בחיים, היית לי גם אב ומורה וגם אח.

גם את אחי בנימין אהבת מאוד, אך ידעת היטב, כי לבטיו אינם כה קשים כלבטי. על כן היו השגחתך עלי והתמסרותך לחינוכי כה אבהיים ולבביים.

מאז עזבתי את וילון בשנת 1918 לא הוספתי לראותך, אך בחליפת מכתבים גשרנו גשר של אחווה ואהבה מחודשות וחזקות עד לאין שיעור.

כאשר המצאתי לך איזה שיר שחיברתי ונדפס ב„דבר", כתבת לי מכתב מלא התפעלות.

וגזור הגורל המר והנמהר, שאתה, שכל שס"ה ורמ"ח שלך היו קשורים בארץ ישראל, לא זכית למצוא את מקומך בארץ עתידנו ונותרת תקוע ביוון־המצולה. נפלת בידי הזדים הצוררים, שונאי ישראל ושונאי האנושות.

לא זכיתם, אתה ובני ביתך, אפילו לקבר ישראל; נשרפתם במשרפות התליינים ואף את אפרכם לא זכינו לאסוף.

ואני איני יודע, אם גזירת שמד ששת המיליונים היתה רצון האלוהים. ולא פעם הועמדתי בנסיון הכפירה: אין השגחה עליונה. העולם, הטבע, בשרירות נוהגים, ללא כל שמץ של צדק ואמת והגיון. אין טעם לזעוק, כי חרשות אזני העולם כולו; אין טעם לבכות, כי הדמעות לא ירככו אבנים, ואין טעם למחות, כי טחו העיניים מראות את השיפלות האכזרית של השקרים המתועבים, המופצים על ידי שונאי ישראל בכל עידן ועידן ובכל אתר ואתר.

ואם יש שמתעורר מישהו או מישהם כדי להשמיע בהייה ותהייה על עולמנו זה, המתדרדר תהומה, הרי קולו או קולם כערער במדבר.

בתוגתי העמוקה מני ים על אבדן ששת המליונים, שאתה, דודי יהושע, רעיתך וילדיך ביניהם, אני חי, וממשיך לתעתע את עצמי כי יש טעם לחיי.

ולא רק אתם, אהובי, אלא גם דודתי לאה ובני משפחתה, וכל יתר הקרובים הטובים והנעימים היו, שאפו, נאבקו, האמינו וכמהו וחלמו — וניספו על ידי מטורפים שהוסתו על ידי ארכי־מטורף שהצית את ארצו ואת העולם כולו.

אני יודע, אין להמשיך עם כוס־היגונים ביד ובלב, שכן החיים דורשים חדוות־חיים, ויצירה נבנית על יסודות האמונה בטוב ובאמת. אולם אין תרופה למכאובי, למכאובינו, אין מזור למכתנו ואין תנחומים, אין.

מעודי לא ראיתי אושר מקנן ומתנוצץ ככוכב זוהר בעיני מישהו, כפי שראיתי זאת בעיניך, דודי, משהגיעה בשורת הצהרת בלפור לעירנו...

**יצחק סלע**

## ר׳ איציק שאַיאַ

ר׳ איציק שאַיאַ איז געווען אַ לענגערע צייט גבאי אין דער שטאָט־שול און אויך פרעזעס און גרינדער פון „בקור חולים" (ביז דער גרינדונג פון „לינת הצדק").

שפּעטער איז אין „בקור חולים" און „לינת הצדק" גע־וואָרן אַ חברה מיט אַן אייגענער לאַבאָראַטאָריע און אַ דאָק־טאָר. צו אָרעמע און שווער־קראַנקע איז דער דאָקטאָר גע־שיקט געוואָרן אין זייערע היימען. אַזעלכע קראַנקע האָבן נישט געצאָלט פאַר רעצעפּטן.

ר׳ איציק שאַיאַ האָט אָפט מבקר־חולה געווען די קראַנ־קע. ער האָט אויך געפירט אַ גמילות חסדים־קאַסע און איז אַלע זיינע יאָרן געווען טעטיק אין דער „חברה קדישא".

די לעצטע יאָרן האָט זיך ר׳ איציק שאַיאַ מיטבאַטייליקט אין העלפן שאַפן אַן „הכנסת אורחים" מיט בעטן. יעדער אורח וואָס איז געקומען אין שטאָט, האָט אַחוץ אַ פיין געלע־גער, אויך דאָרט באַקומען עפּעס צו עסן. דער „הכנסת אורחים" איז געוואָרן באַדינט פון געדונגענע מענטשן און געווען אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער אומגעגנט.

**מרדכי זייף**

## ר׳ מנדל יוסקוביץ ז״ל

איש אמיץ ויהודי גאה. היה שנים רבות פרנס הקהילה, ידע לעמוד בפרץ נגד כל חוק שרירותי וזדוני מטעם השלטון שמטרתו להצר ליהודי העיר. קרה גם שבמו ידיו השיב מנה אחת אפיים לחוליגנים שנתנכלו ליהודים ברחוב, כי גברתן היה ר׳ מנדל, וללא פחד וללא חת.

נמנה על חסידי פילץ, אך התפלל באופן קבוע בבית־הכנסת, היות והיה הגבאי הראשי בו. קרוב לפרוץ מלחמת העולם השניה עבר עם משפחתו לבלגיה, שם נפטר בהיותו בן תשעים. שאיפתו הכמוסה היתה לעלות לארץ־ישראל, אולם לא זכה לכך.

**י. ל—ן**

## ר׳ מאיר יעקובוביץ ז״ל

בעל הדרת פנים, איש אמת ובעל מידות טובות. חי מיגיע כפיו (חייטות קונפקציה) וניהל את ביתו בכבוד וברווחה. העריץ מאד תלמידי חכמים ונבחר מטעם „אגודת ישראל" לאחד מפרנסי הקהילה. כמו כל יהודי דתי שאף גם הוא לעלות ארצה, ולא זכה לכך. אולי תהא זאת לנחמתו שבנו אברהם יבלח״א, הקים פה את משפחתו.

ר׳ מאיר ז״ל נשמד עם יהודי העיר בשואה.

**י. לחמן**

## ר׳ ראובן הרשברג ז״ל

יהודי יקר, שם את הפסוק: „והצנע לכת עם אלוקיך" נר לרגליו כל ימיו. בחיצוניותו איש מלאכה, פחח, שעבודתו לרוב על גגות בתי העיר, אשר כמעט רובם ככולם הוא שהרכיב, התקין ותיקן תמיד; ואילו בפנים לבו אש יוקדת של אהבת ישראל ואהבת הזולת, כנר תמיד יקדה, ולעולם לא כבתה.

ר׳ ראובן היה חבר פעיל בכל מוסדות הצדקה, חסד ועזרה. במיוחד היה כל שנותיו חבר מעשי ואחד מהעסקנים הראשיים ב„חברה קדישא" בוילון.

אם נמנה את מעשיו הטובים — מחול ירבו, אולם מחובתנו לציין ברבים שהוא הקדיש וסיכן את חייו, בגבורה עילאית, לעשות חסד של אמת עם מתי־מצוה; מפעם לפעם נשאר לבדו בבית הקברות בלילה, והביא לקבר ישראל גויות ואברים של קדושים שנורו ונהרגו בידי הנאצים ימ״ש.

טרם ניתן לתחושתנו להעריך את גודל המעשה הזה. יזכר השם ר׳ ראובן הרשברג בלב כולנו עדי עד וכבוד לזכרו עדי נצח.

הוא נשמד בחלמנו יחד עם שארית יהודי וילון.

בתו ואחדים מבניו חיים בארה״ב ובתפוצות. שנים מנכדיו עם משפחותיהם נמצאים בישראל.

**י. ל—ן**

## ר׳ אהרן־לייב ארונוביץ ז״ל

בנם של יצחק וחנה ארונוביץ ז״ל. חזר מקאליש לוילון בהתחלת מלחמת העולם הראשונה. כבר לאחר שהות קצרה בעיר, התחילה השכלתו המסורתית להשפיע ברחוב היהודי. בפקחותו הרבה ובכושר דבורו, ידע לתבל את שיחתו הרגילה ברעיון חד, המשלב בקרבו תורה עם הגיון יחדיו, ורכש לעצמו מעריצים וידידים, מטובי הנוער ומאנשי המסורת.

ר׳ אהרן־לייב ז״ל היה מיוזמי וממיסדי „אגודת המזרחי" בוילון, בשנת 1916, ומראשי חבריה ומנהליה.

את ילדיו חינך ברוח התורה והמסורת, ובהקניית השכלה אקדמאית גבוהה.

פויערישע באַפעלקערונג און אויף זייערע ערטער זענען אָנגעקומען די וואָלינער אוקראַינער. די יידן האָבן מיט די אוקראַינער נישט געהאַט קיין שום מגע ומשא. דער יודענראַט האָט פון די דייטשן באַקומען צוגעשיקט שפּייז, ווי אויך קוילן אויף באַהייצונג. די צוטיילונגען זענען געווען קליינע, אַזוי אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט געגנומען הונגערן און פרירן.

די ס. ס.־טרופּן האָבן פון צייט צו צייט געכאַפּט יידישע יוגנטלעכע און זיי ערגעץ אָפּגעשיקט אויף צוואַנגס־אַרבעט. אויך דער יודנראַט האָט געמוזט צושטעלן אַ געוויסע צאָל יידישע יוגנטלעכע.

אין זומער פון יאָר 1940 האָבן די דייטשן געכאַפּט יידישע יוגנטלעכע און זיי אָפּגעשיקט אין פּויזנער געגנט, כדי דאָרט צו בויען די אויטאָסטראַדע פּויזן—ברעסלאַו—בערלין. עטלעכע מאָל איז דאָס כאַפּן איבערגעחזרט געוואָרן און נישט בלויז אין וויעלון — נאָר אויך פון דער אַרומיקער געגנט. פון די אַוועקגעשיקטע זענען בלויז געציילטע געבליבן ביים לעבן.

מיט בערך אַ יאָר שפּעטער, נאָך אידער די דייטשן זענען אָנגעפאַלן אויף סאָוויעט־רוסלאַנד, זענען טויזנטער וויעלונער יידן געוואָרן קאָנצענטרירט אויף די גאַסן קראָקאָווסקע־פּשעדמיעישטשע און פּאַטשטאָווע. דער יודנראַט האָט זיך געפונען אין בית־המדרש, וואָס איז איצט געשטאַנען אויסער דעם יידישן קוואַרטאַל. אויך אין די צווי אָנגעפּראַפּטע גאַסן זענען יידן געכאַפּט געוואָרן צו שווערער אַרבעט. אַ טייל פון זיי זענען געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט צו דייטשישע פירמעס.

נאָכן דערשיסן דעם „פּרעזעס" פונעם יודנראַט, טוביה חיים ליפּשיץ, האָבן די דייטשן אויף זיין אָרט באַשטימט מרדכי ברודער. ער איז גלייכצייטיק אויך געוואָרן דער שעף פון דער אָרטיקער יידישער פּאָליציי.

מיט דריי חדשים שפּעטער איז פאַר די יידישע יוגנט געשאַפן געוואָרן צוויי אַרבעטס־לאַגערן, וואָס האָבן זיך געפונען צוויי קילאָמעטער פון וויעלון. גראָד פון די צוויי לאַגערן האָבן די יידישע אַרבעטנדיקע געמעגט אַהיימגיין אויף שבת.

נאָר די ס. ס.־באַנדיטן האָבן די וויעלונער יידן נישט געלאָזט צורו, נישט געווען אַ טאָג אָן אַ צעשלאָגענעם ייד. טיילמאָל האָבן זיי דערשאָסן אַ דורכגייענדיקן ייד אויף דער גאַס צוליב צייט־פאַרטרייב.

אין יאַנואַר פון יאָר 1942 האָבן די דייטשן פּלוצלינג געכאַפּט עטלעכע צענדליק יידן און זיי אַוועקגעפירט אויפן מאַרק. אַז די יידן זענען שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אַ ריי, האָבן די דייטשן אויסגעקליבן פון זיי אַ צענדליק געהאַנגען צו ווערן, און אַנדערע צען — זיי צו הענגען. די דייטשן האָבן צוזאַמענגערופן די פאָלקס־דייטשן פון דער גאַנצער שטאָט, כדי זיי זאָלן ביי זיין די שוידערלעכע עקזעקוציע. אויך דער יודנראַט איז אַהער געבראַכט געוואָרן דאָס צו זען. די פאָלקס־דייטשן, יונג און אַלט, האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער און מיט ווילדן שפּאַט געביילט פויסטן צו די קרבנות. איינער פון די קרבנות, דער נאַפּט־הענדלער מיטן צונאָמען „נאַבעל", האָט אין די לעצטע מינוטן אַרויסגעוויזן אַ גבורה: בעת די פּעטליע איז שוין געווען פאַרלייגט אויף זיין האַלדז, האָט ער מיטן פוס אַ קאָפּע געטון זיין תליין, אַ מיליציאָנער פון די פאָלקס־דייטשן, אויסשרייענדיק צו די אויסגעשטעלטע ס. ס.־טרופּן: „מיך קאָנט איר נאָר פיזיש טויטן, אָבער נישט די נשמה!"



הנערה חנה מושקוביץ בעבודת כפיה אצל הנאצים

דאָס מיידל חנה מאָשקאָוויטש בעת דער צוואַנגס אַרבעט

די קרבנות זענען אַזוי געהאַנגען אַ מעת־לעת און דערנאָך האָט די חברה קדישא זיי געבראַכט צו קבורה אויפן יידישן בית־הקברות.

אין אַ זונטיקדיקן טאָג, באַלד נאָך פּסח פון יאָר 1942, זענען אין וויעלונער יידישן קוואַרטאַל פּלוצלינג אָנגעפאַרן עטלעכע פאַרמאַכטע אויטאָס. צווישן די אויסגעמאַטערטע יידן איז אַנטשטאַנען אַ בהלה און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס

דאָס זאָל באַדייטן. באַלד האָבן זיך באַוויזן ס. ס.־טרופּן מיט געווער און נאַגייקעס. מיט ווילדע געשרייען זענען זיי אַריינגעלאָפן אין די הייזער און פון דאָרט אַרויסגעטריבן די צעשראָקענע יידן און מיט מוראדיקע קלעפּ זיי געיאָגט צו די אויפגעפּראַלטע טירן פון די אויטאָס — די געשרייען און געיאָמערס פון די געטריבענע האָט פאַרהילכט דעם אַרום.

אַז די אויטאָס זענען איבערגעפּולט געוואָרן מיט יידן, זענען די איבעריקע צוריקגעטריבן געוואָרן צו זייערע הייזער, אַזוי האָט זיך עס איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. דערנאָך האָט מען זיך דערוווּסט, אַז בערך אַ העלפט פון די יידן, וואָס זענען אַריין אין די צוויי גאַסן, זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן פון כעלמנאָ. ס'איז אויך צווישן די איבערגעבליבענע ווילנער יידן אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז נאָך איידער די געכאַפּטע יידן זענען אָנגעקומען קיין כעלמנאָ, זענען זיי נאָך אויפן וועג אומגעבראַכט געוואָרן.

ס'איז אַדורך פיר חדשים. די ווילנער יידן האָבן זיך אַרומגעדרייט קראַנקע און הונגעריקע און נישט געוווּסט, וואָס זייער גורל וועט זיין. פּלוצלינג האָבן זיך ווידער באַוויזן ס. ס.־טרופּן, אָבער שוין אָן די גאַז־אויטאָס. די מעטאָדע פון אַרויסטרייבן די יידן פון זייערע הייזער, האָבן זיי באַנוצט אויך דאָס מאָל. איצט זענען די יידן שוין געטריבן געוואָרן צו דעם אויגוסטיאַנער קירכע־פּלאַץ. באַלד נאָכדעם האָט מען אויך אַהערגעבראַכט אַ סך יידן פון דער אַרומיקער געגנט.

דאָס לעבן פון די יידן אין דעם אויגוסטיאַנער קירכע־פּלאַץ, איז ממש געוואָרן אומדערטרעגלעך. דער הונגער און קעלט — אין לשער! ערגער פון אַלץ איז געווען די ברוטאַלע האַנדלונג מצד דעם אַמטירנדיקן שעף פון דער געסטאַפּאָ. די דאָזיקע ווילדע חיה האָט נישט אויפגעהערט מערדערלעך צו שלאָגן און צו שיסן פאַרשמאַכטע יידן. די צעשלאָגענע יידן האָבן אַפילו נישט געטאָרט שרייען. די יידן זענען אין דעם גיהנום געוואָרן געוואַלטיק פאַרצווייפלט. זייער אַ סך מענטשן, מייסטנס פרויען, זענען אַראָפּ פון זינען.

איינמאָל, זיצנדיק אין דער קירכע, האָט דער גרויזאַמער שעף מיך אַ רוף געטאָן און מיר באַפוילן אָנצונעמען דעם האַלב־בלינדן אַלטן ייד פאַר זיין ציטערדיקער האַנט און אים אַרויספירן אויפן פּלאַץ. און אַז איך בין שוין מיט אים געשטאַנען אינדרויסן, האָט דער צעיושעטער שעף אַריינגעשאָסן אַ קויל אין אַן אויג פון דעם האַלב־בלינדן ייד. דער ייד איז אַוועקגעפאַלן אַ טויטער.

אַן אַנדערש מאָל האָט זיך דעם שעף פאַרגלוסט אַרויפצוזעצן אויף אַ ברייטע פּלאַטפאָרמע בערך אַ פערציק יידן און זיי אָפּגעפירט אויפן יידישן בית־הקברות. ער האָט זיי באַפוילן אויסצוגראָבן אַ ברייט און טיף קבר. און ווען דאָס קבר איז שוין געווען אויסגעגראָבן, האָט ער באַפוילן אַז דרייסיק יידן זאָלן זיך אַהין אַריינלייגן. און ווען די קרבנות זענען שוין דאָרט געלעגן אויסגעצויגן מיט די פּנימער אַראָפּ, האָבן די איבעריקע יידן געמוזט זיי צושיטן מיט ערד. די יללות פון די קרבנות האָבן געריסן די הימלען. צווישן די קרבנות האָט זיך אויך געפונען דער זון פון פייוול בראַט, וואָס זיין פאָטער האָט מיט ציטערדיקע הענט און מיט אַ צעבראָכן האַרץ געמוזט צושיטן זיין לעבעדיק קינד.

פון די אַלע יידן אין דעם אויגוסטיאַנער קירכע־פּלאַץ, וואָס האָבן געציילט בערך פיר טויזנט נפשות, האָט מען אַ פינף הונדערט יונגטלעכע, צווישן זיי אויך אַביסל מיידלעך, אַוועקגעשיקט אין לאָדזשער געטאָ. די איבעריקע — אין די כעלמנער גאַז־קאַמערן.

אויך איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זיין צווישן די אַוועקגעשיקטע אין לאָדזשער געטאָ.



יהודים מפנים ההריסות אחרי ההפצצה
יידן רייניקן די חורבות נאָך דער באָמבאַרדירונג

**מלה גבירץ (בני ברק)**

# השנים האחרונות לפני המלחמה וכיבוש וילון

גל אנטישמיות מוגברת הגיע לוילון. כדוגמת הערים הגדולות, בעלות „מסורת" אנטישמית כצ'נסטוכוב, נערכו „פיקטים" (משמרות שאסרו על נוצרים להכנס ולקנות) לפני כל חנות יהודית. ואפילו נמצא גוי שבכל זאת רצה להכנס — סחבו אותו בכוח, הרביצו וצעקו „ז'ידובסקי פאכאלעק" („משרת יהודים"). „השמירה" היתה מלווה סיסמאות צעקניות וכרוזים זולים המשמיצים את היהודים.

טיול בערב במקום מבודד קצת, היה מסוכן — אך גם לא מן הנמנע היה לקבל כמה אבנים מאחורי הגב בטיול יומי. האוירה בין האוכלוסיה היהודית היתה מתוחה ומדוכאת מאד.

המצב הזה השתקף בשיחות שהתנהלו תמיד בחנות שלנו — חנות הממתקים של זליג צינצינטוס.

מדי יום ביומו, ואפילו פעמיים או שלוש פעמים ביום, התאספו כל חבריהם של אבא ואמא, מכרים וסתם יהודים סקרנים המעונינים ב„מה חדש?". היה כאן מין מועדון בלתי רשמי לגברים — הויכוחים החלו בבוקר בקהל קטן ובאוירה שקטה, ונסתיימו מאוחר בערב בקהל גדול, בפרט אחרי איזה מאורע חשוב. אמי התלוננה תמיד על „השמיסערים" (מתווכ־חים) האלה, המקימים צעקות ומגרשים מהחנות קונים, ותמיד ביקשה מהם להכנס לחדר האחורי.

והויכוחים היו סוערים באמת. לרוב נשמעו קולותיהם של חיים בורשטיין ופייביש סקשיניה, שברוב המקרים עמדתם היתה מנוגדת. פני כולם היו מתוחים כאילו מחליטים כאן על גורל כולם. מזמן לזמן הרימו אחרים קול: חיים־בער ניימן, ברוך־מאיר מילדמן, יצחק הרשברג, וועלוול לבקוביץ, ינקל רפופורט ועוד.

לקראת תום קיץ 1939 נדמה היה כאילו „מריחים" מלחמה באויר. נאומים צעקניים של היטלר, גירוש יהודי גרמניה, האנטישמיות המתגברת בפולין — כל אלה הידקו את המעגל מסביבנו. הענינים כבר נגעו בנו אישית: מה לעשות במקרה כיבוש של פולין על ידי היטלר — לברוח? להשאר במקום? לא פעם שמעתי על התאבדות. איש לא תיאר לעצמו שאפילו התמונות האכזריות ביותר יחווירו כנגד המציאות שהביא העתיד.

### כיבוש וילון

בראשון בספטמבר 1939, בבוקר, התעוררנו כאילו השליך



**מתגעגעים לשמוע חדשות מארץ־ישראל מפי אורח שבא משם**

באַקאַנטע פנימער בענקען צו הערן אַ גרוס פון אַן א"י גאַסט (1935)

אותנו מישהו מהמיטות. בעד החלון ראינו עמודים של אש ועשן עולים השמימה — מלחמה! צריך למהר למקלט — מרתף המגורים של ה„סטרוז" (שומר בית). הוא מתנגד אבל יש דיירים רבים בביתו של יידל לבקוביץ, בשלונסקה 8, ונגד כולם הוא נכנע. שומעים התפוצצות אחר התפוצצות והנה — אחת חזקה מאד, ואחרי זה מריחים ריח משונה החודר לאף ולפה.

מתחילים לצעוק — גז! לוקחים כלי מיטה של ה„סטרוז" וסותמים את החלונות הקטנטנים במרתף, עושים מחסומים מאולתרים כפי שלימדו אותנו. לא ידענו אז שמלחמת גז היתה בשנות 1914—1918 ושיש כבר אמצעים יותר מודרניים להחריב משך חצי שעה עיר שלמה על אוכלוסיתה האזרחית.

אחרי זמן מה השתרר שקט. אני יוצאת ומסתכלת מסביב. ניצב כאן ביתנו — איה הוא? לפני כמה דקות ירדנו במרוצה במדרגות לחזית הבית — המקלט באגף דירתנו בקומת הקרקע היה סגור — ומקרה קטן כזה הציל את חיינו? אכן, הגז המדומה היה האבק שמילא את האויר אחרי שכל הבית בשלונסקה 8 התרסק. שלשה אגפים של הבית נעלמו — נשארה רק החזית, שבמרתפה נצלו כמה עשרות אנשים. אבל יש כבר גם הרוגים. יחיאל אפשטיין ובנו כבר צועקים „איפה אשתי, איפה אמי?" — נשארו בבית. גם אחותה עם הילדים, אשתו של „פסלה" שמולביץ, נשארו מתחת החורבות, זוג אנשים קשישים גם כן לא יצא. מסתכלים אחד בשני — נשארנו מחוסרי כל ופחד בלב.

זמזום המטוסים הגרמניים עדיין נשמע. צריך לברוח מחוץ לעיר. יוצאים לרחוב — בתים אחוזי להבות, הדרך מכוסה חוטי חשמל. עוברים את „אלטער מארק" ופוגשים ביוסף שעיה — הולך כהמום, כותנתו הלבנה מעל המכנסיים מכוסה דם. „הרגו את צבק שלי — כבר לא חי" — פוגשים עוד אנשים. כולם רצים מבלי לדעת לאן, עיניים מבולבלות מלאות פחד. אבי כבר אינו רוצה להכנס למקלט. אינו סומך אפילו על הקירות העבים של „המגיסטרט" (העיריה). רק מחוץ לעיר — רק לשדה.

כך החלה המלחמה בוילון. יהודי וילון עזבו את בתיהם והתחילו בבריחה מפני המטוסים הגרמניים, שתמיד היו לפנינו. בכל מקום קבלו אותנו באי־רצון, ראו בנו אנשים שמביאים אתם פחד, צרות, רעב, ידיעות רעות ואסון. לא נשארנו בשום מקום. באנו לישוב או לעיירה שקטה — יצאנו והשארנו אחרינו אנדרלמוסיה.

זכורה לי אפיזודה שהיתה לבטח אופיינית להרבה יהודים שעזבו את עיר מולדתם.

כשברחנו היינו בבגדי לילה — חוץ מאבא שהצליח ללבוש את המכנסים. בדרך עברנו בכפר ונכנסנו לגוי שהיה קונה אצלנו בחנות. בראותו את מצבנו ירד למרתף והתחיל לחפש נעלים לאמי. ברגע זה התחיל אבי לבכות בקול רם. פגה קצת המתיחות של הרגע הראשון ומציאות מרה עמדה בפניו: „הנה אני בעל־בית, איש ואב למשפחה, שעבד שנים על שנים לטובתה ולקיומה, ופתאום הפכתי לקבצן".

מהראשון בספטמבר הפכו יהודי וילון לפליטים. אמנם בערך חצי מהאוכלוסיה חזרה, אבל לחיים נורמליים כבר לא חזרו — נשארו פליטים.

גם אנחנו חזרנו. הגרמנים השיגו אותנו בדרך ולא היה כבר צורך לרוץ הלאה. באנו לעיר בערב ראש השנה. חורבות על חורבות. רוב הרחובות היו חסומים בחורבות וצריך היה לעקוף אותם. כל העיר מלאה ריח חריכה, קירות וארובות עירומים מתרוממים. מרכז העיר חרב, אבל פרברי העיר נשארו: קרקובסקי פעדמישציע, קאליסקה, שוו. ברברה שראדז־קה ועוד.



דליקה בשוק הישן לאחר ההפצצה ב־1939

דער אַלטער מאַרק אין פייער נאָך דער באָמבאַרדירונג 1939

וילון היתה מוקפת כפרים, ובכל ימי המלחמה ובזמנים שלאחר גמר המלחמה לא ידעו התושבים טעמו של רעב. האיכרים באו העירה והביאו אתם תוצרת חקלאית.

התחלנו בחיים פרימיטיביים. כל השכנים התגוררו בחדר אחד. בישלנו בדוד גדול והתחלנו בעבודות חפירה. נוכחנו לדעת שאפשר למצוא משהו מתחת לחורבות.

בשבת הראשונה אחר שובנו ירד גשם שוטף. ישבנו על המיטות. על הריצפה העמדנו כלים גדולים: אמבטיות, קערות, כדי לאגור מי גשם שזרמו דרך הגג, שהיה כולו מנוקב חורים. לפתע נשמעו צעקות הגרמנים ויריות. במשך זמן קצר מוציאים את כל הגברים ל„אלטער מארק״. את היהודים מעמידים לחוד. לא ידוע מה יהיה. מדברים על „טרנספורט״. אחרי כמה שעות נודע שכולם יכולים לחזור לעבודה בפנוי החורבות. שוב נצלנו. באותו יום נהרגו בוילון שניים או שלשה יהודים שהסתתרו, אבל זה נקרא ש„הצלחנו״.

המשכנו בעבודה. אחרי כמה ימים, לאחר שהסרנו את השיכבה העליונה. הצלחנו לאסוף דברים קטנים: מזוודה עם בגדים, מזרונים. כל דבר הוא אוצר גדול. הסירים מקומטים קצת — העיקר שאפשר לבשל בהם. המיטות שבורות — אבל אפשר לישון בהן. היינו כולנו מאושרים בחיים פרימי־טיביים אלה: נצלנו פעמים אחדות ממות, אנחנו משפחה שלמה ובריאה, יש לחם ותפוחי אדמה. אבי שאל: „בשביל מה היו לנו שלשה חדרים — מה עשינו בהם — הרי אפשר לחיות רק באחד!״

בהתחלה נראה שהגרמנים לא התכוונו לעשות ליהודים שום רע, אבל יותר בטוח שילכו כבר ושיהיה אחרי המלחמה. ופתאום, ב־9 בספטמבר, שומעים על מאסרים פה ושם ובשעת צהרים מופיעים גם אצלנו ז׳נדרמים עם רשימה ביד: צינצינטוס זליג — לבוא עמנו.

המאסרים נמשכים כל היום. מי הכין את הרשימות? אומרים שיש יהודים שהיו מסוגלים לעשות את זה. ה־11 בנובמבר הוא חג לאומי של הפולנים, ולפני המועד הזה היתה פקודה לאסור פטריוטים פולניים. אך רוב האסורים הם יהודים. הרשימה כללה את האינטליגנציה של העיר. רק כמה מהם הצליחו להתחמק. למחרת שלחו את כולם ללודז, לבית הסוהר המפורסם רדוגושץ׳.

האסירים שוחררו מאוחר יותר, אבל אסור היה להם לחזור לבתים.

אבי לא ראה יותר את וילון.

**ברוריה בייסקי (ארליך)**

# ידידות בין ווילוואים בנכר

מדי אזכור אותך עיר מולדתי, צצות ועומדות נגד עיני אותן דמויות יקרות לי המאכלסות את העיר ורחובותיה השוקקים חיים. אראה אתכם חיים בין יתר אנשי וילון, אזכור שמחותיכם, בעיותיכם וגעגועיכם. הכל כאילו חי לפני עיני.

עיר כמו הרבה ערים בפולין, אבל בכל זאת נדמה לי שהיה שוני מסויים שהבדיל את וילון מיתר ערי פולין. יתכן שאנשי וילון חוננו בסגולה מיוחדת שאיפשרה להם להתקשר עם יתר יוצאי וילון, ואפילו לא היתה שום קירבה משפחתית ביניהם. קשר ידידות זה שרר בין ווילונאים בכל השכבות ובכל הגילים, ובעיקר בזמן המלחמה.

מעט מאד הנני זוכרת מחיי החברה מלפני המלחמה. מבוגרים ממני ידעו לספר היטב אודות חיי החברה מאותה תקופה, אבל המעט שנשאר חרות בזכרוני אומר כל כך הרבה. וכי איך אפשר לשכוח את מסיבות עונג שבת בתנועה הציונית, שאורגנו בעזרת הורי וחבריהם ז״ל. את ערכם החברתי יכולתי להעריך רק בזמן המלחמה, עת נפגשנו עם יוצאי וילון בהיותנו פליטים בוארשה, ובעיקר בצ׳נסטוחוב, שבה התרכזו הרבה וילונאים. וילונאי לא התהלך בודד בעיר זרה, אם נמצא שם עוד וילונאי אחד. במקרים אלה המצב הטרגי איחד את כולם.

כידוע התישבו הרבה וילונאים בצ׳נסטוחוב, אחרי שאסור היה לגור ברייך השלישי. וילון השתייכה לרייך הארור הזה. להורי ז״ל היתה אז חנות מכולת בצ׳נסטוחוב, ברחוב נובי רינק בחצר. הורי ז״ל מצאו כאן, חוץ ממסחר עם ווילונאים, גם את חבריהם. כאן, בפינות החנות, התנהלו הויכוחים על פוליטיקה. כאן פירשו הורי וחבריהם את מה שלא נכתב בעתון. בפינות המוסתרות של חנות הורי קיבלה הידיעה על מפלת הגרמנים את פירושה והתפשטה מפה לאוזן בין יתר הוילונאים שנמצאו בצ׳נסטוחוב.

כיום אפשר להתייחס לזה באדישות ובסלחנות; וכי מה יכול היה לקבוע אם הופלו כמה מטוסים גרמניים או היתה נסיגה ברוסיה הרחוקה? במערך המלחמתי הכללי לא היה לזה ערך אסטרטגי, אך עבורנו היו ידיעות אלה כמרפא לפצעים. זכור אזכור היטב את מבט הורי אחרי קבלת ידיעות אלה, כמה ביטחון עצמי התוסף להם, וכמה האמינו עוד בעתיד טוב יותר, האמינו שעוד לא אפסה התקוה. אנו הילדים מצאנו בין הוילונאים הרבה חברים. אפילו אחי הקטן סמק ז״ל, ילד בן 10, מצא חברים מוילון.

אבל גם כאן לא ארכה השלווה וב־1942, אחרי יום כיפור, התחילה האקציה בצ׳נסטוחוב. רובעים שלמים נותקו. התאספו אצלנו כעשרים וילונאים שלא יכלו לחזור למקומות מגוריהם, ובבית לא נמצא אף פירור לחם. רעבנו כולנו. אמי מצאה ראש כרוב והכינה ממנו איזשהו מרק. קשה להאמין כי מראש כרוב אחד הכינה מרק לכל הוילונאים שנמצאו בבית, ואכלנו. האם שבענו? לא. אבל כולנו אכלנו כמשפחה אחת.

וילון השתייכה לרייך השלישי ועל היהודים שנשארו בעיר הוטלו הגבלות כבדות, רק מספר שעות ביום מותר היה להם לשהות מחוץ לבית. בהיותי בוילון ב־1941 ראיתי בבית סבתא ארליך את אותה התופעה של ידידות בין וילונאים. גם שמה התרכזו מספר משפחות בדירה אחת. ובבית סבתא ארליך גרו אחי אבא עם נשותיהם וילדיהם ואחיותיו, ועוד שלוש משפחות זרות. למרות הצפיפות הגדולה שררה הידידות ביניהם. גם כאן התחלקו בפת לחם אחרונה כדבר מובן מאליו.

כנראה שלוילונאים יצא שם כאנשים ידידותיים ביותר. בתקופה שעוד אפשר היה לקיים קשר מכתבים הגיעו אלינו מכתבים מהסבתא מנדל, שהוגלתה לפביאניץ עם בניה, ובמכתבים התלוננה הסבתא שהעדר אנשי וילון מורגש, חסרה לה אוירת וילון וידידות אנשיה.

רבות עוד עברתי אחרי כן, צרות ותלאות היו מנת חלקי, אבל תמיד, אם וילונאי היה לצדך, ידיד ורע מסור היה לך לעת צרה, שעליו יכולת לסמוך.



קבוצת עסקנים ציוניים ערב מלחמת העולם הראשונה — אַ גרופּע ציוניסטישע עסקנים ערב דער צווייטער וועלט־קריג

מימין לשמאל — פון רעכטס: שמואל ערליך, רוזשאַ צינציגאַטוס, חיים בער נייעמאַן, יצחק הערשבערג, זעליג צינ־ציגאַטוס, רבקה באַרנשטיין, חיים באַרנשטיין, ברוך מאיר מידלמאַן, מלכה ערליך, וועלוול לעווקאָוויטש ואשתו

מ. בעסערגליק

# חורבן וויעלון

וויעלון, 1־טער סעפּטעמבער 1939. די ערשטע דײַטשע באָמבעס אויף דער פּוילישער ערד פֿאַלן אויף וויעלון. די פּאַניק איז געוואַלדיק. מענטשן פֿאַרלירן זיך, ווער אַן טאַטן, ווער אַן מאַמען, ווער אַן קינדער, ווער אַן שוועסטער און ברידער, אַנטלויפֿן אין גרויס בהלה אין טיפֿן הינטערלאַנד, וועלנדיק אַנטרינען פֿון אַ זיכערן טויט.

נאָכן אַריינמאַרשירן פֿון די דײַטשע טרופּן, קערט זיך אַ טייל צוריק קיין וויעלון (אַ טייל קיין רוסלאַנד אַוועק, און אַ טייל אין דער דעמאָלט געשאַפֿענעם דורך די דײַטשן א. ג. „פּראַטעקטאָראַט" — קיין טשענסטאָכאָוו), ווייסנדיק, אַז שווערע צײַטן דערוואַרטן זיי אונטערן היטלער־רעזשים, האָפֿן אָבער, אַז סוף כל סוף וועט מען ווי עס איז איבערלעבן די שווערע צײַטן.

די ערשטע שריט פֿון די דײַטשע מושלים זענען געווען דאָס אַוועקשיקן גרויסע טיילן פֿון דער וויעלונער באַפֿעלקערונג (יידן און קריסטן) נאָכן אָפּהאַלטן זיי אַ פּאָר טעג פֿאַרשפּאַרט אין דער וויעלונער תפֿיסה און שפּעטער אין דעם טרויעריק באַרימטן לאַגער ראַדאָגאָשטש נעבן לאָדזש, ווו ס׳האָבן זיך אַ שאָט געטון אויף יידן די שווערסטע און אויסטערלישע גזירות. מ׳האָט די יידן איינגעשפּאַנט צו די שווערסטע אַרבעטן, זיי געצוווּנגען צו טראָגן די געלע לאַטעס און צו גיין אין רינשטאָקן נעבן די טראָטואַרן.

דער באַרימטער ס. ס.־מאַן, ערשמאַן, וועלכער איז אין וויעלון געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּאַטשער" (ער האָט מיט אַ באַזונדערע הנאה ליב געהאַט צו פּאַטשן די יידן) איז דעמאָלט געווען דער מושל פֿון אונדזער שטעטל.

ווער ס׳האָט פֿון אים באַקומען אַ פּאַטש, האָט מאָמענטאַל דערפֿילט, אַז ער איז געוואָרן אַ בירגער אין „נייעם דריטן רייך".

די שאַנד־עינויים און אַנדערע פֿיזישע און גייסטיקע פּייניקונגען האָבן, ווײַזט אויס, נישט באַפֿרידיקט די היטלעריסטישע שלאַנגען און מערדער, דעם ווילדן דורשט נאָך יידיש בלוט.

אין אַ געוויסן פֿרימאָרגן האָבן די דײַטשע באַנדיטן, (אונטערן אויסרייד פֿון אַ געפֿונענער געשאָכטענער קו) אין מיטן מאַרק, בפֿני כל עם ועדה, אונטערן אַקאָמפּאַניאַמענט פֿון מוזיק געצוווּנגען 10 יידן אויפֿצוהענגען אַנדערע 10 יידן.

יידן האָבן געאַרבעט ביי די שווערסטע פֿיזישע אַרבעטן, אונטער דער אויפֿזיכט פֿון דײַטשע וועכטער, אין דעם חרובֿ־געוואָרענעם וויעלון, געריניקט דריי גאַסן מיט הייזער, און אַספֿאַלטירט אַ גרויסן שווים־באַסיין מיט יידישע מצבֿות, ווי אויך געטאָן פֿאַרשידענע אַנדערע אַרבעטן פֿאַר דער שטאָט. מ׳האָט געהאָפֿט, אַז אַלס נוצלעכע און פּראָדוקטיווע אַרבעטער, וועט דאָך ווי עס איז געלונגען איבערצולעבן דעם קריג.

ווי אַ דונער האָט געטראָפֿן דעם 12־טן אַפּריל 1942 אין דעם קליינעם געשאַפֿענעם געטאָ די טרויעריקע ידיעה, אַז פֿאַרמאַכטע אויטאָס, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון די דײַטשע פֿאַרניכטונגס־באַטאַליאָנען, האָבן באַלאַגערט די געטאָ.

ס׳האָבן נישט געהאָלפֿן קיין וויינען און בעטן, מען האָט גענומען אַ גרויסע צאָל יידן און אַריינגעפּאַקט אין די פֿאַרמאַכטע אויטאָס און אַוועקגעפֿירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. וויעלונער יידן האָבן נאָכגעשיקט אין דער ריכטונג פֿון די פֿאַרשווּנדענע אויטאָס גוט באַצאָלטע פּוילישע שליחים, אויפֿצוקלערן דאָס טרויעריקע רעטעניש, ווו אַהין מען האָט געפֿירט זייערע נאָענטסטע, אָבער, ליידער, אָן דערפֿאָלג. ווי ס׳האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, האָט מען זיי געפֿירט אין דעם טרויעריק באַרימטן פֿאַרניכטונגס־אָרט כעלמנאָ.

נאָך דער שרעקלעכער געשעעניש האָט דער רעשט פֿאַרבליבענע יידן, צוזאַמען מיט די יידן, וועלכע מען האָט צוואַנגמעסיק געבראַכט קיין וויעלון פֿון די שכנותדיקע שטעטלעך, ווייטער געאַרבעט, פֿילנדיק, אַז דער מלאך־המוות האָט פֿון יידישן לעבן אין וויעלון צוגענומען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. מען האָט געגלויבט, אַז מיט דער אויסזידלונג איז וויעלון איז מען שוין אָפּגעקומען די שטראָף.

נישט לאַנג האָט דער מצב אָנגעהאַלטן. דעם 23־טן אויגוסט 1942 האָט מען אומדערוואַרט צוזאַמענגענומען אַלע יידן, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפֿונען אין וויעלון און פֿאַרשפּאַרט אין דער שטאָטישער קירך, ווו נאָכן אָפּהאַלטן זיי אַ פּאָר טעג — אַ טייל (מייסטנס זקנים און שוואַכע) זענען אויסגעשאָסן געוואָרן אויפֿן אָרט און אַ טייל געפֿירט קיין כעלמנאָ און די איבעריקע גענומען אויף אַרבעט אין דעם באַרימטן לאָדזשער הונגער־געטאָ.

און וויעלון איז געבליבן יידן־ריין...

*

נאָכן פֿאַרענדיקן דעם קריג אין פּוילן האָבן זיך אין דעם יידן ריינעם וויעלון באַוויזן די ערשטע באַפֿרייטע יידן פֿון

משענסטאָכאָווער „האַסאַק". דאָ האָבן זיי געהאָפט צו קענען זיך פאַרבונדן מיט די נאָענטסטע, וואָס זענען לעבן געבליבן. זיי האָבן אָבער דאָ אָנגעטראָפן אויף אַן אויפגעאַקערטן בית־עולם, אָן שום שפּורן, אַז דאָ האָט אַמאָל געבליט אַ יידיש לעבן. קיינער פון אונדז האָט נישט געקענט געפונען אויף דעם צעאַקערטן בית־עולם קיין אַדרעס פאַר זיינע טרערן. קיינעם איז נישט באַשערט געווען צו קענען אָנווייזן, אַז דאָ ליגן מיין טאַטע, מיין מאַמע, מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, זיי האָבן נישט געקענט געפונען קיין קבר, אין וועלכן זיי זאָלן קענען אויסוויינען זייער ווייטיק און „אַריינשרייען", אַז די היטלער־בעסטיע איז ענדלעך באַזיגט.

רעכענענדיק זיך מיט דער עווענטועלער באַפרייאונג פון נאָך יידן אין לויף פון די ווייטערדיקע מיליטערישע אָפּעראַציעס אויפן דייטשן באָדן, האָט זיך אין ווילון געגרינדעט אַ קאָמיטעט מיטן ציל אויפצושטעלן אַ צייטווייליק יידיש לעבן.

מיר זענען צוגעטראָטן צו ברענגען אין אָרדענונג דאָס פאַרוואָרלאָזטע יידישע בית־עולם. ס׳זענען אין יענער צייט אָנגעקומען פיל בריוו פון אַלע עקן וועלט מיט אָנפראַגן וועגן גורל פון זייערע פאַמיליעס, אויף וואָס מיר האָבן תיכף יעדן איינעם באַזונדער געענטפערט. מיר האָבן אויך באַקומען געלט פון די צענטראַלע אינסטאַנצן, וואָס מיר האָבן צעטיילט צווישן די ווילונער יידן.

ביסלעכווייז, נאָך דער באַפרייאונג פון די דייטשע געביטן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן מערערע ווילונער יידן, ווי אויך צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד און זייער צאָל האָט דער־גרייכט ביז איבער 100.

אָט דאָס קליינע על־פּי־נס ניצול געוואָרענע הייפעלע יידן, איז, ווייזט אויס, געווען ווי אַ שפּין אין די אויגן אונ־דזערע פּוילישע אַנטיסעמיטן. צו יענער צייט איז צוריקגע־קומען פון די דייטשע לאַגערן דער זון פון אַן אייגנטימער פון אַ דאָרפישער ווירטשאַפט אין באָלקווו נעבן ווילון. די נייע בעלי־בתים האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן די אָנוועזנהייט פון דעם פאַקטישן אייגנטימער, דעם ייד בערקאָוויטש און באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן צו זיין יונג לעבן. ווי באַנדיטן אין וואַלד האָבן זיי אים דערשאָסן.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע יידישע קבר אין דעם נייעם „באַפרייטן" נאָכמלחמהדיקן ווילון.

נישט לאַנג שפּעטער זענען מיר אויפגעטרייסלט געוואָרן ביז אין די טיפסטע טיפענישן פון דעם שרעקלעכן מאָרד אי־בער 8 יידן. (אַלע יידן אין דעם שכנותדיקן שטעטל באָלעס־לאַוויעץ).

אונטערן איינדרוק פון די געשעענישן איז זיך דאָס יידישע ווילון צעלאָפן, ווער אין אַ גרויסער שטאָט און ווער אויף דער אַמעריקאַנער זאָנע. איינצלנע זענען שוין אין ארץ־ישראל. און עס איז מקוים געוואָרן דער אייביקער טרוים פון אַלע מינים אַנטיסעמיטן: ווילון איז געוואָרן אינגאַנצן יידן־ריין — דאָס מאָל אויף דורות.

(פראַגמענט פון אַרטיקל אין דער „לאַנדסבערגער לאַגער־צייטונג", 1946)





שמונה יהודים מעירת בולסלביץ שנרצחו ע״י פולנים אחרי המלחמה

דוד כמוראַ

# אין קלעם ביי די נאַציס

סוף חודש אָב פון יאָר 1942, האָט זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונג פון די וויעלונער יידן. ביז דעמאָלט האָב איך געאַרבעט אַלס מאַלער ביי אַ דייטשן אונטערנעמער.

אין טאָג פון דער אויסזידלונג בין איך נאָרמאַל געפאָרן צו דער אַרבעט קיין רודאַ, נעבן וויעלון, — אין אַ געוועזענעם פאַלאַץ פון אַ פוילישן פריץ, וואָס איז קאָנפיסקירט געוואָרן פאַרן וויעלונער לאַנדראַט. איינמאָל האָב איך געזען אַריינקומען אַ באַקאַנטן פאָליאַק, וועלכער איז געווען אָנגעשטעלט אויף דער שטאָט־פאָסט אַלס טעלעפאָן־מאָנטער, און אים געפרעגט, צי ער ווייסט עפּעס וואָס ס'געשעט מיט די וויעלונער יידן. ער האָט געענטפערט, אַז וואָס עס געשעט מיט די יידן, ווייסט ער נישט, נאָר געזען האָט ער, אַז די גאַנצע שטאָט איז אַרומגערינגלט מיט ס.ס.־מענער און דער „ראָל־קאָמאַנדע" (אַ געסטאַפּאָ־פאָרמאַציע צו ליקווידירן יידן). פאַר די וויעלונער קריסטלעכע איינוווינער איז דאָס דאָזיקע אַ באַווייז, אַז עס קומט אין גיכן פאָר אַן אויסזידלונג.

אין דעם מאָמענט זענען אָנגעקומען די מיטגלידער פונעם לאַנדראַט, כדי אויסצופאָרשן אויפן אָרט צי די אַרבעט קלאַפט ווי געהעריק, ווען די מיטגלידער פונעם לאַנדראַט זענען פון אונדז אַוועק, איז אַריינגעקומען דער אונטערנעמער און צו מיר געזאָגט, אַז איך זאָל מיך תיכף מעלדן אין דער פאָליציי. אין דער זעלבער צייט איז צו אונדז אַריינגעקומען אַ גרופּע פוילישע פרויען מיט זייערס אַן אָנפירער, כדי ריינצומאַכן די צימערן. דער פאָלקס־דייטש האָט צו מיר אַ זאָג געטון: „דיר, יודע, איז דאָ גוט. אין שטאָט נעמט מען צו די יידן, יונגע און אַלטע, און מען זעצט זיי אַריין אין דער קירכע. דאָרט וועלן זיי זיך קענען גוט „מאָדליען".

איך האָב זיך גלייך געמאָלדן אין דער שוץ־פאָליציי. מען האָט מיך געהייסן צוריק גיין צו דער אַרבעט און וואַרטן אויף אַ צווייטן באַפעל. שטייענדיק שוין ביי דער אַרבעט, איז צוגעקומען אַ דייטשער וואַכמאַן און באַפוילן, איך זאָל מיט אים מיטגיין. דער וואַכמאַן האָט מיך אַרויסגעפירט פונעם דאָרף, אָנזאָגנדיק מיר, אַז אין פופצן מינוט אַרום זאָל איך זיך מעלדן אין דער שטאָט־פאָליציי. בערך אַ קילאָמעטער פון דער שטאָט, האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע שוץ־פאָליציי און לאַנדוואַך. נאָכן אויסלעגיטימירן מיך, האָבן זיי, ווייסנדיק ווו איך אַרבעט, מיר דערלאַנגט שטאַרקע קלעפ. אַ צעבלוטיקטער, באַגלייט פון אַ פאָליציאַנט, בין איך געוואָרן אָפגעפירט אין דער שטאָט־פאָליציי. דאָרט האָט מען שוין געוווּסט, אַז איך בין דער איינציקער ייד וואָס אַרבעט אין רודאַ. באַלד האָט מען אויך מיך אָפגעפירט אין דער קירכע.

די קירכע איז געווען פול מיט יידן פון וויעלון און פון די אַרומיקע שטעטלעך. כ'האָב דאָרט געטראָפן מיין גאַנצע משפחה. די ענגשאַפט אין דער קירכע איז נישט צו באַשרייבן. ביי נאַכט איז מען געלעגן צונויפגעפרעסט ווי הערינג אין אַ פאַס. די קרעכצן פון די קראַנקע האָבן געשניטן דאָס האַרץ. פון באַקומען עסן מצד דער מאַכט איז נישט געווען קיין רייד, אַפילו וואַסער האָט אָפטמאָל אויסגעפעלט. די מענטשן האָבן זיך דערנערט נאָר פון דעם וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט.

אויפן דריטן טאָג האָט די מאַכט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע געזונטע מענער זאָלן אַרויסגיין אין קירכע־גאָרטן.

ווען ס'האָט דערנאָך גענומען שטאַרק רעגענען, האָט מען באַפוילן, זיך אויסלייגן אויף דער ערד שורותווייז איבערן גאַנצן פלאַץ פונעם גרויסן גאָרטן, נישט דערלויבנדיק אַפילו אויפהייבן דעם קאָפ. אַרום איז געווען באַוואַכט מיט באַוואָפנטע ס.ס.־מענער. צווישן יעדע שורה מיט אויסגעלייגטע מענטשן איז ביינאַכט געשטאַנען אַ ברענענדיקע נאַפט־לאָמטערן, כדי צו זען צי עמעצער הייבט זיך אויף.

איינמאָל, פאַרטאָג, האָט אַ פרוי געוואָלט אַרויסגיין פון דער קירכע, כדי צו זען וואָס די מענער טוען אין דרויסן. אַז זי האָט דערזען ווי די מענער ליגן אומבאַוועגלעך אויסגעצויגן אויף דער ערד שורותווייז, האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז אַלע זענען טויט. זי איז צוריק אַריינגעלאָפן מיט — אַ געשריי: „אַלע פאַרגאַזט, אַלע פאַרגאַזט!..."

אין דער קירכע איז אַנטשטאַנען אַ מוראדיקע פאַניק. מען האָט געריסן פון זיך די מלבושים, מיט די פויסטן זיך געשלאָגן אין די קעפ, זיך אַראָפגעוואָרפן פון די נידעריקע באַלקאָנדלעך.

די מענער אין דרויסן האָבן נישט געוווּסט וואָס אין דער קירכע קומט פאָר. זענען זיי, נישט געקוקט אויף דער וואַך, אַריינגעלאָפן אין דער קירכע, כאַפנדיק דערביי שטאַרקע קלעפ מיט די גומענע שטעקנס.

די דייטשן זענען באַלד אַריינגעלאָפן אַהין, און אונטער אַ האָגל פון קלעפ גענומען צוריק אַרויסטרייבן די מענער, צווינגענדיק זיי ווידער זיך אויסצולייגן אויף דער ערד.

פון דער קירכע האָט זיך דערטראָגן אַ געוויין: ווו איז מיין טאַטע?! ווו איז מיין מאַן?! מיין ברודער?!

מאַנכע האָבן געחלשט און עס האָט זיך געהערט געשרייען: „וואַסער! וואַסער!" — אָבער קיין וואַסער האָט קיינער נישט געבראַכט.

אין דער קירכע האָבן זיך געפונען אינוואַלידן, אָבער די דייטשן האָבן דערפון נישט געוווּסט. אַ מאָל האָבן די דייטשן באַפוילן, אַז אַלע פון דער קירכע זאָלן אַרויס אויפן גאַרטן־פּלאַץ. ביים אַרויסגאַנג האָבן זיך אויסגעשטעלט צוויי לאַנגע שורות פון באַוואָפנטע ס.ס.־מענער און יעדן אַרויסגייענדיקן דערלאַנגט קלעפּ מיט גומענע שטעקנס. אייניקע יידן זענען פון די קלעפּ געפאַלן אין חלשות. אויף אַ וואָגן זענען געלעגן עטלעכע טויטע, ווי: חנה יידלס, די אַלטע ליפשיצן און נאָך אַנדערע, וועלכע איך קאָן זיך נישט דערמאַנען.

אַז אַלע האָבן שוין געהאַט פאַרלאָזט די קירכע, האָבן די דייטשן אויסגעקליבן די עטלעכע אינוואַלידן און זיי אַרויפגעוואָרפן אויף די טויטע קערפערס פונעם וואָגן.

עטלעכע יידן האָבן זיך געמוזן איינשפּאַנען אין דעם וואָגן און שלעפּן ביז דעם בית־הקברות. ביי די קברים פון די דורן' דייטשן געהאַנגענע צען יידן, זענען די אינוואַלידן, אונטער אַ שטרענגער וואַך, דערשאָסן געוואָרן. די וועלכע האָבן געשלעפּט דעם וואָגן, האָבן געמוזט פאַרשיטן די אָקאָרשט אויסגעגראָבענע קברים און דערנאָך זענען זיי ביי שטאַרקע קלעפּ, צוריק געפירט געוואָרן אין דער קירכע.

אַ וואָך נאָך דעם איז אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג פון דער געסטאַפּאָ מיטן לייטער פון לאָדזשער געטאָ ביבאָוו און זיין פאַרטרעטער — שווינד. באַלד נאָך זיי זענען אויך געקומען ס.ס.־מענער. פוקס און שטראַמבערג. זיי האָבן באַפוילן אַלע אינדרויסן, סאָרטירן אויף רעכטס און אויף לינקס. אויף דער רעכטער זייט זענען געבליבן שטיין בערך טויזנט קרעפטיקע מענער. אויך איך בין געווען צווישן די אויסגעקליבענע.

מען האָט די אויסגעקליבענע מענטשן אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט. דאָס זענען געווען די לעצטע מינוטן צו זען אונדזערע נאָענטסטע. די דייטשן האָבן צו אונדז געזאָגט: „איר, יונגע פאָרט פריער, און די אַלטע וועלן קומען נאָך אייך". מען האָט אונדז אָפּגעפירט אויפן בוגיי — די פאָרשטאָט פון וויעלון. דאָרט האָט מען אונדז פונדאָסניי איינקוואַרטירט.



הכנסיה האוגוסטיאנית שלתוכה רוכזו יהודי העיר לקראת השמדתם בשנת 1942

די אויגוסטיאַנער קירכע וואָס האָט געדינט אַלס זאַמלפונקט פאַר'ן פאַרניכטן די וויעלונער יידן אין יאָר 1942




קברו של וילונאי בגטו לודז׳
קבר פון אַ ווײעלונער אין לאָדזשער געטאָ

מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט פאַר אונדז ברענגען.

אין פיר טעג אַרום, פאַרנאַכט, האָט מען אונדז ערגעץ אַוועקגעשיקט. מען האָט אונדז אַריינגעלאָזט אין פאַרלאָזטע באַראַקן, נעבן אַ שאָסיי. צומאָרגנס האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז דער וועג וואָס פירט קיין שעראַדז. ביינאַכט האָט מען געהערט אַ שטאַרקן גערויש פון אויטאָ־מאָבילן. מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז דאָס איז די „ראַל־קאָמאַנדע״. אינדערפרי האָבן מיר דורך די שפּעכל־דראָטן פון די באַ־ראַקן געזען דורכפאָרן פול געפּאַקטע אויטאָס מיט ווײעלונער ייִדן. די דורכפאָרנדיקע ייִדן האָבן פון די אויטאָס צו אונדז אַראָפּגעשריגן, אָבער מיר האָבן נישט געהערט אַ וואָרט. די ראַל־קאָמאַנדע האָט געעפנט אַ פייער.

פון אַ דורכגייענדיקן קריסט, נעבן אונדזערע דראָטן, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די אָפּגעפירטע ייִדן שטעלט מען אָפּ אין כעלמנאָ.

איינמאָל אין אַ שבתדיקן פאַרמיטאָג, זענען צו אונדז אָנגעקומען אויטאָס. באַלד האָט מען אונדז אָפּגעשיקט צו דער באַן־ראַמפּע, אַריינגעשטופּט אין לאַסט־וואַגאָנען און אַראָפּגעלאָזט אין ראַדאָגאָשטש נעבן לאָדזש, דאָרט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מיר גייען אַריין אין לאָדזשער געטאָ.

מער קיין פּרטים פון די ווײעלונער ייִדן האָבן מיר שוין נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקומען.

באָראַקס טובה

# די ליקווידאַציע פון ווײעלון און אַנדערע שטעטלעך אין 1942

### גביעת עדות

אונדזער לעבן ביי הונגער, טאָג־טעגלעכע גאַסן־אַרבעט אונטער דער נאַצי־קאָמאַנדע, טויט־שרעק, הפקרות און אונ־טערגעקויפטקייט מצד אונדזערע אייגענע ייִדישע „פּאַרזאַר־גער״ האָט זיך אַזוי געצויגן ביז פרי־האַרבסט 1942, ווען די געסטאַפּאָ האָט אַרומגערינגלט דאָס שטעטל. אַלע ייִדן ווערן אַרויסגעטריבן אין גאַס, אָנגעלאָדנט אויף אויטאָס און אַוועק־געפירט קיין מיידאַנעק. דאָס זעלבע האָט די געסטאַפּאָ דע־מאָלט געמאַכט מיט די פאָלגנדיקע שטעטלעך: ווײערושאָוו, באַלעסלאַוויעץ, לוטאָטאָוו, פּראַשקאַ און אוסיאַקאָוו, וואָס עס איז מיט אונדזערע און די דאָרטיקע ייִדן געוואָרן אין מיידאַנעק איז אַלעמען באַקאַנט.

פון אונדזער שטעטל, ווײעלון, האָט מען בעתן אַרויס־טרייבן די ייִדן אין גאַס, אויסגעקליבן 250 פאַכלייט, צווישן זיי אויך מיך, און אַוועקגעשיקט אינעם לאָדזשער געטאָ. דאָרט האָב איך געאַרבעט אין שטעפּער־רעסאָרט, ביז דער ליקווידאַציע אין אויגוסט 1944.

נאָך דער ליקווידאַציע האָט מען מיך געשיקט קיין אויש־

וויק. דאָרט בין איך געווען איינציקע טעג; מיר האָבן שוין געוווסט, אַז דאָ זענען טעטיק קרעמאַטאָריעס. אויך איך בין שוין געווען באַשטימט צום פאַרברענען, נאָר עס איז אָנגע־קומען אַ באַשטעלונג אויף 2500 פרויען קיין עלזינג (בוכענ־וואַלדער קרייז). מיך האָט מען אויך געשיקט מיט דער פּאַרטיע. עלזינג איז געווען אַן אַרבעטס־לאַגער און אַמוניציע־פאַבריק. מיר זענען דאָרט געווען דער ערשטער טראַנספּאָרט. צו דער אַרבעט אין דער פאַבריק, וועלכע איז געווען אין אַ וואַלד, זענען מיר געגאַנגען בערך 10 קילאָמעטער. דער וועג צו דער אַרבעט האָט געדויערט 4 שעה טעגלעך ביי 12 שעה אַרבעט. צוזאַמען זעכצן שעה. עסן: אַ פערטל קילו ברויט און אַ זופּ טעגלעך. נאָך דער אַרבעט האָבן מיר אָפט געהאַט שטראָף־אַפּעלן צו עטלעכע שעה. מען האָט געמאַכט סעלעקציעס און די שוואַכע אָוועקגעשיקט אויף פאַרניכטונג; קיינעם פון די קראַנקע האָט מען נישט באַפרייט פון דער אַרבעט, אויסער ביי 39 גראַד פיבער. די פאַרוואַלטונג איז געווען אַ דייטשע, און די בלאָק־פירערינס זענען געווען יידישע; זיי האָבן אונדז אָנגעטון געברענטע צרות. עס איז געווען אַ פאַל, ווען אַ יידיש מיידל האָט געגנבעט עטלעכע קאַרטאָפל פון דעם קאַרטאָפל־שאָלעכץ אַ יידישע בלאָק־פירערין האָט זי געמסרט ביי דער דייטשער פאַרוואַלטונג. מען האָט די אומגליקלעכע אַרויס־גענומען און אויפגעהאָנגען עפנטלעך. דאָס לעבן איז אַזוי פאַרמיאוסט געוואָרן, אַז פיל העפטלינגע זענען פרייוויליק צ געגאַנגען צו די דראָטן און זיך עלעקטריזירט אויף טויט, כדי פטור צו ווערן פון די צרות. עס איז געווען אַ שווערער ווינטער מיט גרויסע פרעסט. מיר זענען געווען נאַקעט און באָרוועס אין אַרעסטאַנטן־קליידונג, אין הילצערנע טרעפּעס אַן זאָקן; ווען מיר זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט, איז געווען גליטשיק, האָבן מיר אויסגעטון די הילצערנע טרעפּעס און געגאַנגען אין גאַנצן באָרוועס אויפן אייז; 3 פאַרטאָג האָט מען שוין געמוזט אויפשטיין. פיל האָבן זיך אַליין אַרויפגע־וואָרפן אויף די פיס 50־קילאָדיקע באָמבעס, כדי פאַרוווּנ־דעט צו ווערן און אַ ביסל זיך אויסרוען פון דער אַרבעט. דאָס וואָרפן זיך באָמבעס איז געוואָרן אַ מאַסן־דערשיינונג, ביז דער לאַגער־שעף — אַ געסטאַפּאָ־מאַן — האָט פאַראָר־דנט, אַז קראַנקע באַקומען נאָר אַ האַלבע ראַציע. אין סוף 1944 ווען די אַליאירטע אַרמייען האָבן זיך געריקט פאָרויס, האָט מען אונדז פאַרקלענערט די שפּייז־ראַציעס. מיר האָבן צו־ליב דעם נישט געקאָנט מאַכן די פולע נאָרמע — זעקס טויזנט 50־קילאָדיקע באָמבעס בעת אַ שיכט — די פאַבריק איז גע־גאַנגען 2 שיכטן צו 12 שעה — האָט דער לאַגער־שעף אונדז פאַרשפּאַרט אין אַ שוץ־קעלער הינטערן לאַגער, געשלאָגן, געזידלט, געדראָט: „איר פוילענצער! איר האָט דעם קריג אַרויסגערופן, ווען איר וועט נישט אַרבעטן וועט איר נישט באַקומען צו פרעסן". דער הויפּט־דירעקטאָר האָט זיך פאַר אונדז איינגעשטעלט, אונדז געלויבט און געראָטן צוריק הע־כערן די ראַציעס. מען האָט דערלייגט די ראַציעס און מען האָט ווייטער געאַרבעט נאָך 2 חדשים אין שווערע באַדינ־




מלכה אורנבך, בעבודות כפיה בגטו לודז'

אַרבעטס־לעגיטימאַציע פון מלכה אָרענבאַך
אין לאָדזשער געטאָ

גונגען. ביינאַכט זענען מיר געווען פאַרשלאָסן אַן וואַסער און אַן אוביקאַציע, ווען ס'האָט ווער געחלשט, איז אומגעקומען און מען האָט אים נישט געקאָנט ראַטעווען. מיר האָבן גע־הערט די עראָפּלאַן־אָנפליען און זיך געפרייט, אפשר וועלן זיי אונדז באָמבאַרדירן און עס וועט נעמען אַ סוף און די, וואָס וועלן בלייבן, וועלן קענען אַנטלויפן, אָבער לײדער האָבן די פליער אונדז נישט געזען, ווייל מיר זענען געווען אין אַ וואַלד.

## די באַפרייאונג

אין 1945 יאָר, ווען די אַליאירטע אַרמייען האָבן זיך געריקט פאָרויס, זענען מיר עוואַקואירט געוואָרן; מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין אַן עשאַלאָן, פאַרשלאָסן און געפירט דריי וואָכן פון אָרט צו אָרט.

זעכציק נפשות אין אַ וואַגאָן, מיט אַ שטיקל ברויט כמעט אָן וואַסער, האָבן מיר אויסגעזען ווי משוגעים. ווען די סאָוויעטן האָבן איבערגעהאַקט דעם פראָנט, האָט מען אונדז געלאָזט שטיין פאַרשלאָסענערהייט אין מעץ — אַ גרויסע לאַסט־סטאַציע אין דייטשלאַנד. מיר זענען געווען אין די מיטלסטע וואַגאָנען פונעם עשאַלאָן, אין די פאָדערשטע און אונטערשטע וואַגאָנען האָט זיך געפונען אַמוניציע.

דעם 16־טן אַפּריל האָבן די ענגלענדער אונדז באָמבאַרדירט, מיינענדיק, אַז עס איז בלויז אַן אַמוניציע־עשאַלאָן. אַלע וואגאָנעס זענען אויפגעריסן געוואָרן און געברענט פון אונדזערע און בריטישע באָמבעס. צוויי וואַגאָנעס זענען על־פּי־נס ניצול געוואָרן. אויך איך האָב זיך געפונען אין איינעם פון די צוויי וואגאָנעס. פון 2000 זענען געראַטעוועט געוואָרן בערך 300 פערזאָן, די איבעריקע זענען צעריסן געוואָרן אויף שטיקר, הענט, פיס, שטיקער פלייש זענען געפלויגן אויף צענדליקער מעטער הויך און ווייט. דאָס קרעכצן איז געווען שוידערלעך.

מיר — די לעבנגעבליבענע — זענען זיך צעלאָפן אין די וועלדער און געוואַנדערט. אויף די וועגן זענען געווען פיל געהרגעטע ציווילע און מיליטערישע; מיר האָבן געזען ווי הויכע דייטשע מיליטער־לייט האָבן זיך אָנגעטאָן אין אַרעסטאַנטן־קליידער...

אַזוי האָב איך געוואַנדערט ביזן 8־טן מאַי, באַפרייט בין איך געוואָרן אין מאַגדעבורג און געפירט האָט מען אונדז אין די־פּי־לאַגער פעלדאַפינג ביי מינכען.

(היסטאָרישע קאָמיסיע פון באד־רייכנהאַל, אָפּטיילונג פון מינכען, 8.6.1947. פּראָטאָקאָלאַנט: דוד קוויאַט)

**חיים לעווקאָוויטש** (קרית אתא)

# טראגישע איבערלעבונגען

צום אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערע עלטערן און געשוויסטער, הי״ד, וועלכע כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

סעפּטעמבער 1939, אין אַ מיטוואָך נאָכמיטאָג אויפן וועג פון פּאַביאַניץ קיין לאָדזש זענען מיר געלאָפן מיטן פּוילישן מיליטער, וואָס האָט געצויגן אויף צוריק. עס זענען אָנגעפלויגן דייטשע עראָפּלאַנען און זיך אַראָפּגעלאָזט צו אונדז, אַלע זענען מיר אַרויף אויף די פעלדער — דאָס פּוילישע מיליטער מיט ציווילע זענען צוזאַמען געלעגן.

בעת די קוילן זענען געפלויגן איבער אונדז, האָט מיין מאַמע מיך באַשיצט מיט איר גוף און געזאָגט: „איך בין שוין אַלט, און דו ביסט נאָך יונג, בלייב דו לעבן".

ווען די מלחמה מיט פּוילן האָט זיך געענדיקט, האָט מען זיך צוריקגעצויגן אין דער אַלטער היים, וווּ די נאַציס האָבן געהערשט, און מיר זענען אָנגעקומען אין דעם חרוב־געוואָרענעם ווילון.

מיין שוועסטער מאַניע איז געווען עטלעכע חדשים נאָך איר חתונה. איר מאַן, ישראל בענדקאָווסקי, האָט מען פאַר דעם קריג מאָביליזירט אין פּוילישן מיליטער. דער קריג איז שוין געענדיקט, און אין קול ואין ענה. מען זעט אים נישט אַהיים. די שוועסטער איז אַרומגעגאַנגען פאַרוויינט און פאַרטרויערט. ס׳איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז איר מאַן געפינט זיך אין געפאַנגען־לאַגער אין קעלץ. די מאַמע האָט זיך גלייך אויפגעהויבן, געשוואַרצט די גרענעץ צום פּראָטעקטאָראַט, געגאַנגען מער ווי געפאָרן און אָנגעקומען קיין קעלץ, אָבער ער איז שוין דאָרט נישט געווען. מען האָט אים שוין געהאַט אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

אין יאָר 1941, ווען מען האָט מיך גענומען מיטן ערשטן טראַנספּאָרט, כדי צו שיקן אין די פּויזנער לאַגערן, איז די מאַמע געלאָפן צו דעם דייטש אויף ניעדזועלסקער וועג, ביי וועמען מיר דריי יידן האָבן געאַרבעט, געלייגט זיך אויף די קניען ביי דער פרוי און געבעטן צו זיין ביי איר אַ דינסט, נאָר זי זאָל פּועלן ביים מאַן, ער זאָל מיך באַפרייען פון אַוועקשיקן

ווען מיר זענען שוין געשטאַנען אין דער רייע אין דער שולע אויפן בוגאַי, גרייט צו גיין צו דער באַן, איז אָנגעקומען אַן אויטאָ. דער דייטש איז אַרויסגעגאַנגען, גערעדט מיט די

דייטשן, וואָס זענען געווען איבער אונדז, דערנאָך צוגעגאַנגען צו דער רייע, אַרויסגענומען די דריי יידן, וועלכע האָבן גע־אַרבעט ביי אים, שלמה שולזינגער, ראובן ראָטשילד און מיך, און מיר זענען אַהיימגעגאַנגען.

## אין די לאַגערן

20 יאָר בין איך אַלט געווען, ווען די נאַציס האָבן מיך אַרויסגעכאַפּט פון דער היים און פאַרשלעפּט אין די פּויזנער לאַגערן צו בויען די אויטאָסטראַדע פון פּויזן ביז פראַנקפורט.

הונדערטער וויעלונער יידן זענען מיר געווען, פון די ערשטע טראַנספּאָרטן אין די לאַגערן, וואָס מען האָט אונדז דעם 19טן אויגוסט 1941 געשיקט קיין פּויזן, לובאָו, פּויגענ־בורג, ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין קרייזינג־אבאַן ביי פּויזן.

אַ גרויסער פּלאַץ אַרום מיט באַראַקן. אַרומגעצוימט מיט שטעכל־דראָט און אַ שטרענגע וואַך. דאָרט זענען געווען יידן פון וויערושאָוו, דוואַרט (וואַרטאַ), פּאַיעניטשנאַ אין אַ באַראַק צוזאַמען מיט וויעלונער יידן — עלטערע, יונגע יידן און אַפילו 12־13 יעריקע קינדער, עס איז נאָך געווען פאַר דעם גרויסן חורבן. אין וויעלון זענען שוין געווען גזירות און צרות אָבער דאָך זענען נאָך געווען היימען, משפחות און אַ האָפענונג אויף בעסער. מיר אין די לאַגערן אין 1941 האָבן געוווסט, אַז פאַר אונדז האָט זיך די וועלט געענדיקט. מיר האָבן שווער און ביטער געאַרבעט אין בלאָטעס ביז צו די קניען, די אויטאָ־סטראַדע געבויט. ווי מען האָט געזונגען אין אַ ליד פון איין לאַגער: „אונדזער קבר וועט זיין די אויטאָסטראַדע".

און אַז עס איז געקומען זונטיק, דעם טאָג, וואָס מען האָט נישט געאַרבעט, האָבן זיך די דייטשן געלאַנגווייליקט און זיך געוואָלט פאַרווײַלן. מען האָט גערופן אַן אַפּעל פון אַלע יידן און אַרויסגענומען פון די רייען די „אויבער־אידיאָטן" (אַזוי האָבן געהייסן ביי זיי עלטערע יידן, ווי הערשל שולזינגער, יענקל מענדלעוויטש (מיט זיינע צוויי זין), אהרן אַנשל אַראַנאָ־וויטש (אַן אויסערגעווײנלעכער סימפּאַטישער ייד); כוואַט פון דאָרף סקאָמלין, לייבעלע טשאַרנע און דער „אויבער־ראַבי־נער". אַזוי האָבן זיי גערופן (אַ יינגל, אַ זון פון „פרומען שוס־טער" (אין וויעלון האָט מען אים גערופן „פּלאַשקע"). ער האָט געדאַרפט מאַכן מיט די יידן גימנאַסטיק.

דערנאָך האָט מען שוין אַלע געהייסן אַוועקלייגן זיך אויפן בויך און זיך ריטשען אַרום דעם פּלאַץ. און די דייטשן האָבן זיך געווילט, געלאַכט און פון אונדז חוזק געמאַכט.

דאָך האָבן מיר, וויעלונער יידן, זיך געהאַלטן צוזאַמען און געהאָלפן איינער דעם צווייטן. שווער איז געווען דאָס לעבן אין די פּויזנער לאַגערן; שווערע אַרבעט, אָן מעדיצי־נישער הילף. ווען איינער איז קראַנק געוואָרן, איז ער געווען אַ פאַרלוירענער; נאָטע שוואַרצבאַרד, אַ זון פון דעם רייכן שוואַרצבאַרד, איז געווען פון די ערשטע קרבנות. צוזאַמען האָבן מיר געאַרבעט ביי איין לאָרע און געלאָדנט די בלאָ־טיקע ערד. מיר האָבן געאַרבעט באָרוועס, ביז צו די קניען אין בלאָטע און פאַרנאַכט זענען אָנגעקומען כמאַרעס מאָסקיטן. מיר זענען געווען פול מיט בלאָטע און די מאָסקיטן האָבן געשטאָכן. שוואַרצבאַרד האָט באַקומען אַ בלוט־פאַרגיפטונג, ער איז געלעגן ביי אונדז אין דער שטוב אָן מעדיצינישער הילף. מיר האָבן צו גאַנצע נעכט געוואַכט ביי זיין בעט, אים צו העלפן, מיט וואָס מיר קענען, מיר האָבן אַלאַרמירט מיט בריוו קיין וויעלון נאָך הילף, אָבער קיינער האָט נישט געקאָנט העלפן.

געווען אויך אין לאַגער אַ בחור פון וויעלון אפרים בער־קאָוויטש — אברהם שוסטערס אַ זון, געווען מיינס אַ שכן נאָך פון דער היים. אַ ווילער בחור געווען, אַ גוטער, אַ האַר־ציקער. איך געדענק, אַז אפרים איז געשטאַנען ביי דער פּלומפּ נעמען וואַסער. איז ער פריער נישט אוועקגעגאַנגען ביז ער האָט אָנגעפּלומפּט פאַר אַלעמען וואַסער, „באָנטשע שווייג"... אפרים איז געשטאַנען ביי דער אַרבעט אין לאַגער און די דייטשן האָבן געשריגן און געשלאָגן, און ער איז אינ־גאַנצן צעמישט געוואָרן...

איין טאָג, מיר זענען אַהיימגעקומען פאַרנאַכט פון דער אַרבעט און מען לויפט אין דער רייע נאָכן ביסל עסן. אפרים גייט נישט עסן, ער שטייט אין באַראַק ביים פענצטער און קוקט אַרויס. עס איז שוין שפּעט אויף דער נאַכט, מען רעדט צו אים, אָבער ער רופט זיך נישט אָן קיין וואָרט. צומאָרגנס ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען, הילד איננו, אפרים איז נישט דאָ, די דייטשן זוכן אין יעדן ווינקל — אפרים איז אַוועק. נאָך פיל וואַנדערן איבער די וועגן איז אפרים צוריקגעקומען קיין וויעלון.

ווייסנדיק, אַז אין וויעלון איז נאָך דאָ אַ היים און די בריוו און אויך פּעקלעך, וואָס מיר האָבן באַקומען פון דער היים און דאָס צוזאַמענהאַלטן זיך פון די וויעלונער, האָט אונדז דערהאַלטן אין די ערשטע צייטן אין די לאַגערן.

אַלע, אונטער דער אָנפירונג פון איין שטובן־עלצסטן, האָבן מיר אין די פרייע שעהן גערייניקט די שטובן און די קאָלדרעס, ס'איז אויך געווען אַ רייע ביים אויוון צו וואַרעמען שיסלען וואַסער, אָפּוואַשן זיך, ווייל ריינקייט איז געווען דאָס איינציקע מיטל קעגן קראַנקהייטן.

מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ כאָר און אַ דראַמאַטישן קרייז, אונטער דער לייטונג פון יצחק געלקאָפּ. אין כאָר זענען

געווען: דוד לייב מענדלעוויטש, געצל עלקאַן, ראובן ראָט־שילד, שלמה שולזינגער, פּיניע קאָנאָפּניצקי, אייזיקל רייכמאַן, אַ יינגל מיט אַ זיסער שטימע און אויך איך. מיר האָבן אויך איינגעאָרדנט אויף פאַרשידענע געביטן רעציטאַציעס און פרייע שמועסן.

און ווען מלך, הערשל דאקארס אַ זון, אַ טייערער און גוטער ייִד האָט זיך דערמאָנט אין די יונגע יאָרן און גע־טאַנצט אַ קאָזאַטשאָק, און אַלע האָבן מיטגעזונגען און צוגע־פּאַטשט מיט די הענט, האָט מען פאַרגעסן אַ ביסל אין די צרות און פריילעך איז געוואָרן אויפן הארצן.

אויפדערנאַכט, ווען מיר זענען אַלע געלעגן אויף די פּרי־טשעס, האָט אונדז אייזיקל געזונגען אַ יידיש ליד, און אַז דאָס 13־יעריקע יינגעלע האָט געזונגען „אַ היים, אַ היים, עס בענקט זיך אַ היים", האָט יעדן געשניטן דאָס האַרץ. יצחק געלקאָפּ האָט געזונגען עפּעס פון אַ טעאַטער־שטיק; ראובן ראָטשילד האָט נאָכגעמאַכט דזשיגאַנען, אָדער מיילעך האָט דערציילט אַ לאַנגע מעשה פון אַמאָל, אַמאָל...

מען האָט זיך אויך געהאַלטן אין קלענערע גרופּן צו העלפן איינער דעם צווייטן, ווייל די ערגסטע זאַך איז געווען אַז מען איז געוואָרן פאַרצווייפלט, נידערגעשלאָגן און אָפּגע־לאָזט. איינער האָט אַכטונג געגעבן אויפן צווייטן, ער זאָל זיך אָפּוואַשן, האַלטן ריין דאָס בעט, אַז איינער פון דער גרופּע איז געזעסן און געשיילט פאַר דער קיך קאַרטאָפל, איז דער אַנדערער געווען אין דרויסן און געכאַפּט אַ קאַרטאָפל, וואָס יענער האָט אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער. און דערנאָך צע־טיילט צווישן זיך צו שטילן דעם הונגער — דאָס איז געווען אַ פראַגע פון לעבן און טויט.

מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען אין אַ גרופּע פון דריי: הערשל פעלטאַ, אַ טייערער בחור (וואָס איז שוין געווען אין רוסלאַנד בעתן קריג און צוריק געקומען); פּיניע קאָנאָפּניצקי, אַ בחור, אַ מוסטער פון ריינקייט, פון גוטסקייט, און איך.

מיר האָבן זיך געהאַלטן ווי ברידער, ביז יום־כיפּור 1942 נעבן בערלין, ווען מען האָט אַוועקגעשיקט פון לאַגער. עס האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן די ערשטע קרבנות: נאַטע שוואַרצ־באַרד איז געשטאָרבן אין גרויסע יסורים. אין אַ שבת־טאָג האָט אַ דייטש דערהרגעט לייבעלע טשאַרנעץ און באַפוילן דעם פאַיענטשנער ייד סויקע, דעם טויטן צו באַגראָבן, און זונטיק, ווען מען האָט אים אַריינגעלייגט אין קאַסטן, האָט דער לאַגער־עלטסטער געזען, אַז דער קאַסטן איז גרויס און עס איז נאָך דאָ פּלאַץ פאַר נאָך איינעם, איז זיין אויג געפאַלן אויף הערשל קוזע פון וויעלון. ער האָט אים אַרויסגענומען נאַקעט אויפן הויף אין אַ פראָסט און אים אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער קאַלט וואַסער, און ווען ער איז אַנידערגעפאַלן, האָט דער דייטש אים מיט אַ שטעקן דערהרגעט.

✶

ענדע 1941 האָט מען געברענגט פון אַלע לאַגערן קיין קרייזינג קראַנקע. זיי זענען נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט און מען האָט געשמועסט, אַז מען וועט זיי צוריק שיקן.

איינמאָל איז געקומען אַ ידיעה, אַז צומאָרגנס פאָרן זיי אַהיים. צווישן די קראַנקע איז אויך געווען שמואל דוד סקרזי־ניע. אַ האַלבע נאַכט זענען מיר געזעסן און גערעדט, וואָס ער זאָל דערציילן אין דער היים. צומאָרגנס זענען מיר געגאַנגען צו דער אַרבעט, און ווען מיר זענען אַהיימגעקומען, האָבן מיר געהערט, אַז מען האָט זיי באַגלייט מיט קלעפּ, אַריינגעפּאַקט איינער אויפן צווייטן אין פאַרמאַכטע אויטאָס און אַוועקגע־שיקט. דאָס זענען געווען די ערשטע פּרוון פון פאַרגאַזן אין די אויטאָס פון קרעמאַטאָריעס אין כעלמנאָ ביי קאָלאָ.

די גאַנצע משפּחה האַלט זיך נאָך צוזאַמען, נאָר דאָס יינגסטע „קינד" איז נישטאָ. ער איז איצט אין דייטשלאַנד, ביי בערלין און אַרבעט אין אַן אַמוניציע־פאַבריק, פאַרהונ־גערט, פאַרמאַטערט, קראַנק און שוואַך. ער אַרבעט מיט די לעצטע כוחות, 12 שעה אין טאָג, איין וואָך בייטאָג און איין וואָך — ביינאַכט — ביי האַרמאַטן און קוילן פאַר די דייטשן.

אַלע האַלטן זיך נאָך צוזאַמען מיט דעם האָב און גוטס, וואָס מען האָט מיטגענומען פון דער היים. די מלבושים און די שיך ליגן שוין געסדרט אין דער זייט, די גאַנצע משפּחה, מיט די קליינע קינדערלעך אויף די הענט. די גרעסערע ביי די הענט. אַלע באַרוועס און נאַקעט. מען שלאָגט, מען הרגעט צום טויט...

די טויערן פון באָד זענען ברייט אָפן און מען יאָגט און מען שלאָגט: „אַריין, אַריין!" די טויערן ווערן פאַרקלאַפּט, פול געפּאַקט איז אין דערינען. קעפּ אויף קעפּ, באַבעס און זיידעס, טאַטעס און מאַמעס, קינדער און זויגקינדער, אויך מיינע עלטערן, שוועסטער און זייערע קינדער.

זיי אַלע און אויך די אַנדערע, האָבן קיין פליג אויף דער וואַנט נישט אָנגערירט, וואָס האָבן קיין פרעמדן גראָשן קיינעם נישט אָנגערירט, געווען פאַריאָגט און פאַרפלאָגט פון אין דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט, נישט פאַר זיך, נאָר אַלץ פאַר די קינדער.

✶

מיינע טייערע עלטערן און געשוויסטער, איך וועל אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ביז צו מיין לעצטן אָטעם.

יתגדל ויתקדש שמה רבא.

אליעזר קאָרן

# גוטע מעשים פון א ווילונער ייד בעת דעם היטלער־רעזשים

אין די יאָרן פון דער יידן־אויסראָטונג, ווען דער פריוואַט־האַנדל איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, ווען ס׳האָט געהערשט תוהו ובוהו און אַלע פרנסה־קוואַלן זענען געווען צעשטערט; ווען מענטשן האָבן געהונגערט און זענען אויסגעגאַנגען פאַר אַ שטיקל ברויט און פאַרקויפט שטוב־זאַכן, בכדי צו שטילן דעם הונגער, האָט כמעט יעדער געזאָרגט פאַר זיך אַליין און פאַר די גאָר נאָענטע פון זיין משפחה.

אין מיין זכרון לעבט אויף אויפסניי יענע שרעקלעכע צייט פון נאַצישער הערשאַפט און מיין געבוירן־שטעטל לוטוטאָוו.

דאָס דערנידעריקן דעם כבוד פון יידן דורך די נאַציס, האָט צעבראָכן דעם מענטש סיי פיזיש און סיי גייסטיק. אָבער טיילמאָל, אין די פאַרצווייפלסטע מאָמענטן, האָט זיך פלוצלונג באַוויזן אַ פונק פון האָפענונג און גלויבן צו קענען איבערלעבן די גרויזאַמע תקופה ביי מענטשלעכער קעגנזייטיקער הילף.

דער ווילונער ייד שמואל צווערן איז געצוווּנגען געוואָרן דורך די דייטשן צו אַרבעטן ביי דער ס.ס.־שוזאַנדאַרמעריע ביי אונדז אין לוטוטאָוו ביים רייניקן דעם שמוץ און פוצן זייערע פערד. צווערן האָט ריזיקירט אַ סך מאָל מיט זיין אייגן לעבן, ביים אַרויספירן אויף אַ געהיימען אופן דורך פאַרשידענע אונטערוועגן שפייז־פּראָדוקטן, און דאָס פאַרטיילט צווישן אומגליקלעכע, פאַרפּייניקטע און הונגעריקע יידישע משפחות. אַזוי האָט ער זיך מוסר נפש געווען ביז דער לעצטער אויסזידלונג.

די לעבן־געבליבענע וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיינע מעשים טובים און מיט כבוד און באַדויערן דערמאָנען זיין נאָמען.

מיט דער לעצטער אויסזידלונג אין 1942סטן יאָר איז ער און זיין פרוי און משפחה אָװעקגעשיקט געוואָרן קיין כעלמנאָ אין די גאַז־קאַמערן.

# דער געסטאַפּאָ־מערדער באַך אין ווילון

(גביעת־עדות פון הענעך ליפשיץ)

דער געסטאַפּאָ־מאַן באַך האָט זיך געפונען אין ווילון זינט דעם יאָר 1940 ביז דער אויסזידלונג פון די דאָרטיקע יידן אין יאָר 1942 און זיין האַנט האָט אויך דערגרייכט אין דעם גאַנצן אַרומיקן לאַנדקרייז.

איך האָב אַליין געזען ווי באַך האָט דעם דעמאָלטיקן פאַרזיצער פון דער יידישער קהילה אין ווילון, ליפשיצן, אַריינגעשליידערט אין אַן אויטאָ און אים אין וואַלד ביים דאָרף מיערזיץ דערשאָסן. דערנאָך האָבן מיר אים קובר געווען אויפן קאַטוילישן צמענטאַרזש אין זעלבן דאָרף.

איך האָב אויך בייגעווױנט ווען באַך האָט מערדערלעך געשלאָגן די יידישע צוואַנגס־אַרבעטער, וועלכע האָבן גערייניקט די גאַסן. אויך מיך האָט ער אָוועקגענומען פון דער אַרבעט און אַריינגעשלעפּט אין דער קירכע צו דער אויסזידלונג. בעת דער אויסזידלונג האָט ער די יידן מערדערלעך געשלאָגן און אויך עטלעכע דערשאָסן. ביי דער סעלעקציע אין דער קירכע האָט ער צוערשט געשיקט אין קרעמאַטאָריע די יידן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אויפן בית־הקברות.

אין דער שטאָט ווירושאָוו, ווילונער קרייז, האָט באַך, צוזאַמען מיט דעם געסטאַפּאָ־מאַן אַלבערט, דערשאָסן 60 יידן אין דער מקוה. דאָרט האָט אויך באַך אַדורכגעפירט די באַקאַנטע סעלעקציע. ער איז אויך מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַרן שיקן די ווילונער יידן צום פאַרגאַזן אין כעלמנאָ.

אַלס אַרבעטער בין איך איינמאָל בייגעווען בעת אַ שמועס צווישן באַכן און דעם פאַרזיצער ליפשיץ. באַך האָט אים דערציילט, אַז איידער איינער טרעט אַריין אין דער געסטאַפּאָ מוז ער מאַכן פאַרשידענע עקספּערימענטן אויף לעבעדיקע מענטשן. ווען ליפשיץ האָט אים געפרעגט, פון וואַנען זיי האָבן גענומען די לעבעדיקע מענטשן, האָט אים באַך געענטפערט, אַז אין דייטשלאַנד זענען געווען גענוג לעבעדיקע יידן.

ס׳איז אַנצונעמען, אַז באַך איז געווען באַטייליקט און פאַראַנטוואָרטלעך ביים אויסראָטן 10 טויזנט יידן פון ווילון און סביבה.

צפורה טורנער־זאַנענבערג (שוועדן)

# אויף די חורבות פון וויעלון אין יאר 1966

נאָך פיל יאָרן פון בענקשאַפט און פון אינערלעכן דראַנג צו באַזוכן מיין געבוירן־שטאָט וויעלון, האָב איך ענדלעך באַשלאָסן עס צו רעאַליזירן.

דער ציל פון מיין רייזע איז אויך געווען צו ווייזן מיינע קינדער דאָס אָרט ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, פאַרברענגט מיינע קינדער־יאָרן און די ערשטע פרי־לינגס־יאָרן פון מיין יוגנט, און אויך די טראַגישע תקופה, וואָס איך האָב מיטגעמאַכט און אַדורכגעלעבט.

מיינע טייערע, נישט פאַרגעסלעכע אומגעקומענע משפחה! מיין פאָטער, אריה לייב זאַנענבערג און מיין מוטער, גיטל־איסקע, פון דער היים ווידאַווסקי. ביידע זענען געווען ערלעכע אַרבעטס־מענטשן; זעקס געשוויסטער זענען מיר געווען. פון דער גאַנצער משפחה בין איך די איינציקע לעבן־געבליבענע ניצל געוואָרן פון די נאַציישע רוצחים.

נאָך דעם גרויסן אומגליק האָט דער גורל מיך געפירט קיין שוועדן. פון יאָר 1945 לעב איך אין דעם לאַנד און דאָ אויפגעבויט אַ נייע נעסט — מיט מיין מאַן און אונדזערע צווי קינדער — אַ זון און אַ טעכטערל.

אין יאָר 1966 האָב איך באַשלאָסן, צוזאַמען מיט מיין מאַן און קינדער, צו מאַכן דעם „שפּאַציר אין מיין געוועזענער, חרוב געוואָרענער היים.

מיר זענען געפאָרן דורך לאָדזש (מיט אונדזער מאַשין, וואָס מיר האָבן מיטגענומען פון שוועדן) און זענען פאַרבייגע־פאָרן די שטעט און שטעטלעך: פּאַביאַניץ, זדונסקע־וואָליע, שעראַדז און אַ גרויסע צאָל דערפער, פעלדער און וועלדער. ווען מיר האָבן זיך דערנעענטערט צו וויעלון און אָנגעקומען אין דער שעראַדזער גאַס, האָט מיך אַרומגענומען אַן אומעט און טרויער.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען קיין וויעלון אין דער אַמאָליקער „היים״... דורכגעפאָרן כמעט אַלע גאַסן פון שטאָט. ס'איז נישט צו דערקענען: אַ וויסטע פוסטקייט, אַ טויטע שטילקייט הערשט אומעטום. מיר שטעלן זיך אָפּ אויף דער קראָקעווער פאַרשטאָט, וואָס איז אַמאָל געווען פול מיט יידיש לעבן. מיר קומען צו צום הויז נומער 30, ווו ס'האָבן געוווינט מיינע עלטערן. דאָס הויז איז געבליבן גאַנץ, נישט צעשטערט און שטייט איינזאַם אַליין צווישן פוסטע און ליידיקע פּלעצער, וואָס אירע איינוווינער, צוזאַמען מיט די הייזער, עקזיסטירן שוין נישט מער.

איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט.

איך דערצייל מיינע קינדער וועגן דעם וואָס דאָ איז אַמאָל געווען און שפּעטער געשען...



קרקובסקה פז'דמישצ'יה, אחרי המלחמה

קראָקאָווער פאַרשטאָט נומער 30 אין יאָר 1966



רחוב שרדזקה — הכניסה לעיר

די שעראַדזער גאַס — דער אַריינפאָר אין שטאָט

איך דערקען דאָס אָרט, ווו ס׳איז געשטאַנען די געביידע פון דער שולע, ווו איך האָב געלערנט צוזאַמען מיט נאָך יידי־שע קינדער, וועלכע זענען אַזוי באַרבאַריש פאַרניכטעט גע־וואָרן. מיר שפּאַצירן ווייטער. כ׳גיי פאַרביי דעם שטאָטישן פּאַרק, וואָס איז אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, שבת און יום־טוב, פול געווען מיט שפּאַצירנדיקע מענטשן: יונג און אַלט, יידישע מאַמעס מיט קליינע קינדערלעך; אויך יוגנט, יינגלעך און מיידלעך, אַלטע פּאָרלעך זענען געקומען לופט שעפּן...

אומעטום אַ פּוסטקייט און טויט־שטילקייט.

פון אונדזער פּרעכטיקער שיל, ווו מיינע עלטערן, אויך אור־עלטערן האָבן געדאַוונט איז אַפילו קיין זכר נישט גע־בליבן.

פון דעם אַלטן און נייעם מאַרק, צוזאַמען מיט די גאַסן נאַרוטאָוויטשאַ און אויגוסטיאַנער, וואָס זענען אַמאָל געווען דער צענטער פון דער שטאָט און פון יידישע געשעפטן, איז איצט געוואָרן אַ גרויסער האַלב־פּוסטער פּלאַץ.

נישט צעשטערט איז געבליבן שוואַרצבאַרדס הויז. ס׳האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ גרויסע שטיינערנע מצבה, אַ דענקמאָל נאָכן חורבן פון יידישן וויעלון.

כ׳דערמאָן זיך, אַז אין דעם הויז איז געווען די ציוניסטי־שע אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״, ווו איך האָב פאַרבראַכט צוזאַ־מען מיט מיינע חברטעס, אַ סך פון מיין פרייער צייט אין די בליענדיקע יוגנט־יאָרן. אין די הייזער האָבן זיך אויך געפונען: דער יידישער טורן־ און ספּאָרט־פאַראיין „מכבי״ און דער אַרבעטער־ספּאָרט־פאַראיין „גוויאַזדאַ״. אויך די אָרטאָדאָקסי־שע מיידל־שול „בית יעקב״ און אַ געוויסע צאָל „חדרים״ פאַר יינגלעך. און אַנדערע חברות. ס׳זענען אויך דאָ געווען געשעפ־טן, אַ רעסטאָראַן ווו מ׳האָט באַקומען כשרן ווורשט, און אַן אָרט פאַר שפּילן שאָך און ביליאַרד.

פלוצלינג איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ שרעק. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך געפין זיך אויף אַ גרויסן בית־הקברות מיט שטיינערנע מצבות.

ניין, נישט אמת! אויך דער יידישער בית־עלמין איז חרוב געוואָרן, אויך די טויטע געשענדעט, די מצבות אַרויס־געריסן, קיין אָנדענק נישט איבערגעלאָזט. דאָס האָבן שוין געטון אונדזערע געוועזענע שכנים, די אָרטיקע באַפעלקערונג.

מיט אַ שווער האַרץ האָב איך פאַרלאָזט די חורבות פון וויעלון מיט דעם פעסטן באַשלוס: קיינמאָל מער זיין באַדן נישט צו באַטרעטן.

✶

אין יאָר 1970, זייענדיק אויף אַ באַזוך אין ישראל, האָב איך זיך דערוווּסט און באַקענט מיט די לאַנדסלייט, וועלכע טוען די גרויסע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט מיטן גאַנצן האַרצן און איבערגעגעבנקייט — צו שאַפן דאָס „יזכור־בוך וויעלון״.

געבענטשט און געשטאַרקט זאָלן זיין די הענט וואָס טוען די הייליקע אַרבעט!



החצר בבית שוורצברד

דער הויף פון שוואַרצבאַרדס הויז

יואל קאָניאַרסקי (בן־עמי) (ניו־יאָרק)

# א וואכער חלום...

געווען בין איך דער יינגסטער אין שטוב, און מען האָט מיך דערפאַר צום מייסטן געצערטלט — דער קוש פון דער מאַמע און דער גלעט פונעם טאַטן... זייענדיק שוין דער וואַקסן פלעגן איך זיך אָפּט פאַרטראַכטן: צי וועט זיך די אידיליע נישט איבערייסן... אין דער טיפעניש פון מיין נשמה האָב איך געבעטן, אַז דאָס זאָל געשען וואָס שפּעטער...

דער גורל האָט אָבער אַנדערש געוואָלט. די נאַצי־מערדער האָבן אַכזריותדיק דערמאָרדעט זעקס טויזנט יידן פון אונדזער שטעטל, און צווישן זיי — מיינע טייערע עלטערן, הי״ד. מיט „שמע־ישראל״ אין דער טיפער נאַכט, וואָס זיין עכאָ הער איך נאָך ביזן היינטיקן טאָג.

*

צוריקקומענדיק נאָכן צווייטן וועלטקריג פון סיביר, האָב איך געזוכט מיינע עלטערן. כ׳האָב געוואַנדערט און נאָכגע־פרעגט אָבער נישט געפונען. — דעם אַש פון זייערע ביינער האָט דער ווינד צעטראָגן אויף אַלע פיר עקן וועלט. — ווו איך קער זיך, דאַכט זיך מיר, אַז אָט הער איך דעם „שמע־ישראל״־געשריי. אין דעם גערויש פון בוים־בלעטער דורך אַ ווינט, הער איך ווי זיי טראָגן צו מיר דעם לעצטן אָטעם און לעצטע ווערטער פון מיין טאַטע און מאַמע... אָבער זיי האָב איך מער נישט געזען און אויך זייער קבר נישט געפונען.

— — — ביז אַמאָל, בעת אַ שטורעם־נאַכט, ווען בליצן און דונערס האָבן געשפּאָלטן דעם הימל, האָט מיך אין דער טיפע־ניש פון מיין נשמה אַ שרעק באַהערשט. און איינגעשלאָפן אַ מידער; איך זע מיך ווידער אין דער שיל פון מיין שטעטל. עס איז פסח. עס הערשט אַ יום־טובדיקע שטימונג. איך שטיי ביי מיי מיין טאַטן ז״ל און קוק אויף דעם ים פון ווייסע טלי־תים, וועלכע צעשפּרייטן זיך פאַר מיינע אויגן ווי אַן אומענד־לעכקייט. עס קלינגט אָפּ אין מיינע אויערן די טיפע שטימע פון חזן — א ל מ ל א ר ח מ י ם. אַלע וויינען, אויך מיין טאַ־טער קוקט אויף מיר, און ער צעוויינט זיך.

און מיט אַ מאָל פאַרשווינדט אַלץ. איך כאַפּ זיך אויף. עס דונערט און בליצט אויף דאָס ניי. אָבער די מידקייט באַ־הערשט מיך ווידער, דער חלום שפּינט זיך ווייטער: — עס איז שבת, מיר זיצן אַלע צוזאַמען ביים טיש אין אונדזער אַלטער היים. אַלץ אין דער שטוב גלאַנצט. דאָס ווייסע טיש־טעך, די ווייסע שערץ פון מיין מאַמע ז״ל, די ווייסע העמדער. וואָס מיר טראָגן אַלע. אַ ים פון ווייסקייט. אַ ים פון אומשול־דיקייט. — דער טאַטע ז״ל זאָגט דעם „קידוש״, זיין שטימע

געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק
פון מיינע טייערע עלטערן הי״ד.

ציטערט. די גאַנצע משפחה שטייט אַרום אים, און צום סוף הער איך ווידער: — ל ח י י ם, ל ח י י ם!

דאָס מאָל דונערט און בליצט אין דרויסן שטאַרקער ווי פריער. עס דאַכט זיך, אַז דער הימל וויל זיך מיט געוואַלד שפּאַלטן. אַלץ ציטערט. אויך דאָס הויז און דאָס בעט, און איך שלאָף. אין דעם מאָמענט פאַרוואַנדלט זיך מיין חלום אין אַ גיהנום: — איך זע טויזנטער יידן, אָפּגעריסענע און פאַר־בלוטיקטע; נאַקעטע קערפּערס פון פרויען און קינדער, צווישן זיי מיין טאַטע און מאַמע, — גאָט, וואָס איך זע: זיי פאַלן אונטער די קוילן פון מאַשינגעווער. עס שפּראָצט בלוט פון זייער מויל און קאָפּ. זיי ווילן שרייען, רופן הילף, אָבער זיי קענען נישט. — איך פיל, אַז איך וויל לויפן ראַטעווען, אָבער אויך איך קען נישט, איך בין צוגעבונדן...

און מיט איין מאָל, אַ גרויסער פלאַם־פייער באַהערשט אַלץ. רויך־וואָלקנס מישן זיך אויס מיט צונגען פון רויטן פייער. אַ יאָמערלעכער ווינט הייבט אויף הויפנס אַש און טראָגט זיי אין דער לופטן. און אָט זע איך מיינע עלטערן איינגעהילט אין אַ ווייסן טלית ווערן מיטגעריסן און אַוועק־געטראָגן הויך, הויך אין דער אומענדלעכקייט...

*

מיטאַמאָל וועק איך זיך אויף. דער חלום איז צו ענדע. אין דרויסן גייט אַ שטאַרקער רעגן. ער קלאַפּט אין פענצטער און לאָזט נישט קיין רו. דער ווינט וואָיעט און וויינט. — מיין שלאָף איז איבערגעריסן. מיט מיינע אויגן וואַנדער איך אין דער פינצטערניש און זוך עפּעס. וואָס מער איך קוק זיך איין אין דער פינצטערניש, אַלץ מער זע איך דעם אָפּגרונט צווישן חלום און ווירקלעכקייט, די פינצטערניש נאָך טיפער. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך קום אום און ווער דערטרונקען אין דער דאָזיקער שוואַרצער ענדלאָזיקייט. אָבער גאָר מיט אַ מאָל שפּראָצט אַרויס פון דער פינצטערניש אַ קליינער ליכט־שטראַל, ער צעשפּרייט זיך וואָס אַ מאָל מער — עס טאָגט און קוים באַווייז איך איבערצווישן די אויגן, און די ערשטע זונשטראַלן באַווייזן זיך, און רייסן זיך דורכן פענצטער.

איך קוקט אויף דער שיינקייט פון דער נאַטור און דערמאָן זיך די ווערטער פון אונדזער דיכטער:

„אויב די נאַכט איז שוואַרץ, וועט פון איר טונקלקייט דאָס ליכט קומען. יאָ, ס׳וועט קומען דער אויסלייזער...״



**נר זיכרון לקדושי וילון**

# אורות באופל

**מערכון מימי גיטו ורשה**

**מאת יצחק סלע**

**הנפשות: רבי אברהם, ברכה — אשתו, יוסף — בנם. רחל, נעמי, רבקה, אסתר, חוה, מרים, חיים, משה, יצחק, אפרים, יוכבד.**

**המקום: ורשה**

**הזמן: ימי מלחמת העולם השניה.**

**(חדר קטן, מטה, שולחן וכסאות. על יד השולחן מימין יושב ר׳ אברהם. ישיש בן שבעים וממולו יושבת אשתו ברכה).**

ר׳ אברהם:

**ערב שבת קודש, עוד מעט ותשקע החמה. צריך להתכונן לקבלת שבת.**

ברכה:

**שבת יום צום.**

ר׳ אברהם:

**אסור להטיח דברים כלפי שמיא. חטאנו ופשענו, ורבון העולמים מעניש אותנו.**

ברכה:

**ילדי ישראל חפים מכל פשע, האם גם הם חטאו? למה עזבתנו ה׳? (בוכה).**

ר׳ אברהם:

**אמנם כתוב בתורה: „לא יומתו אבות על בנים ולא יומתו בנים על אבות, איש בחטאו יומת" אולם יש עוונות שה׳ פוקדם על שלשים ועל רבעים...**

ברכה:

**ומה הם העוונות האלה?**

ר׳ אברהם:

**כאשר ישראל הולך בדרכי הגויים, בדור האחרון הרבו ללכת בדרכי הגויים.**

ברכה:

**אולם אין אני יכולה להבין, לבי מתמרד ואינו יכול לתפוס: איכה עזבנו ה׳ ומסרנו בידי אויב אכזר כזה...**

ר׳ אברהם:

**(קם, מציץ החוצה) הנסתרות לה׳ אלוהינו והנגלות לנו ולבננו... רבים הם הדברים שאין שכלנו משיגם, רבים מאוד. ברכה, הגיע הזמן של הדלקת נרות שבת.**

ברכה:

**(מוחה את הדמעות, קמה ויוצאת, חוזרת כשבידיה שני שיירי נרות דולקים. מוסרתם לידי ר׳ אברהם והוא מחזיקם בידיו).**

ברכה:

**(מברכת את הברכה ומתייפחת) ברוך... להדליק נר של שבת....**

ר׳ אברהם:

**(יוצא עם שני הנרות וחוזר בלעדיהם. אוחז בזרוע אשתו ומוליכה אל הכסא. היא יושבת. הוא מהלך בחדר אנה ואנה ומתפלל בלחש... שומעים צעקות: שמע ישראל!!! איר הונדה! פרפלוכטע פאַראַזיטן! ראַוס! ראַוס! אמא! אמא! אבא! שמע ישראל!)**

ברכה:

**(מתכווצת ומליטה את פניה, בוכה חרישית. בחוץ נדמו הקולות).**

ר׳ אברהם:

**(בקול) שלום עליכם מלאכי השלום, מלאכי השרת, מלאכי עליון!...**

ברכה:

**ומתי יבוא תורנו? כל יום, כל שעה שומעים צעקות... רבונו של עולם, עד מתי העינויים האלה? קח את נפשי, קח... קח... קח!**

ר׳ אברהם:

תרגעי ברכה! זכות גדולה היא למות בידי ה׳. מי יתן ונזכה לכך!

ברכה:

**ומה אתן לך לסעודת שבת? יוסף טרם חזר...**

ר׳ אברהם:

**מדוע הוא מתבושש הערב?**

ברכה:

**מי יודע? מפחדת אני לחשוב איזו מחשבה... יוסף, יוסף בני...**

ר׳ אברהם:

**הרגעי, ברכה, יוסף יחזור... ודאי טרם גמר את עניניו. הרי יודעת את, כי רבות הן החובות שהוטלו עליו. רבות מאד...**

ברכה:

**כן, רבות מדי... (שומעים צעדים, דפיקות)...**

ר׳ אברהם:

**יוסף...**

ברכה:

**יוסף...**

ר׳ אברהם:

**(קם ויוצא וחוזר עם יוסף)**

יוסף:

**(ניגש אל אמו, גוחן עליה ונושקה. ברכה אוחזת את ראשו שניות מספר בידיה, אחר כך יוסף מוציא מחבילה ככר לחם ושמה על השולחן).**

ר׳ אברהם:

**(נוטל את הככר לידו ומסתכל בה בהתפעלות) אי אי, יוסף, גבור חיל אתה!... היכן השגת ככר לחם שלמה? אי אי ככר לחם שלמה (קם ויוצא).**

ברכה:

**לך גם אתה, בני, ליטול את הידים, לך בני.**

יוסף:

**(הולך)**

ברכה:

ככר לחם שלמה, ככר לחם שלמה... לחם טוב וטרי...

ר׳ אברהם ויוסף:

**(חוזרים, ר׳ אברהם מנגב את ידיו במגבת, מברך „על נטילת ידיים).**

יוסף:

**חצי ככר לחם נאכל היום וחצי ככר — מחר...**

ר׳ אברהם:

**(נוטל סכין ובוצע את הפת, מחלק פרוסות לאשתו ולבנו ומברך „המוציא לחם מן הארץ״. אוכלים, שומעים קולות בחוץ... המסובים נבהלים, יוסף קם, וניגש אל הדלת, מטה את אוזנו אל הקיר).**

יוסף:

**אלה הם החברים.... יש לנו כאן ישיבה... (יוסף יוצא. שומעים 4 דפיקות. נכנסים יוסף וחבריו: רחל, נעמי, רבקה, אסתר, חוה, מרים, חיים, משה, יצחק ואפרים).**

החברים:

**שבת שלום!...**

ברכה ואברהם:

**שבת שלום!**

ברכה:

**אשכב על המטה, כי איני מרגישה בטוב. (קמה ושוכבת)**

אברהם:

**(מברך את ברכת המזון) ואכלת ושבעת וברכת״... (קם לוקח ספר ויושב בפנה ולומד בקול חרישי „במדרש רבה״. יוסף והחברים עומדים ויושבים מסביב לשולחן).**

יוסף:

**חברים, הלילה נחלק את התפקידים... ברובענו ישנם חמישה בונקרים, בכל בונקר יהיו שנים. מכונות יריה ותחמושת נקבל הלילה מהמחתרת הפולנית.**

רחל:

**לפני יומיים הצניחו מטוסים רוסיים, גם מרגמות וזורקי להבות. הנקבל גם מאלה?**

יוסף:

**לא נוכל להתקיף אלא רק במכונות יריה. הבונקרים צרים ואינם מתאימים לנשק אחר.**

אפרים:

**אתמול נשלחו שוב 100 קרנות למאידנק...**

נעמי:

**משם לא יחזרו לעולם...**

אסתר:

**באושווינצים, בטרבלינקה ובמקומות רבים אחרים הקימו התלינים בתי חרושת למות...**

חיים:

**בגאזים מחניקים את האומללים...**

משה:

**אלפים מתים בבת אחת.**

ר׳ אברהם:

**(מרים את קולו) „כלנו כצאן תעינו, איש לדרכו פנינו וה׳ הפגיע בו את עוון כולנו ניגש והוא נענה ולא יפתח פיו,**

כצאן לטבח יובל וכרחל לפני גוזזיה נאלמה (שומעים בחוץ צעקות ובכי קורע לבבות, כולם נבהלים ונדהמים).

ברכה:

(מתעוררת) כבר באים לקחת אותנו... (ניכר כי דעתה נטרפה עליה).

ר' אברהם:

(קם וניגש אל ברכה) הרגעי... הרגעי... הקב"ה לא יעזבנו.

ברכה:

מי רוצח נפשות ילדים, מי תולה תינוקות חפים מפשע? מי שופך דם יתומים (צועקת) מדוע ה' ממרומים ומחשה? לדין תורה אתבע את היושב במרומים... יש דין ויש דיין... קראו לד' ויבוא ויתן דין על התינוקות שנרצחו!

ר' אברהם:

אללא לי... (אל יוסף) דעתה נטרפה עליה...

מרים:

יש לי כמה טבלאות ווארונאל... טוב להמיס אחת או שתיים במים ולהשקותה, כדי שתרדם ותישן...

יוסף:

כן, (לוקח ממנה את הטבלאות, יוצא עם ספל ונותן לאמו)

ברכה:

(צונחת על המיטה, נאנחת עמוקות).

רחל:

אם יקרה, אם קדושה... היא לא נכנעה...

ר' אברהם:

(נשאר רגע כמאובן ליד מטתה, אחר כך הוא חוזר ויושב על שרפרפו וקורא בקול) „למה ה' תעמוד מרחוק, תעלים לעיתות בצרה? בגאוות בשר ידלק עני, יתפשו במזי־מות זו חשבו"...

יוסף:

(שוהה רגע ליד אמו ואחר כך פונה אל חבריו) חברים, אין הזמן מרשה להתפס לרגשות... לפנינו מטרה אחת: נקמה! נקמת דם אחינו השפוך... אנו לא נלך כצאן לטבח, לא!...

החברים והחברות:

נקמה! נקמה!

יצחק:

לא ניתן דומי לנפשנו, עד כי האויב ידע, כי דמו בראשו.

ר' אברהם:

לא תקום ולא תטור! רק ה' הוא אל נקמות... דוד המלך אמר: ה' ידין עמים.

רחל:

ועד שהוא ידין עמים, ישמידו מיליוני יהודים ולא ישאר אף שריד ופליט.

רבקה:

מאז ומעולם עלו אבותינו על המוקד, אולם כיום משמיד האויב את העם כולו.

ר' אברהם:

לא את העם כולו, נצח ישראל לא ישקר... הם הרשעים יאבדו, ואנו, עם ישראל לנצח נחיה, כך כתוב בירמיהו... „וגם בימים ההמה... לא אעשה אתכם כלה", ובהושע כתוב: „וארשתיך לי לעולם"... אתם הצעירים אינכם מאמינים. שכלכם קצר מהשיג, כי הדור תמים פעלו אין להרהר אחרי מעשיו, אין להרהר...

יוסף:

אולם אבא כלום לא תבין, כי לא נוכל, פשוט, לא נוכל לעמוד מנגד בחיבוק ידים, בראותנו את רבבות התלינים החונקים אמהות ומנפצים ילדי ישראל אל הקיר.

יצחק:

האויב לועג לנו ולאמונתנו... אנו גבורים ללא מעשה גבורה...

ר' אברהם:

ואף תהרגו כמה תלינים... למי תעזרו?... למי?...

נעמי:

אבי למדני את סוד ניצחיות ישראל: ה' ילחם לכם ואתם תחרישון, דורות החרשנו והיינו ללעג ולקלס ולמרמס תחת רגלי האכזרים.

חוה:

ר' אברהם, אין כאן שאלה של נעזור, או לא נעזור, מתתיהו שלף את חרבו והרג את המחרף והמגדף, הרי גם הוא ידע, כי הרשעים הרוב והם... המעט...

משה:

מן השמים ה' צופה ומביט ורואה ושותק...

חברי המחתרת:

מן השמים עוזרים לתלנים...

ר' אברהם:

הוי צעירים חסרי דעת וחסרי אמונה!... אתם מטיחים דברים קשים כלפי השמים, יושב בשמים ישחק לכם וילעג לכם... (שומעים ארבע דפיקות).

יוסף:

(יוצא וחוזר עם החברה יוכבד).

חברי המחתרת:

(מקיפים אותה) שלום, יוכבד!

יוכבד:

**שלום!**

יוסף:

**יוכבד מתי הגעת העירה?**

יוכבד:

**זה עתה...**

נעמי:

**גם שם?**

יוכבד:

**גם שם... בכל מקום... הם יודעים לארגן את ההשמדה, הוי, אין כמוהם מומחים להשמיד ולהרוס...**

חיים:

**הרי ספרו, כי בלודז׳ מעבידים את היהודים בבתי המלאכה ובבתי החרושת... ולפי שעה אין רוצחים אותם...**

יוכבד:

**בזמן האחרון החלו לשלחם גם משם בקרונות המות...**

ר׳ אברהם:

**(קם וניגש אל יוכבד)** יוכבד באת מלודז׳?... מה שלומו של הרבי מפאביאניץ, מנדל?

יוכבד:

**(שותקת).**

ר׳ אברהם:

**נו יוכבד, מדוע אינך עונה לי?**

יוכבד:

**הרבי מפאביאניץ נשלח ביחד עם כמה אלפי יהודים לטרבלינקה... בקרון שר הרבי ושרו אתו כולם מזמורי תהילים, ובהגיעם לשם, אילצו אותם הגרמנים לעמוד יום שלם בלהט השמש בלי מים... לידם היה ברז, אולם התליינים אסרו עליהם לזוז ממקומם. כך עמדו יום שלם ולא משו ממקומם, כי ידעו, מי אשר יצא מהשורה יירה. ופתע קרא הרבי מפביאניץ: מבטיח אני עולם הבא למי אשר יביא לי קצת מים... רגע שררה דומית מוות, ואחרי זה יצא מהשורה יהודי פשוט שהכירהו כסבל בשוק בלוט שבעיר לודז׳ והביא לרבי ספל מים... בחזרו ירה בו הזקיף והא נפל חלל... האומללים חשבו, כי הרבי רצה להשיב את נפשו במים, אולם ר׳ מנדלי לא שתה, אלא נטל את ידיו והחל לאמר את הוידוי, ואחריו ענו בקול כל היהודים את הוידוי... הזקיף שמע את תפילת היהודים ונבהל. הזעיק את רב הטבחים, והוא ציווה לירות בהם במקום. כך נפחו כמה מאות יהודים עם ר׳ מנדל בראשם את נשמותיהם.**

ר׳ אברהם:

תפארת שבגבורה... תפארת שבגבורה... **(דומית מות שוררת בחדר)** נשמותיהם — נהנות מזיו השכינה... **(חוזר לאט לאט אל מקומו, יושב)** תפארת שבגבורה... תפארת שבגבורה...

יוסף:

הגיע השעה, חברים... בדיוק בחצות יביאו חברי המחתרת הפולנית את הנשק. עליכם לדעת, חברים, כי עלינו להחזיק מעמד. בהנתן האות יפרוץ המרד... ובהתקדם הגרמנים לבונקרים נירה ונפיל בהם חללים למאות ולאלפים... המוכנים אתם חברים?

חברי המחתרת:

**אנו מוכנים...**

ר׳ אברהם:

**(מדבר אל עצמו וחיוך מוזר על שפתיו)** אי, אי, גבורה שבתפארת, ותפארת שבגבורה...

אפרים:

**(מקמץ את אגרופיו)** קץ לטבח האיום הזה!... שוב לא ילעג האויב... נשבע אני כי אנקום את דם אחינו המומתים!

חברי המחתרת:

אנו נקום, אנו נקום דם אחינו המומתים... **(יוצאים)**

ר׳ אברהם:

**(ניגש אל אשתו, מסתכל בה רגעים מספר, אחר כך הוא מתקרב אל יוסף ומחבקו)** לך, בני, לך, מעשים הם לשם שמים. לך בני, לך! **(ר׳ אברהם ניגש אל קצות הבמה, מקמץ את אגרופו)** אנו נקום, אנו נקום!!!

יעקב ראַגאָווסקי

# 5 זענען מיר געווען

דעם 15־טן יאַנואַר 1945 האָבן מיר, בערך 35 ווילנער ייִדן, זיך געפֿונען אין טשענסטאָכאָווער לאַגער האַסאַג. ווען די רוסישע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, האָט מען דעם גרעסטן טייל לאַגער טראַנספּאָרטירט קיין בוכנוואַלד. זייענדיק אין בוכנוואַלד פֿינף טעג אין דעם באַרימטן בלאָק 63, האָט מען געמאַכט אַן אַפּעל, אויסגעשטעלט צו 5 אין דער ריי און אונדז געפֿירט צו אַ באַן־סטאַציע צום ווייטערדיקן טראַנספּאָרט. מיר 5 ווילנער, האָבן זיך אויסגעשטעלט: יעקב שאַיאַ, לעאָן שטייער, שמואל יאַקובאָוויטש, דוד ראַגאָווסקי און דער שרייבער פֿון די שורות. יעקב שאַיאַ. פּיזיש צעבראָכן, מיט געשוואָלענע פֿיס, אָפּגעריסענע מלבושים, 200 גראַם ברויט אין טאַש, האָט ער אונדז געטרייסט: „חברים, פֿאַלט נישט מאַראַליש" — האָט ער געזאָגט, — „מיר האָבן נאָך האָפֿענונג".
ער האָט דערביי דערמאָנט אַן אַרטיקל פֿון נחום סאָקאָלאָוו, אַז עס וועט קומען אַ נייער ביאַליק און וועט ווידער צאַרענען ווי ביאַליק נאָכן קישעניעווער פּאָגראָם. ער האָט דערמאָנט ס׳געזעלשאַפֿטלעכע לעבן פֿון ווילנע. און מיך נאָר געבעטן, כ׳זאָל געדענקען די אַדרעס פֿון זיין פֿרוי, וועלכע האַלט זיך אויף אין וואַרשע מיט אַ זון אויף אַרישע פּאַפּירן. איך האָב שטענדיק געוווסט די פֿאַרבינדונג זיינע מיט זיין פֿרוי און קינד; לעאָן שטייער, אַ צעבראָכענער פּיזיש און מאָראַליש, האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן, אויפֿגעגעסן די פּאַרציע ברויט, און פֿאַרשאַלטן דעם טאָג אין וועלכן ער איז געבוירן געוואָרן; שמואל יאַקובאָוויטש האָט זיך געהאַלטן פּיזיש און אויך מאָראַליש אַמבעסטן פֿון אונדז אַלע. געטרייסט אַלעמען און געזאָגט: מיר וועלן נאָך איבערלעבן זייער סוף, מיר איז געווען שווער, כ׳האָב געמוזט טרייסטן מיין ברודער, וועלכער האָט אַ גאַנצן וועג געוויינט אויף דעם חורבן. כ׳האָב אים געטרייסט דערמיט, אַז מיר האָבן נאָך צוויי ברידער אין רוסלאַנד און מיר וועלן זיי נאָך זען.

מיר זענען צוגעקומען צו דער סטאַציע, געוואָרן אַריינגעפּאַקט אין וואַגאָנען, און אָנגעקומען אין לאַגער "דאָראַ", דאָרט האָבן 40 טויזנט פּליטים פֿון אַלע נאַציאָנען געאַרבעט ביי דעם באַרימטן געווער „פֿאַ 1". די סאַדיסטישע פּייניקונג אין דעם לאַגער איז שווער צו באַשרייבן. מען האָט אָנגעהויבן איינצוטיילן גרופּן לויט די פֿאַכן. יעקב שאַיאַ האָט שטענדיק געזאָגט, אַז ס׳איז גוט אויפֿצוגעבן אַ פֿאַך, אַזוי אַרום וועט מען זיך קאָנען אָפּראַטעווען. און ווען מען האָט געורופֿן, אַז שלאָסער־אַרבעטער זאָלן זיך שטעלן רעכטס,

איז ער מיט לעאָן שטייער אַרויסגעטרעטן מיט אַ טייל אַנדערע ייִדן. מ׳האָט זיי אָוועקגעשיקט אין אַ צווייטן לאַגער נישט ווייט פֿון „גראַסראָזען". און ווי ס׳זענען דערגאַנגען צו מיר ידיעות אין „דאָרא" פֿון מענטשן, וואָס זענען געקומען פֿון דאָרט, האָט מען ביידע אויף אַ גרוילעכן אופֿן אומגעבראַכט. מיר זענען געבליבן אַרבעטן אין לאַגער (מיר האָבן זיך אויפֿגעגעבן אַלס בוי־אַרבעטער). כ׳געדענק ווי אַ קאַפּאָ האָט געצוווּנגען שמואל יאַקובאָוויטשן אָפּצורייסן אַ דיקן צווייג פֿון אַ בוים און געהייסן אָוועקלייגן זיך אין שניי, און אַזוי האָט ער אים געשמיסן.

אין אָוונט האָב איך אים געטראָפֿן אין באַראַק. ווען איך האָב געפֿרעגט שמואלן וואָס ער מאַכט, האָט ער מיר געענטפֿערט: „איך מוז זיי איבערלעבן. איך מוז זיך זען מיט מיינע קינדער".

ווען די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צום לאַגער, האָבן די דייטשן עוואַקואירט דעם גאַנצן לאַגער קיין בערגען־בעלזען, צוזאַמען מיט מיין ברודער, איך בין דעמאָלט געלעגן אין שפּיטאָל אַ צעשלאָגענער פֿון אַ קאַפּאָ. שמואל יאַקובאָוויטש איז געלעגן אין אַ באַראַק, וועלכן מ׳האָט גערופֿן „ערהאָלונגס־באַראַק". דאָרט זענען געלעגן מענטשן, וועלכע זענען שוין נישט פֿעאיק געווען צו אַרבעטן. זיי האָבן נישט באַקומען צו עסן און אַזוי זענען זיי געפֿאַלן. ווען די אַמעריקאַנער אַרמיי איז אַריין אין לאַגער, האָבן זיי נאָר געטראָפֿן איינציקע מענטשן אין שפּיטאָל, און דעם אַזוי גערופֿענעם „ערהאָלונגס־באַראַק", דאָס איז געווען דעם 19.5.45. איך בין אַראָפּ פֿון בעט (געוווּיגן האָב איך דעמאָלט 39 ק"ג). ווען כ׳בין אַריין אין באַראַק, האָב איך געטראָפֿן שמואלן ליגן אין אַ שרעקלעכער לאַגע. כ׳האָב אים געזאָגט: „שמואל, מיר זענען באַפֿרייט!". ער האָט זיך נישט געקאָנט אויפֿשטעלן, געבעטן עפּעס טרינקען. כ׳האָב זיך דערשלעפּט צום „רויטן קרייץ", באַקומען צו טרינקען און האָב אים צוגעטראָגן. איינציקוויז איז ער געקומען צו זיך און ווען ער האָט נאָר געקענט גיין אויף די פֿיס, האָט ער פֿאַרלאָזט דעם לאַגער זען זיינע קינדער. כ׳האָב אים געטראָפֿן דערנאָך אין ווילנע, ער האָט מיך געזוכט אין דייטשלאַנד, כ׳האָב אים באַזוכט ביי דער חתונה פֿון זיין זון, שטענדיק האָבן מיר זיך דערמאָנט אין די איבערלעבענישן. ווען כ׳בין שוין געווען אין ארץ־ישראל, האָב איך באַקומען אַ ידיעה, אַז ער איז אין מינכען געשטאָרבן.


ARBEITSAMT-GETTO
Legitimations-Karte
Arbeiter Nr.: 75875
Name: Jakubowicz
Vorname: Lejb
geb.: 15.6.1904
wohnh.: Insel 7/

ARBEITSAMT-GETTO
Legitimations-Karte
Arbeiter Nr.: 75878
Name: Jakubowicz
Vorname: Mendel Pinkus
geb.: 18.6.1921
wohnh.: Insel 7/90
ist in dem Betrieb Nr.: 77
Bau-Abteilung
als: Klempner
beschäftigt.
Tag d. Antritts d. Beschäftigung:
Er (Sie) darf die Strassen innerhalb des Gettos auch nach der Sperrstunde passieren.
Arbeitsamt-Getto
Kontrolliert durch ... Nr. ...

77 BAUABTEILUNG
Unterschrift d. Ausweisinhabers
Unterschrift d. Betriebsleiters
Litzmannstadt-Getto, den 19.2 1944

אַז כ׳האָב געהערט, אַז מ׳האָט מיין ברודער אַוועקגעשיקט קיין בערגען־בעלזן, האָב איך פאַרלאָזט דעם לאַגער אויפן וועג קיין בערגען. דאָרט האָב איך געטראָפן מענטשן, וועלכע זענען צוזאַמען מיט אים אין איין וואַגאָן געווען, זיי האָבן מיר דערציילט, אַז אויפן וועג איז ער געשטאָרבן.

זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען: „ווו זענען מיינע ברידער", 3 טעג נאָך זיין טויט איז בערגען־בעלזען באַפרייט געוואָרן, אַזוי בין איך אַליין פון אַלע פינף געבליבן.

זאָלן די ווערטער זיין אַנשטאָט בלומען אויף זייער אומבאַקאַנטן קבר.

**ח. מאָשקאָוויטש**

# ס׳קאָן אמאל זיין צו שפעט...

צוריקקומענדיק אַהיים נאָך דער גרויסער מפלה פון פוילישן מיליטער, באַלד אין די ערשטע חדשים פון קריג אין נאָוועמבער־דעצעמבער 1939 אין סאַמע ברען פון צרות, שרעק, ליידן, הונגער און נויט, ווען דער טויט האָט געלויערט פון יעדן ווינקל, יעדן מאָמענט דערהרגעט, דערשאָסן אָדער פאַרכאַפּט צו ווערן צום נישט באַוווסטן, צום שרעקלעכסטן און גרויזאַמסטן.

די איבערגעבליבענע באַפעלקערונג אין וויעלון האָט געלעבט אונטערן פחד פאַרן אייגענעם שאָטן, די באַליידיקונגען און פייניקונגען מצד די דייטשן זענען נישט געווען צום איבערצוטראָגן. אַזאַ מצב האָב איך אָנגעטראָפן, צוריקקומענדיק פון געפאַנגענשאַפט אין מיין חרוב געוואָרענער, פאַרטיליקטער און צעשמעטערטער אַלטע היים — אין מיין שטאָט וויעלון.

*

כ׳האָב אויפגעזוכט אַמאָליקע חברים, פריינט און באַקאַנ־

טע און אומעטום אַנגעטראָפן טויט, שרעק, טרערן, צער און וויטיק. פאַר די וויעלונער יידישע יוגנט האָט זיך אַוועקגעשטעלט די פראַגע: צי דאַרף זי פאַרבלייבן אין דער שטאָט, אָדער אונטער אַלע אומשטענדן אַנטלויפן. מען האָט וועגן דעם פּראָבלעם אַ סך דעבאַטירט, און ווען ס'איז ווייטער אַרויס אַ נייע גזירה, אַז די וויעלונער יידן טאָרן בכלל נישט פאַרלאָזן די שטאָט, האָבן אַ טייל יוגנטלעכע געהאַלטן, אַז מען דאַרף אומבאַדינגט אַנטלויפן. מעג עס זיין אַפילו ריזיקירט מיטן לעבן.

נישט יעדער יוגנטלעכער האָט געקאָנט ביי זיך פועלן איבערצולאָזן אויף הפקר זיינע עלטערן, אַלטע און קראַנקע קרובים. ידידים האָבן געטענהט, אַז סיי ווי וועלן נאָך אַלע יידן אומקומען, איז שוין גלייכער צו אַנטלויפן און וועמען עס וועט זיין באַשערט, וועט בלייבן לעבן. ווען די מלחמה האָט זיך דערנענטערט, זענען אַ טייל מענטשן אַנטלאָפן, ביז ליטע. און דאָרטן זענען זיי אומגעקומען.

נאָך אין די ערשטע חדשים פון אַריינקומען פון די דייטשן האָבן וויעלונער יידישע יוגנטלעכע פון די אָרגאַניזאַציעס „צ. ס.", „פרייהייט", „גורדוניה", „פּועלי־ציון לינקע", „השומר הצעיר" און אַנדערע געגרייט זיך מיט קאַלט געווער אָנצופאַלן אויף די דייטשישע וואַך פון דער שטאָטישער תפיסה, כדי צו פאַרכאַפּן דאָס געווער און אַזוי אַרום צו קאָנען זיך פאַרטיידיקן. דער פּלאַן איז ליידער נישט אַדורכגעפירט געוואָרן, מחמת די יוגנטלעכע, וואָס האָבן דאָס געזאָלט רעאַליזירן, זענען דערווייל דורך די דייטשן ערגעץ פאַרשיקט געוואָרן.

די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שרעקלעכער. פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן איז גאָרנישט פאַרבליבן, אַלץ איז חרוב און נחרב געוואָרן. אָבער פון צייט צו צייט, אונטער טויט־שרעק און אויף אַ געהיימניספולן אופן זענען מיר, די איבערגעבליבענע קליינע גרופּע חברים פון צ. ס. און „פרייהייט", צונויפגעקומען ביי מיר אין דער וווינונג אויף פּאַדוואַלע 17.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין מיין לעבן דעם צוזאַמענטרעף, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די חברים עטקע בעסערגליק, לייבוש פרענקעל, אברהם ליטמאַנאָוויטש, יואל אַבראַמאָוויטש און איך.

ס'איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג איינגעקריצט אין מיין זכרון דער אַפּעל, דעם וויי־געשריי און רוף פון אונדזער חברטע עטקע בעסערגליק, מען האָט געזען און געפילט ווי זי רעדט מיטן בלוט פון איר האַרץ. זי האָט אויפגעקלערט, אַז די סכנה איז זייער גרויס און אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו פאַרלירן. מיר מוזן וויזן די דייטשן, אַז יידיש בלוט איז נישט הפקר, אויף טעראָר מוז מען ענטפערן מיט טעראָר.

עטקע האָט גערופן צום באַלדיקן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. „איך בין אויך גרייט מיט אייך צוזאַמען מייך לעבן צו געבן, בכדי נקמה צו נעמען אין די דייטשישע מערדער. מיר טאָרן נישט פאַרשפּעטיקן", — האָט זי פאַרענדיקט — „עס קאָן אַמאָל זיין צו שפּעט"...

עטקע האָט אויך שטאַרק געטאַדלט דעם דעמאָלטיקן יידנראַט, איבערהויפּט ברודערן און זיינע מיטהעלפער און זייער כלומרשטע הילף און זאָרג פאַר די יידישע באַפעלקערונג,



יהודים מפנים הריסות אחרי הפצצה בוילון

יידן רייניקן די חורבות נאָך דער באָמבאַרדירונג אין וויעלון

פֿאַרלייכטערט נאָך די דייטשן זייער פֿאַרניכטונגס־אַרבעט קעגן יידן אין ווילון.

דער צוזאַמענטרעף האָט נישט געלאָזט איינרוען, עטקעס ווערטער האָבן אָנגעצונדן אַ ניי פייער און אומרו, ס'איז נאָך גרעסער געוואָרן דער צער, ס'איז דערוועקט געוואָרן אַ געפיל פון נקמה. ביי די געגעבענע באַדינגונגען איז געווען גאַנץ קנאַפּע אויסזיכטן עפּעס ממשותדיק צום דערגרייכן.

פון ווו און וואַנען נעמט מען געווער? מילא געלט וועט שוין מוזן זיין; וואָס הויבט מען אָן צו טון? יונג בלוט קאָכט און פליסט שטאַרקער, בפרט ביי יוגנטלעכע, וואָס האָבן אַ געוויסן באַגאַזש פון חלוצישער דערציאונג.

זוכט מען וועגן — און דווקא מסוכנדיקע וועגן, קיין אַנדערע זענען ממילא נישטאָ. דער חבר יואל אַבראַמאָוויטש באַקענט זיך מיט אַ דייטשן וואַך־פּאָליציאַנט און באַפריינדעט זיך מיט אים, טרינקט מיט אים משקה, שיכורט אים אָן און פירט מיט אים אַ משא ומתן און ס'ווערט אָפּגעמאַכט: דער דייטש וועט אים פאַר אַ געוויסע סומע באַזאָרגן מיט אייניקע רעוואָלווערן און קוילן.

מען וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויף דעם מאָמענט דאָס געווער צו באַקומען, דערווייל מאַכט זיך אַ ניי יידן־כאַפּעניש און מען קאָן נישט אַרויסשטעקן דעם קאָפּ אין גאַס — אומעטום לויערט דער טויט.

דאָס געווער איז נישט דערגרייכט געוואָרן, דער דייטש האָט דאָס געווער נישט געברענגט. עטקעס פּחד און זאָרגן, אַז ס'אָזל נישט זיין צו שפּעט איז ליידער ווי אַ פינצטערע נבואה מקוים געוואָרן.

כבוד די חברים און פריינט, וואָס זענען גרייט געווען זייער לעבן מקריב צו זיין אויף קידוש־השם.

פנחס ברום

# נאָך דער באַפרייונג

אַרויסגייענדיק פון שפּיטאָל אין חודש מאַי 1945, בין איך גלייך אַריינגעפאָרן קיין ווילון. אין שטאָט האָב איך נישט באַגעגנט אַפילו איין ייד. פון פאַרצווייפלונג בין איך נאָך אַ מאָל קראַנק געוואָרן. ערשט מיט אַ וואָך שפּעטער האָבן זיך באַוויזן ווילונער יידן — באַפרייטע פון בונקערס און פון דייטשע לאַגערן. די אָנגעקומענע יידן, בערך זיבעציק אין צאָל, האָבן אַרומגעזוכט אַ דאַך איבערן קאָפּ. מחמת דעם, וואָס דער קוואַרטאַל מיט יידישע הייזער איז געלעגן אין חורבות, און די גאַנצע הייזער זענען געווען באַזעצט פון אָנגעלאָפענע פּאָלאַקן, האָב איך זיך געווענדט צום סטאַראָסטע, אַז ער זאָל פאַר אונדז געבן דירות. דער סטאַראָסטע האָט פאַר אונדז אַלע געגעבן אַ דירה פון צוויי צימערן אין שוואַרצבאַרדס הויז אויף פאַרבריטשנע־גאַס.

קראַנקע און צעבראָכענע זענען מיר אַריין אין די צוויי צימערן. באַלד זענען אָנגעקומען נאָך יידן און ס'איז שוין אין די צימערן געוואָרן ענג. אַ טייל פון די יידן האָט זיך גענומען איינאָרדענען און פּריוואַטע דירות פון דער שטאָט. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן די ערשטע פאַרזאַמלונג און אָנגערופן אונדזער דירה דער „יידישער קאָמיטעט". היות דער גרעסטער טייל פון אונדז איז אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסן, קרוע־בלוא, האָט מען זיך וועגן דעם געווענדעט צום סטאַראָסטע, וועלכער האָט אונדז געענטפערט, אַז ער דערלויבט אונדז אַריינצוגיין אין די הייזער פון די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן און נעמען וואָס אונדז געפעלט.

מיר האָבן זיך געגרייט דאָס צו טאָן. די פאָלקס־דייטשן האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט און, איבערלאָזנדיק זייער האָבן־און־גוטס, זענען זיי אין גרויס שרעק אַנטלאָפן. מיר זענען אַריין אין זייערע הייזער, וואָס האָבן זיך געפונען נעבן יידישן קוואַרטאַל, און זיך גענומען דאָס נייטיקסטע וואָס מיר האָבן באַדאַרפט. מיר זענען צוריק געגאַנגען אין אונדזער דירה פון „יידישן קאָמיטעט".

אַז מיר זענען אַ ביסל געקומען צו זיך, האָט דער „יידישער קאָמיטעט" גענומען טראַכטן וועגן אויפשטעלן כאָטש טיילווייז דאָס חרוב־געוואָרענע יידישן ווילון. פון דער שיל, בית־המדרש און אַנדערע קהילהשע געביידעס — קיין זכר. געבליבן. מיר האָבן זיך געלאָזט צום בית־הקברות און מיט פאַרקלעמטע הערצער זיך צוגעקוקט ווי דער פאַרקאַן און מצבות זענען שוין נישט געווען בנמצא, און אויף דעם מיט גראָז־צעוואַקסענעם פעלד האָבן זיך קי און ציגן געפּאַשעט.

צעווייטיקטע זענען מיר ווידער געגאַנגען צום סטאַראָסטע און אים געפרעגט, ווי אַזוי ער קען דערלויבן, אַז אַזאַ

הייליק אָרט זאָל אַזוי פאַרשוועכט ווערן. דער סטאַראָסטע האָט באַלד פאַראָרדנט, אַז מען זאָל אויפן בית־הקברות אַוועקשטעלן אויפגעשריבענע האָלץ־שילדלעך, אַז ס'איז נישט דערלויבט דאָ צו פּאַשען בהמות. אָבער די קריסטלעכע איינוווינער פון שטאָט האָבן זיך נישט געוואָלט רעכענען מיט דער פאַראָרדענונג און דאָרט ווייטער געפּאַשעט.

די צוריקגעקומענע יידן אין וויעלון, וועלכע האָבן שוין איצט געציילט בערך 120 נפשות, האָבן זיך אַרומגעדרייט און נישט געוווּסט ווי אַזוי צוריקצושטעלן זייער פאַרלוירן לעבן, די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון שטאָט האָט געשטוינט, ווען זיי האָבן דערזען די צוריקגעקומענע יידן. נישט איינער פון זיי האָט אָפּגעהוזקט פון אַ דורכגייענדיקן ייד אויף דער גאַס, נאָכשרייענדיק אים: „טי יעשטשע זשיעש?"

ס'איז אַזוי אַדורך צוויי חדשים. אין דער צייט האָט דער פוילישער פּרעמיער־מיניסטער אָסובקאַ־מאָראַווסקי באַזוכט וויעלון. דער פּרעמיער האָט געהאַלטן אַ רעדע פאַר דער שטאָטישער באַפעלקערונג, וואָרענענדיק זיי, אַז די צייט פון אַ פאַשיסטישער אָרדענונג איז שוין פאַרביי, און אַז אין נייעם פוילן זענען אַלע בירגער גלייכבאַרעכטיקט. אויפן קבלת־פּנים, וואָס איז לכבוד אים איינגעאָרדנט געוואָרן אינעם בנין פון סטאַראָסטע, האָט ער אויך אויפגענומען אַ יידישע דעלעגאַציע, וועלכע האָט אים געשטעלט פראַגן מכוח צוריק אויפשטעלן דאָס חרוב־געוואָרענע יידישע לעבן אין וויעלון. דער פּרעמיער האָט צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ וואָס וועט זיין נויטיק פאַר די איבערגעבליבענע יידן, אָבער שפּעטער איז דערפון גאָרנישט געוואָרן.

באַלד האָט פּאַסירט אַזעלכעס, וואָס האָט אונדז פון דאָסניי אויפגעטרייסלט. דאָס איז געשען צוליב דעם, וואָס דאָס וויעלונער פּאָרפּאָלק וואָלף קזשעפּיצקי מיט זיין פרוי (פון דער היים ערליך) האָט צוריקבאַקומען פון אַ פּאָליאַק זייער גאַרבעריי אויף שוויענטאָ באַרבאַראָ.

איינמאָל ביינאַכט האָט אַ באַנדע „אַקאָווצעס" זיך אַריינגעריסן אין וואָלף קזשעפּיצקיס הויז, פאָדערנדיק געלט און חפצים. אַז זיי האָבן עס באַקומען, זענען זיי אַוועק, וואָרענענדיק, אַז אויב די יידן וועלן פון דעם הויז זיך באַלד נישט אָפּטראָגן, וועלן זיי באַצאָלן מיטן לעבן. די פאַמיליע קזשעפּיצקי מיט נאָך עטלעכע יידן, וועלכע האָבן ביי זיי געוווינט, זענען אין גרויס שרעק באַלד פון דאָרט אַנטלאָפן.

אין דער זעלבער צייט זענען די „אַקאָווצעס" באַפאַלן אין אַ דאָרף הינטער וויעלון די יידישע משפחה בערקאָוויטש. בעת דער יונגערמאַן בערקאָוויטש איז פון שטאָט געגאַנגען אין דאָרף אַריין, זענען אים די „אַקאָווצעס" באַפאַלן אויפן וועג און אים דערמאָרדעט. זיי האָבן אויך דערמאָרדעט דעם וויעלונער ייד שמואל לייב גרין, וועלכער איז געגאַנגען באַ זוכן זיינס אַ קרובה.

ווען די שארית־הפליטה אין וויעלון האָט דערפון געהערט, זענען זיך אַלע צעלאָפן אין די גרעסערע שטעט, ווי אויך קיין נידערשלעזיע. היינט איז מער קיין לעבעדיקער ייד אין וויעלון נישט פאַראַן.



בית הקברות ההרוס ע"י הפולנים בזמן המלחמה

דאָס צעשטערטע בית־הקברות דורך די פּאָליאַקן בעת דער מלחמה אין וויעלון

**אריה-לייב העלפגאָט**

# איבערלעבונגען פון א ווילונער קריגס־געפאנגענעם

פרייטיק, דעם 1־טן סעפטעמבער, ווען ס׳איז אויסגע־בראָכן דער קריג האָבן מיר דאָרט געפירט קאַמפן און פון דאָרטן זענען מיר געטריבן געוואָרן מיט אַ ריזן־כוח. מיר האָבן געליטן גרויסע פאַרלוסטן און געהאַלטן כסדר זיך אין צוריקציען ביז הינטער לאָדזש.

אויך אין לאָדזש האָבן מיר געפירט זייער אַ גרויסן קאַמף. דאָרט איז כמעט אונדזער גאַנצער פּולק געוואָרן פאַרניכ־טעט. דער טייל, וואָס איז געבליבן, האָט געפּרוווט דורך פאַר־שידענע וועגן אַנטלויפן. זייער ווייניק איז עס געלונגען, ווייל אין דער געגנט פון לאָדזש האָבן געוווינט פאָלקס־דייטשן, זיי האָבן גוט געקענט יעדן ייד און געהאָלפן דער עיקר כאַפּן יידישע קריגס־געפאַנגענע, טיילמאָל אויך פאָ־ליאַקן.

איך מיט נאָך עטלעכע האָבן זיך איבערגעטאָן אין ציווילע קליידער און געפּרוווט פון דאָרט זיך אַרויסצוקריגן, קומען אַהיים און זיך אויסבאַהאַלטן פון קריגס־געפאַנגענשאַפט. איך און אַ קריסט זענען אַריין צו אַ פּויער (זעט אויס, אַז ער האָט דערקענט, אַז כ׳בין אַ ייד). מיר האָבן אים געבעטן, ער זאָל אונדז געבן קליידער איבערצוטאָן. ער האָט נישט גע־וואָלט, אָבער מיר האָבן אים געצוווּנגען, און באין ברירה האָט ער אונדז געגעבן.

אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן. אין מיטן וועג זענען אַנטקעגן געקומען פאָלקס־דייטשן פון שטעטל אַלעקסאַנדער, נישט ווייט פון לאָדזש. זיי האָבן מיך מיטן קריסט אָפּגעפירט אין דער דאָרטיקער תפיסה. דאָרט, האָבן מיר שוין געפונען יידן, וועלכע זענען געלעגן צעשלאָגן און פאַרבלוטיקט — עטלעכע האָבן שוין כמעט ווי נישט געקענט רעדן. פון דאָרט האָט מען כסדר אַרויסגענומען יידן און זיי דערשאָסן.

אַלס קריגס־געפאַנגענעם האָט מען מיר דערקלערט, אַז מען מאַכט מיר אַ משפט. אין אַ געוויסער צייט אַרום, האָט מען מיר דערקלערט, אַז מען האַלט מיך פאַר אַ שפּיאָן, מען גלויבט מיר נישט, אַז כ׳בין אַ קריגס־געפאַנגענער, ווייל איך בין אַ ייד, דערפאַר וועט מען מיך דערשיסן.

ס׳האָט מיר צוגעשפּילט אַ צופאַל: ס׳איז געקומען מילי־טער פונעם שטעטל אַלעקסאַנדער און מען האָט געדאַרפט ריין מאַכן אַ שטח, ווו דאָס מיליטער זאָל קענען רוען. עס זענען געקומען אַן אונטעראָפיציר מיט אייניקע מיליטער־לייט אין תפיסה און אַרויסגענומען אַ גרויסע צאָל קריגס־געפאַנגענע ריין צו מאַכן דעם שטח. איך האָב זיך אַליין צו־געשטעלט און געזאָגט, אַז כ׳בין אויך אַ קריגס־געפאַנגענער, נאָר כ׳גיי אין ציוויל, כ׳האָב זיך איבערגעטאָן. איך האָב גע־בעטן, מען זאָל מיך מיטנעמען צו דער אַרבעט.

דער דייטשער אונטעראָפיציר האָט מיך מיטגענומען. אויפן וועג האָב איך אים דערציילט, אַז כ׳בין אַ צום טויט־פאַרמשפטער און אים געפרעגט:

— אפשר קאָנסטו מיר העלפן — איך בין דאָך אַ קריגס־געפאַנגענער?

ער האָט זיך אויפגערעגט און געזאָגט:

— מיך אינטערעסירט נישט איצט די יידן־פראַגע. איך בין אַ סאָלדאַט. איך וועל מיט דיר צוריקגיין און זען, אַז מען זאָל דיך נישט דערשיסן.

נאָכן אָפּאַרבעטן זענען מיר צוריקגעקומען. דער אונטער־אָפיציר האָט געפרעגט, וואָס דאָ האָט פּאַסירט, זיי האָבן אים געענטפערט, אַז ביי זיי איז דאָ אַ קאָמיטעט און נישט האָבנ־דיק צו מיר אַלס ייד קיין צוטרוי — וועלן זיי מיך דערשיסן. ער האָט זיך אויפגערעגט און דערקלערט, אַז אין אַ שעה אַרום קומט ער מיך נעמען אין קריגס־געפאַנגענע לאַגער, און ווען ער וועט מיך נישט געפונען נעמט ער מיט דעם וואָס האָט מיך פאַרמשפט. ער איז נישט געקומען, אָבער עס איז געקומען אַן אַנדערער, האָט אויסגעלייענט מיין נאָמען און מיך גענומען קיין לאָדזש.

אין אַ קירכע זענען שוין געווען קאָנצענטרירט אַריבער טויזנט מאַן, פּוילישע קריגס־געפאַנגענע — יידן און פאָ־ליאַקן צוזאַמען. — מיר זענען געווען די ערשטע קריגס־גע־פאַנגענע. מען האָט אונדז אָנגעהויבן צו פירן איבער דייטשע שטעט ווייזן, ווי אַזוי פּוילישע סאָלדאַטן זעען אויס.

ווי באַקאַנט איז געווען אין פּוילן פאַרן אויסברוך פון קריג אַ געוויסער אויפרוף פון געוועזענעם מאַרשאַל רידז שמיגלי, אַז „אַ קנעפּל וועלן מיר נישט אָפּגעבן". די דייטשן האָבן דאָס גוט געוווּסט און געוואָלט צוערשט ביי די יידישע קריגס־געפאַנגענע אָפּקויפן די קנעפּ.

אָבער קיין איינער פון אונדזערע יידן, וועלכע זענען גע־ווען אין דעם טראַנספּאָרט, האָט נישט מסכים געווען פאַר קיין שום פּרייז אָוועקצוגעבן אַ קנאָפּ. די פּוילישע קריגס־געפאַנ־גענע האָבן עס יאָ געמאַכט.

אַזוי פירנדיק איבער די דייטשע שטעט זענען מיר

אָנגעקומען קיין עסטרייך, אין דער געגנט דאַלעסהיים. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט אונטער אַ מיליטערישער וואַך פון עסטרייכער, מערסטן טייל זענען דאָס געווען עלטערע מענטשן. זייער באַציאונג צו אונדז איז נישט געווען אַזאַ שלעכטע. אָבער מיר האָבן שטאַרק געהונגערט. די ערשטע צייט זענען מיר געווען אין פּאַלאַטקעס, שפּעטער האָט מען אונדז איבערגעפירט אין באַראַקן. מיר זענען געגאַנגען אויף אַרבעט. אַנדערע קליידער האָבן מיר נישט באַקומען, עסן — זייער ווייניק און געליטן קעלט און הונגער. אונדזער אַרבעטספּלאַץ האָט געהייסן „סטאלאך" 17 צ.

פון דאָרט האָט מען אונדז אָפּגעשיקט אין געשלאָסענע וואַגאָנען קיין פּוילן. מיר זענען געפאָרן עטלעכע טעג, ס'איז געווען קאַלט און אַ הונגער.

מיר זענען אָנגעקומען קיין לובלין, אויפן באַנהויף האָבן געוואַרט אויף אונדז ס. ס., וועלכע האָבן באַלד אַרויסגעוויזן צו אונדז זייער אכזריותדיקייט און דערביי דערקלערט:

— „איר ווייסט באַשטימט נישט אין וועמענס הענט איר זענט. איר געפינט זיך אין די הענט פון ס. ס. און וואָס ס. ס. איז, וועט איר ביי אונדז געוווּיר ווערן".

מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן לאַגער אויף אַ גרויסן שטח. דאָרטן זענען שוין עטלעכע טעג געווען יידן אין נישט קיין גוטן מצב, געווען פאַראומרייניקט. געפּרווירענע, דאָך זענען מיר מער ווייניקער געקומען צו זיך אין באַראַק. די יידישע קהילה, אויף וויפל זי האָט געהאַט מעגלעכקייטן, האָט אונדז אַריינגעגעבן ברויט. מיר זענען דאָרט געווען אייניקע טעג.

אין אַ נאָכמיטאָג־שעה — ס'זענען געווען די גרעסטע פרעסט — זענען אַמאָל די באַנדיטן אַריינגעפאַלן מיט שטעקנס אין די הענט און אַרויסגעטריבן אַלעמען פון באַראַק — גאָרנישט לאָזנדיק נעמען אויף זיך, אַפילו נישט קיין היטל. ווער ס'איז געווען באָרוועס, ווער אָן אַ מאַנטל. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין רייען צו פיר. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז איצט גייען מיר אין וועג און יעדער, וואָס וועט פּרווון אַנטלויפן, וועט מען דערשיסן. די קהילה האָט צוגעגרייט פאַר אונדז ברויט, אָבער די דייטשן האָבן עס נישט געלאָזט נעמען. ביים טויער האָבן געוואַרט אויף אונדז בערך 40 ס. ס.־לייט, מיט ביקסן אויף פערד און גומענע שטעקנס, ווי אויך עטלעכע וועגענער מיט מאַשין־געווער. מען האָט אונדז אָנגעהויבן צו טרייבן. עטלעכע קילאָמעטער נאָך לובלין האָבן זיי געשאָסן די לעצטע פיר געפאַנגענע, וועלכע זענען געגאַנגען פון הינטן, די טויטע געלאָזט ליגן אויפן וועג און אונדז געטריבן ווייטער.

מיר האָבן פאַרשטאַנען און געפילט, אַז דער וועג וועט זיין אַ בלוטיקער. מען האָט אונדז געשלאָגן און מאַנכע געשטאָכן. ס'איז געווען קאַלט, מיר האָבן זיך נישט געקענט קאָנצענטרירן און געוואָרן כמעט באַוווּסטלאָז און בכלל נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אָנהויבן אָריענטירן, וואָס מיר האָבן צו טאָן און וואָס דאָ קומט פאָר מיט אונדז.

אויפן וועג ביז לובאַרטאָוו האָבן זיי אויף פאַרשידענע אופנים געמאָרדעט. וועמען געשטאָכן, וועמען מיט די שטיוול צוגעהרגעט, כדי נישט צו פאַרנוצן אַ קויל. כמעט יעדער טריט איז געווען באַלייגט מיט געפאַלענע יידישע קריגס־געפאַנגענע. ס'איז כדאי צו באַטאָנען, אַז אַלע זענען געווען יונג.

מיר זענען אָנגעקומען קיין לובאַרטאָוו, ווו מען האָט אונדז אַריינגעלאָזן אין אַ שיל. מיר האָבן באַמערקט, אַז די יידן לאָזט מען נישט צו צו אונדז. הונגעריק זענען מיר געווען. זיי האָבן אָנגעהויבן צו מאַכן מיט אונדז אַן אַכזריותדיקע שפּיל.

ווי איך דערמאָן זיך, איז די שיל אין לובאַרטאָוו געווען געבויט אַרויפצוגיין אויף שטיגן. די ס.ס.־לייט האָבן זיך געשטעלט אין דער הויך, און מיר זענען געווען בערך 2 מעטער טיפער. זיי האָבן אָנגעהויבן צו וואַרפן אויף אונדז שטיקלעך ברויט. הונגעריקע, דערשעפּטע און מידע, האָבן מיר זיך אַליין געוואָרפן, כדי צו כאַפּן דאָס שטיקל ברויט. צוזאַמען מיטן ברויט האָבן זיי אויך געוואָרפן שטיינער און פיל פון די קריגס־געפאַנגענע, וועלנדיק כאַפּן אַ שטיקל ברויט, האָבן באַקומען אַ שטיין אין קאָפּ. ס'איז געווען אַ שיינע צאָל פאַרוווּנדעטע, וועלכע האָבן שוין נישט באַוויזן מער מיטצוגיין מיטן טראַנספּאָרט און אויפן פּלאַץ דערשאָסן געוואָרן.

מאַרשירנדיק ווייטער אין וועג האָבן זיי אַזעלכעס באַוויזן, וואָס לאָזט זיך גאָרנישט אויפנעמען מיטן מענטשלעכן געדאַנק. עס איז שווער איבערצוגעבן יעדע איינצלהייט מיט וואָס פאַראַ אופנים זיי האָבן געמאָרדעט און מיט וואָס פאַראַ גלייכגילטיקייט און צופרידנקייט זיי האָבן געקוקט ווי בלוט גיסט זיך און דערביי געשמאַק אַרויסגעצויגן די פלעשער בראָנפן און צוגעביסן...

מיר זענען געוואָרן ווי אַ סטאַדע אומבאַוווּסטע באַשעפענישן, וואָס איז געטריבן געוואָרן דורך ווילדע חיות. אויפן וועג זענען פאַרבייגעפאָרן עטלעכע טעקסיס און זיך אָפּגעשטעלט, לויט דעם סאַלוטירן פון דער וואַך איז געווען צו פאַרשטיין, אַז דאָרט האָבן געמוזט זיין הויכע אָפיצירן. זיי האָבן געפרעגט, וואָס קומט דאָ פאָר. מען האָט זיי געוויזן, אַז מען פירט אַ סטאַדע חיות. דאָ האָט די וואַך געמאַכט די זעלבע זאַך, ווי אין דער לובאַרטאָווער שיל: געוואָרפן שטיקלעך ברויט און גלייכצייטיק אויך שטיינער. יענע האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט. האַרציק געזעגנט און געפאָרן ווייטער. אונדז האָט מען ווידער געטריבן.

אויפֿן וועג האָט מען אונדז אַרייַנגעטריבן אין אַ גרויסער שאָפּע. דאַן זענען מיר געווען בערך 400 (אָדער אפשר מער, אַ 500 מאַן). ס'איז געווען אוממעגלעך, אַז די שאָפּע זאָל קענען אויפנעמען אַזוי פיל מענטשן. איז פּשוט איינער אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויפן צווייטן.

אין מיטן דער שאָפּע איז געשטאַנען אַ לאַסט־וואַגאָן, ס'האָבן זיך אַרייַנגעזעצט די ס. ס.־לייט און געלאָזט אים אין גאַנג אויף די מענטשן און געהאַט הנאה ווי די קרבנות קרעכצן און קומען אום. בייטאָג האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן און ווידער געיאָגט אין וועג. ס'זענען געווען פאַלן, אַז יידישע קריגס־געפאַנגענע, זעענדיק, וואָס עס קומט פאָר, האָבן ווייטער נישט געוואָלט גיין. אַ 10 מאַן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען טאַנצן, זיך צוגעדריקט איינער צום צווייטן. דאַן האָט זיך צעשפּילט דאָס מאַשין־געווער אויפן וואַגאָן און אַלעמען דערמאָרדעט. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, איז איינגעפירן געוואָרן אַ גאַנצע גרופּע מענטשן, וועלכע ס'איז געווען שווער פונאנדערצונעמען, כדי מען זאָל זיי קאָנען קובר זיין. אויפן גאַנצן וועג, בערך 100 ק"מ, האָט מען כסדר געזען טויטע. ס'איז געווען אַ פאַל, ווען אַ פויער, וואָס איז דורכגעפאָרן אויף אַ וואָגן, זעענדיק וואָס דאָ קומט פאָר, האָט זיך געצלמט. זיי האָבן אויף אים געעפנט אַ פייער און אים דערשאָסן.

דער וועג איז געווען פול מיט פּיין און דער פראָסט אַזוי גרויס. אַז די אויערן זענען אָפּגעפרוירן געוואָרן. ווען מען האָט זיך גענומען רייבן די אויערן, זענען זיי געבליבן אין די הענט. פיל האָבן אויסגעטאָן די וועש און צוגעבונדן די קעפּ, נישט ווייסנדיק אַליין ווי זיך צו ראַטעווען.

איך האָב געהאַט ביי זיך אַ קליינעם נאָטעס און מיט די לעצטע כוחות אָנגעשריבן: „איך, אַריה העלפגאָט, געבוירן אין שטעטל וויעלון. איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער ס. ס. כ'בעט, אַז ווער עס וועט געפינען דעם נאָטעס, זאָל אים איבערגעבן מיינע עלטערן". ווען איך האָב געענדיקט שרייבן, האָט מיינער אַ באַקאַנטער, פונעם זעלבן שטעטל, אויך אָנגעהויבן צו שרייבן. מען האָט דאָס באַמערקט און אים מיטן באַגנעט דערשטאָכן. ער איז געבליבן מיטן נאָטעס אין דער האַנט. נאָכדעם איז מיין נאָטעס איבערגעגעבן געוואָרן מיינע עלטערן. זיי זענען געווען זיכער, אַז איך בין אומגעקומען.

נאָך אַ צייט שפּעטער האָב איך מודיע געווען מיינע עלטערן, און ביז זיי האָבן מיך אַליין נישט געזען, האָבן זיי נישט געוואָלט גלויבן, אַז איך לעב.

מיר זענען אָנגעקומען הינטער פאַרטשעוו אין אַ דאָרף. דאָרט איז געווען אַ קאָלאָניע פון דייטשן. מען האָט אונדז צעטיילט אויף צוויי גרופּן. מיר זענען געווען בערך אַ 400 מאַן (פיל פון אונדז האָבן שוין געפעלט). מיר זענען געווען צו 200 מאַן אין אַ סטאָדאָלע.

זיי האָבן געזען, אַז מיר זענען נאָך דאָ צופיל לעבעדיקע און דער וועג קיין ביאַלע־פּאָדלאַסקי איז שוין נישט אַזאַ לאַנגער. האָבן זיי באַשלאָסן אַרויסצונעמען צו 20 מאַן און דערשיסן אין וואַלד.

פון מיין סטאָדאָלע האָבן זיי אַרויסגענומען צו 20 מאַן, געזאָגט, אַז ווער עס וויל גיין אויף אַרבעט, וועט מען אים געבן אַוועקצושאַרן דעם שניי און וועט נאָך באַקומען צו עסן. עס זענען אַרויס די ערשטע 20 פרייוויליקע. דערנאָך האָבן מיר געהערט שיסן. מיר האָבן זיך באַלד אָריענטירט, וואָס ס'איז פאָרגעקומען.

זייענדיק דאָרט אַ פּאָר שעה, האָבן מיר זיך אַ ביסל דערוואַרעמט, עטלעכע האָבן זיך צונויפגערעדט, אַז היות מיר זענען פאַרמשפּט צום טויט, זאָלן מיר אויפרייסן די סטאָדאָלע, אָנפאַלן און אַנטלויפן. טאָן, וואָס ס'זאָל נישט זיין און נישט לאָזן זיך דערהרגענען.

צווישן אונדז איז געווען אַ ייד, שוין נישט אַזאַ יונגער. כ'ווייס נישט ווי אַזוי ער איז געקומען צו די קריגס־געפאַנגענע. ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן צו אונדזער געוויסן און דערציילט, אַז פון דער געגנט זענען די יידן אויסגעזידלט געוואָרן, אָבער פיל דרייען זיך נאָך אַרום. מיר זענען דאָך סיי ווי פאַרמשפּט צום טויט און קאָנען שוין גאָרנישט העלפן. מיט אונדזער ווידערשטאַנד, וועלן מיר געבן אַ געלעגנהייט די מערדער, זיי זאָלן קאָנען אומברענגען טויזנטער יידן, וועלכע מיר וועלן האָבן אויף אונדזער געוויסן. דעריבער לייגט ער פאָר, מיר זאָלן דאָס נישט מאַכן און אַלץ אָננעמען באהבה.

ס'זענען געווען פאַלן, ווען עטלעכע זענען אינגאַנצן אַראָפּ פון זינען, געוואָרן ווילד, משוגע. זיך אויסגעטאָן, געקלאַפּט, געוואָרפן.

שבת אין דער פרי האָט מען אונדז ווידער אַרויסגענומען און אָנגעהויבן טרייבן. מען האָט אונדז אַרייַנגעפירט אינעם שטעטל פאַרטשעוו. דאָ האָבן אונדז די יידישע איינוווינער אַרויסגעוויזן פיל הילף און איבערגעגעבנקייט, וואָס איז זיך קוים מעגלעך פאָרצושטעלן.

זעט אויס, אַז זיי האָבן שוין געוווּסט וועגן דעם טרויעריקן מאַרש און געהאַט פאַר אונדז צוגעגרייט אין דער שיל עסן. אין שיל איז געווען וואַרעם. מיר זענען אַרייַן און אַנגעהויבן קומען צו זיך. אין דעם שטעטל זענען בסך הכל געווען אַ פּאָר הונדערט מאַן און זיי האָבן פאַר אונדז אַנגעהויבן צו ברענגען קליידער, שיך, עסן און טרייסט.

די יידן האָבן אונדז איבערגעגעבן, אַז זיי אונטערהאַנדלען מיט דער ס. ס. און האַלטן, אַז ס'וועט זיי געלונגען אונדז,

